# LEKSIKON FUN YIDISH-SHRAYBERS

Berl Kagan



NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

# לעקסיקאָן
# פֿון ייִדיש־שרײַבערס

מיט הוספֿות און תּיקונים צום
**לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור**
און 5,800 פּסעוודאָנימען

פֿון

בערל כּהן

אַרויסגעגעבן פֿון

רעיה אילמאַן־כּהן

ניו־יאָרק, 1986

# Leksikon fun Yiddish Shraybers

# Lexicon of Yiddish-Writers

מנדבֿים:

**American Academy for Jewish Research**

ייִדיש־ליגע
אונ גאָר באַזונדערס
צוויי פֿרײַנד־נעלמים פֿאַר די גרויסע הלוואות.

קלענערע בײַשטײַערונגען: שמעון גובערעק (מיאַמי), אָשר וואָלק (מיאַמי), אבֿרהם לערנער (לאָנדאָן), יהודה עלבערג (מאָנטרעאָל), אָשר שטשוטשינסקי (מיאַמי), חיים פּלאָטקין (נ״י), יעקבֿ גאָרעליק (נ״י), לאָטי מלאך (ל״אַ)



*Pear Typesetting & Printing*
*4418 18th Avenue, Brooklyn, N.Y. 11204*

# אַ דאַנק

ד״ר אַרנון ירדני
ביבליאָטעקאַר אין ייִדיש־טעאָלאָגישן סעמינאַר,
ניו־יאָרק.

לאה מישקין
ביבליאָטעקאַרין פֿון ייִדיש־טעאָלאָגישן קאַלעדזש,
סקאָקי.

און באַזונדערס
דער ייִוואָ־ביבליאָטעק, נ״י,
מיט איר הויפּט־ביבליאָטעקאַרין
דינה אַבראַמאָוויטש

אין כּבֿוד פֿון

**דינה אַבראַמאָוויטש**

הויפּט־ביבליאָטעקאַרין פֿון ייִוואָ,

פֿאַר איר אַרויסהעלפֿן

קאָלעגיאַל און פּראָפֿעסיאָנעל

ייִדישע פֿאָרשערס און שרײַבערס

אין משך פֿון פֿיר צענדליק יאָר.

„אַ לעקסיקאָן דאַרף רעגיסטרירן
און באַשרײַבן, אָבער ניט אָפּשאַצן,
ניט לויבן אָדער קריטיקירן.
אַלץ קורץ. קיין איין נאָמען,
וואָס האָט אַ שײַכות צו ליטעראַטור,
טאָר ניט פֿעלן אין לעקסיקאָן".

**בער באָראָכאָוו**

# הקדמה

נאָכן אַרויסקום פֿון די 8 בענד **לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור** (נ״י, 1956—1981) האָט זיך געפֿילט די נויטווענדיקייט אין אַ נײַעם באַנד. דאָס האָט זיך באַזיכט אויף פֿיר זאַכן:

1. אין די אַכט בענד **לעקסיקאָן** פֿעלן אַ סך ביאָגראַפֿיעס, וואָס זײַנען בשעתּם ניט אַרײַן אין אים צוליב פֿאַרשיידענע סיבות.

2. עס זײַנען נייטיק וויכטיקע הוספֿות און תּיקונים צו די געדרוקטע ביאָגראַפֿיעס.

3. אין דעם איבער אַ פֿערטל יאָרהונדערט זינט דעם אַרויסקום פֿון ערשטן באַנד זײַנען אויפֿגעקומען נײַע שרײַבערס.

4. עס איז נייטיק צו פֿאַרצייכענען די יאָרצײַטן פֿון די שרײַבערס אין די אַכט בענד, וואָס זײַנען אונטער דער צײַט אַוועק פֿון דער וועלט.

תּחילת האָט זיך געדאַכט, אַז דער נײַער באַנד וועט ראשו ורובו באַשטיין פֿון הוספֿות און תּיקונים מיט וואָסערע מאַקסימום 80 ביז 100 נײַע ביאָגראַפֿיעס. אין דער פּינפּאָריקער אַרבעט האָט זיך אַרויסגעשטעלט דער טעות אין חשבון.

אין דאָזיקן בוך גייען אַרײַן נײַע 665 ביאָגראַפֿיעס. אויב מען זאָל צורעכענען אַ ריי שטאַרק אויסגעברייטערטע אַלטע ביאָגראַפֿיעס, אָפֿט כמעט אין גאַנצן נײַ (ווי די ביאָגראַפֿיע פֿון הירש אָשעראָוויטש) — וועט זייער צאָל גרייכן 700. חוץ דעם זײַנען אַרײַן 136 נײַע ביבליאָגראַפֿישע איינסן, וואָס מען האָט ניט געקענט אויסגעפֿינען זייערע מחברים. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן אַ לחלוטין־נײַעם אָפּטייל: פּסעוודאָנימען און אַדאָפּטירטע נעמען אין דער ייִדישער ליטעראַטור און פּרעסע.

פּסעוודאָנימען אין דער ייִדישער ליטעראַטור, טאָגפּרעסע און צײַטשריפֿטן זײַנען אַן אָנגעווייטיקט קאַפּיטל. פֿאַרשערס פֿון ייִדישער ליטעראַטור, ייִדישע ביבליאָגראַפֿן, לעקסיקאָגראַפֿן און ביבליאָטעקאַרן טרעפֿן זיך אָן אויף גרויסע שוועריקייטן צו דעשיפֿרירן די פּסעוודאָנימען. אין ייִדיש איז די דאָזיקע פּראָבלעם אפֿשר שאַרפֿער ווי אין אַנדערע ליטעראַטורן צוליב דער פֿאַרשפּרייטקייט פֿון ייִדיש־שאַפֿן איבער אַלע עקן וועלט. נאָך אַזאַ לאַנגער צײַט זײַנען ביז הײַנט נאָך ניט אויפֿגעקלערט געוואָרן **אַלע** פּסעוודאָנימען פֿון אײַזיק־מאיר דיק.

עס איז דאָ נאָר איין בוך, ווו עס געפֿינען זיך אויך אויפֿקלערונגען וועגן ייִדישע פּסעוודאָנימען: **אוצר בדויי השם** פֿון שאול חיות (וינא, תּרצ״ג), אָבער אַ גרויסער טייל זײַנען העברעיִשע פּסעוודאָנימען.

זלמן רייזען — אין הקדמה פֿון זײַן פֿירבענדיקן **לעקסיקאָן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, פּרעסע און פֿילאָלאָגיע** (ווילנע, 1926—1929, ב׳ 4) — האָט צוגעזאָגט צו געבן אַ פֿולע רשימה פֿון זײַנע געבראַכטע פּסעוודאָנימען. געבליבן איז עס בלויז אַ הבֿטחה. ס׳איז אַרויס נאָר זײַן בראָשור **פּסעוודאָנימען אין דער ייִדישער ליטעראַטור** (ווילנע, 1933) מיט אַרום 455 (ניט נומערירטע) איינסן.

אין שאול חיותס **אוצר** זײַנען דאָ 5,145 פּסעוודאָנימען, ייִדישע און העברעיִשע.

אין אונדזער ליסטע פּסעוודאָנימען און אַדאָפּטירטע נעמען זײַנען דאָ בײַ 5,800 איינסן. דאָס איז דער גרעסטער צונויפֿזאַמל פֿון ייִדיש־ליטעראַרישע פּסעוודאָנימען.

ווען מען רעכנט צונויף די **נײַע** ביאָ־ביבליאָגראַפֿישע איינסן מיט די פּסעוודאָנימען און אַדאַפּטירטע נעמען, באַקומט זיך אַ בוך, וואָס די מילואים אין אים — הוספֿות און תּיקונים — מאַכן אויס אַ 20־25 פּראָצענט. פֿון אַ תּחילת־געפּלאַנטן מילואים באַנד איז אַרויסגעקומען אַ זעלבשטענדיקער ליטעראַרישער לעקסיקאָן.

דער גרעסטער טייל ביאָגראַפֿישער מאַטעריאַל איז געבויט אויף אונדזערע באַאַרבעטע אויטאָביאָגראַפֿיעס, אַ קלענער טייל — אויף ביאָגראַפֿישע סקיצן פֿון מישפּחה־מיטגלידער אָדער פֿרײַנד פֿון פֿאַרשטאָרבענע שרײַבערס.

די גאַנצע אַרבעט אין משך פֿון פֿינף יאָר איז געווען קריעת־ים־סוף. מיטן חורבן ייִדן אין אייראָפּע ווערט דער חורבן ייִדיש גרעסער פֿון יאָר. לעבעדיקע מקורות פֿאַר לעבעדיקע ייִדיש־ליטעראַרישע אינפֿאָרמאַציעס ווערן אַלץ מער אויסגעטריקנט. אויסער דעם איז אַ האַלבע ייִדיש־וועלט פֿאַרשלאָסן הינטער אײַזערנע פֿאָרהאַנגען.

אַזאַ אַרבעט האָט געדאַרפֿט געמאַכט ווערן דורך אַ **שטאַב** מענטשן. אַזוי איז אויך געווען דער לכתּחילהדיקער פּלאַן. אויסגעלאָזן האָט זיך, אַז אַלץ איז געטאָן געוואָרן דורך אַ **יחיד** — פֿון אָנהייב ביזן סוף. ניט געווען געניג צו קלײַבן אַליין די מאַטעריאַלן אין אַלע עקן וועלט, זיי קאָנטראָלירן און באַאַרבעטן, און אַלץ על מנת שלא לקבל פּרס — האָט מען נאָך אַליין געמוזט זאָרגן ווי צו דעקן אַלע גרויסע הוצאות, דרוק אַרײַנגערעכנט. אויב דאָס איז אַ גרויסער שבֿח פֿאַר די גרויסע ייִדיש־אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע און ישׂראל, זאָלן אַנדערע מישפּטן.

קיין לעקסיקאָן קען ניט זײַן הונדערט פּראָצענט אויסשעפּיק, אַ ייִדיש־ליטעראַרישער לעקסיקאָן אַוודאי ניט. אין די גוטע צײַטן אַזוי, אין אונדזער נאָכחורבן־תּקופֿה על אַחת כּמה וכמה.

די ייִדיש־צעשפּרייטקייט, וואָס איז געווען אַ באַשווערנדיקער פֿאַקטאָר נאָך בימי זלמן רייזען, ווערט אַלץ מערער און מערער אַ ייִדיש־**דערוויטערטקייט**. אין ייִשובֿים, וואָס ערשט מיט 30־40 יאָר צוריק האָבן זיך דאָרטן געפֿונען אַ ריי אַרויסהעלפֿערס פֿאַר דער ייִדיש־ליטעראַרישער לעקסיקאָגראַפֿיע, איז אָפֿט שוין ניטאָ קיין איינער, וואָס קען געבן אינפֿאָרמאַציעס וועגן ייִדישע שרײַבערס אין זייערע מקומות.

דער זאָג פֿון חז״ל: „צדקה עשׂה הקדוש ברוך הוא לישׂראל שפּזרם בין האומות" איז ריכטיק נאָר וועגן **ייִדן**, אָבער ניט וועגן **ייִדיש**; אייגנטלעך, אויך ניט וועגן **העברעיִש**, אָבער לשון־קודש האָט געהאַט מיט זיך דעם תּנ״ך און גמרא און האָט געקענט אויסהאַלטן אַ פּאָר טויזנט יאָר „בין האומות", אָבער ייִדיש האָט ניט אַזעלכע „שותּפֿים", איז אָנגעוויזן נאָר אויף זיך און דער „אויף זיך" ווערט שוואַכער פֿון טאָג.

ווי עס זאָל ניט זײַן און וואָס עס זאָל ניט זײַן די סיבה, נאָך די גרעסטע אָנשטרענגונגען האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו געפֿינען אַלץ, וואָס מיר האָבן געזוכט. עס איז געבליבן אַ „מקום להתגדר בו" פֿאַר די יעניקע, וואָס ווילן זיך פֿאַרנעמען מיט ייִדיש־ליטעראַרישער לעקסיקאָגראַפֿיע.

* * *

די גאַנצע אַרבעט וואָלט געווען אוממעגלעך דורכצופֿירן אָן דער — מערסטנס פֿרײַוויליקער — הילף פֿון קאָלעגן און פֿרײַנד דורך איבערגעבן פֿאַרשיידענע אינפֿאָרמאַציעס

וועגן שרײַבערס. עס קומט זיי אַ גרויסער יישר־כּוח און ס'איז אַ מיצווה לפּרסם זייערע נעמען, ואלה הם:

אַבֿרהם־מרדכי אָרזשיצער (נ"י), ד"ר אַברהם גרינבוים (חיפֿה), ד"ר נח גריס ע"ה (פּאַריז), עזריהו דאָברושקעס (בריסל), מאיר חרץ (ירושלים), מאיר יעלין (ת"א), לייזער לאַסאַווין (מיאַמי־ביטש), זלמן לעווי (יאָהאַנעסבורג), טובֿיה לעווין (נ"י), חיים סולער (נ"י), שלום סטאַראָשעווסקי (מאָנטעווידעאָ), נוח סיגאַלאָווסקי ע"ה (נ"י), ישׂראל קאַפּלאַן (ת"א), יחזקאל קאָרנהענדלער ע"ה (פּאַריז), יעקבֿ ראַבינאָוויטש (מאָנטרעאָל), יצחק־אלחנן ראָנטש ע"ה (לאָס אַנדזשעלעס), יעקבֿ שייפֿער (לאָס אַנדזשעלעס).

רעדאַקציעס **נײַע פּרעסע** (פּאַריז), **מאָרגן פֿרײַהייט** (נ"י) און י. ל. פּרץ־פֿאַרלאַג (ת"א).

אַ קענטיקע הילף זײַנען ביאָגראַפֿיעס אָדער ביאָגראַפֿישע שטריכן — באַאַרבעטע לויטן לעקסיקאָנישן נוסח — וואָס עס האָבן צוגעשיקט די ווײַטערדיקע פּענמענטשן:

משה אײַזענבוד (מעלבורן) —מ. א.

ראובֿן גאָלדבערג ע"ה (תּל־אָבֿיבֿ) —ר.ג.

יוסף האָרן (בוענאָס־אײַרעס) —י. ה.

דוד וואָלפּע (יאָהאַנעסבורג) —ד. וו.

עזראָ להד (חיפֿה) —ע. ל.

יחזקאל ליפּשיץ (ניו־יאָרק) —י. ל.

ישׂראל קאַפּלאַן (תּל־אָבֿיבֿ) —י. ק.

י. קאַראַ (יאַס) —י. קאַ.

ד"ר חנא שמערוק (ירושלים) —ח. ש.

ראובֿן גאָלדבערג האָט צוגעשטעלט זייער אַ סך ביאָגראַפֿיעס פֿון ייִדיש־שאַפֿערס אין ישׂראל. אָן אים וואָלטן געבליבן גרויסע בלויזן אין יענע ביאָגראַפֿיעס.

קלענערע ביבליאָגראַפֿישע איינסן פֿון עזראָ להד אויפֿן שטח פֿון ייִדישן טעאַטער און בדחנות זײַנען ניט איניציאַליזירט געוואָרן.

## טעכנישע אָנווײַזן

1. צוויי שטערנדלעך רעכטס פֿון אײַנטריט־נאָמען באַצייכענען אַ **נײַע** ביאָגראַפֿיע אָדער **נײַעם** ביבליאָגראַפֿישן איינס.

2. איין שטערנדל רעכטס פֿון אײַנטריט־נאָמען באַטײַט, אַז די ביאָגראַפֿיע איז כּמעט אין גאַנצן **איבערגעשריבן** אָדער ס'איז אַ סך צוגעגעבן.

3. אַלע ביאָ־ביבליאָגראַפֿישע איינסן **אָן** שטערנדלעך רעכטס פֿון אײַנטריט־נאָמען פֿון שרײַבער זײַנען הוספֿות אָדער תּיקונים (אָדער ביידע צוזאַמען) צו זײַן ביאָגראַפֿיע אין **לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור.**

4. ביַים נוצן דעם **לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור** דאַרף מען זוכן נײַע ביאָגראַפֿיעס, הוספֿות און תּיקונים אין אונדזער דאָזיקן בוך.

5. פֿאַר השלמות צו הוספֿות און תּיקונים אין אונדזער דאָזיקן בוך דאַרף מען קוקן אין **לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור.**

6. צו אַלטע ביאָגראַפֿיעס ווערן **ניט** צוגעגעבן קיין ביבליאָגראַפֿישע נאָטיצן וועגן מחבר, אויסער אין צוויי פֿאַלן:

א. מאָנאָגראַפֿיעס אָדער גרעסערע אַרבעטן.

ב. אויב אין דער אַלטער ביאָגראַפֿיע האָבן בכלל געפֿעלט אַזעלכע נאָטיצן.

7. אַ קלענערע צאָל ביכער האָבן ניט קיין גענויע ביבליאָגראַפֿישע דעסקריפּציעס — אַ סימן, אַז ס'האָט זיך ניט איינגעגעבן זיי צו זען.

8. קיצורים און ראָשי־תיבֿות געפֿינען זיך אויף ז' 13.

9. הוספֿות ווערן געגעבן אויף ז' 537.

10. דער אויסלייג איז לויט די ייִוואָ־תּקנות, אָבער מיט צוויי הוספֿות:

א. דער i־קלאַנג אין העברעיִזמען, סײַ אין באַטאָנטן, סײַ אין ניט־באַטאָנטן טראַף, ווערט געשריבן „מלא", ווײַל אַזוי איז דער גאַנג פֿון מאָדערנעם העברעיִש אין שריפֿטן אָן נקודות.

בילבול, מיסחר, טירחה [אויף לויט די ייִוואָ־תּקנות];

זיכּרון, מישפּחה, מילחמה, ניצחון.

ב. אין העברעיִשע ווערטער און נעמען ווערט דער **י** געפֿינטלט פֿאַר אַ וואָקאַל, סײַ ווען דער טראַף מיטן **י** איז אַקצענטירט [ווי דער ייִוואָ־כּלל פֿאַר **ייִדישע** ווערטער], סײַ ניט אַקצענטירט:

יריִעה, קריִעה, שמיִעה;

דניִאל, אַריִאל, גבֿריִאל;

אַחיִעזר, אליִעזר.

# קיצורים* און ראשי־תיבות

## ביכער, זאַמלביכער, צײַטשריפֿטן

**דער אָדעסער אַרבעטער.** אָדעס, 1927—1937 [?].
**אומגעקומענע שרײַבער פֿון די געטאָס און לאַגערן,** ב. מאַרק. וואַרשע, 1954.
**אוקראַיִנע.** ליטעראַריש־קינסטלערישער אַלמאַנאַך. קיִעוו, 1926.
**אַטאַקע.** אַלמאַנאַכ. מינסק, 1943.
**אייניקײַט.** מאָסקווע, 1942—1948.
**אין פֿײַערדיקן דור.** קיִעוו, תּרפ״א.
**אין שאָטנ פֿונ טליִעס.** כאַרקאָוו־קיִעוו, 1932.
**אַלמאַנאַכ פֿונ יִדישע סאָוועטישע שרײַבער צומ אַלפֿאַרבאַנדישנ שרײַבער־צוזאַמענפֿאָר.**
כאַרקאָוו־קיִעוו, 1934.
**אנציקלופדיה לחלוצי הישוב ובוניו,** ד. תדהר, ת״א, 1947—
**דער אַפּיקוירעס.** מאָסקווע, 1931—1935.
**אַפֿנ וויסנשאַפֿטלעכנ פֿראָנט.** מינסק, 1932—1935.
**אַפֿנ שפּראַכפֿראָנט.** קיִעוו, 1931—1939.
**אַף באַריקאַדן.** צונויפֿגעשטעלט ש. גאָדינער, י. ראַבינאָוויטש. כאַרקאָוו, 1930.
**אַף די וועגן צו דער נײַער שול.** מאָסקווע, 1924—1928.
**אָקטיאַבער־זאַמלונג.** צונויפֿגעשטעלט פֿון א. יודיצקי און ע. פֿינינבערג. (קיִעוו), 1925.
**דער אַרבעטער אין דער יִדישער ליטעראַטור.** מינסק, 1931.
**אָשער שוואַרצמאַנ.** זאַמלונג. מאָסקווע, 1940.

**די באַפֿרײַטע ברידער.** ליטעראַרישע זאַמלונג. מינסק, 1939.
**בירעבידזשאַנ.** ליטעראַרישע זאַמלונג. מאָסקווע, 1937.
**בירעבידזשאַנער שטערנ.** בירעבידזשאַן, 1930—
**בריוו פֿון יִדישע סאָוועטישע שרײַבערס.** צונויפֿגעשטעלט י. ליפֿשיץ, מ. אַלטשולער.
ירושלים, תש״ם.

**ג. קרסל,** זע: לכּסיקון.

**דורות בונדיסטן.** רעדאַגירט י. ש. הערץ. נ״י, 1956—
**דעקלאַמאַטאָר,** ל. קוויטקאָ, כאַרקאָוו, 1929.

* דאָ ווערט געגעבן אַ פֿולערע דעסקריפּציע פֿון ביכער, זאַמלביכער און צײַטשריפֿטן, וואָס אין טעקסט ווערן זיי אָפֿט געבראַכט אין אַ פֿאַרקירצטער פֿאָרעם.

**דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור.** צונויפֿגעשטעלט: י. דאָברושין, י. ראַבין. מאָסקווע, 1934.

**דערציילונגען פֿון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.** מאָסקווע, 1969.

**האָריזאָנטן, פֿון דער הײַנצײַטיקער סאָוועטישער ייִדישער דיכטונג.** מאָסקווע, 1965.

**הונדערט יאָר ייִדישע און העברעיִשע ליטעראַטור אין קאַנאַדע,** ח. ל. פֿוקס. מאָנטרעאָל, 1980.

**די הײַנטצײַטיקע פּראָלעטאַרישע דיכטונג אין אַמעריקע.** צונויפֿגעשטעלט ד. קורלאַנד, ס. ראָכקינד. מינסק, 1932.

**וואָכנשריפֿט פֿאַר ליטעראַטור, קונסט און קולטור.** וואַרשע, 1931—1935.

**דער וועג פֿון פֿאַראַט.** צונויפֿגעשטעלט א. קושניראָוו, י. ראַבין. מאָסקווע־מינסק, 1932.

**ז. זילבערצווײַג,** זע: לעקסיקאָן.

**זוגות.** ש. מלצר, ת״א, 1972.

**זײַ גרייט.** כאַרקאָוו, 1928—1937.

**יונגע גוואַרדיע.** כאַרקאָוו, 1924—1936.

**דער יונגער אַרבעטער.** מינסק, 1922—1935 [?]

**יונגער לענינעץ.** מינסק, 1929—1937 [?]

**לאָמיר זינגען.** מאָסקווע, 1940.

**לידער וועגן דער רויטער אַרמיי.** מאָסקווע, 1938.

**לידער וועגן סטאַלינען.** קיִעוו, 1937.

**ליטקאָמיוג.** כאַרקאָוו־קיִעוו, 1933.

**ליפֿשיץ־אַלטשולער,** זע: בריוו.

**לכּסיקון הספֿרות העבֿרית בדורות האַחרונים,** ג. קרסל. ת״א־בת־ים. 1956—1967.

**לעבן און קאַמף.** זאַמלבוך פֿון דער ייִדישער לינקער ליטעראַטור אין פּוילן. מינסק, 1936.

**לענין און די קינדער.** כאַרקאָוו־קיִעוו, 1934.

**לעקסיקאָן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור,** פּרעסע און פֿילאָלאָגיע, ז. רייזען, ווילנע, 1926־1929. 4 בב׳ (פֿאַרגרעסערטע איינצלנע אויפֿלאַגעס זײַנען אַרויס אין ווילנע 1929—1930).

**לעקסיקאָן פֿון ייִדישן טעאַטער,** ז. זילבערצווײַג. נ״י־מעקסיקע, 1931—1969. 6 בב׳.

**מוט.** לידער־זאַמלונג. מאָסקווע, 1920.

**מײַן לעקסיקאָן,** מ. ראַוויטש. מאָנטרעאָל, 1945—1982. 4 בב׳.

**מכּאן ומקרובֿ,** מ. חלמיש. ת״א, 1966.

**סאָוועטיש.** מאָסקווע, 1934—1941.
**ס"ה לעקסיקאָן — סאָוועטיש היימלאַנד,** מאַטעריאַלן פֿאַר אַ לעקסיקאָן פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. (**סאָוועטיש היימלאַנד**, סעפּט' 1975 —)
**סאָוועטישע ליטעראַטור.** קיִעוו, 1938—1941.
**סאָוועטישע ווײַסרוסלאַנד.** ליטעראַרישע זאַמלונג. מינסק, 1935.

**פּראָליט.** כאַרקאָוו, 1928—1932.
**פרסומים יהודיים בבּרית־המועצות,** 1917—1961. ערך ח. שמרוק, ירושלים, תּשכ"א.

**פֿאַר דער בינע.** מאָסקווע, 1929.
**פֿאַרמעסט.** כאַרקאָוו־קיִעוו, 1933—1937.
**פֿאַרן היימלאַנד אינ שלאַכט!** מאָסקווע, 1941.
**פֿאָרפּאָסט.** בירעבידזשאַן, 1936—1940 [?]
**פֿוקס, ח. ל.,** זע: הונדערט יאָר.
**פֿרויען.** ליטעראַרישע זאַמלונג. מאָסקווע, 1928.

**צום זיג.** ליטעראַרישער זאַמלבוכ. מאָסקווע, 1944.

**קאָמוניסטישע פֿאָן.** קיִעוו, 1919—1924.
**קאָמיוג.** ליטעראַריש־קינסטלערישער זאַמלבוכ. מאָסקווע, 1938.
**קאָמסאָמאָליע.** אַלמאַנאַכ פֿונ ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער פֿונ אוקראַיִנע. קיִעוו, 1938.
**קינדער־שאַפֿונג.** [כאַרקאָוו], 1935.
**קעפּ.** לידער־זאַמלונג. מינסק, 1926.

**ראַוויטש, מ.,** זע: מײַן לעקסיקאָן.
**ראַטנבילדונג.** כאַרקאָוו, 1928—1937.
**די רויטע וועלט.** כאַרקאָוו־קיִעוו, 1924—1933
**רופֿ.** לידער־זאַמלונג. מינסק, 1935.
**רייזען, ז.,** זע: לעקסיקאָן.

**שלאָגלערישע טריט.** מינסק, 1932.
**שלאַכטנ.** כאַרקאָוו־קיִעוו, 1932.
**שמערוק, ח.,** זע: פרסומים.

**תּדהר, ד.,** זע: אנציקלופדיה.

## 2. ווערטער

א״א — און אַנדערע
אָ״אָ — אָן אָרט
א״וו — און ווײַטער
א״ט — אונטערן טיטל
אָ״י — אָן יאָר
א״פ — אונטערן פּסעוודאָנים
א״ר — אונטער רעדאַקציע
גוב׳ — גובערניע
וו״בל — וואָכנבלאַט
זמ״ב — זאַמלבוך
זמ״ה — זאַמלהעפט
ט״צ — טאָגצײַטונג
טאָג־מ״זש — טאָג־מאָרגען־זשורנאַל
מ״זש — מאָרגען־זשורנאַל
ס״ה, ס״הל — סאָוועטיש היימלאַנד
פּוע״צ — פּועלי־ציון
פֿאַ״ש — פֿרײַע אַרבעטער שטימע
צ״אַ — צווישן אַנדערע
צ״ק — צענטראַל־קאָמיטעט
צ״ש — צײַטשריפט

## 3. ערטער

ב״אַ — בוענאָס אײַרעס
ל״אַ — לאָס אַנדזשעלעס
יה״ב — יאָהאַנעסבורג
נ״י — ניו־יאָרק
פּט״ב — פּעטערבורג
ת״א — תּל־אָבֿיבֿ

# א

אַבאַרבאַנעל, זע אויך: אַברבנאַל.

אַבאַרבאַנעל, מ. — (— 1957) — **אַף דער וואַגשאָל** [לידער]. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמע־לוכענאַצמינדפאַרלאַג, 1934. 133 [3] זז׳; **קינדהייט.** פּאָעמע. דאָרטן, 1939. 103 זז׳. פאַרטראַכטן אין: **רוף, אַלמאַנאַך פון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, מוט, שלאַכטן, זײַ גרייט.**

אַבטשוק, אַבֿרהם — (— 1937) — **אַרבעטבוך פאַר גזעלשאַפטקענטעניש.** קיִעוו, קולטור־ליגע, 1929. 334 זז׳; [מיט מ. כאַשטשעוואַצקי] **אין קאַמף קעגן סאָנים** [דערציילונגען]. מינסק, מעלוכע־פאַרלאַג, 1932. 28 זז׳; [מיט מ. מיזשיריצקי] **ליטעראַטור.** לערנבוך... כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמע־לוכענאַצמינדפאַרלאַג, 1932. 124 זז׳; [מיט מ. מיזשיריצקי, י. ראָדאַק] **ליטעראַטור.** לערנבוך... דאָרטן, 1932. 80 זז׳; [ מיט א. האָלדעס, פּ. שאַמעס] **ליטעראַטור.** לערנבוך... דאָרטן, 1934. 232 זז׳. פאַרטראַכטן אין **אוקראַיִנע, שלאַכטן, דער אַרבעטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור.** — קאָרעקטער בוכטיטל: **זיך אײַנגעשלאָסן.** אומגעקומען אין אַ סאָוועטישן לאַגער.

**אַבעללאַ, שמואל־אליעזר — (פּינטשעוו, פּוילן, סעפּט׳ 5, 1900 —) — געלערנט אין חדר און ישיבֿות. 1927 עמיגרירט קיין טאָראָנטאָ. אַקטיוו אין „מזרחי״. פון 1928 ביז 1959 פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אין טאָראָנטער **אידישער זשורנאַל.** לאַנגע יאָרן געשריבן אויך אין **קענעדער אָדלער.** רעד׳ פון **תורה־ועבֿודה־שטימע** (1936), **רעליגיעזע אַרבייטער־שטימע** (1944) — אַלע טאָראָנטאָ. פּסעוודו׳ ש. א. בן־יצחק.

ח. ל. פוקס, 100 יאָר.

אַבראַם, לייב — (— 1966) — קאָרעקטער טיטל: **דער מישפּעט איבערן כיידער.**

אַבראַמאָוויטש, הירש — (— נ״י, יאַנ׳ 29, 1960) — **לערן־וואַרשטאַטן פאַרן נאָדל־פאַך.** ווילנע, אָרט, 1922. 15 זז׳; **פאַרשווונדענע געשטאַלטן.** ב״אַ, פאַרבאַנד פון פוילישע ייִדן, 1958. 480 זז׳.

אַבראַמאָוויטש, רפֿאל — (— נ״י, אַפּריל 11, 1963) — **המהפכה הסוביטית.** תרגום ב. אליאָבֿ (ת״א, 1966).

אַבראַמאָוויץ, זאבֿ — (— ת״א, אַפּריל 2, 1970) — זיכרונות וועגן זײַן לאַנגיאָריקער אָנפירנדיקער טעטיקייט בײַ די לינקע פּוע״צ פאַרעפנטלעכט אין זײַן **בשירות התנועה** (ת״א, 1965).

זאבֿ אַברמוביץ ומורשתו. ת״א, 1971; שורות פועלי־ציון, רעד׳ ש. שווייצער. ת״א, 1981.

**אַבראַמזאָהן, ז. — ( — ) — מחבר פון **דער מלוה. ראָמאַן.** ווילנאַ, י. ל. מ״ץ, תרנ״ב. 78 זז׳ (נײַע אויפל׳ — וואַרשאַ, תר״ץ).

**אַבראַמזאָן, ש. — ( ) — לערער אין די שולן פֿון קולטור־ליגע אין פּוילן. מחבר פֿון **געאָגראַפֿיע פֿון פּוילן.** וואַרשע, קולטור־ליגע, 1926. 167 זז׳.

**אַבראַמסאָן, יוסף** — (1880 —) — זאָל האָבן אומגעקומען 1937 בעת די „רייניקונגען" אין סאָוועט־רוסלאַנד.

**אַברבנאל,** זע: אויך: אַבאַרבאַנעל.

**אַברבנאל, שמואל — (אָסטראָוו־לובעלסק, פּוילן, יולי 15, 1910 — ת״א, מערץ 11, 1972). געלערנט אין ישיבֿות. פֿון 1929 אין וואַרשע. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועט־רוסלאַנד, פֿון 1949 אין ישׂראל. תּחילת טעטיק אין „פֿרײַלאַנד־ליגע", דערנאָך בײַ לינקע פּוע״צ און צום סוף בײַ די אַנאַרכיסטן. מיטרעד׳ פֿון די אַנאַרכיסטישע **פּראָבלעמען** (פֿון 1964 — רעד׳) און פֿון יזכּור־בוך **סקאַרז׳יסקו קמיאננה** (ת״א, 1973). געשריבן אין **פֿרײַע שריפֿטן** (ווילנע), **פֿאָרווערטס, פּאַ״ש** — נ״י.

שׂמחה [האַמבורג], פּראָבלעמען, 1972: 68; 1981:117.

**אַברהמס, בערנאַרד — (קראָזש, ליטע, דעצ׳ 1, 1880 — יאָהאַנעסבורג, מערץ 24, 1957) אָריגינעלער נאָמען — אַבֿרהם־בער שמולאָוויץ. געלערנט אין חדר און אין ליטווישע ישיבֿות. נאָך אַ פּאָר יאָר זײַן אין לאָנדאָן 1901 אַוועק קיין דרום־אַפֿריקע און 1903 זיך באַזעצט אין יאָהאַנעסבורג. אין בוכפֿאָרעם: **מײַנע זיבעציק יאָר — אויטאָביאָגראַפֿיע.** יאָהאַנעסבורג, קאַיאָר, 1953. 202 זז׳.

א. הפּליט [ד. וואָלפּע] „דרום־אַפֿריקע", אַפּריל 1957.

ד.וו.

**אַבֿיגדור, יעקבֿ — (טראַוווע, גאַליציע, 1897 — מעקסיקע, מערץ 30, 1967). — רבֿ אין טראַוווע, דראָביטש, באָריסלאַוו. 1931 באַקומען ד״ר־טיטל אין לעמבערגער אוניווערסיטעט. דורכגעמאַכט געטאָ און קאַצעטן. 1946 געקומען קיין ברוקלין, ווו געווען רבֿ. פֿון 1953 רבֿ אין מעקסיקע. פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ריי ספֿרים אין הלכה און דרוש. אין מעקסיקאַנער **די שטימע** געדרוקט רעגולער די „סדרה פֿון דער וואָך". ווערק אין יידיש: **ספֿר שבכתבֿ ושבעל־פּה — אין שריפֿט און וואָרט.** חלק א׳, בראשית, שמות, מעקסיקע, תּשי״ז —; **געדאַנק און שפּראַך.** ספֿר מחשבֿה ולשון. אַ זאַמלונג דרשות. דאָרטן, תּשי״ט. 200, 48 זז׳; **הגיון יעקבֿ,** חלק א׳. אַ זאַמלונג דרשות... דאָרטן 1962. 300 זז׳ [ערשטע 31 זז׳ העבר׳]; **תּורה שבעל־פּה** — איר אינהאַלט און כראָנאָלאָגישער סדר. דאָרטן, תּשכ״ב —

**אַבֿיגל, משה** — (— ת״א, אָקט׳ 28, 1969) —

**אַבֿידע, יהודה** — (ירושלים, סעפּט׳ 21, 1962) — **חומש־פֿאָלקלאָר.** וואַרשאָ, תּרצ״ח.

**אַבֿיון, א.* — (דאָראָבאָן, רומעניע, אָקט׳ 10, 1910 —) — זון פֿון אַ שוחט. ערשטע צוויי ביכער אַרויסגעגעבן אויף רומעניש: **אַרבעטער־לידער** (בוקאַרעשט, 1938); **גאָלדענער שטויב** (דאָרטן, 1941). אויף יידיש: **נאַכט־אונטערגאַנג.** פּערזן. בוקאַרעשט, 1962. ; **אַ וועלט פֿאַרגייט, אַ וועלט גייט אויף** [לידער]. דאָרטן, ליטעראַרישער פֿאַרלאַג, 1965. 75[1] זז׳ [אויפֿל׳ 2—1967]; **נײַער ריטם.** פּערזן. דאָרטן, 1969; **די שטאָט אָטעמט.** דאָרטן, קריטעריאָן, 1974. 141 זז׳. פּסעווד׳ פֿון שמואל ווײַנשטיין.

ילויטן קאַטאַלאָג פֿון דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק אין וואַשינגטאָן: A. EBION.

**אבֿיון, אֵלי [פסעווד׳ ?] — מחבר פֿון **יודישע קינדער. אַ בילד פֿון יודישען לעבען.** צווייטעס העפֿט. ברדיטשובֿ, תּרנ״ט. 64 זז׳.

**אבֿן־זהבֿ, אַרי** — ( — ת״א, אָקט׳ 21, 1971).

****אבֿן שושן, שלמה** — (מינסק, יאַנ׳ 28, 1910 —) — העברעיִשער שרײַבער, וואָס האָט איבערגעז׳ אַ ריי ייִדישע ביכער אויף העברעיִש (אַלע אין ת״א, הקיבוץ המאוחד): י. גרינשטיין, **אוד מכּיכּר־היובֿל.** תּשכ״ח [פֿון כ״י]; א. ראָזענטאַל־שנײַדערמאַן, **נפֿתולי דרכים,** ב׳ 2, תּשל״ב [שפּעטער אַרויס אין 3 בב׳ א״ט **וועגן און אומוועגן**]; פּ. מאַרקיש, **אומגעריכטע ריכטונג.** תּשל״ח [מיט פּאַראַלעלער העבר׳ איבערזעצונג]; י. יאַנאַסאָוויטש, **מעבֿר מזה של הפלא (אויף יענער זײַט ווונדער).** תּשל״ח; א. א. בערמאַן, **במקום אשר יעד לי הגורל. תּשל״ח** [שפּעטער אין אָריגינאַל: **וואָס דער גורל האָט מיר באַשערט**]. געדרוקט אויך קריטישע אַרטיקלען אין העבר׳ צ״ש וועגן ייִדישע שרײַבערס.

ג. קרסל, 2; ד. תּדהר, 6.

****אבֿני, שמעיה** — (סטרימטערע, קאַרפּאַטן־רוסלאַנד, פֿעב׳ 13, 1923 —) — אָריגינעלער נאָמען — שטיינמעץ. געלערנט אין חדר און ישיבֿות. פֿון 1960 אין ישׂראל. געדרוקט פֿון צײַט צו צײַט דערציילונגען, רעפּאָרטאַזשן און אַרטיקלען אין **צוקונפֿט** (נ״י), **לעצטע נײַעס** (ת״א). פּאַרטראַטן מיט דערציילונגען אין **אַלמאַנאַך פֿון ייִדישע שרײַבער אין ישׂראל** (ת״א, 1962, 1967) און מ. חלמישעס **מכּאַן ומקרובֿ.** אַ׳ס הויפּטשאַפֿונג איז אין העברעיִש און צום טייל אויך אין רומעניש.

י. פּאַנער, צוקונפֿט, נ״י, סעפּט׳ 1966; ש. קאַנץ, לעצטע נײַעס, ת״א, אַפּריל 29, 1977.

ר.ג.

**אַבֿנר, צבֿי** — קאָרעקט: ד ו בֿ. **ארץ־ישראל רעפֿלעקסן און אַנטיפֿאַ[שיסטישע] לידער.** ת״א, ייִדיש, 1948, 198 זז׳ — איז א י י ן בוך.

**אָגיז, אַהרן־דוד** — **דאָס גרויסע געווינס און אַנדערע ערצעהלונגען.** נ״י, 1920.

**אָגיז, מאַקס** — (1870 —) — נאָך 1918 זיך אומגעקערט קיין קאָוונע, ווו געווען גימנאַזיע־לערער. 1940 נאָך געלעבט און, משמעות, שפּעטער אומגעקומען.

דורות בונדיסטן. נ״י, 1968, ב׳ 3. זז׳ 208־209.

**אָגורסקי, שמואל** — (— פּאַוולאָדאַר, קאַזאַכסטאַן, 1947*) — **די באַדײַטונג פֿון דער ערשטער אידישער קאָמוניסטישער קאָנפֿערענץ.** וויטעבסק, 1918. 11 זז׳.

*סאָוועטיש היימלאַנד, לעקסיקאָן — 1937.

**אַגראַנסקי, גרשון** — (— ירושלים, נאָוו׳ 1, 1959).

**אַדלער, יעקבֿ** — (— גאָלפֿפּאָרט, פֿלאָרידע, דעצ׳ 31, 1974).

**אַדלער, ישׂראל** — פֿון 1925 אין א״י.

****אַדלער, צילע** — ( 1890 — נ״י, יאַנ׳ 31, 1979) — פֿון יוגנט־יאָרן אַקטריסע אין ייִדישן טעאַטער. געשפּילט אויך א״נ צילע פֿײַנמאַן. אָנגעשריבן (מיט דער הילף פֿון יעקבֿ טיקמאַן) **צילע אַדלער דערציילט.** נ״י, 1959. 2 בב׳.

ז. זילבערצווײַג, 1.

****אַהרוני, אַריה** — (אַדעס, אָקט׳ 27, 1923 —) — העברעיִשער שרײַבער, בעיקר איבערזעצער. אַרויסגעגעבן איבערזעצונגען פֿון צען ענגלישע און רוסישע ביכער אויף עבֿרית. פֿון ייִדיש איבערגעז׳: רחל פֿישמאַן, **צווישן גראָזן** — **שמים בעשׂבֿ** (ת״א, 1968) און **ווילדע ציג** — **עזה פּזיזה** (ירושלים, 1976) — ביידע מקור און תּרגום. זינט 1969 איבערז׳ א׳ בעיקר ווערק פֿון שלום־עליכם: **דרײַ אַלמנות** (1969); **זיבן דערציילונגען** (1973); **מעשׂיות פֿון טויזנט איין נאַכט** (1976); **מנחם מענדל אין וואַרשע** (1977) — געווען געדרוקט 1913 אין וואַרשעווער **הײַנט** און ניט אַרײַן אין שלום־עליכמס כּתבֿים; **אײַזנבאַן־געשיכטעס (1979); מאָנאָלאָגן (1979); מאָטל פּייסע דעם חזנס (1980), מנחם מענדל (1980); סענדער בלאַנק און זײַן געזינדל** (1981); **סטעמפּעניו** (1981); **טובֿיה דער מילכיקער** (1982); **די שטאָט פֿון די קליינע מענטשעלעך** (1982); **שיר השירים** (1982). 1982 באַקומען פּריז פֿון פֿאַרבאַנד פֿון קאָמפּאָזיטאָרן, אויטאָרן און פֿאַרלעגערס פֿאַר זײַנע ש״ע־איבערזעצונגען.

ר.ג.

**אוגער, ישעיה** — **מגילת דאַטשע. אַ בינטל צרות** פֿון אונזערע לעטניקעס. מיט צייכענונגען פֿון ט. ווילענסקי. לאָדז, 1913. 56 זז׳.

****אַווערבוך, ל.** — (   ) — מחבר פֿון **די פֿײַערדיגע נשמה** [לידער]. אודיסה, 1912. 16 זז׳.

**אוטיאַז, ה[ירש]** — (ווילנע, סעפּט׳ 5, 1905 —) — געלערנט אין חדר און אין עפּשטיינס העבר׳ גימנאַזיע. 1925 פֿאַרלאָזן ווילנע און פֿון 1928 אין בריסל. 1967—1970 געשריבן אַרטיקלען אין חודשניק Centrale אין בריסל.

**אוטקעס, דוד** — (ביאַליסטאָק, 1898—1959).

**אויסלענדער, נחום** — (— סעפּט׳ 28, 1962) — [מיט ד. וואָלקענשטיין, נ. לוריע, ע. פֿינינבערג] **אידישע ליטעראַטור.** כרעסטאָמאַטיע. קיִעוו, **קולטור־ליגע,** 1928. 374[1] זז׳; [מיט ל. גאָלדין] **לייענבוך פֿאַר שולן פֿונ דערוואַקסענע.** קיִעוו־כאַראַקאָוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1933. 100 [3] זז׳; **לייענבוך פֿאַרן 3טנ קלאַס פֿונ דער אָנפֿאַנגשול.** ערשטער טייל. דאָרטן, 1935. 128 זז׳ [4טע, 5טע אויפֿל׳, דאָרטן, 1936; 6טע אויפֿל׳, 1937].

י. ליפֿשיץ, מ. אַלטשולער, בריוו. זז׳ 7־36.

**אויערבאַך, אפֿרים** — (— ת״א, מײַ 3, 1973) — **גילדענע שקיִעה.** ב״אַ, קיום, תּשי״ט. 259 זז׳; **קריה לבֿנה. ווײַסע שטאָט.** ת״א, פּרץ־פֿאַרלאַג, 1960. תּרגום עבֿרי, י. א. מייטוס. 134 זז׳; **וואַך איז דער סטעפּ.** דאָרטן, 1963. 234 זז׳; **אַ לעבן צווישן טאָוולען.** נ״י, 1968. 426 זז׳; **אויף דער וואָגשאָל** [עסייען]. ת״א, פּרץ־פֿאַרלאַג, 1975. 2 בב׳.

****אויערבאַך, רחל** — (לאַנאָוויץ, גאַליציע — ירושלים, מײַ 31, 1976) — געענדיקט פּוילישע גימנאַזיע און 1928 לעמבערגער אוניווערסיטעט. פֿון 1933 אין וואַרשע, ווו דורכגעמאַכט געטאָ און זיך געראַטעוועט דורך לעבן אויף דער אַרישער זײַט. 1950 עולה געווען קיין ישׂראל. אָנגעהויבן שרײַבן 1927 אין לעמבערגער **דער מאָרגן.** געדרוקט דערציילונגען, אַרטיקלען, עסייען וועגן ליטעראַטור, ווי אויך אויף וויסנשאַפֿטלעכע טעמעס (פּסיכאָלאָגיע, אַנטראָפּאָלאָגיע א״אַ). 1927—1931 רעד׳ ליטעראַרישן זשורנאַל **צושטײַער.** נאָכן צווייטן וועלטקריג זיך אָפּגעגעבן מיטן פֿאָרשן דעם חורבן, געשריבן אַרבעטן און חיבורים אויף דער דאָזיקער טעמע. — אין בוכפֿאָרעם: **אויף די וועלדער פֿון טרעבלינקע.** רעפּאָרטאַזש. וואַרשע־לאָדזש, 1947. 109, 19 זז׳; **דער ייִדישער אויפֿשטאַנד וואַרשע 1943.** וואַרשע, 1948. 95 זז׳; **אונדזער חשבון מיטן דײַטשן פֿאָלק.** ת״א, 1952. 23 זז׳; **אין לאַנד ישׂראל.** רעפּאָרטאַזשן, עסייען, דערציילונגען. [ת״א], פּרץ־פֿאַרלאַג, 1964. 88 זז׳; **וואַרשעווער צוואות,**

**באַגעגענישן, אַקטיוויטעטן, גורלות, 1933 — 1943.** ת"א, ישׂראל־בוך, 1974. 364 זז׳; **ביים לעצטן וועג.** אין געטאָ וואַרשע און אויף דער אַרישער זייט. דאָרטן, 1977. 333 זז׳. [זע 538].

**אולינאָווער, מרים — דער באָבעס אוצר. האוצר של סבתא.** ירושלים, מוסד הרבֿ קוק, תשל"ב.

****אונגער, אַבֿרהם־פּנחס** — (סטריקאָוו, פּוילן, מערץ 27, 1880 —) — געלעבט אין עלקיש און לאָדזש, פֿון 1910 אין נ"י, ווו געאַרבעט ביי שניידעריי. אין בוכפֿאָרעם: **מיין היימשטעטל סטריקאָוו.** נ"י, אַרבעטער־רינג, 1957, XII, 272 זז׳.

****אונגער, מנשה** — (זשאַבנע, גאַליציע, נאָוו׳ 12, 1899 — ניו־יאָרק, יולי 7, 1969) — פֿאָטער אַ רבֿ, וואָס האָט געצויגן זיין ייִחוס פֿון רביישע דינאַסטיעס. געלערנט אין בראָדער ישיבֿה און 1917 באַקומען סמיכה. עטלעכע יאָר געווען אין וואַרשע און 1925 עולה געווען קיין א"י. 1931—1934 אין פּוילן און 1935 עמיגרירט קיין אַמעריקע. צו ערשט געווען לערער אין אַ ייִדישער מיטלשול אין נ"י און באַלד נאָך דעם געוואָרן מיטאַרבעטער פֿון **טאָג**, ווו מערסטנס געשריבן וועגן חסידות און רביים, און שפּעטער אין **מאָרגען זשורנאַל**. געהאַט דאָרט אַ רובריק **פֿון אַלטען קוואַל**. געשריבן אויך אין **איינױקייט** (נ"י). פּסעוד׳ — מ. א. טורנער, מ. א. גער. צונויפֿגעשטעלט [מיט מ. קאַסאָווער] **יעקבֿ שאַצקי־ביבליאָגראַפֿיע.** נ"י, 1939. ווערק: **חסידות און לעבן.** נ"י, 1946. 222 זז׳; **פּשיסכע און קאָצק.** ב"א, פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן, 1949. 301 זז׳; **די פֿעדעראַציע**, וואָס זי איז געווען, וואָס זי איז און וואָס זי דאַרף זיין [נ"י, אָ"י]. 36 זז׳; **גוט יום־טובֿ, קינדער.** נ"י, 1950. 112 זז׳; **די חסידישע וועלט.** געשיכטע פֿון חסידישע הויפֿן אין פּוילן און גאַליציע. נ"י, 1955. 351 זז׳; **חסידות און יום־טובֿ.** נ"י, 1958. 16, 344 זז׳; **ר׳ ישׂראל בעל־שם־טובֿ.** נ"י, 1963. 412 זז׳; **ספֿר קדושים.** רביים אויף קידוש־השם. נ"י, שולזינגער ברידער, 1967. 444 זז׳; **דער גייסטיקער ווידערשטאַנד פֿון ייִדן אין געטאָס און לאַגערן.** ת"א, המנורה, 1970. XV, 300 זז׳.

א. אויערבאַך, טאָג־מ"זש, מערץ 5, 1967; אליעזר אונגער, אידישע צייטונג ב"א, יולי 15, 1969; ב. צ. גאָלדבערג, טאָג־מז"ש, יולי 15, 1969; א. וויזעל, דאָרטן, נאָוו׳ 21, 1971.

**אונגערפֿעלד, משה** — (— ת"א, מערץ 3, 1983) — אַרויסגעגעבן **ח. נ. ביאַליק ויצירתו** (ת"א, 1960).

**אונטערמאַן, יצחק** — (— מיאַמי־ביטש, מיטן מיי 1984) — **3 יובילאַרן.** גראַפֿישע פּאָרטרעטן און קאַראַקטער־סקיצן. מיאַמי־ביטש. 1956. 48 זז׳.

***אוסטרי־דן, ישעיהו** — פֿון 1961 אין ישׂראל. ד"ר טיטל באַקומען 1940 אין בריסל. ביכער: **נייגאַנג.** לידער, באַלאַדעס, סאָנעטן, דיסהאַרמאָניעס. מעקסיקע, 1955. 230 זז׳; **די ציוניסטישע באַוועגונג אין מעקסיקע.** געשיכטע און אינסטיטוציעס. דאָרטן, 1957. 194 זז׳; **אין וווּנדערלאַנד פֿון מאַייאַב.** לעגענדעס פֿון פֿאַרקאָלאָמביאַנישער מעקסיקע. דאָרטן, 1961. 299 זז׳ (העבר׳ — 1964). אין **ייִדישע צייטונג** (ת"א, 1985) דרוקט זיך א׳ס **דער רעוואָלט**, ראָמאַן פֿון אַן אונטערגרונט אין צייט פֿון היטלער־חורבן. — איבער דריי צענדליק העברעיִשע ביכער, אָריגינעלע און איבערזעצונגען פֿון שפּאַניש. רעד׳ **ספֿר יזכור להנצחת קהילת צ׳רטקובֿ.** חיפֿה־ת"א, 1967 — ייִדיש, העברעיִש, ענגליש. מיטגעאַרבעט אין **על המשמר, דבֿר, מעריבֿ, מאזניים** — ת"א.

****אוסישקין, מיכל** — (דאָרף לאָשווידע, ווייסרוסלאַנד, 1886 — טאָראָנטאָ, 1950) — געלערנט אין חדר. שפּעטער געלעבט אין האָראָדעק, וויטעבסק און 1906—1910 אין לאָנדאָן. סוף 1910 עמיגרירט קיין קאַנאַדע און זיך פֿאַרנומען מיט פֿאַרמעריי.

געשריבן רעפּאָרטאַזשן און דערציילונגען פֿון ייִדישן פֿאַרמער־לעבן אין **דאָס ייִדישע וואָרט** (וויניפּעג), **וואָכנבלאַט** (טאָראָנטאָ), **מאָרגן פֿרײַהייט, טאָג** — נ״י, א״אַ. אין בוכפֿאָרעם: **אָקסן און מאַטאָרן.** זיכרונות פֿון אַ אידישן פֿאַרמער־פּיאָנער (די געשיכטע פֿון אידנברידזש). טאָראָנטאָ. 1945. 195 זז׳.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

## אורבאַך, שׂמחה־בונעם

**אורבאַך, שׂמחה־בונעם** — (— ת״א, אַפּריל, 28, 1971) — פֿון 1957 לעקטאָר פֿון העבר׳ פֿילאָסאָפֿיע אין בר־אילן־אוניווערסיטעט. 1962 אַרויסגעגעבן ב׳ 3 פֿון זײַן **עמודי המחשבה הישׂראלית.**

## **אורבאַם, יהושע

****אורבאַם, יהושע** — (אָסטראָווצע, פּוילן, מײַ 6, 1919 —) — צו זעקס יאָר געוואָרן אַ יתום. געלערנט אין חדר. צווייטן וועלטקריג דורכגעמאַכט אין סאָוועט־רוסלאַנד. נאָך דעם געלעבט אין פֿראַנקרײַך, ישׂראל און פֿון 1952 אין טאָראָנטאָ. זינט 1951 געדרוקט אין **פֿרײַ ישׂראל** (ת״א), **וואָכנבלאַט, אידישער זשורנאַל** — טאָראָנטאָ, **מאָרגן פֿרײַהייט, ייִדישע קולטור, זאַמלונגען** — נ״י, **נײַע פּרעסע** (פּאַריז) א״אַ. ווערק: **דער אָנהויב.** דערציילונגען. נ״י־טאָראָנטאָ, איקוף. 1970. 153 זז׳.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

## אורינאָווסקי, אַהרן

**אורינאָווסקי, אַהרן** — (האַלינקי, אוקראַיִנע, יולי 28, 1890 — תּל־אָבֿיבֿ, דעצ׳ 25, 1972) — העברעיִזירטער נאָמען: בן־אור. — **תּולדות הספֿרות העבֿרית החדשה מרמח״ל ועד ימינו אלה** (ת״א, א—ג. תּש״ו — תּש״י); **תּולדות הספֿרות העבֿרית החדשה בדורנו** (ת״א, א—ב. תּשי״ד — תּשט״ו) א״אַ נײַע העבר׳ ביכער.

## **אורמאַן, יוסף

****אורמאַן, יוסף** — (ראַמאַנאָווקע, בעסאַראַביע, אַפּריל 21, 1912 —) — געענדיקט „תּרבות־שול און באַלגראַדער גימנאַזיע. פֿון 1930 אין טשערנאָוויץ, ווו פֿאַרענדיקט לינגוויסטיק אין דאָרטיקן אוניווערסיטעט. 1945 זיך באַזעצט אין מאָסקווע. דאָרטן אָנגעפֿירט מיט דער קאַטעדרע פֿון רומענישער שפּראַך אין מיליטערישן אינסטיטוט פֿאַר אויסלענדישע לשונות. פֿאַר ציוניסטישער טעטיקייט פֿאַרשיקט געוואָרן 1950 אין וואָרקוטאַ־לאַגער. 1956 צוריקגעקומען קיין טשערנאָוויץ און 1980 עולה געוועזן קיין ישׂראל. — פֿון 1932 געדרוקט אַרטיקלען אין **טשערנאָוויצער בלעטער, אויפֿגאַנג, די וואָך** (בוקאַרעשט), ט״צ **אונזער צײַט** (קעשענעוו); ישׂראלדיקע **לעצטע נײַעס, ירושלימער אַלמאַנאַך, ישׂראל שטימע** א״אַ. האָט אויך געשריבן אין ייִדיש־רומענישע אויסג׳. — אין בוכפֿאָרעם: **דער רמב״ם.** טשערנאָוויץ, ד. שטערנפֿעלד, 1936. 385 זז׳ (1938 — אין רומעניש); **צו דער פֿראַגע פֿון ייִדישן ישובֿ אין דרום־בעסאַראַביע.** באַלגראַד, 1938. 150 זז׳. אויף רומעניש אַרויסגעגעבן **מײַן גראַמאַטיק פֿון דער רומענישער שפּראַך** און **רומעניש־רוסישער ווערטערבוך** (מאָסקווע, — 194)

## **אורן, ברוך

****אורן, ברוך** — (נאָווי־פּאָהאָסט, בײַ ווילנע, אָקט׳ 15, 1915 —) — געלערנט אין חדר, ישיבֿה, גלובאָקער ייִדישער פֿאָלקשול, „תּרבות״־סעמינאַרן אין ווילנע און וואַרשע. פֿון 1941 אין א״י. לערער אין פֿאַרשיידענע ערטער. אין שליחות אין די לאַגערן פֿון דער שארית־הפּליטה אין דײַטשלאַנד. זינט 1948 געדרוקט סקיצן און דערציילונגען אין העברעיִשע צײַטונגען. אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכער אין עבֿרית וועגן דער הגנה, שארית־הפּליטה און פּתח־תּקוה. ייִדיש אָנגעהויבן שרײַבן אין **דאָס וואָרט** (מינכן), רעד׳ דעם ביולעטין **ידיעות** און **מדריך לגולה** — ביידע ייִדיש, מינכן. שטענדיקער קונסט־קריטיקער אין **ישׂראל שטימע** (ת״א).

ג. קרסל, 1.

## **אַחאי, יוסף

****אַחאי, יוסף** — (קאָוונע, דעצ׳ 15, 1898 —) — העברעיִשער שרײַבער. 1920 עולה געווען קיין א״י. האָט פֿאַרדינסטן פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור מיט זײַנע מערצאָליקע איבערזעצונגען פֿון ייִדיש אויף

עבֿרית: ביכער פֿון יעקבֿ פֿרידמאַן, רבֿקה קוויאַטקאָווסקי־פּנחסיק, חיהלע גרובער, י. ב. אַלטערמאַן (פֿון ייִדישן כּתבֿ־יד), אפֿרים שרײַער, ישעיהו רעכטער און אַנדערע. איינער פֿון די איבערזעצערס פֿון חיים גראַדעס **בדרכּי אליך** (1969).

ג. קרסל, 1.

**אַחינועם** — זע אויך: שמולעוויטש, אפֿרים־זעליק (ב׳ 8).

**אַיאַלטי, חנן** — **ווײַטער פֿון ברוקלין.** ראָמאַן. נ״י, אַכסניא, 1958. 305 זז׳; **אַן אַ פֿאַרהאַנג** (נאָטיצן פֿון אַ רײַזע־טאָגבוך). דאָרטן, 1962. 206 זז׳; **דער מאַן פֿון לע מיל און אַנדערע דערציילונגען.** ת״א, פּרץ, 1974. 174 זז׳. 1981־1982 געדרוקט אין **פֿאָרווערטס** דעם ראָמאַן **אויף קרומע וועגן.**

**איגנאַטאָוו, דוד** — **אָפּגעריסענע בלעטער.** עסייען. ב״א, ייִדבוך, 1957. 339 זז׳; **אויסגעקליבענע שריפֿטן.** ב״א, י. ליפֿשיץ־פֿאָנד, 1975. 332 זז׳.

וו. ניימאַן, געראַנגל (דוד איגנאַטאָוו — דער שריפֿטשטעלער און קעמפֿער) [נ״י, — 19]. 103 זז׳; י. ראַפּאָפּאָרט, פֿײַערלעך אין נעפּל. מעלבורן, 1961.

**איגער, חנן** — (— נ״י, מײַ 9, 1971).

**אידעלסאָן, אַבֿרהם** — **דער ציוניזם** [ניט: ציוניסט]. אָדעסאַ, קדימה, 1906. 32 זז׳; **מאַרקסיזם און די יודישע פֿראַגע.** יעקאַטערינאָסלאַוו, אויסגאַבע פֿון ראַיאָנעם קאָמיטעט פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, 1917 [א״נ א. ד. אידעלסאָן. א. ד. = אַבֿרהם דאַווידאָוויטש]. העבר׳ פּסעווד׳ — אַ. דודסון, א. א.

***איוואַן, וואָלף־הערש** — (קזשעפּיץ, פּוילן, נאָוו׳ 14, 1912 — חולון, סעפּט׳ 2, 1976) — געלערנט אין חדר און פּוילישער פֿאָלקשול. פֿון 1928 אין לאָדזש. 1939—1946 אין סאָוועט־רוסלאַנד. דערנאָך אין וואַרשע ביז 1956 און פֿון 1957 אין חולון. דעביוטירט מיט אַ ליד אין וו״בל **די צײַט** (טשענסטאָכאָוו). פֿאַרעפֿנטלעכט לידער, רעפּאָר־טאַזשן, אַרטיקלען אין די לאָדזשער **צווייט, אינזל** א״אַ; **אָקטיאַבר** (מינסק, אָקט׳ 1940); **ייִדישע קולטור, צוקונפֿט, מאָרגן פֿרײַהייט** — נ״י; **נײַע פּרעסע, אונזער שטימע, אונזער וואָרט** — פּאַריז; **קענעדער אָדלער, וואָכנבלאַט** (טאָראָנטאָ); **היימיש, לעצטע נײַעס, ישׂראל שטימע, לעבנס־פֿראַגן** — ת״א.

**איוועגסקי, וואָלף** — **נאָר לאַכן.** הומאָ־רעסקעס און מאָנאָלאָגן. ברוקלין, 1970. 210 זז׳.

**איזבאַן, שמואל** — **די שטאָט פֿון צאָרן** (ניו־יאָרקער דערציילונגען). מאָנטעווידעאָ, זריעה, 1955. 225 זז׳; **די שפּעטע יורשים.** ראָמאַן. ב״אַ, ייִדיש בוך, 1955. 471 זז׳; **די קעניגין איזבל.** היסטאָרישער ראָמאַן. דאָרטן, 1959. 2 בב׳; **יריחו.** היסטאָרישער ראָמאַן. ב״א, ייִדיש בוך, 1966. 328 זז׳; **אַ וואַלפֿיש אין יפֿו.** דערציילונג. ת״א, פּרץ, 1980. 243 זז׳. 1984 באַקומען מאַנגער־פּרעמיע.

**איזראַעל, ישׂראל־דוד** — געלערנט אין חדר, ישיבֿה און אין אַ רומענישער מיטלשול. א״ס סיגעטער חודשניק **דער אויפֿגאַנג** איז אַרויס 1928—1938, 37 נומערן. געשריבן אין **יודישע פֿאָלקס־צײַטונג** (קראָקע־וואַרשע). אומגעקומען לעבן סטאַלינגראַד אין דער צײַט פֿון זײַן פֿאַרשיקונג.

ש. ביקל, רומעניע. ב״א, 1961. ז׳ 365; ד. שײַן, דרײַשפּראַכיקע „צײַטשריפֿט״, בוקאַרעשט, יוני 15, 1970; וו. טאַמבור, ייִדישע פּרעסע אין רומעניע. בוקאַרעשט, 1977. זז׳ 225—234; י. קאַראַ, מאָרגן פֿרײַהייט, נ״י, אָקט׳ 23, 1983; אינפֿאָרמאַציע פֿון נתן מאַרק, ישׂראל.

י. קאַ.

**איטקאָוויטש, מ[שה]** — (מינסק, 1902 —) — טראַדיציאָנעלע דערציִונג. אין דער יוגנט שוואַרץ־אַרבעטער אין קרעמענטשוג. 1922 מיטאַרבעטער אין **אָקטיאַבר**. פֿון 1931 איבערזעצער אין עמעס־פֿאַרלאַג, **אײַניקײַט** און **סאָוועטיש היימלאַנד**.

סאָוועטיש היימלאַנד, לעקסיקאָן.

**איטקין, אַבֿרהם־לייב** — (1870 — לאָדזש, 1936).

****אײדלין, ס.** — ( — ) — באַטייליקט אין זמ"ב **ליטקאָמיזג**. כאַרקאָוו־קיִעוו, 1933. אויטאָר פֿון **אין דער שענסטער פֿון מעדינעס** [לידער]. קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1939. 100 זז'.

****אײדעלמאַן, דוד** — (ניעוואַשאָוו, פּוילן, יוני 5, 1910 —) — געלערנט אין חדר און ישיבֿות, שפּעטער אויסגעהאַלטן מאַטורע־עקזאַמען. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועט־רוסלאַנד, דערנאָך אין די פּליטים־לאַגערן אין דײַטשלאַנד. פֿון 1950 אין ישׂראל. אין די דרײַסיקער יאָרן געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין די פּראָווינציעלע ייִדישע צײַטונגען פֿון קעלץ, ראָדעם, ביאַליסטאָק א"אַ. שפּעטער זיך געדרוקט אין **אונזער וואָרט** (פּאַריז). **לעצטע נײַעס** (ת"א) א"אַ. אין בוכפֿאָרעם: **פֿון געריכט, פֿון ראַבינאַט, פֿון גאַס**. רעפּאָרטאַזשן. ת"א, המנורה, 1966. 326 [2] זז'; **געווען אַ מאָל אַ ייִדיש לובלין**. ת"א, היכלות, 1979. 262 [1]זז'.

א. באַראַבאַן, ייִדישע צײַטונג, ת"א, יוני 3, 1966; א. וואָלף־יאַסני, לעצטע נײַעס ת"א, אויג' 19, 1966; ע. פֿעלד, דאָרטן, נאָוו' 2, 1972.

ר. ג.

**אײדעלסבערג, דוד** — (— בראָנקס, דעצ' 8, 1963).

****אײַזיק בדחן** — אַ בדחן אין לאָנדאָן. מחבר פֿון סאַטירע **דער לאָנדאָנער דלות**. לאָנדאָן, דרוק גאָלדבערג [אָ"י]. 2 זז'.

***אײַזיקאָוויטש, אפֿרים** — (לעאָוואָ, בעסאַראַביע, אָקט' 15, 1901 — בני־ברק, מערץ 12, 1974) — דיכטער, דערציילער. צו 12 יאָר אַריבער קיין אַדעס, דערנאָך קיין קעשענעוו, וווּ געאַרבעט בײַ טאָג און געלערנט בײַ נאַכט. 1919 אָפּגעגעבן מאַטורע־עקזאַמענעס. שטודירט מעדיצין אין בוקאַרעשטער אוניווערסיטעט און זינט 1927 פּראַקטיקירט ווי אַ דאָקטער. טעטיק בײַ די לינקע פּוע"צ. בעתן צווייטן וועלטקריג מיליטערישער דאָקטער אין טראַנסניסטריע. 1946 צוריק קיין בוקאַרעשט און 1957 עולה געווען קיין ישׂראל. נאָך דער מילחמה אָנגעהויבן דרוקן דערציילונגען און לידער אין ייִדישע צײַטשריפֿטן פֿון רומעניע. ווערק: **טונקל און ליכט** (לידער). בוקאַרעשט, 1948; **אויפֿן וועג** (לידער). דאָרט, 1950. 78 זז'; **שפּורן**, אויף די חורבֿות פֿון בעסאַראַביע [ת"א, 1958]. 44 [1] זז'; **לידער**. ת"א, פּולי, 1962. 255[1] זז'; **ווי אַנדערש** [דערציילונגען]. נעכטן און הײַנט (דאָ פֿראַגמענטן פֿון ראָמאַן **בײַם פּרוט**). דאָרטן, 1967. 266 [2]זז'; **ס'איז מיר באַשערט**. לידער. דאָרטן, 1969. 50 [2]זז'.

אינפֿאָרמאַציע פֿון א'ס טאָכטער רות לעווין; פּעקעלמאַן־פֿורטונה, אונדזשער בלעטער, ת"א, דעצ' 1960; ח. סלוצקאַ־קעסטין, פֿרײַ ישׂראל. ת"א, נאָוו' 1969.

ר. ג.

**אײַזיקאָוויטש, פּ.** — ערשטע אויפֿל' פֿון א'ס **ר' הערשעלע עסטראָפּאָלער** — וואַרשאָ, תרמ"ד. 2 טיילן (24, 28 זז').

****אײַזלאַנד, מענדל** — (גרויס־ראַדאָמישלע, פּוילן, אָקט' 25, 1910 —) — געלערנט אין חדר, פֿאַרענדיקט אַ פּוילישע פֿאָלקשול און 1936 — ווילנער לערער־סעמינאַר „תּרבות". קריג דורכגעמאַכט אין סאָוועט־רוסלאַנד, דערנאָך אַוועק קיין פּוילן און פֿון

1949 — אין ישׂראל. אַקטיוו אין פּוע״צ. — געשריבן אַרטיקלען אין **אַרבעטער־וואָרט** (פּאַריז), **פֿאָלקסבלאַט** (ת״א) און אַ סך אַרבעטן אין **ראַדאָמישלער יזכּור־בוך**. באַטייליקט אויך אין **אַסופֿות** און **הפּועל־הצעיר**.

**אײַזנבאַד, אַהרן** — **די היטלעריסטישע פּאָליטיק פֿון ייִדן־פֿאַרניכטונג אין די יאָרן 1939—1945.** וואַרשע, ייִדיש בוך, 1955. 2 בב׳; **די רעמיליטאַריזאַציע אין מערבֿ־דײַטשלאַנד און די ראָל פֿון היטלערס גענעראַלן.** דאָרטן, 1955. 124 זז׳ [מיט א. רוטקאָווסקי].

**אײַזנמאַן, צבֿי** — **די באַן.** דערציילונגען. יגור, 1956. 162 ז׳; **מזלות.** קורצע דערציילונגען. [ת״א], פּרץ 1965. 167 זז׳; **צווישן גרענעצן.** דערציילונגען און בילדער. [ת״א], הקיבוץ המאוחד, תשל״ד. 154 זז׳; **נעמט מיך אין לאַנד פֿון פֿאַרגעסן.** דערציילונגען און בילדער. קיבוץ אַלונים, 1983. 91 זז׳; **המספּר שאַתּה מבֿקש מזמן עלה באש.** ת״א, תשמ״א [איבערגעטראָגן פֿון ייִדישן כּתבֿ־יד דורך עטלעכע איבערזעצערס].

** **אײַזנער, דבֿורה פּ.** — (זדונסקאַ־וואָליאַ, פּוילן, אַרום 1908 —) — דורכגעמאַכט געטאָס און קאַצעטן. אין בוכפֿאָרעם: **יאָרן פֿון פּײַן און נסיון.** זיכרונות פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ת״א, עמק, 1980. 298 זז׳.

**אײַזען, אַבֿרהם** — (— טאָראָנטאָ, מערץ 5, 1958).

**אײַזען, שׂרה** — (פּאַנעוועזש, ליטע, 1910 — קייפּטאַון, מערץ 9 [18?], 1982) — געענדיקט העברעיִשע גימנאַזיע אין פּאַנעוועזש. געלערנט אין קאָוונער העברעיִשן לערער־סעמינאַר און שטודירט אין ליטווישן אוניווערסיטעט. אין בוכפֿאָרעם: **געקליבענע לידער און פּאָעמעס.** יאָהאַנעסבורג, קולטור־פֿעדעראַציע, 1965. 197 זז׳; **שירים ופּואימות נבֿחרים** [ניט געזען].

**אײַזענבוד, משה** — רעד׳ פֿון **מעלבורנער בלעטער** (זינט 1975). ווערק: **געלעבט הינטער קראַטן.** נאָוועלע. ב״אַ, ייִדבוך, 1956. 218 זז׳; **ניעסוויזשער ייִדן.** דערציילונגען. מעלבורן, 1965. 243 זז׳; **נוסח ראַפּאָפּאָרט.** דאָרטן 1967. 64 זז׳; **אַליין אין געזעמל.** דערציילונגען. דאָרטן, 1970. 223 זז׳; **יונגטלעכע בלאָנדזשענישן.** ראָמאַן. דאָרטן, 1973. 202 זז׳. מיטאַרבעטער פֿון ב׳ 8 **לעקסיקאָן** און **לעקסיקאָן פֿון ייִדיש־שרײַבערס.**

י. ראַפּאָפּאָרט, ייִדישע פּאָסט, מעלבורן, מײַ 28, 1965; ב. פֿרענקעל, אונזער שטימע, פּאַריז, יוני 14, 1965; ל. פֿאָגעלמאַן, פֿאָרווערטס, אַפּריל 10, 1966; אַ. גאָלאָמב, דער וועג, מעקסיקע, מײַ 19, 1970; אַבֿרהם שולמאַן, אונזער צײַט, נ״י, אַפּריל 1971.

** **אײַזענבערג, דבֿ** — ( — ) — **דינים און מנהגים פֿאַר פֿרויען און מיידלעך.** נ״י, מחבר, תשמ״א. קמה זז׳.

**אײַזענבערג, יצחק** — (— ת״א, נאָוו׳ 15, 1979).

** **אײַזענבערג, ישׂראל** — (וואַרשע, נאָוו׳ 26, 1915 —) — געלערנט אין אַ לובלינער ישיבֿה. געענדיקט מיטלשול. דורכגעמאַכט אוישוויץ און מײַדאַנעק. 1949 עמיגרירט קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין ל״אַ. געשריבן אין **לובלין שטימע**

(תּ"א). אין בוכפֿאָרעם: **פֿאַר וואָס גראָד איך?** תּ"א, ישׂראל־בוך, 1980. 228 זז'.

**אײַזענבערג, שמעון־זאבֿ** — (גירטעגאָלע, ליטע, אָקט' 20, 1886 — יאָהאַנעסבורג, יוני 23, 1950.) — אין כּתבֿ־יד: **וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע ווי אויך וועגן דעם לעבן אין סאָוועט־רוסלאַנד.**

**אײַזענדראַט, מאָריס** — (— נ"י, נאָוו' 9, 1973).

****אײַזענשטאַדט, אַמנון** — (צוויזמיר, פּוילן, אַפּריל 28, 1918 —) אויפֿגעצויגן אין אַ חסידישער מישפּחה. ביז סוף 1939 אין וואַרשע, תּלמיד פֿון אַ רעליגיעזן לערער־סעמינאַר און פֿון אַ מוזיק־קאָנסערוואַטאָריע. דורכגעמאַכט געטאָ און לאַגערן. פֿון 1948 אין טאָראָנטאָ. געשריבן אַרטיקלען אין **אידישער זשורנאַל** (טאָראָנטאָ). **קענעדער אָדלער** א"אַ. אין בוכפֿאָרעם: **און די ערד האָט נישט צוגעדעקט דאָס בלוט.** טאָראָנטאָ, 1962. 373 זז'.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

****אײַזענשטאַדט, ברוך** — (באָריסאָוו, רוסלאַנד, יולי 14, 1889 —) — ייִדישע דערציִונג בײַ פּריוואַטע לערערס. אַ לענגערע צײַט געלעבט אין סמאָרגאָן. ביז מיטן 1914 שטודירט מעדיצין אין דאָרפּאַטער אוניווערסיטעט. פֿון 1920 אין וואַרשע. וווּ געוועזן לערער אין די באָראָכאָוו־שולן. 1927 דעפּאָרטירט געוואָרן קיין סאָוועט־רוסלאַנד, מיט דער דערלויבעניש פֿון דער סאָוועטישער מאַכט, און זיך באַזעצט אין מאָסקווע. אומעטום געוועזן אַקטיוו בײַ לינקע פּוע"צ. אומגעקומען אין אַ תּפֿיסה בײַ די גרענעצן פֿון סיביר בעת די „רייניקונגען" אין 1937. — מיטרעד' **דאָס פֿרײַע וואָרט**, צווייוואָכענטלאַכע אידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־צײַטונג. מינסק, 1918־1919. אין בוכפֿאָרעם: **ווי אַזוי מע באַדאַרף געבן די ערשטע הילף באַ אומגליק־פֿאַלן.** מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1929. 20 זז'; **ווי אַזוי זאָלנ מיר פֿאַרהיטנ דאָס געזונט פֿונ אונדזערע קינדער.** מאָסקווע, עמעס, 1934. 134 [2] זז'

שורות פועלי־ציון. רעד' ש. שווייצער. תּ"א, 1981. זז' 402—405.

**אײַזענשטאַדט, יהושע** — **בײַ דער מוטער ערד** איז „אַ זאַמלונג בעלעטריסטיק פֿונ'ם לעבן אין ארץ־ישׂראל" (וואַרשע, 1919). א' האָט דאָרט נאָר אַן אַרבעט א"ט „לקט". אַנדערע 2 באַטייליקטע: מ. ווילקאַנסקי, ש. צמח.

**אײַזענשטאַדט, מאַקס** — **מאַסן־אַרבעט אין לייענשטיבל.** מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1929. 52 זז'; **קרײַז־אַרבעט אין לייענשטיבל.** דאָרטן, 1929. 39[1] זז'. פֿאַרעפֿנטלעכט **רעשימע פֿון אידישע ביכער,** וואָס זײַנען דערשינען אין ראַטנפֿאַרבאַנד פֿאַר די יאָרן 1923 [— 1926] (אין **אַף די וועגן צו דער נײַער שול,** מאָסקווע 8:1924, 5/6:1925, 1927: 1/2).

**אײַזענשטאַדט, משה־אליעזר** — **נאָך דער גרויסער שׂרפֿה.** ערציילונג. ווילנאָ, תּרס"ב. — נאָך פּרטים אין ג. קרסלס **לכּסיקון.**

****אײַזענשטאַדט, שמואל** — (באָריסאָוו, ווײַסרוסלאַנד, מערץ 20, 1886 — תּ"א, אָקט' 30, 1970) — געלערנט אין חדר, שפּעטער באַקומען אַלגעמיינע בילדונג. 1906—1910 שטודירט יוריספּרודענץ און פֿילאָסאָפֿיע אין בערן, וווּ געקראָגן זײַן ד"ר־טיטל פֿאַר דער דיסערטאַציע „די געשיכטע פֿון ייִדישן פּראָצעס־רעכט ביז צום אָפּשלוס פֿון תּלמוד". אַ געוויסע צײַט זיך אָפּגעגעבן אויך מיט ייִדישער פֿילאָלאָגיע און אויף דער טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ (1908) געלייענט אַ רעפֿעראַט וועגן דער

יִדישער אָרטאָגראַפֿיע. איינער פֿון די גרינדערס פֿון צעירי־ציון אין רוסלאַנד. 1915 זיך באַזעצט אין מאָסקווע, ווו אָנגעפֿירט מיטן יִדיש־העברעיִשן אָפּטייל אין דער ביבליאָטעק א״נ פֿון מיאַנצאָוו (שפּעטער א״נ פֿון לענין). פֿון 1925 אין א״י־ישׂראל, ווו געווען מנהל פֿון דער צענטראַל־ביוראָ פֿון „ועד הלשון העבֿרית״ (1926—1953). אין די שפּעטערדיקע יאָרן געוואָרן אַקטיוו אין דער ישׂראלדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. — פֿון 1906 פֿאַרעפֿנטלעכט פֿאָרשערישע אַרבעטן און ביכער, בעיקר וועגן ענייִנים פֿון העברעיִשן און אַלגעמיינעם רעכט, אין העברעיִש, דײַטש און רוסיש, און רעד׳ העברעיִשע צײַטשריפֿטן. 1911 ארויסגעגעבן דעם חודשניק **שחרית** (אין רוסלאַנד און 1913 אין וואַרשע, ווו זיך באַזעצט אַ פּאָר יאָר. די אויסג׳ איז שפּעטער געוואָרן דער צענטראַל־אָרגאַן פֿון די צעירי־ציון). א׳ס ביכער אויף יִדיש: **די נבֿיאים, זייער צײַט און זייערע געזעלשאַפֿטלעכע אידעען.** ווילנע, ב. א. קלעצקין, 1925. VII, 167 זז׳ (נײַע אויפֿל׳ — ת״א, 1964); **פּיאָנערישע געשטאַלטן.** ת״א, 1970. 407 זז׳. איבערגעז׳ מ. סאָלאָווייטשיקס **יסודות פֿון דער עלטסטער יודישער קולטור־געשיכטע.** ווילנע, ב. א. קלעצקין, 1923. 2 בב׳ (נײַע אויפֿל׳ — 1927). האָט אויך רעד׳ **ערד און פֿרײַהייט** (אָרגאַן פֿון צעירי־ציון, מאָסקווע, 1919) און געשריבן אַ צאָל אַרטיקלען אין **פֿרײַנד** (פּט״ב, 1907), **ליטעראַרישע מאָנאַט־שריפֿטן** (IV, ווילנע, 1908), **צוקונפֿט** (נ״י, 1911) **לעבען און וויסענשאַפֿט** (נ״י, 1912). פּסעווד׳ — ש. ברזלי, ש. בן־יוסף, ש. חרותי, ש. נחמוני.

ז. רייזען, 1; ג. קרסל, 1; ש. מאָשקאָוויץ, אויסטראַלישע יִדישע נײַעס, מעלבורן, דעצ׳ 11, 1970; י. זאַנדבערג, די פּרעסע, ב״אַ, דעצ׳ 31, 1970, גאָלדענע קייט, ת״א, 72:1971.

****אייכעל, יצחק־אַבֿרהם** — קיניגסבערג [?], 1775 — בערלין, 1804) — איינער פֿון די אַקטיווסטע פּיאָנערן פֿון דער בערלינער השׂכּלה, מיטגרינדער פֿון **המאסף.** מחבר פֿון דער קאָמעדיע **רב העניך אודר וואָש טוט מע דר מיט,** אַ צײַט אַרומגעגאַנגען אין מאַנוסקריפּט און דערנאָך געדרוקט געוואָרן, איין אויסג׳ אין דײַטשישע אותיות (בערלין, 1864).

ז. רייזען, 1; אלעזר שולמאַן, שׂפת יהודית וספרותה. ריגאַ, תרע״ג. ע׳ 175.

****אייכענבוים, נח** — (וואַרשע, 1905 — געטאָ וואַרשע) — ייִנגערער ברודער פֿון י. א. אַרטוסקי. שלאָסער פֿון פֿאַך. געשריבן דערציילונגען פֿון דער אַרבעטער־סבֿיבֿה, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין די וואַרשעווער **פֿאָלקס־צײַטונג** און **יוגנט־וועקער.**

לעבנס־פֿראַגן, ת״א, אַפּריל 1964; וו. ה. אבֿן, דאָרטן, מערץ 1972.
ר. ג.

**אייכענראַנד, לייזער** — **דאָס ברויט פֿון צער.** [ת״א], פּריז, 1964. 140זז׳; **דאָרשט נאָך דויער.** דאָרטן, 1970. 166 זז׳; **לאַנדשאַפֿט פֿון גורל.** ת״א, תמיד, תש״מ. 157 זז׳; **צווישן איצט און קיינמאָל.** דאָרטן, 1984. 132 זז׳.

ד. סדן, אַבֿני מפּתן, ב׳. ת״א, 1970. ע׳ 199—209.

***איינהאָרן, [אַבֿרהם]־חיים** — (טערנעווע, רומעניע —) — געלעבט אין צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט. אַריבער קיין מעסיעוו און דערנאָך קיין אייבער־ווישעווע. מחבר פֿון **מקור הברכה.** דאָס איז איבער גיזעצט דיא דינים פֿין [מחברס העברעיִשן] ספֿר **ברכת הבית**... פֿין מיר הקטן אַבֿרהם חיים בר׳ יחיאל צבֿי ז״ל מאויבער ווישיווע. מונקאַטש, געדרוקט בײַא בלײַער עט קאָהן, תרנ״ה. 2 חלקים. — ווערט פֿאַררעכנט ווי דאָס ערשטע בוך אויף יִדיש אין מאַראַמאָרעש [זע: ב׳ 4, א״נ א׳ חיים].

ד. סדן, גאָלדענע קייט, ת״א, 1973: 78; וו. טאַמבור, צײַטשריפֿט, בוקאַרעשט, כ״א טבֿת, תשל״ד.

**איינהאָרן, איסר־יוסף** — (קיידאַן, ליטע, יאַנ׳ 15, 1866 — וואַרשע, יולי 10, 1925). — בטעות אַרײַן אויך אונטער א׳ס פּעסוודאָנים א. י. ראָגאָדין (ב׳ 8).

**אײנהאָרן, דוד** — (— ניו־יאָרק, מערץ 2, 1973) — פֿאַרטראָטן אין **פֿאַר קלײנע קינדער** [קיִעוו, 1918], **מוט** (מאָסקווע, 1920), **זאַמלונג** (כאַרקאָוו, 1925). — **מאַמעס טרערן** [פּעטראָגראַד], ווילנער פֿאַרלאַג קלעצקין [1917]. 21 זז׳; **אַ מעשׂה פֿון זיבן שטומע פֿויגעלאַך**. דאָרטן, 1917. 26[1] זז׳; **קאָרן־שוועסטערלאַך** [לידער]. קיִעוו, קיִעווער פֿאַרלאַג [1917]. 7 זז׳.

**אײנהאָרן, משה** — (— נ״י. פֿעב׳ 9, 1966).

**אײנהאָרן, שמעון** — (1890 — אָקט׳ 1950) — **משלי־עם בײִדיש**. ת״א, דבֿיר [1959]. 208 זז׳.

**אײסען, אַבֿרהם** — (— בעל־האַרבאָר, אויג׳ 4, 1965).

**אימבער, שמריהו** — (— ירושלים, מײַ 29, 1950).

**אינדעלמאַן, אלחנן** — (— נ״י, אַפּריל 21, 1983) — קאָרעקטער טיטל: **ילדי מחתרת. — גוט יום־טובֿ, קינדער.** 70 לידער פֿאַר קינדער און יוגנט. נ״י דערציִאונגס־קאָמיטעט, 1958. 52 זז׳. רעד׳ פֿון די חודש־זשורנאַלן **עולם־חדש** (נ״י, 1961—1971), **למשפּחה** (1971 —).

**אינדעלמאַן, משה** — (— מיאַמי־ביטש, סעפּט׳ 24, 1977).

**איסאַקסאָן, יצחק** — (— ב״אַ, נאָוו׳ 15, 1963) — **אַנטאָלאָגיע פֿון דער וועלט־ליטעראַטור.** ב״א, 1961. 380 זז׳.

**איצינגער, ישׂראל־בער**, זע: **שנור, אַלטער**, ב׳ 8.

**אירים, שמואל** — (— ב״אַ, יאַנ׳ 30, 1960) — **אָט אַזוי האָט מען געשפּילט טעאַטער.** ב״אַ, 1956. 250 זז׳.

**אַלבום, הירש** — (— 1944).

**אַלבינסקי, י.** — (וואַרשע, נאָוו׳ 7, 1909 —) — פּסעוודו׳ פֿון יעקבֿ גוטפֿרײַנד. געלערנט אין חדר. קאָמוניסטיש אַקטיוו אין פּוילן און בעלגיע וווּהין עמיגרירט אין 1938. דאָרטן זיך באַטייליקט אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג קעגן די נאַציס. פֿון 1957 אין ישׂראל. געשריבן אין לינקן **לעבן און שלום.** בריסל, 1947—1952. געדרוקט אַרטיקלען אין **נײַע פּרעסע** (פּאַריז), **ייִדישע קולטור** (נ״י), **פֿרײַ ישׂראל** (ת״א). דאָרטן פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען (פֿעב׳־אויג׳ 1972). אין בראָשור־פֿאָרעם: **צוזאַמען געקעמפֿט, צוזאַמען געפֿאַלן.** צום אָנדענק פֿון אַ ייִדישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע [בריסל, 1946]. 23 [1] זז׳. [אין ישׂראל אַרויס אַ נײַע אויפֿלאַגע].

**אַלבערט, יהושע** — (גראָדזיסק, פּוילן, 1885 —) — 1915 אַריבער קײן וואַרשע. דורכגעמאַכט געטאָ און באַהאַלטעניש. פֿון 1957 אין ב״אַ. אין בוכפֿאָרעם: **ייִדישע וואַרשע דורך פֿײַער, בלוט און טויט.** ב״אַ, 1958. 475 זז׳.

מ. ראַוויטש, דאָס אַמאָליקע וואַרשע. מאָנטרעאָל, 1966. ז׳ 69.

**אַלבערטאָן, מאיר** — **פֿיאָדער זובאַקאָוו** [דערציילונג]. כאַרקאָוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1930. 32 זז׳; **די קאָמונע** [דערציילונג]. דאָרטן, 1930. 28 [2] זז׳; **צו די נײַע שאַכטיאָרן** [דערציילונג]. דאָרטן, 1931. 20 זז׳; **אין סופּערנעם צעך** [דערציילונגען].

כאַרקאָװ־קיִעװ, אוקרמעלוכנאַצמינדפֿאַרלאַג, 1932. 46 [2] זז׳; **ניט אויסגעטראַכט.** צװ פֿאַרציי־כענונגען. מאָסקװע, עמעס, 1941. 105 [2] זז׳; **ניט אויסגעטראַכט. פֿאַרצייכענונגען.** דאַרטן, 1947. 107 זז׳ [ניט אידענטיש מיטן פֿריִערדיקן]. פֿאַרטראַכטן **אין דער אַרבעטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור** (מינסק, 1931), **שלאָגלערישע טריט** (מינסק, 1932), **דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָװעטישער ייִדישער ליטעראַטור** (מאָסקװע, 1934), **בירעבידזשאַן** (מאָסקװע, 1936), **קאָמיוג** (מאָסקװע, 1938).

**אַלטבוים, הערש — (יאַנאָװ־לובעלסק, פּױלן —) — מחבר פֿון **מײַן שטעטל** (בילדער און זיכרונות פֿון דער אַלטער היים). ב״א, 1954. 221 זז׳.

**אַלטבױער, משה** — 1932 באַקומען ד״ר־טיטל אין פֿילאָסאָפֿיע. 1954—1975 דאָצענט און שפּעטער פּראָפֿעסאָר פֿון סלאַװישער לינגװיסטיק אין ירושלימער העברעיִשן אוניװערסיטעט. פֿאַרעפֿנטלעכט אָפּהאַנדלונגען איבער ייִדיש און ייִדיש־סלאַװישע שפּראַך־באַציִונגען און אַ ריי ביכער און בראָשורן אין אַנדערע לשונות. געשריבן אין **גאָלדענע קייט** (ת״א, 29:1957), **ייִדישע שפּראַך** (נ״י, 1957). מיטגעאַרבעט אין **ייִדישער שפּראַך־און קולטור־אַטלאַס**, א״ר פֿון אוריאל װײַנרײַך.

**אַלטמאַן, משה** — (— טשערנאָװיץ, אָקט׳ 22, 1981) — **אויסגעװיילטע שריפֿטן**. בוקאַרעשט, קריטעריאָן, 1974. 351 זז׳; **באַם פֿענצטער**. מאָסקװע, סאָװעטסקי פּיסאַטעל, 1980. 60 זז׳; **די װינער קאַרעטע און אַנדערע דערציילונגען**. דאַרטן, 1980. 366 זז׳.

**אַלטמאַן, פּייסי** — (איװאַנגאָראָד, קיִעװער גוב׳, 1904—1941, געפֿאַלן אויפֿן פֿראָנט) — **פּאָזיציעס** [דערציילונג]. כאַרקאָװ, ליטעראַטור און קונסט, 1933. 124 זז׳; **דערציילונגען**. קיִעװ, אוקרמעלוכנאַצמינדפֿאַרלאַג, 1936. 82[1] זז׳. פֿאַרטראַכטן אין **דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָװעטישער ייִדישער ליטעראַטור, שלאַכטן.**

סאָװעטיש היימלאַנד, לעקסיקאָן.

**אַלטער, מאיר־דוד** — (— נ״י, אָקט׳ 10, 1970).

**אַלטער, רחל — (קאָלנע, פּױלן, דעצ׳ 28, 1917 — תּל־אָבֿיבֿ, דעצ׳ 25, 1968) — געלערנט אין גימנאַזיע. דורכגעמאַכט געטאָ און קאַצעט. נאָכן צװייטן װעלטקריג אין ישׂראל. אין בוכפֿאָרעם: **איז געװוען אַ מענטש**. ת״א. 1969, 157 זז׳.

**אַלטערמאַן, ישׂראל־בער — (גריצע, פּױלן, יאַנ׳ 15, 1913 —) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה און אין אַ פּױלישער שול. בעתן צװייטן װעלטקריג אין סאָװעט־רוסלאַנד. פֿון 1949 אין ישׂראל. לעבט אין חדרה. — זינט 1946 געדרוקט רעפּאָרטאַזשן, אַרטיקלען און דערציילונגען אין **דאָס װאָרט, אונזער װעג, איבערגאַנג** — מינכן, **לאַנדסבערגער צײַטונג; לעצטע נײַעס, ייִדישע צײַטונג, ישׂראל שטימע** — ת״א. רעד׳ דאָס יזכּור־בוך **מגילת גריצע** (ת״א, 1955). באַאַרבעט **קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן** (ת״א, 1972. 236 זז׳). — װערק: **היימלאָזע ד. פּ.־ייִדן אין דײַטשלאַנד.** דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן. ת״א, 1959. 198 [1] זז׳ [2טע אויפֿל׳ — 1980]; **ליקוי חמה**. דערציילונגען. איבערגעזעצט פֿון ייִדישן כּתבֿ־יד דורך יוסף אַחאי. ת״א, פּרץ, 1976. 208 זז׳; **בלאָנדזשערס**. דערציילונגען. ת״א, נײַ־לעבן, 1982. 205 [3] זז׳ — די מערסטע איבערגעאַרבעט פֿון **ליקוי חמה; די לעצטע היים**. ת״א, 1986, 287 זז׳.

ה. זעלצער, לעצטע נײַעס, ת״א, יולי 17, 1981; יוני 26, 1982.

**אַלטערמאַן, נתן** — (— ת״א, מערץ 28, 1970).

****אַלטשולער, מרדכי** — (סוואַלק, פּוילן, אָקט' 25, 1932 —) — 1940 פֿאַרשיקט געוואָרן מיט משפּחה קיין סיביר. פֿון 1946 אין וראָצלאַוו, נידערשלעזיע, ווו געלערנט אין אַ ייִדישער און העברעיִשער שול. 1949 עולה געווען קיין ישׂראל. 1956—1974 שטודירט העבר' ליטעראַטור, אַלגעמיינע און ייִדישע געשיכטע אין ירושלימער העבר' אוניווערסיטעט, ווו באַקומען ד"ר־טיטל פֿאַר זײַן דיסערטאַציע „געשיכטע פֿון דער ייִדישער סעקציע אין ראַטן־פֿאַרבאַנד (1918־1930)". פֿון 1968 דאָרטן אינסטרוקטאָר און שפּעטער פּראָפֿעסאָר פֿאַר הײַנטצײַטיקער ייִדישער געשיכטע. פֿאַרעפֿנטלעכט צוויי ביכער אין העברעיִש, אַ ריי אַרטיקלען אין העבר' און ענגלישע צײַטשריפֿטן. צונויפֿגעשטעלט און רעדאַקטירט (מיט י. ליפֿשיץ) דאָס בוך **בריוו פֿון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבערס**. ירושלים, תש"ם. 501 זז'.

**אַלטשולער, מ[שה]** — (באָבער, מאָלעוועער גוב', 1887 — 1969) — רעדאַקציע־מיטגליד פֿון **דער אַפּיקוירעס** (מאָסקווע, 1931—1935) און **יונגע גוואַרדיע**. — **ווערק: געקאַשערטע נעשאָמעס** (וועגן כיידער) (כאַרקאָוו, צ. ק. פֿון קאָמוניסטישן יוגנט־פֿאַרבאַנד אַף אוקראַיִנע, 1922. 32 זז'; **ווי אַזוי דאַרף מען פֿירן אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע**. מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1929. 24 זז'; **קאָמסאָמאָלישע האַגאָדע** [כאַרקאָוו, 1930?]. 18 זז'; **אָנ אַ גאָט** [דערגאַנצטע אויפֿל' פֿון **אַנטירעליגיעזער לערנבוך**]. מאָסקווע, עמעס, 1932. 252 זז'; **שאַבעס, יאָמטעוו און ראָשכוידעש**. דאָרטן, 1947. 86 [2] זז'.

**אַלייסקי, יעקבֿ** — (— ת"א, מערץ 14, 1981).

**אַלינער, אליעזר** — **די שטוב**. נאָוועלן. ת"א, אייגנס, 1959. 187 זז'; **גאַרבער־גאַס**. ראָמאַן. ת"א, המנורה, 1967—1970. 2 בב'; **ירושה פֿון דורות**. דאָרטן, 1975—1977. 2 בב'; **אויף פֿרעמדער ערד**. ראָמאַן. ת"א, אייגנס, 1979. ב' 1.

**אַליעווסקי, בוזי** — פֿאַרטראָטן אין **קעפּ, קאַמיוג, שלאַכטג, לעבנ און קאַמפּ, דעקלאַמאַטער פֿונ דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, לידער וועגנ דער רויטער אַרמיי, פֿאַרנ היימלאַנד אינ שלאַכט**.

***אַליצקי, לייב** — (— גבעתיים, סעפּט' 1, 1975) — ווערק: **זאָגט די וועלט אַ משל**. וואַרשע, ייִדיש בוך, 1956. 341 זז'; **פֿאָלקסטימלעכע באַלאַדן**. פֿון דער העברעאישער דיכטונג. דאָרטן, 1957. 313 זז'; **ישיבֿה־לײַט**. ת"א, פּרץ, 1958. 356 זז'; **מענטשן פֿון מײַן שטעטל**. וואַרשע, ייִדיש בוך, 1959. 320 זז'; **מײַן האַרץ־רײַזע**. ישׂראל־לידער. ת"א, פּרץ, 1960. 74 זז'; **שפּאַרונעס אין האַרצן**. ת"א, טור־אַריה, 1962. 94 זז'; **פֿון אייגענעם פֿעלדז**. ת"א, בוק־קאָמיטעט, 1964. 319 זז'; **וואָר און וווּרן**. נײַע ישׂראל־לידער. ת"א, המנורה, 1967. 110 זז'; **פֿון גאָלדענעם קרוג**. פֿון דער העברעאישער דיכטונג. ב"א, קיום, 1968. 265 זז'; **צום זון אין צה"ל**. לידער. **לבן בצה"ל**. שירים. ת"א, שקדיה, 1969. 102 זז'; **אויף די ראַנדן פֿון תנ"ך**. לידער און משלים. [ת"א], אשל, 1969. 105 זז'; **אין שײַן און שאָטן פֿון אייגענעם בוים**. לידער און פּאָעמעס. ת"א, שקדיה, 1970. 166 זז'; **וואָלינער ייִדן**. ראָמאַן. ת"א, על המפתן, 1973. 454 זז'; **פֿון דער היים און פֿון דער פֿרעמד**. דערציילונגען. ת"א, ישׂראל־בוך, 1976. 186 זז'; [מיט מאַטעס אַליצקי] **לידער צו אַ ברודער**. ת"א, 1964. 62 זז'; איבערגעז' נ. סאָקאָלאָווס **אישים א"ט פערזענלעכקייטן און פֿאָלק**. ירושלים, תשכ"ו, 401 זז'). איבערגעז' פֿון ייִדיש דורך ד. ב. מלכין, ח. פלג **דודיה נפח** (ת"א, 1968).

****אַליצקי, מאַטעס** — (טריסק, וואָלין, נאָוו' 10, 1915 —) — דיכטער. ברודער פֿון לייב און ברוך

אָ׳. געלערנט אין ציש״אָ־שול. 1934 געמאַכט מאַטורע אין דער פּויליש־ייִדישער גימנאַזיע אין קאָוועל און שפּעטער געלערנט אַ יאָר אויפֿן וואַרשעווער אוניווערסיטעט. מילחמה־צײַט אין סאָוועט־רוסלאַנד, נאָך דעם אין די לאַגערן פֿון שארית־הפּליטה אין דײַטשלאַנד. 1949 געקומען קיין נ״י, ווו געוואָרן לערער אין די שלום־עליכם־שולן, דערנאָך אין די שולן פֿון אַרבעטער־רינג, ווי אויך דירעקטאָר פֿון אַרבעטער־רינג־מיטלשול. — 1935 דעביוטירט מיט לידער אין וואַרשעווער **ליטעראַרישע בלעטער.** באַטייליקט מיט לידער און אַרטיקלען אין **אונזער האָפֿענונג, אויף דער וואַך, באַפֿרײַאונג, שריפֿטן** — אויסג׳ פֿון שארית־הפּליטה אין דײַטשלאַנד; אין די נ״י־יאָרקער **שריפֿטן, אופֿקום, צוקונפֿט, פֿאַ״ש, סבֿיבֿה, וועקער, אונזער צײַט, קולטור און דערציאונג, קולטור און לעבן, קינדער־זשורנאַל, קינדער־צײַטונג, פֿאָרווערטס; גאָלדענע קייט, לעבנס־פֿראַגן** — ת״א, א״אַ — אין בוכפֿאָרעם: **אין פֿרעמדן לאַנד.** לידער. עשוועגע, 1948. 64 זז׳; **פֿריילעכע טעג.** לידער. נ״י, אַרבעטער־רינג, 1962. 119 זז׳ [קעסל־8רעמיע]; **לידער צו אַ ברודער** (מיט ל. אָליצקי). [ת״א], נחמני, 1964. 64 זז׳; **געקליבענע לידער.** ת״א, פּרץ, 1967. 128 זז׳; **לידער פֿאַר יוגנט.** נ״י, אַרבעטער־רינג, 1974. 96 זז׳; **לידער פֿון פֿריִער און פֿון איצט.** ת״א, ישׂראל־בוך, 1980. 96 זז׳. לערנביכער: **טראַכט און שרײַב.** אַרבעטסבוך פֿאַר דער מיטלשול. נ״י, אַרבעטער־רינג, 1974. 32 זז׳; **ייִדישע קינדער, ב׳** (מיט י. מלאָטעק). דאָרטן, 1975. 120 זז׳; **גוט יום־טובֿ, קינדער.** דאָרטן, 1981. 32 זז׳ — מיט ענגלישער איבערז׳. — „מ. אָליצקי פּראַוועט בילדער־עקאָנאָמיע און דערפֿאַר זײַנען זײַנע לידער קלאָר און דורכזיכטיק [... ער] דערהייבט זײַנע שורות מיט אַ חנעוודיק־אויסגעדריקטן געדאַנק, וואָס איז אין צימצום אויך פּאָעזיע — דער עיקר, ווען עס פֿאַרמאָגט שאַרם, מוזיק און דעם עסענץ פֿון הומאָר, אין דעם איידלסטן זין פֿון וואָרט״ (י. גלאַטשטיין). „מ. אָליצקי האָט אַ זעלטענעם חוש פֿאַר דעם קינדס לשון, זײַן וועלטבאַנעם... אָליצקיס לידער זײַנען אַן אוצר פֿאַרן ייִדישן קינד, פֿאַר דער ייִדישער שול.״ (י. וואַרשאַווסקי) „מ. אָליצקי איז אַ דיכטער פֿון אויפֿריכטיקע אַקצענטן. זײַן פֿערז איז קלאָר און זויבער. די שטימונג אַן אָנגעלאָדענע מיט ערלעכער פּאָעטישער וויזע״. (י. שפּיגל)

י. שפּיגעל, דאָס נײַע לעבן, וואַרשע, 1948; ב. גריַן, מאָרגן־פֿרײַהייט, נ״י, דעצ׳ 19, 1948; י. וואַרשאַווסקי [י. באַשעוויס]. פֿאָרווערטס, פֿעב׳ 10, 1963; י. זילבערבערג, אידישער קעמפֿער, נ״י, פֿעב׳ 22, 1963; י. גלאַטשטיין, טאָג־מז״ש, נ״י אַפּריל 14, 1963; ש. ד. זינגער, אונזער וועג, נ״י, יוני־יולי 1963; י. עמיאָט, פֿאַ״ש, נ״י, סעפּט׳ 1. 1963; י. האָרן, אידישע צײַטונג, ב״אַ, סעפּט׳ 22, 1963; א. וואָלף־יאַסני, לעצטע נײַעס, ת״א, אויג׳ 14, 1964; י. גלאַטשטיין, אידישער קעמפֿער, נ״י, דעצ׳ 1965; י. בראָנשטיין, ישׂראל שטימע, ת״א, אויג׳ 30, 1967; א. באַראַבאַן, ייִדישע צײַטונג, ת״א, אָקט׳ 17, 1967; י. יאַנאַסאָוויטש, פּנימער און נעמען, ב׳ 1. ב״אַ, 1971. זז׳ 34—40; י. גלאַטשטיין, פּראָסט און פּשוט. נ״י, 1978. זז׳ 278—283; אליהו שולמאַן, פֿאָרווערטס, נ״י, סעפּט׳ 14, 1980; אַבֿרהם שולמאַן, קולטור און לעבן, נ״י פֿעב׳ 1981.

**אַלמי, א.** — (— נ״י, סעפּט׳ 24, 1963) — **אין געראַנגל פֿון אידייען** (עסייען). ב״אַ, 1957. 226 זז׳; **חשבון און סך־הכּל.** קאַפּיטלען פֿון מײַן ספֿר החיים. ב״אַ [1959]. 359 זז׳; **שלום אַש, אַ סך־הכּל.** שיקאַגאָ, תשי״ט. 20 זז׳; **ספּינאָזאַ קאָנטראָ ספּינאָזאַ.** ב״אַ, 1963. 56 זז׳; **שירות אַחרונות.** תּרגום מייִדיש — שלמה שנהוד [פֿון **לעצטע געזאַנגען**]. ת״א, פּרץ, 1966. 205 זז׳; לכּבֿוד אַ׳ס 70 יאָר אַרויס **אַלמי בוך.** ב״אַ, 1962. 214 זז׳.

****אַלען, יצחק־אײַזיק** — (1875 — האַרטפֿאָרד, קאָנ׳, יולי 25, 1973) — 1891 געקומען פֿון ליטע קיין אַמעריקע. איינער פֿון די גרינדערס פֿון אַמעריקאַנער ייִדישן קאָמיטעט, אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס און פֿון דער ציוניסטישער פֿעדעראַציע אין אַמעריקע. געווען יאָרן לאַנג אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון **ייִדישעס טאַגעבלאַט** א״אַ ייִדיש־אויסג׳. געשריבן אָפּט אויך אין **הדואַר.**

הדואַר, נ״י, י״ב אָבֿ, תשל״ג.

**אַלעק, ש.** — (1888—1937) — **איבערגעבורט** [צוויי פּראָצעסן — „דיאַדיאַ וואַניאַ״] (כאַרקאָוו), צענטרפֿאַרלאַג, 1931. 30 [1] זז׳.

**אַלעקסאַנדראָוו, ה[לל]** — (1890 — לענינגראַד, 1972) — 1930 אַרעסטירט און שפּעטער באַפרײַט.

**אַלעקסאַנדראָוויטש, מאַקס** — (— נ״י, נאָוו׳ 10, 1968).

****אַלעקסאַנדראָווע, ע.** — ( — ) — אויטאָרין פֿון **פֿרייד** [מיט ט. בענסמאַן]. הילף־בוך פֿאַרן ערשטן לערניאָר. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1927. 207 זז׳; **אַ מײַסע מיט דרײַ ציגעלעך.** דאָרטן, 1929. 18 זז׳; **מורזע און אַנדערע מאַיסעלעך.** 1929. 38 [1] זז׳; **שנייערס און אַנדערע מאַיסעלעך.** דאָרטן, 1929. 24 זז׳ [נײַע אויפֿל׳ — מאָסקווע, 1929]; **ערשטע טריט** (פֿרייד). הילפֿבוך פֿאַר דער נול־גרופּע. מינסק, צענטרפֿאַרלאַג, 1930. 192 זז׳ [נײַע אויפֿל׳ — מאָסקווע־מינסק, 1931; צווייטער טייל — מינסק, 1932].

****אָלער, לעאָן** — (וואַרשע, פֿעב׳ 24, 1899 — ניו־יאָרק, יאַנ׳ 23, 1971) — געלערנט אין חדר, רוסישער פֿאָלקשול און גימנאַזיע. פֿון יוגנט אַקטיוו אין „בונד״. סוף 1939 אַנטלאָפֿן קיין סאָוועט־רוסלאַנד, ווּ געווען אַרעסטירט. 1945 געקומען קיין ניו־יאָרק. געשריבן פֿאַרטיי־פּאָליטישע אַרטיקלען אין **קעגן שטראָם** (וואַרשע, 1935), **יוגנט־וועקער** (וואַרשע, רעדאַקציע־מיטגליד) און בעיקר אין **אונזער צײַט** (נ״י). נאָך זײַן טויט איז אַרויס אַן אָנדענקשריפֿט: **לעאָן אָלער, זײַן לעבן און טעטיקייט.** נ״י, 1973. 180 זז. [מיט אַן אָפּטייל: פֿון לעאָן אָלערס פען]. נ״י, 1973. 180 זז׳.

אונזער צײַט, נ״י, פֿעב׳ 1971; דערמאָנטע אָנדענקשריפֿט.

**אַלפֿעראָוויטש, יצחק־דוד** — ( — ) — 1920 — 1930ער יאָרן געלעבט אין קאָוונע. אויטאָר פֿון **אַליין לערער פֿון נאָטן.** קאָוונע, דרוק ב. הורוויטס, תּרפּ״ט. 82 [3] זז.

**אַלפֿערט, א.** — באָסטאָנער **דער איזראַעליט** האָט זיך פֿאַרמאַכט 1895 אָדער 1896. די ייִדישע בײַלאַגע צום **דזשוויש עדוואָקעיט** האָט געהייסן **אידישער אַדוואָקאַט.** (רעד׳ פֿון א. אַלפֿערט אין 1905, שפּעטער פֿון ד״ר וואַרטסמאַן). איינער פֿון **איזראַעליט**־אַרויסגעבערס איז געווען סעמועל **מייסאָן** און איז **ניט** געווען מיטרעד׳.

**אַלפֿערין, אהרן** — **פֿאָרן אידן קיין ישׂראל.** ירושלים, תשכ״ז, 102 זז; **נחום גאָלדמאַן.** ירושלים, 1976. 71 זז; **70 יאָר אַרבעטער־ציוניזם אין אַמעריקע.** נ״י, ציוניסטישער אַרבעטער־פֿאַרבאַנד, 1976. 28, 34 זז׳. איבערגעזעצט: פּ. דאָסטאָיעווסקי, **ווײַסע נעכט.** וואַרשע, 1924; **הערצל און זײַן דור.** אידישע פערזענלעכקייטן אין הערצל׳ס טאָג־ביכער. נ״י, 1959. 63 זז׳; מאיר ווײַסגאַל, **ווי עס וואָלט נעכטן געווען.** אויטאָביאָגראַפֿיע. ת״א, המנורה, 1974. 541 זז׳; **אַ לעבן פֿון שליחות.** ביאָגראַפֿיע פֿון ד״ר ישׂראל גאָלדשטיין. ירושלים, ר. מס, 1976. 447 זז׳. רעדאַקטירט: **אין גאַנג פֿון דורות,** שמואל מאַרגאָשעס. ת״א, המנורה, 1970. 359 זז׳. מיטרעדאַקטירט: **בזשעזשין יזכור־בוך.** נ״י, 1961. 288, XIX זז׳.

**אַלפֿערין, מנוחה** — **אונטער פֿרעמדע און אייגענע הימלען.** ת״א, נײַע־לעבן, 1972. 2 בב׳.

**אַלפֿערסאָן, מרדכי** — **אין אַרגענטינע.** ב״אַ, י. ליפֿשיץ־פֿאָנד, 1967. 314 זז׳.

**אַלפַּס, בן־ציון** — **דער האָכגישעצטער גאַסט... אַ שעהנע געשיכטע וואָס ערקלערט די הויכע געדאַנקען פֿון אונזער הערליכען צירונג [תּפילין].** פּאַלטאַווואַ, דפוס האַלמנה והאַחים ראַבינאָוויץ, תּרע״ח. 32 זז׳; **די ווײַסע חבֿרהניקעס אָדער נמרוד׳ס סאַיוז.** דאָרטן, 1918. 16 זז׳.

**אַלקאַן, פּנחס־לייב** — (יאַנ׳ 28, 1895 — ל״אַ, אַפּריל, 3, 1960) — **דראַמאַטישע ווערק.** ת״א, פּרץ, 1962. 300 [1] זז׳.

**אַלקוויט, ב.** — (— נ״י פֿעב׳ 11, 1963) — **אויפֿן וועג צום פּרץ סקווער.** נ״י, ציקאָ, 1958. 324 זז׳; **לידער.** דאָרטן, 1964. 99 זז׳.

**אַלשוואַנגער, עמנואל** — (— ירושלים, פֿעב׳ 7, 1961).

****אַמסטער, טוביה** — (אָזאָרקאָוו, פּוילן, נאָוו׳ 2, 1920 — שטאָקהאָלם, יאַנ׳ 9, 1983) — געלערנט אין חדר. דורכגעמאַכט געטאָ, אוישוויץ און בערגן־בעלזן. 1945 זיך באַזעצט אין אופּסאַלאַ (שוועדן), שפּעטער אין שטאָקהאָלם. געמאַכט איבערזעצונגען פֿון רוסיש, פּויליש, דײַטש אויף ייִדיש און פֿון ייִדיש אויף שוועדיש. מיטרעד׳ **ייִדיש קולטור אין סקאַנדינאַוויע** (שטאָקהאָלם, נומ׳ 1, דעצ׳ 1977). אַ רײַ יאָרן געווען שטענדיקער מיטאַרבעטער אין **פֿאָ״ש** (נ״י), ווו געשריבן אַלגעמיין־פּאָליטישע אַרטיקלען.

****אַנדרעס, חיה־רחל** — (סוּוואַלק, פּוילן, מײַ 1, 1899 —) — געלערנט אין חדר. געענדיקט רוסישע פֿאָלקשול. 1922 עמיגרירט קיין דאַלאַס, טעקסאַס. אָפֿט געדרוקט לידער אין **וואַכנבלאַט** (טאָראָנטאָ), **זאַמלונגען** (נ״י), **ייִדישע צײַטונג** (ת״א). אין בוכפֿאָרם: **מײַן טאַטנס ירושה.** לידער, ת״א, המנורה, 1972. 185 זז׳ [מיט 20 העבר׳ לידער, איבערגעז׳ א. זאַמעצקי]; **פֿאַר וועמען זינג איך מײַנע לידער.** נ״י, 1979. 267 זז׳; **זײַנען יאָרן געלאָפֿן.** [ברוקלין] 1981. 194 זז׳ — ביידע ביכער מיט ענגלישער איבערזעצונג פֿון יודל קאָהען.

**אַנטאָקאָלעץ, י[צחק]**

**אַניו, דוד** — (— ישׂראל, מײַ 1, 1979)

**אָנכי, ז.י.** — **בין שמים וארץ.** ת״א, 1945 [איבערז׳ פֿון **צווישן הימל און ערד** דורך י. קויפֿמאַן, זכאי, טייל אָריגינעל העבר׳].

**אַנ—סקי, ש.** — בראָשור: **פֿראַגן פֿון פּראָגראַם און טאַקטיק,** רעדאַגירט (צוזאַמען מיט יוחנן הקנאי) א״פ ז. סינאַני. — **אויסגעקליבענע שריפֿטן.** ב״אַ, י. ליפֿשיץ־פֿאָנד, 1964. 292 זז׳.

**אָנקוריון, אַריה־אָשר** — קאָרעקט: אַנקוריון.

**אַסטור, מיכאל** — **געשיכטע פֿון ייִדן אין אַלטערטום.** וואַרשע, ייִדיש בוך, 1958. 96 זז׳; **געשיכטע פֿון דער פֿרײַלאַנד און פֿונעם טעריטאָריאַליסטישן געדאַנק.** ב״אַ־נ״י, פֿרײַלאַנד־ליגע, 1967. 2 בב׳.

****אָסטערזעצער, שמואל** — (בראָד, גאַליציע, אויג׳ 9, 1905 —) — געלערנט אין חדר און 1920 אין אַ ישיבֿה אין האַמבורג. זינט 1923 פֿאַרעפֿנטלעכט פּובליציסטישע, געשיכטלעכע און ייִדיש־וויסנשאַפֿטלעכע מאמרים אין **בית־יעקבֿ־זשורנאַל, אונזער וואָרט** און **דאָס יודישע וואָרט** (קאָלאָמיי), **דאָס ייִדישע וואָרט** (אַנטווערפּן), **אָרטאָדאָקסישע יוגענד־בלעטער** (וואַרשע).

ז. רייזען־אַרכיוו אין ייִוואָ, נ״י.

****אָסטראָווסקי, א.נ. (רוטמאַן)** — (— שיקאַגאָ, אַרום 1980) — פֿון די דרײַסיקער ביז סוף פֿופֿציקער יאָרן געלעבט אין שיקאַגאָ, די זעכציקער יאָרן אין חולון, ישׂראל. מיטן 1970ער זיך אומגעקערט קיין שיקאַגאָ. ווערק: **יואָב בן צרויה.**

ביבלישע דראַמע. שיקאַגאָ, מ. צעשינסקי, 1937. 63 זז׳; **פּירוש.** קאָמענטאַר אויף מאַתיא (מתי), די ערשטע עוואַנגעליע פֿון נײַעם טעסטאַמענט. דרײַ טײלן. [שיקאַגאָ, 1958]. טייל 1 — 464 זז׳; **דערציילונגען און דראַמע** [יואבֿ בן צרויה]. ערשטער באַנד. ת״א, 1963. 140 זז׳; **זלמן ריפּע.** אין דרײַ טײלן. ת״א, 1964. טייל 1 — 652[1] זז׳; **קריטישער אַנאַליז אויף „מאַן פֿון נצרת" פֿון שלום אַש.** אין צוויי בענדער. ת״א, 1968. ב׳ 1 — 448 זז׳.

**אָסטראָווסקי, ברוך** — (— רעננה, יולי 16, 1960)

**אָסטרינסקי, י.ל.** — **די וועלט האָט זיך איבערגעקערט.** ווילנאָ, 1911. 32 זז׳.

**אָסטרינסקי, פּײַוול** — (— פּאַריז, יוני 13, 1979) — **אויפֿן ראַנד פֿון צוויי תּקופֿות.** זיכרונות. פּאַריז, 1976. 327 זז׳.

**אסתּר** — (— יוני 8, 1943, אין סאָוועטישן לאַגער).

****אָפּאַטאָווסקי, יצחק** — (ראָדעם, פּוילן, 1910 —) — געלערנט אין חדר און יידישער פֿאָלקשול. 1931—1933 אין בעלגיע, פֿון 1933 אין פּאַריז. קאָמוניסט, פֿון 1965 ציוניסט. אין בוכפֿאָרעם: **לאָמיר לאַכן...** זאַמלונג פֿון מעשׂהלעך, וויצן און ווערטלעך. ת״א, אגודה תּרבות לעם, 1970. 360 זז׳.

**אָפּאַטאָשו, יוסף** — **אַ טאָג אין רעגענסבורג.** פּאַריז, גאָלדענע פּאַווע, 1955. 106 זז׳; **לינטשערײַ.** וואַרשע, יידיש בוך, 1958. 47 זז׳; **אין פּוילישע וועלדער.** ב״אַ, י. ליפּשיץ־פֿאָנד, 1965. 412 זז׳.

**אַפּטייקער, יעקבֿ** — **די עלטסטע דרײַ תּנ״ך־איבערזעצונגען.** אַנאַליז אין דער סעפּטואַגינטאַ, פּשיטתּא און וואולג6אטאַ, פּאַראַלעל צו אונזער מסורה און צו די תּנ״כישע געפֿינסן פֿונ׳ם ים המלח. קאַליגראַפֿירט פֿונ׳ם מחבר. הקדמה: דבֿ סדן. ת״א, המנורה, 1972. 265 זז׳.

**אַפּטער, ש.** — **די פּרײַסינגערס.** ראָמאַן. נ״י, ציקאָ, 1964. 368 זז׳ (אַרויס אויך אין ענגלישער איבערז׳); **די קונצנמאַכער וועלן קומען...** דערציילונגען. נ״י, ציקאָ, 1973. 312 זז׳; **די מאַראַנען־משפּחה דאַ סילוואַ.** ת״א, פּרץ, 1982. 322 זז׳. געשטאָרבן נ״י, מײַ 21, 1986.

**אַפּעלבוים, מלכּה** — פֿון 1976 אין ישׂראל. **נײַע און אַלטע היים.** דערציילונגען און בילדער. ריאָ, 1955. 125 זז׳; **פֿון האָרץ צו האַרץ** (מעטאָדע פֿאַר קינדער־דערציִונג). ריאָ, 1957. 161 זז׳. **אויף די כוואַליעס פֿון גורל.** דערציילונגען און לידער. פּתח־תּקוה, 1985. 127 זז׳.

****אַפּ״ד [פֿינקעלשטיין, אליעזר־דוד?]** — ( ) — איבערזעצער פֿון אַ פּאָר זעלטענע ביכלער: **תּולדות רש״י,** דאָס איז אַ בעשרײַבונג פֿון דעם בעריהמטען מאַן... וואַרשאָ, תּר״מ. 11 זז׳; **דער חמעצדיקער ברכו אָדער די נײַן טעג פּסח.** איינע שיינע געשיכטע... אין ... פּראַג...

**אפֿרון, ידידיה** — (יולי 11, 1878 —) — **אַמדור, מײַן געבוירן־שטעטל.** ב״אַ, 1973. 252, 33 זז׳.

****אפֿרים, בער** — ( ) — אויטאָר פֿון **פּרײַנדלעכע רעדעס** [לידער] נ״י, 1935. 118 זז׳.

****אפֿרת, יצחק** — ( ) — מחבר פֿון

**אומרואיקע יאָרן.** לידער און פּאָעמעס. ל״אַ, בוך־קאָמיטעט, 1951. 160 זז׳.

אפֿרת, ישׂראל — (יוני 15, 1891 — ת״א, יאַנ׳ 4, 1981) — זינט 1955 אין ישׂראל. אָנדענקשריפֿט: **ישׂראל אפֿרת, משורר והוגה** (ת״א, 1981).

**אָקניצער, אהרן — (סעקורען, בעסאַראַביע —) — אַרומגעוואַנדערט איבער אַ סך לענדער. סוף צוואַנציקער יאָרן געקומען קיין ריאָ דע זשאַנעראָ. דאָרטן אָנגעהויבן שרײַבן אין דער יידישער פּרעסע. 1932 צוריקגעקומען קיין בעסאַראַביע. אין בוכפֿאָרעם: **עוואַנגעלישע מאָטיוון.** בוקאַרעשט, מאָריס ווינטשעווסקי [פֿיקציע], 1937. 37 זז׳. אַרעסטירט געוואָרן פֿאַר באַליידיקן די קריסטלעכע רעליגיע אין זײַן בוך. 1939 באַפֿרײַט געוואָרן דורך אַ געריכט. פּסעוודּ׳ פֿון אַהרן רויטמאַן.

אַקם, נחמן — (— מעקסיקע, יאַנ׳ 1984).

**אָקסמאַן, ש.א. — (  —  ) — מחבר פֿון **אַמאָהל און הײַנט.** דראַמאַ אין דרײַ אַקטען און פֿיר קאַרטינעס, אַבילד פֿון הײַנטיגען לעבען. אָדעססאַ, ברידער בלעטניצקי, 1907. 32 זז׳.

אַקסעלראָד, אַבֿרהם — (— 1944).

אַקסעלראָד, זעליק — (מאָלאָדעטשנע, ווילנער געגנט, 1904—יוני 26, 1941) — קופּאַלאַס איבערגעז׳ בוך הייסט: **לידער.** מאָסקווע, 1936. 76 זז׳. — **לידער.** מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1938. 46 זז׳; **רויטאַרמייִשע לידער.** דאָרטן, 1939; **לידער** (זאַמלונג). נ״י, איקוף [1961]. 77 זז׳; **לידער.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1980. 204 זז׳. פֿאַרטראָטן אין **רוף, אַטאַקע** (רעד׳־מיטגליד), **אַלמאַנאַך פֿון יידישע סאָוועטישע שרײַבער, די באַפֿרײַטע ברידער, דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור, פֿאַר דער בינע, פֿרויען, קעפּ, קאָמיוג, לידער וועגן דער רויטער אַרמיי, סאָוועטישע ווײַסרוסלאַנד.**

**אַקסעלראָד, מאיר — (מאָלאָדעטשנע, ווילנער גוב׳, 1902—־197) — האָט אילוסטרירט ווערק פֿון שלום־עליכם, י.ל. פּרץ, ש. האַלקין, ל. קוויטקאָ, נ. לוריע, ז. אַקסעלראָד א״אַ.

ס״ה — לעקסיקאָן.

אַקסענפֿעלד, ישׂראל — **דאָס שטערן־טיכל; דער ערשטער רעקרוט.** ב״אַ, י. ליפֿשיץ־פֿאָנד, תשל״ב. 283 זז׳.

אַקערמאַן, הענעך — (— נ״י, סעפּט׳ 8, 1970) — **כ׳בין קיינמאָל נישט אַוועק פֿון דער היים.** [ת״א], פּרץ, 1962. 328 זז׳.

אַקערמאַן, מענדל — (— 1969) — **אויס־געלאָשענע שטערן.** ב״אַ, יידבוך, 1960. 336 זז׳.

**אַקערמאַן, רבֿקה — (בעלזשעץ, פּוילן —) — דורכגעמאַכט חורבן פּוילן. אויטאָרין פֿון **פּאָעמען און לידער פֿון פּײַן.** פּאַריז, 1957. 96[3] זז׳.

אַקצין, הערץ — (— ריגע, אויג׳ 25, 1956) — **דאָס מוז וויסן יעדער פֿרײַער בירגער.** די מלוכה־אָרדענונג אין פֿראַנקרײַך, ענגלאַנד, אַמעריקע און שווייץ. בעאַרבייט... מאָסקווע, חבֿר [1917]. 20[1] זז׳; **משלים** [פֿאַר קליינע קינדער]. נאָך ל.נ. טאָלסטוי. דאָרטן, 1918. 15 זז׳; **דער פּרינץ און דער**

**בעטלער**, נאָך מאַרק טוועו. דאָרטן, 1918. 48 זז׳; **די גוווערב־קאָאָפּעראַציע פֿון אוקראַיִנע.** קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1940. 45 זז׳.

**אָקרוטני, יוסף** — **סוף קאַפּיטל.** ראָמאַן. ב״אַ, פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן, 1956. 436 זז׳; **אונטער ליימענע דעכער.** מאָטיוון פֿון סאָוועטישער דיקטונג. ב״אַ, סבֿיבֿה, 1957. 342 זז׳; **אַ שטיין צוקאָפּנס.** דאָרטן, 1960. 381 זז׳; **וואָרצלען זיינען דאָרשטיק.** דאָרטן, 1964. 292 זז׳; **אָרעם גליק.** ב״אַ, פּען קלוב, 1966. 408 זז׳; **לאַנג איז דער ווינטער.** ב״אַ, סבֿיבֿה, תש״ל. 338 זז׳; **טויבע טעריטאָריע.** דאָרטן, 1973. 367 זז׳; **די קראָם פֿון די פֿיר ווינטן.** דאָרטן [1974?]. 306 זז׳; **עסייען פֿון האַרבסטיקן געמיט.** ת״א, פּרץ, 1980. 422 זז׳; **צווישן גרענעצן.** נאָוועלע. ת״א, ניי־לעבן, 1982. 322 זז׳.

****אַראָן, וויליאַם** — (האַמבורג, 1903 — נ״י, מיי 1973) — באַקומען טראַדיציאָנעלן חינוך. געקראָגן ד״ר־טיטל אין האַמבורגער אוניווערסיטעט פֿאַר אַ דיסערטאַציע וועגן רמב״מס פֿילאָסאָפֿיע. לאַנג־יאָריקער מיטאַרבעטער פֿון די וויסנשאַפֿטלעכע ייִוואָ־אויסגאַבעס. אַ׳ס לעצטע אַרבעט (**ייִוואָ־בלעטער, ב׳** XLIV) איז אַ״ט „קאָנסטאַנטין ברונער און דאָס ייִדנטום״. זיך ספּעציאַליזירט אויף דער געשיכטע פֿון ייִדישע מישפּחות.

***אַראָן, יצחק** — (מיאָר, ווילנער געגנט, מערץ 25, 1918 —) — געלערנט אין חדר און פּוילישער פֿאָלקשול. געענדיקט „תּחכמוני״ לערער־סעמינאַר אין ביאַליסטאָק. דורכגעמאַכט געטאָ און פּאַרטיזאַנקע. 1950 עמיגרירט קיין אַמעריקע. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער און דערציילונגען, ס׳רובֿ פֿון פּאַרטיזאַנישן לעבן, אין **טאָג־מ״זש, אַמעריקאַנער, פֿאָרווערטס, אַלגעמיינער זשורנאַל.** אין בוכפֿאָרעם: **צו אַ נייעם מאָרגן.** לידער. נ״י, 1982. 80, 62 זז׳ [מיט ענגלישער איבערז׳]; *Fallen Leaves*, New York, 1981. איבערגעטראָגן פֿון ייִדיש דורך פֿאַרשיידענע איבערזעצערס. 187 זז׳. — לעבט אין ברוקלין.

**אַראָנאָווסקי, אליעזר** — (אָקט׳ 1904—) — זינט 1980 אין מיאַמי. 1927 דעביוטירט מיט לידער אין **קובאַנער ייִדישע יום־טובֿ בלעטער.** זיך געדרוקט אויך אין **צוקונפֿט, ייִדישע קולטור, פּראָלעטאַרישער געדאַנק, ניי־וועלט** — נ״י, **עקספּרעס, דאָס וואָרט** — וואַרשע, **דער וועג** (מעקסיקע). — **קובאַ.** לידער און פּאָעמען. ת״א, ניי־לעבן, 1983. 208 זז׳. פּסעווד׳ — ח. שיינלעזען, א.א., אַזוי־הייס־איך, א. אליעזר, תּם.

****אַראָנאָף, יוסף** — (כערסאָן, רוסלאַנד, מערץ 15, 1882 — מאָנטרעאָל, מיי 18, 1974) — ווי אַ רוסישער סאָלדאַט אַנטלאָפֿן 1904 פֿון יאַפּאַנישן פֿראָנט און געקומען קיין קאַנאַדע. געשריבן לידער און דערציילונגען אין **קענעדער אָדלער, אידישער זשורנאַל** (טאָראָנטאָ). אין בוכפֿאָרעם: **גרוזאַנגען און דערציילונגען.** מאָנטרעאָל, 1946. 73 זז׳; **אַ געבעט צו דער יו־ען.** דאָרטן, 1955. 126 זז׳; **דער מענטש און די לבֿנה.** 1959.

ח.ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**אַראָנסאָן, גרינאָרי** — (נ״י, סעפּט׳ 7, 1968) — **רוסיש־ייִדישע אינטעליגענץ.** ב״אַ, ייִדבוך, 1962. 254 זז׳.

****אַראָנסאָן, כיל** — (1896 — פּאַריז, סוף 1966) — לאַנגע יאָרן געשריבן איבער קונסט־ענינים אין **נייע פּרעסע** (פּאַריז). אין בוכפֿאָרעם: **בילדער און געשטאַלטן פֿון מאָנפּאַרנאַס.** פּאַריז, 1963. 656 זז׳ (מיט 324 רעפּראָדוקציעס פֿון בילדער און סקולפּטורן).

**אַראָנסאָן, מיכל** — (— מאָנטרעאָל, 1963)

**אַראָנסקי, מאיר** — (אָוורוטש, אוקראַיִנע, 1898* — 1944) — **קאָרעקטע בוכטיטלען; גאַבול,**

**קאַמבל און זײַנע פֿרײַנט.** — באַטייליקט אין **אַלמאַנאַך פֿון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.** פֿאַרטראָטן אין **קאַמסאָמאָליע** (קיִעוו, 1938).

לויט אַן אַנדער מקור: דווינסק, לעטלאַנד, 1897. ס״ה — לעקסיקאָן גיט ערשטן נאָמען: משה.

**אַראָנעס, פּײַוול** — (— בני־ברק, אויג׳ 28, 1982) — פֿאַרשיקט געוואָרן אין סאָוועטישע לאַגערן. נאָך זײַן רעהאַביליטאַציע אין 1956 געלעבט אין ריגע. 1972 געקומען קיין ישׂראל. געשריבן אין **לעבנס־פֿראַגן, פֿאָלקסבלאַט, לעצטע נײַעס.** אַרויסגעגעבן **ויהי — און געווען איז...** ת״א, 1978. 112[2] זז׳.

ר. ג.

****אַרזוך, דוד** — (ווילנע, 1909 — מאָנטעווידעאָ, יוני 16, 1981) — געווען אַ סך יאָרן רעדאַקטאָר פֿון ט״צ **פֿאָלקסבלאַט** (מאָנטעווידעאָ).

**אָרזשיצער, אַבֿרהם־מרדכי** — **די שטאָט מיט שמאָלע הימלען.** ת״א, 1962. 161 זז׳; **פֿון וואַנקוווער ביז אילת.** ת״א, 1969. 517 זז׳; **אין אַמעריקע איז אַנדערש.** ברוקלין, 1978. 215 זז׳; **אַ באַפֿרײַטע פֿרוי.** נ״י, 1979. 215 זז׳ — לעצטע צוויי מימיאָגראַפֿירט.

****אַרטוסקי, יששכר** — (וואַרשע, מײַ 4, 1903 — ת״א, דעצ׳ 16, 1971) — אַדאַפּטירטער נאָמען פֿון אייכענבוים. תּחילת געווען קאָמוניסטיש אַקטיוו. געזעסן יאָרן אין פּוילישע תּפֿיסות פֿאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט. 1935 אַריבער צום „בונד", וווּ געוואָרן זייער אַקטיוו. פֿריִער אין וואַרשע, נאָך דער צווייטער וועלט־מילחמה אין פּאַריז און פֿון 1951 אין ישׂראל. געדרוקט אַרטיקלען אין וואַרשעווער **פֿאָלקס־צײַטונג,** פּאַריזער **אונזער שטימע** (מיטרעד׳) און תּל־אָבֿיבֿער **לעבנס־פֿראַגן** (רעדאַקטאָר). 1976 אַרויס **ייִד, מענטש, סאָציאַליסט, י. אַרטוסקי אָנדענק־בוך.** ת״א, לעבנס־פֿראַגן. 416 זז׳.

**אָרלאָווסקי, דוד־שלמה** — (— ב״א, אַפּריל 1982).

**אָרלאַנד, הערשל** — **הרעבליעס** (1טע אויפֿל׳ — 1929; 2טע — 1931; 3טע — 1935; באַאַרבעט פֿאַר שול — 1938); **אַ גאַסט** [דערציילונג]. כאַרקאָוו־אָדעס, קינדער־פֿאַרלאַג, 1936. 15 [1] זז׳; **סאָרעלע אין וואַלד** [דערציילונג]. קיִעוו, אוקר־מעלוכנאַצמינדפֿאַרלאַג, 1937. 12 זז׳; **אַ מײַסע מיט אַ לייב.** דאָרטן, 1938. 14 זז׳; **פּאָליעסיע** [דערציילונג]. דאָרטן, 1939. 19 [1] זז׳; **אינפֿירן זײַנען מיר געפֿאָרן.** דאָרטן, 1940. 33 [2]. פֿאַרטראָטן אין — **אוקראַיִנע, אַלמאַנאַך פֿון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, דער אַרבעטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור, דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, צום זיג, קאָמסאָמאָליע, לענין און די קינדער.**

**אַרמיאַן, חיים** — (— ירושלים, יוני 22, 1982).

**אָרנשטיין, ישׂראל** — (מײַ 19, 1831 —).

**אַרנשטיין, מאַרק** — **דראַמאַטישע שריפֿטן.** ערשטער באַנד. מאָסקווע, קונסט און לעבען, 1918. 84 זז׳; **דער פֿריהלינג געהט.** דראַמאַטישער עטיוד אין איין אַקט. דאָרטן, 1918. 25 [1] זז׳; **שוועסטער און ברודער.** טראַגיקאָמעדיע אין איין אַקט. דאָרטן, 1918. 30 זז׳.

****אָרנשטיין, סאַלאָמאָן** — (דאָרף בערעזאָווקע, רומעניע, אַפּריל 1, 1871) — אין די

נײַנציקער יאָרן געקומען קיין אַמעריקע. אַרויסגעגעבן אַ בוך זיכרונות א״ט **שמאַי טאָקער אין אַמעריקע** [נ״י], 1951. 233 זז׳.

**אָרענשטיין, בנימין** — (— מאָנטרעאָל, דעצ׳ 2, 1974) — **דאָס לעבן און שאַפֿן פֿון ד״ר פֿיליפּ פֿרידמאַן.** 1962. 54 זז׳; **עטישע פּראָבלעמען בײַ ייִדן אין דער נאַצי־עפּאָכע.** 1964. 42 זז׳; **טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפֿט אין מאָנטרעאָל.** 1966. 349 זז׳ — אַלע מאָנטרעאָל.

****אָרענשטיין, יודזשין** — (נ״י, יוני 23, 1945 —) — ייִדישער נאָמען — יעקבֿ. געלערנט אין פּראָגרעסיווע ייִדישע קינדערשולן און ייִדישער מיטלשול. גראַדויִרט פֿון ניו־יאָרקער סיטי־קאָלעדזש, געמאַכט זײַן דאָקטאָראַט אין געשיכטע אין קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט. לערער פֿון ייִדישער ליטעראַטור און געשיכטע אין ניו־יאָרקער פּראָגרעסיווער ייִדישער מיטלשול. אַסאָציִיִרטער פּראָפֿעסאָר פֿון ייִדישע שטודיעס אין מאָנטרעאָלער מעגיל־אוניווערסיטעט. 1966—1973 ליטעראַטור רעד׳ פֿון **יוגנטרוף** (נ״י). געדרוקט אַרטיקלען און רעצענזיעס וועגן ייִדישער ליטעראַטור און געשיכטע אין **מאָרגן פֿרײַהייט, יוגנטרוף, ייִדישע קולטור** — נ״י, **לעצטע נײַעס** (ת״א) און אין ענגלישע צײַטשריפֿטן און ענציקלאָפּעדיעס. מיטאַרבעטער פֿון **לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור** (ב׳ 8).

****אָרענשטיין, שמעון** — (דאָרף בעדעוולע, קאַרפּאַטאָ־רוס, דעצ׳ 21, 1910 — ת״א, אויג׳ 27, 1983) — העברעיִזירטער נאָמען — אַבֿיאלי. 1920 מישפּחה אַריבער קיין גרויסוואַרדיין, אונגערן. געלערנט אין אַ וועלטלעכער שול, שפּעטער אין ישיבֿה. אַנטלאָפֿן קיין לייפּציג, ווו געמאַכט מאַטורע אין הרבֿ קאַרליבאַכס גימנאַזיע. 1930 אַנטוישט אין זײַן קאָמוניזם, געוואָרן טעטיק אין „השומר־הצעיר״ און „החלוץ״. אין 1935 עולה געווען קיין א״י. פֿון 1947 אין טשעכאָסלאָוואַקיע ווי אַ פֿאָרשטייער פֿון ישׂראלדיקער אינדוסטריע. בשײַכות מיטן באַקאַנטן סלאַנסקי־פּראָצעס אַרעסטירט און 1953 פֿאַרמישפּט געוואָרן אויף אייביקער תּפֿיסה, אָבער 1956 באַפֿרײַט געוואָרן. באַשריבן זײַנע איבערלעבענישן אין פּראַג אין דרײַסיק המשכים פֿון **פֿאָרווערטס** (1960). אַ״ס אויטאָביאָגראַפֿיע **מעורבות** (ירושלים, 1978) איז אַרויס אין אַ פֿאַרגרעסערטן נוסח אין ייִדיש א״ט **גוראַנגל.** ת״א, פּרץ, 1980. 480 זז׳. אַ״ס נאָך ביכער וועגן סלאַנסקי־פּראָצעס אין העברעיִש: **עלילות פּראַג** (ת״א, 1968); **לפֿי פּקודה ממוסקבֿה** (ת״א, 1969).

י. שרת, מעריבֿ, ת״א, אַפּריל 5, 1968; ר. בונד, דבֿר, ת״א, יוני 16, 1978; י. קאַהאַן, ייִדישע נײַעס, מעלבורן, יולי 24, 1981.
ר. ג.

****אַרצט, וואָלף** — (ווין, נאָוו׳ 11, 1903 —) — אָרגינעלער נאָמען — עקיבֿא שמולעוויטש. געלערנט אין חדר אין דאָבראָמיל. פֿון דאָרטן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע אין 1920. סובסידירט אַ ריי ייִדישע אינסטיטוציעס אין אַמעריקע און ישׂראל. אין בוכפֿאָרעם: **נאָכן חורבן.** ת״א, 1963. 23, 24 זז׳.

**אַרצישעווסקי, טאַטשיאַ** — (— פּאַריז, יאַנ׳ 20, 1962) — **מרימל,** דראַמאַטישער ציקל. פּאַריז, גאָלדענע פּאַווע, רל״ה זז׳.

**אָרשאַנסקי, בער** — **אַרבעטנדיקע פֿרוי, זײַ אַקטיוו אין געזערד!** מאָסקווע, געזערד, 1930. 14 [1] זז׳; **אַ צונג** (דערציילונג פֿאַר עלטערע קינדער). מאָסקווע, עמעס, 1933. 101 [1] זז׳; **קאַמאָ** [דערציילונגען]. דאָרטן, 1937. 131 זז׳; **דער געלער פּאַס** (איינאַקטער). מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1940. 23 זז׳.

**אַש, ליליע** — אָפּגענאַרטער נאָמען פֿון אַ מאַן, וואָס האָט געשריבן אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע).

**אַש, שלום** — (— לאָנדאָן, יולי, 10, 1957) — קאָרעקט: **דאָס געזאַנג פֿון טאָל. — דער נבֿיא.** ת״א, לעצטע נײַעס, 1956. 294 זז׳; **פֿון שטעטל צו דער גרויסער וועלט.** ב״אַ, י. ליפֿשיץ־פֿאָנד, 1972. 307 זז; **אָנקל מאָזעס.** דאָרטן, 1973. 261 זז׳.

מ. עריק, שאָלעם אַש. מינסק, 1931. 3-125] זז׳; י. פאַנער, שלום אַש אין זײַן לעצטער היים. ת״א, 1958. 169 זז׳; א. ה. ביאַלין, שלום אַש. מעקסיקע, 1959. 158 זז׳; ש. ניגער, געקליבענע ווערק, ב׳ 3. 1960; י. טורקאָוו־גרודבערג, שלום אַשס דרך אין דער ייִדישער אייביקייט. ת״ל־ים, 1967. 190 זז׳; א. סליפּצין, איבערשאַצונגען. נ״י, 1967 [העלפּט בוך וועגן אַש]; א. נ. אָסטראָווסקי, קריטישער אַנאַליז אויף „מאַן פֿון נצרת״ פֿון שלום אַש, ת״א, 1968.

**אָשמאַן, מאיר** — (— ת״א, יוני, 26, 1964).

**אַשענדאָרף, ישׂראל** — (— ב״אַ, נאָוו׳ 3, 1956) — **ווירקלעכקייט.** לידער. קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1941. 58 זז׳; **דער מלך דוד.** דראַמאַטישע פּאָעמע. ב״אַ, 1956. 149 זז׳; **לעצטע שריפֿטן.** דערציילונגען און לידער. ב״אַ, קולטור־קאָנגרעס, 1958. 336 זז׳. פֿאַרטראָטן אין **לעבן און קאַמף, צום זיג.**

**אָשעראָוויטש, אליהו** — נאָך זײַן אַרעסט אין 1937 אומגעקומען אין אַ לאַגער. מיטרעד׳ **לענינ קעגג בונד.** מינסק, 1935; **לינגוויסטישע זאַמלונג.** מינסק (נומ׳: 1933, 1934, 1936).

***אָשעראָוויטש, הירש** — (פּאָנעוועזש, יוני 25, 1908 —) — דיכטער. 1928 געענדיקט העבר׳ גימנאַזיע אין קאָוונע און 1933 — דעם יורידישן פֿאַקולטעט פֿון קאָוונער אוניווערסיטעט. אָנהייב צווייטער וועלט־מילחמה אַנטלאָפֿן קיין סאָוועט־רוסלאַנד און געלעבט אין אַלמאַ־אַטאַ. מיטן 1949 באַשולדיקט געוואָרן אין ציוניסטישער טעטיקייט און פֿאַרמישפּט אויף צען יאָר פֿאַרשיקונג. נאָך זײַן באַפֿרײַונג אין 1956 זיך באַזעצט אין ווילנע. 1971 עולה געווען קיין ישׂראל. — דעביוטירט מיט לידער אין 1934. פֿון 1934 געאַרבעט אין ט״צ **דאָס וואָרט** (קאָוונע) און 1936—1940 געווען אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער אין קאָוונער ט״צ **אידישע שטימע** (אונטער די סאָוועטן פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין **פֿאָלקסבלאַט** און דערנאָך אין **דער עמעס**). פֿון 1945 ביז סוף 1948 ווילנער קאָרעספּאָנדענט פֿון מאָסקווער **אייניקייט.** לידער געדרוקט — אויסער ייִדישע אויסג׳ אין ליטע — אין **סאָוועטיש היימלאַנד** און שפּעטער אין די ישׂראלדיקע **גאָלדענע קייט, בײַ זיך, לעצטע נײַעס, ישׂראל שטימע** א״אַ; **צוקונפֿט** (נ״י) א״אַ. באַקומען ליטעראַרישע פּרעמיעס א״נ פֿון יעקבֿ פֿיכמאַן (1972), יעקבֿ גלאַטשטיין (1974), איציק מאַנגער (1977), ראש הממשלה־פּרס (1983). אַ באַזונדער אָרט אין א׳ס שאַפֿונג פֿאַרנעמט דער ציקל פֿון 22 פּאָעמעס א״נ **אַזוי איז געגאַנגען דער מענטש,** וואָס הייבן אַרויס די הויפּטסטאַנציעס אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט. 11 פֿון זיי זײַנען אויף תּנ״כישע טעמעס: מולך, טורעם פֿון בבֿל, נאָך דער עקדה, יפֿתּח, שאול א״אַ. — ווערק: **באַגינען.** (לידער). ווילנע, 1941. 80 זז׳; פּאָעמעס און באַלאַדעס **פֿון קלעם אַרויס.** מאָסקווע, עמעס, 1947. 119 זז׳; **מײַן גוטער קליאָן.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1962. (רוסישע איבערז׳); **דער האָניק פֿון דערקענטעניש.** ווילניוס, ליטווישער מלוכה־פֿאַרלאַג, 1964. (ליטווישע איבערז׳); **זונענגאַנג.** לידער און פּאָעמעס. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1969. 239 זז׳. **צווישן בליץ און דונער.** לידער און פּאָעמעס. ת״א, פּרץ־פֿאַרלאַג, 1973. 384 זז׳; **מײַן פּאָנעוועזש. פּוניבז׳ שלי.** ת״א, איגוד יוצאי פוניבז׳ בישׂראל, 1974. 27 זז׳ — מיט פּאַראַלעלער העבר׳ איבערז׳ פֿון א. שלאָנסקי; **אין דער וועלט פֿון עקדות.** לידער און פּאָעמעס. ת״א, המנורה, 1975. 175 זז׳; **געזאַנג אין לאַבירינט.** לידער און פּאָעמעס. ת״א, ישׂראל־בוך, 1977. 315 זז׳; **בלויע בומעראַנגען.** לידער און פּאָעמעס. ת״א, ישׂראל־בוך, 1979. 232 זז׳; תּנ״ך־פּאָעמעס [ת״א]. רשפֿים, 1979. 175 זז׳; **בײַם עץ־הדעת.** לידער. ת״א, ישׂראל־בוך, 1981. 195 זז׳. אין העבר׳ איז אַרויס אָ׳ס **אוחז הליל ספּין כחולה.** ת״א, 1977. — אין די מאָטיוון פֿון דער זשורי פֿון מאַנגער־פּריז ווערט צ״אַ געזאָגט: „אין זײַנע ווערק דערשײַנט הירש אָשעראָוויטש ווי אַ טראַכטער און באַטראַכטער פֿון די לעבנס־דערשײַנונגען אין זייער פֿילגעשטאַלטקייט און פֿילפֿאַרביקייט. דער סוד

און יסוד פֿון זײַן פּאָעטישן גאַנג איז דאָס זוכן אַן עטישן תּיקון פֿאַר די לײַדן פֿון דעם מענטשן אין אַ וועלט פֿון עקידות.״ — „אין זײַנע לירישע לידער דאָמינירט די מחשבֿה [...] דער דענקענדיקער מענטש, ווען ער איז איבערגעלאָזן צו זיך אַליין, פֿאַרנעמט דעם אויבנאָן אין זײַן ליריק.״ (י. שטערנבערג). אין אָ׳ס „שאַפֿונגען איז דאָס עלעקטועלע און דאָס לירישע אַזוי צונויפֿגעפֿלאָכטן [...], אַז מיר ווייסן נישט פֿון וואָס מיר ווערן פֿריער באַווירקט — פֿון דעם קלאַנג אָדער פֿון דעם בילד, פֿון דעם געזאַנג אָדער פֿון דעם געדאַנק.״ (י. יאַנאַסאָוויטש).

ש. בעליס, פֿאָלקס־שטימע, וואַרשע, נומ׳ 141, 1960; ש. שטערן, מאָרגן־פֿרײַהייט, נ״י, יוני 12, 1966; י. קאַפּלאַן, גאָלדענע קייט, תּ״א, 1968: 64; י. שטערנבערג, ייִדישע קולטור, נ״י, דעצ׳ 1968, יאַנ׳ 1969; ר. רובין, שרײַבער און ווערק. וואַרשע, 1968. ז׳ 175; מ. חלמיש, על המשמר, תּ״א, אויג׳ 28, 1970; י. קאַלמאַן, נײַע פּרעסע, פּאַריז, מערץ 13, 1971; מ. ראַוויטש, קענעדער אָדלער, יוני 25, 1971; י. מאַרק, צוקונפֿט, נ״י, אַפּריל 1972; ב. גרין, מאָרגן פֿרײַהייט, נ״י, יוני 16, 1974; י. צ. שאַרגעל, ישׂראל־שטימע, תּ״א, יולי 16, 1975; ד. ספֿאַרד, ירושלימער אַלמאַנאַך, נומ׳ 5, 1975; אַ. ליס, ייִדישע קולטור, נ״י, יאַנ׳ 1977; מ. צאַנין, לעצטע נײַעס, תּ״א, פֿעב׳ 18, 1977; י. קאַהאַן, צוקונפֿט, נ״י, סעפּט׳ 1977; ד. וואָלפּע, ישׂראל־שטימע, תּ״א, מערץ 19, 1980; י. יאַנאַסאָוויטש, פֿאָלק, וועלט און מדינה, נומ׳ 34.

**אָשעראָוויטש, מענדל** — (— נ״י, אַפּריל 16, 1965) — **קעניגין מרים.** היסטאָרישער ראָמאַן. נ״י, 1959. 365 ז׳.

**אָשפּיז, יעקבֿ** — (סידילקע, וואָלין, אָקט׳ 1883 — לאָס אַנדזשעלעס, יוני 23, 1981) — געלערנט אין חדר, שפּעטער אַן עקסטערן. 1915 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געלעבט אין סאַן פֿראַנציסקאָ, סט. לויִס, נ״י און פֿון 1934 אין ל״אַ. אַקטיוו אין דער לינקער ייִדישער באַוועגונג. ערשטן אַרטיקל פֿאַרעפֿנטלעכט אין **פֿאָרווערטס**, שפּעטער געדרוקט אין **מאָרגן פֿרײַהייט**, **ייִדישע קולטור**, **זאַמלונגען** — נ״י. ווערק: **ליטעראַרישע עסייען.** ל״אַ, 1978. 136 ז׳.

**אָשרי, אפֿרים** — קאָרעקטער בוכטיטל: דבֿרי אפֿרים.

# ב

**באַביטש, אַבֿרהם** — (— ל״אַ, 1968) — **זכרונות און פֿעדער שפּריצן.** ל״אַ, 1961. 128 ז׳.

**באַבינסקי, יעקבֿ** — (— שיקאַגאָ, אָקט׳ 24, 1969).

**באַביץ, חיים** **— ( ) — 1940 אַרעסטירט דורך דער סאָוועטישער מאַכט און פֿאַרשיקט געוואָרן אין לאַגערן אויף פֿערצן יאָר. באַשרײַבט זײַנע איבערלעבענישן אין בוך **פֿון קראָכמאַלנע ביז קאָלימאַ.** תּ״א, ישׂראל־בוך, 1985. 245 ז׳. [זע 539].

**באַביק, ברוך־מאיר** **— ( ) — מחבר פֿון **ס'איז קיינמאָל ניט צו שפּעט.** לידער און פּאָעמעס. נ״י, 1965. 96 ז׳.

**באַגדאַד, א.** **— (1894—1923) — מחבר פֿון **לידער.** טאַשקענט, יודישע סעקציע בײַם בילדונגס־קאָמיסאַריאַט פֿון ט.א.ר.ס.פֿ., 1919. 60 ז׳; **אַלעף־בייס און לעזע־בוך פֿאַרן ערשטן שול־יאָר.** דאָרטן, 1919. 40 ז׳.

**באָגען, ג.** — **מאָפּר.** מאָסקווע, צענטראַל־קאָמיטעט מאָפּר, 1925. 32 ז׳; **אויפֿשטייג** [דערציילונגען]. מאָסקווע, עמעס, 1935. 200 ז׳ [נײַע אויפֿל׳ — וואַרשע, 1956]; **די אומפֿאַרגעסלעכע.** וואַרשע, ייִדיש בוך, 1955. 126 ז׳; **אויף די שפּורן פֿון גבֿורה.** דאָרטן, 1965. 277 ז׳ — רעפּאָרטאַזשן פֿון שפּאַנישן בירגערקריג.

**באָדענשטיין, אַריה** — קאָרעקט: אַל תשליכנו לעת זקנה.

**באָוושאָווער, יוסף** — **לידער.** קיִעוו, קולטור־ליגע, 1930. 120 זז׳; **לידער און דערציילונגען.** קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1939. 86[2]. פֿאַרטראָטן אין **מוט** (מאָסקווע, 1920), **זאַמלונג** (כאַרקאָוו, 1925).

**באומגאָלד, זאבֿ** — **אין די טריט פֿון מײַן דור.** נ״י, אידישער קעמפּער, 1975. 527 זז׳; **מאמרים ומסות.** ת״א, 1980.

****באָזשיקאָווסקי, טוביה** — (לאָדזש, מײַ 14, 1914 — קיבוץ לוחמי הגיטאות, מערץ 9, 1959) — אויפֿגעוואַקסן און געלערנט אין ראַדאָמסק. טעטיק אין „פֿרײַהייט״ און „החלוץ״. איינער פֿון די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון געטאָ־אויפֿשטאַנד אין וואַרשע (אַפּריל 1943). 1949 עולה געווען קיין ישׂראל, ווו געווען מיטגרינדער פֿון קיבוץ לוחמי הגיטאות. — געדרוקט אַרטיקלען און זיכרונות אין די לאָדזשער **אונזער וואָרט, אַרבעטער־צײַטונג, דאָס נײַע לעבן.** אין בוכפֿאָרעם: **צווישן פֿאַלנדיקע ווענט.** וואַרשע, מרכּז החלוץ, 1949. 352 זז׳ (2טע אויפֿל׳ — 1976; העבר׳ אויפֿל׳ א״ט **בין קירות נופלים**, איבערגעז׳ פֿון מ. בסוק, 1950, 1963 [מיט אַ נײַעם קאַפּיטל], 1977; אַרויס אויך אין ענגלישער און רוסישער איבערזעצונג); **יומן בצד הארי.** ת״א, 1977. 95 ע׳ — מ. בסוק איבערז׳.

ג. קרסל, 1.

**באָטאָשאַנסקי, יעקבֿ** — (יאָהאַנעסבורג, אָקט. (סעפּט׳?) 26, 1964) — **שבת, יום־טובֿ און וואָך אין מדינת ישׂראל** [ב״אַ, 1958]. 398 זז׳; **ד״ר זשיוואַגאָ.** ב״אַ, 1959. 43 זז׳; **די קעניגין פֿון דרום־אַמעריקע.** ב״אַ, 1962. 338 זז׳.

**באָטווייניק, בערל** — *Lead prncil.* Translated by Philip J. Klukoff. Michigan, 1984.

****באָטווייניק, לייבל** — (מאָנטרעאָל, יאַנ׳ 9, 1959 —) — געענדיקט פּרץ־שול און ביאַליק מיטלשול אין מאָנטרעאָל און וואַניאַיי־קאַלעדזש. שטודירט קאָמפּיוטער־וויסנשאַפט. דעביוטירט מיט אַ סאַטירע אין **יוגנטרוף** (נ״י, סעפּט׳ 1974). גיט אַרויס, צוזאַמען מיט זײַן פֿאָטער דוד, די צ״ש **דער נײַער דור** (זינט 1978 אַרויס 5 נומ׳). אין בוכפֿאָרעם: **די געהיימע שליחות** (דערציילונגען). מאָנטרעאָל, 1980. 101 זז׳.

ח.ל. פֿוקס, 100 יאָר; ל. פּאָדאָליער [ל. פּאָדריאַטשיק], ירושלימער אַלמאַנאַך, 1981: 12; ש. צעסלער, שרײַבער־טריבונע, ב״אַ 1981: 13.

**באַטניצקי, יהונתן** — (— יאָהאַנעסבורג, דעצ׳ 22, 1980).

**באָיאַרסקי, גרשון־מאיר** — **דעם יצר הרע׳ס שוהלע** האָט אַ צוגאָב „איין אויסצוג פֿון דעם ספֿר **רגשי אמרינו**״. צוליב די „ערנסטע פּאָרווירפֿע פֿון אונזערי איינפֿאַכע ברידער... דערפֿאַר וואָס איך האָב ניט פֿערפֿאַסט מײַן ספֿר אין זשאַרגאָן״... גיט ער איצט אַרויס די פּשוטע טיילן פֿון יענעם ספֿר אויף ייִדיש; **די פֿאַלשקייט פֿון דער כּפֿירה־סיסטעם** איז נ י ט דאָס זעלביקע און איז אַרויס אין אַ באַזונדער ביכל, פּיעטרקובֿ, תּרע״א.

**באָיאַרסקי, ריווע** — (רזשישטשעוו, אוקראַיִנע, 1894—1967) — אָנגעהויבן פּעדאַגאָגישע און מוזיקאַלישע טעטיקייט אין 1921.

****באַכראַד, שלמה** — (פּראָשניץ, פּוילן, סעפּט׳ 25, 1906 — ת״א, מײַ 16, 1985) —

זשורנאַליסט. געלערנט אין אַ „תּרבות"־שול אין וואַרשע, שפּעטער אין אַ דאָרטיקער האַנטווערקער־שול. 1930 עמיגרירט פֿון וואַרשע קיין טשילע. פֿון 1965 אין ישׂראל. געשריבן אין וו"בל **דאָס יידישע וואָרט** (סאַנטיאַגאָ) און רעגולערע קאָרעספּאָנדענציעס אין **די אידישע צײַטונג, די פּרעסע** — ב"אַ, **לעצטע נײַעס** (ת"א), **אונזער וואָרט** (פּאַריז), **דער וועג** (מעקסיקע) א"אַ. רעד' **יזכּור־בוך פּראַשניץ** (ת"א, 1974).

## באַלאַבאַן, מאיר —

ר. מאַהלער, היסטאָריקער און וועגווײַזער. ת"א, 1967;
J. M. Biderman, Mayer Balaban, N. Y. 1976.

## באַלאַשער, אַבא — (סוויר, ווילנער גוב', 1868—)

## **באַלבערישסקי, מענדל — (ווילנע, 1895 — מעלבורן, נאָוו' 19, 1966)

— געלערנט אין חדר, רוסישער פֿאָלקשול און גימנאַזיע. שטודירט פֿאַרמאַציע אין די אוניווערסיטעטן פֿון ווילנע און וואַרשע, ווו גראַדויִרט אין 1928. שפּעטער געלעבט אין לאָדזש. אַקטיוו אין דער פֿאָלקספּאַרטיי. דורכגעמאַכט ווילנער געטאָ. 1949 אין מעלבורן. געדרוקט אַרטיקלען אין **ווילנער טאָג, לאָדזשער נײַער פֿאָלקסבלאַט, דער יודישער האַנטווערקער** (וואַרשע). מיטרעד' דעם פֿאָלקיסטישן חודשניק **אויפֿבוי** (לאָדזש, 1927—1930). אין בוכפֿאָרעם: **שטאַרקער פֿון אײַזן. איבערלעבונגען אין דער** היטלער־תּקופֿה. ת"א, המנורה, 1967. 628, 12 זז'.

מ. א.

## באַליאַסנע, ריווע — (ראַדאָמישל, אוקראַינע, 1910 — קיִעוו, סעפּט' 28, 1980)

— פֿאַרטראַטן אין **קאָמסאָמאָליע, שלאַכטן, ליטקאָמיוג** (כאַרקאָוו־קיִעוו, 1933).

## באַלעל, נתן — (יאָהאַנעסבורג, יאַנ' 19, 1982, קבֿורה אין ישׂראל)

— 1951 עולה געוועזן קיין ישׂראל. יאָרן לאַנג רעד'־מיטגליד פֿון **לעצטע נײַעס** (ת"א).

## באַמזע, נחום — **אייביק בליִען וועט דער טרוים**.

נ"י, פֿרידע ערנסט, 1955. 101 זז' — אַרײַנפֿיר־וואָרט פֿון ה. לייוויק.

## באַנטשיק, ישׂכר — (— נ"י, אַפּריל 29, 1974).

## **באַנק, וולאַדיסלאַוו — (וואַרשע, נאָוו' 28, 1906 — רחובֿות, מערץ 1983)

— העברעיִזירטער נאָמען: **זאבֿ עֶדרי**. געענדיקט קאָגאַנס פּראָגימנאַזיע אין וואַרשע. פֿון 1922 אין א"י. טעטיק אין דער קאָמוניסטישע פּאַרטיי. 1928 אַוועק צוריק קיין פּוילן. אין צווייטן וועלטקריג געדינט אין דער רויטער אַרמיי, אַוואַנסירט ביזן ראַנג פֿון כאָדפּאָלקאָווניק. 1968 ווידער געקומען קיין ישׂראל און געלעבט אין רחובֿות. — מערסטנס געשריבן אויף פּויליש. פֿון 1956 אָנגעהויבן דרוקן זיכרונות און אַרטיקלען וועגן מיליטערישע עניינים אין **יידישע שריפֿטן** (וואַרשע), ישׂראלדיקע **לעבנס־פֿראַגן, לעצטע נײַעס, ישׂראל שטימע, פֿרײַע ישׂראל, ירושלימער אַלמאַנאַך** א"אַ. — אין בוכפֿאָרעם: **בלוט אויפֿן צלם**. 17 נאָוועלן. 4 איבערגעז' [פֿון זײַנס אַ פּויליש בוך] דורכן מחבר, די איבעריקע — דורך אַנדערע. ת"א, פּרץ, 1973. 328 זז' [2טע אויפֿל' — 1982]. דאָס בוך **ניע וויעזשען** אַרויס אין דער איבערז' פֿון י. לודען א"ט **איך גלויב נישט**. ת"א, פֿלפּרס, 1970. 153[2] זז'.

א. באַראַבאַן, יידישע צײַטונג, ת"א, 1970, אַפּריל 21; נ. ליסט, לעצטע נײַעס, ת"א, 1973, דעצ' 14; ע. ריבליס, על המשמר, ת"א, 1978, מערץ 24.

ר.ג.

## **באַנק, יהושע — (     ) —

מחבר פֿון **ראש מלין** והוא מפֿתּח למצוא... כל המלות אשר בעשׂרים

וארבעה ספרי קדש... מעותק ללשון אשכנזית ומבואר גם בלשון יהודית המורגל בינינו... זיטאָמיר, 1872. 142 זז׳.

**באָס, דוד — (ביאַליסטאָק, יוני 10, 1914 —) — געענדיקט העברעיִשע מיטלשול אין ביאַליסטאָק און העברעיִשן לערער־סעמינאַר אין ווילנע. בעתן צווייטן וועלטקריג פֿאַרוואָגלט אין סאָוועט־רוסלאַנד, געזעסן 2 יאָר אין תּפֿיסה. שפּעטער אין די פּליטים־לאַגערן אין עסטרײַך. פֿון 1951 אין נ״י און 1971 עולה געווען קיין ישׂראל. דאָרטן געאַרבעט אין דער ביבליאָטעק פֿון יד־ושם אין ירושלים. אין מיטן די 1960ער פֿאַרעפֿנטלעכט סקיצן אין **פֿאָ״ש** (נ״י). מיטגעאַרבעט אין דער סעריע ביבליאָגראַפֿישע ביכער פֿון יד־ושם און ייִוואָ וועגן חורבן (נ״י, 1960—1970). רעד׳ די **ביבליאָגראַפֿיע פֿון ייִדישע ביכער וועגן חורבן און גבֿורה** (נ״י, יד ושם־ייִוואָ, 1970, נומ׳ 11) — מילואים צום ב׳ 3 פֿון דער סעריע. אין **קובץ יד ושם** (ירושלים, תּשל״ג) פֿאַרעפֿנטלעכט רשימה פֿון יזכּור־ביכער, וואָס זײַנען אַרויס 1943—1972. מחבר פֿון **דערציילונגען**. ירושלים, 1984. 205 זז׳.

**באָס, שלמה — (פּינסק, פּוילן, 1893 —) — געלערנט אַ סך ש״ס ופּוסקים. אָנהייב צווייטער וועלט־מילחמה אַרעסטירט געוואָרן דורך די סאָוועטן. נאָכן קריג באַפֿרײַט, אין די פּליטים־לאַגערן פֿון דײַטשלאַנד און פֿון 1949 אין ישׂראל. געשריבן אַרטיקלען אין **נאַציאָנאַלע וואָכנשריפֿט** (פּינסק), וואַרשעווער **מאָמענט** און **הײַנט**. שפּעטער רעדאַקציע־מיטגליד אין **אונזער וועלט** (מינכן).

חזית העובד, ת״א, י״ח כסלו, תשכ״ג.

**באַסאָק, משה** — (— אַשדוד יעקבֿ, פֿעב׳ 19, 1966).

**באַסט, יוסף ד.** — (וואַרשע, פֿעב׳ 3, 1912 —) — געענדיקט גימנאַזיע אין אָטוואָצק (פּוילן) אין 1930. לערער אין פּוילישע שולן 1930—1939. 1941—1942 שטודירט אין מעדיצינישן אינסטיטוט אין גאָרקי. 1947 געענדיקט מעדיצינישן פֿאַקולטעט פֿון לאָדזשער אוניווערסיטעט און 1949 באַקומען דעם טיטל ד״ר־מעדיצין אין לובלינער אוניווערסיטעט. פּראַקטיקירט אין פֿאַרשיידענע שטעט פֿון פּוילן ביז 1957, ווען עולה געווען קיין ישׂראל. — פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען אין **גאָלדענע קייט** (ת״א), **לשון און לעבן** (לאָנדאָן), **דרום־אַפֿריקע**. געשריבן אויך אין פּוילישע צײַטונגען. אין בוכפֿאָרעם: **די פֿידלערין**. ת״א, 1981. 145 זז׳. אָריגינעלער נאָמען: יוסף וואָלשטין.

**באַסטאָמסקי, שלמה** — (— מערץ 5, 1941).

**באַסין, משה** — (— נ״י, יולי 10, 1963).

**באַסין, נתנאל הכּהן — (באָברויסק, ווײַסרוסלאַנד, מערץ 5, 1895 — יאָהאַנעסבורג, מערץ 31, 1981) — געלערנט אין חדר און בײַ אַ פּריוואַטן לערער. בוכהאַלטער. 1927 עמיגרירט קיין דרום־אַפֿריקע. אין בוכפֿאָרעם: **אַ גליקלעכע וועלט אָדער אַ מבול פֿון פֿײַער**. יאָהאַנעסבורג, קאַיאָר, 1975. 235 זז׳ — וועגן אַנטיסעמיטיזם און ייִדישקייט.

ד. וו.

*באַסמאַן, רבקה — געדרוקט לידער אין **סבֿיבֿה** (נ״י), **בײַ זיך**, **גאָלדענע קייט** — ת״א, א״אַ. ב׳ס לידער זײַנען איבערגעזעצט אויף העברעיִש, פּויליש, פֿראַנצייזיש א״אַ לשונות. מיטגרינדערין פֿון דער ליטעראַרישער גרופּע „יונג ישׂראל״. פֿאַרטראַטן אין: **ממעמקים**, פֿאָלקסלידער פֿון לאַגערס און געטאָס אין פּוילן (בוקאַרעשט, 1945); ש. קאַטשערגינסקיס **לידער פֿון געטאָס און לאַגערן** (נ״י, 1948); מ. יפֿהס **ארץ ישׂראל אין דער ייִדישער ליטעראַטור** (ת״א, 1961); ק. מאָלאָדאָווסקיס **לידער פֿון חורבן** ת״ש—תּש״ה (ת״א, 1962); **אַלמאַנאַך** פֿון די ייִדישע

שרײַבער אין ישׂראל (תּ״א, 1962, 1967); א. שמריס **וואָרצלען** (תּ״א, 1966); קאָפּשטײן־קאַצס **אונטער יאַנקעלעס וויגעלע** (נ״י־תּ״א, 1976); י. ח. בילעצקי, **מאַמע אין ייִדישן ליד** (תּ״א, 1980). — לידער־זאַמלונגען: **טויבן בײַם ברונעם.** תּ״א, פּרץ, 1959. 114 זז׳; **בלעטער פֿון וועגן.** תּ״א, ישׂראל־בוך, 1967. 126 זז׳; **ליכטיקע שטיינער.** דאָרט, 1982. 126 זז׳; **צעשאָטענע קרעלן.** לידער. דאָרט, 1982. באַקומען פּרעמיעס א״נ פֿון א. שמרי (1980); י. פֿיכמאַן (1983); א. מאַנגער (1984).

י. גלאַטשטײן, אין תּוך גענומען. ב״אַ, 1960; אַ. לעיעלעס, ניאָג־מ״זש, נ״י, דעצ׳ 26, 1965; א. שפּיגלבלאַט, גאָלדענע קייט, תּ״א, 62:1968; ק. מאָלאָדאָווסקי, סבֿיבֿה, נ״י, 30:1970; מ. יונגמאַן, גאָלדענע קייט, 78:1973; י.צ. שאַרגעל, צווישן שרײַבער און ווערק. תּ״א, 1977; אַ. ליס, אין דער מחיצה פֿון שאַפֿער. תּ״א, 1978; י.ח. בילעצקי, לעצטע נײַעס, תּ״א, סעפּט׳ 3, 1982; אליהו שולמאַן, פֿאָרווערטס, נ״י, יוני 24, 1983.

ר.ג.

## **באַקאַל, משה

— (פּינסק, פּוילן, אַפּריל 15, 1890 — נ״י, דעצ׳ 27, 1972) — ביז 11 יאָר געלערנט אין חדר, שפּעטער זיך אָפּגעגעבן מיט וועלטלעכע לימודים. 1907 עמיגרירט קיין שיקאַגאָ. 1911—1914 שטודירט אין אוניווערסיטעט פֿילאָסאָפֿיע און סאָציאָלאָגיע. טעטיק אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. זינט 1912 געדרוקט אין דער אָרטיקער ייִדישער פּרעסע: **אידישע אַרבייטער וועלט, אידישער רעקאָרד, אידישער קוריער, די וועלט,** שיקאַגער **פֿאָרווערטס;** ניו־יאָרקער **פֿרײַנד, נײַע וועלט,** אַ. רייזענס **נײַ־ייִדיש, אינאַיינעם** א״אַ. שטענדיקער מיטאַרבעטער אין **מאָרגן־פֿרײַהייט.** רעדאַקטירט **די פֿרײַע יוגענד** (שיקאַגאָ, 1917, 2 נומ׳). אין בוכפֿאָרעם: **די מאָדערנע קינדער ערציהונג.** שיקאַגאָ, 1920. 27 זז׳. איבערגעז׳ אַ בראָשור **איין גרויסע יוניאָן.**

ז. רייזען, 1; מאָרגן־פֿרײַהייט, נ״י, פֿעב׳ 1, 1973.

## באַקאַלטשוק־פֿעלין, מלך

— (— יאָהאַנעסבורג, מײַ 11, 1960) — [זע 539]

## **באַקמאַן, רפֿאל

— ( ) — אויטאָר פֿון **העכער פֿון ליבע.** אַ סאָציאַלע דראַמע אין פֿיר אַקטן און איין פֿאַרוואַנדלונג. ב״אַ, 1953. 63 זז׳.

## באַקסט, י.

— **מאַטעמאַטיק פֿאַר זעלבסט־בילדונג און פֿאַר אָנפֿאַנג־שולן פֿון אַלגעמיינער בילדונג פֿאַר דערוואַקסענע.** מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1929. 44 זז׳ [מיט מ. האָדער].

## **באָקסענבוים, יהושע

— ( ) — פּאָפּולערער וואַרשעווער בדחן. סוף דרײַסיקער יאָרן נאָך געלעבט. אומגעקומען, משמעות, אין וואַרשעווער געטאָ. געדרוקטע לידער: **גראַבסקי איז ווערט.** וואַרשע, יאַקאָבסאָן־גאָלדבערג, 1926. 4 זז׳; **לידער זאַמלונגען. א. גאָלע. ב. קיין געלט איז נישטאָ.** דאָרטן, 1926. 4 זז׳; **שטיין,** מיט נאָך דרײַ לידער. דאָרטן, ש. גאָלדפֿאַרב, 1929. 8 זז׳; **דאָס ליד פֿון די שרעקליכע רציחה וואָס האָט פּאַסירט אין זגערזש בײַ לאָדזש.** דאָרטן, דרוק לעווין [אָ״י]. 4 זז׳; **געוואַלד עס איז אַ שלעכטע צײַט.** דאָרטן, ש. גאָלדפֿאַרב, 1930. 4 זז׳; **שטיפֿמאַמע.** דאָרטן, 1931. 4 זז׳.

ע. ל.

## *באַראַבאַן, אַבֿרהם־יוסף

— (וואַרשע, מערץ 3, 1914—) — צווייטן וועלטקריג דורכגעלעבט אין סאָוועט־רוסלאַנד. פֿון 1949 אין ישׂראל. אָנגעהויבן דרוקן 1949 אין **נײַ־וועלט** (תּ״א). פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען, דערציילונגען, רעפּאָר־טאַזשן אין **ייִדישע צײַטונג** (תּ״א, 1955 — 1966 וועכנטלעך), **היימיש** (תּ״א), **זײַן** (נ״י) א״אַ. — אין בוכפֿאָרעם: **היימען.** תּ״א, 1959. 127 זז׳.

מכּאן ומקרוב, ע׳ 461.

## באָראָדיאַנסקי, אַ[הרן]

— (1915—1941).

**באָראָדיאַנסקי, חיים** — (— ירושלים, פֿעב׳ 24, 1979).

**באָראָוואָי, שאול** — (1903—) — לעבט אין אָדעס.

**באָראָוויטש, א.** — (רײַגראָד, פּוילן, 1898 —) — **קויפֿט אַ גוטן פֿערד.** כאַרקאָוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1928. 48 זז׳. געדרוקט אַרטיקלען אין **סאָוועטיש היימלאַנד** וועגן ייִדישע שרײַבערס.

****באָראָוויק, לייב** — (פּאָרעטש, לעבן גראָדנע, נאָוו׳ 5, 1914 —) — געלערנט אין חדר, שפּעטער אין דער „תּרבות״־גימנאַזיע אין גראָדנע, וווּ געענדיקט די ייִדיש־פּוילישע האַנדלשול. דורכ־געמאַכט אוישוויץ א״אַ לאַגערן. 1949 עמיגרירט קיין אַמעריקע. 1950 גראַדויִרט פֿון ייִדישן לערער־סעמינאַר אין נ״י. געווען לערער אין פֿאָלקשולן, „כנרת״־טאָגשול און „הרצליה״־סעמינאַר. — ערשטע לידער געדרוקט 1938 אין **די אידישע וועלט** (פֿילאַדעלפֿיע), שפּעטער אין די ניו־יאָרקער **אונדזער וועג, צוקונפֿט, פֿאַ״ש, קינדער־זשורנאַל** א״אַ. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אויך אין **עולם חדש** (נ״י) און **למשפּחה** (נ״י). — אין בוכפֿאָרעם: **זיבן זונען.** נ״י, מתּנות, 1980. 96 זז׳.

**באָראָכאָוו, בער** — **וואָס ווילען די פּועלי ציון.** פֿירטע אויסגאַבע. קיִעוו, דער האַמער, 1917. 16 זז׳ [א״פּ דאַנין]; **מיטן פּנים צו דער ווירקלעכקייט** [מאָסקווע, דער האַמער, 1917]. 11 זז׳; **די קלאַסען־אינטערעסען און די נאַציאָנאַלע פֿראַגע.** קיִעוו, דער האַמער, 1917. 38 זז׳ [2טע אויפֿל׳ זעלביקן יאָר]; **די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פֿון אידישן פֿאָלק.** אָדעס, דאָס נײַע לעבן [1918]. 24 זז׳; **שפּראַך־פֿאָרשונג און ליטעראַטור־געשיכטע.** ת״א, פּרץ, 1966. 423 זז׳. *Class struggle and the Jewish nation*. New Brunswick, 1984.

צום אָנדענק פֿון בער באָראָכאָוו. קיִעוו, תּרע״ח. 32 זז׳; צום יאָרצײַט, אַ זאַמלהעפֿט. כאַרקאָוו, 1921. 32 זז׳; ש. גאָלדענבערג, ב. באָראָכאָוו — אַ ייִדישער גאון. לאָנדאָן, 1946. 48 זז׳; מ. מענאַכאָווסקי, בער באָראָכאָוו. ב״אַ, 1959. 112 זז׳; נ. מײַזיל, בער באָראָכאָוו. נ״י, 1963. 14 זז׳; בער באָרוכאָוו אין דער היים. ת״א, 1965. 96 זז׳; ח. פֿינקלשטיין, דער גאון פֿון פּאָלטאַווע. ב״אַ, 1967. 45 זז׳.

**באַראַץ, יוסף** — (— דגניה, דעצ׳ 14, 1968).

**באָרדאָ־ריוזקין, מינאַ** — (— נ״י, סעפּט׳ 20, 1975) — **לידער און איבערבליקן.** ב״אַ, 1958. 96 זז׳; **געבליבן אַליין.** ליד און פּראָזע. ת״א, המנורה, 1969. 179 זז׳.

**באַרדיטשעווער, זעליק** — (בעלץ, 1903 —) — אויסג׳ פֿון **לידער און ניגונים** — טשערנאָוויץ, 1939; מאָנטעווידעאָ, 1948; רחובֿות, 1980 (דאָרטן נײַע ביאָג׳ פּרטים און ביבליאָגראַפֿיע).

**באָרוויטש, מיכאל** — **צוואַנציק יאָר שפּעטער.** פּאַריז, ייִדישער קולטור־קאָנגרעס, 1964. 62 זז׳.

**באָרוכאָוויטש, א[יטשע]** — האָראָדעץ, ווײַסרוסלאַנד, יאַנ׳ 1, 1923 — מאָסקווע, דעצ׳ 2, 1972) — געשריבן אויך א״נ איסאַק באָריסאָוו. ווערק: **בײַם שײַטער פֿון יאָרן.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1974. 478 זז׳. פֿון 1963 רעד׳־מיטגליד פֿון **סאָוועטיש היימלאַנד.**

**באָרוכין, אֶלי** — (— וואַרשעווער געטאָ, 1942).

**באָרזשעס, סאַלוואַדאָר** — (ראָזשישטש, אוקראַינע, מײַ 5, 1900 — ביראָ־בידזשאַן, 1974) — אַדאָפּטירטער נאָמען פֿון בצלאל באָראָדיני. געלעבט אין בראַזיל א״אַ לענדער פֿון אַמעריקאַנער קאָנטינענט. פֿון 1930 אין ביראָ־בידזשאַן. פֿאַרטראָטן אין זאַמלונג **יידישע אַווטאָנאָמע געגנט.** [כאַבאַראָווסק], 1960.

**באָריישאָ, מנחם** — **עסייען.** ב״אַ, ייִדבוך, 1956. 243 זז׳; **דער פֿרעמדער; זאַוול רימער.** ב״אַ. ליפּשיץ־פֿאָנד, 1968. 315 זז׳.

****באַרנהאָלץ, פּ.** — (   —   ) — אויטאָר פֿון **פֿאַר אונדזערע קינדער.** לייענבוך. וואַרשע, יידיש בוך, 1955. 119[1].

**באַרניק, משה** — (— ת״א, יולי 4, 1939).

**באָרנשטיין, מ.** — (— נ״י, פֿעב׳ 25, 1958).

**באַרסוק, ז[כריה]** — (1923—1942) — געפֿאַלן אויפֿן פֿראָנט. געדרוקט לידער אין זש׳ **שטערן.** פֿאַרטראָטן אין **10 פּיאָנערישע לידער** (מינסק, 1934), **אַטאַקע** (מינסק, 1934), **לאָמיר זינגען** (מאָסקווע, 1940).

**באָרענשטיין, יצחק** — **וואַרשע פֿון נעכטן** [סאַן־פּאַולאָ], 1967, 231 זז׳.

**באַרקאַן, ח.** — **מײַן שטעטל אונגען.** פּאָעמע. פֿילאַדעלפֿיע, 1959. 180 זז׳; **אויף פֿרעמדער ערד** (נאָוועלע). ב״אַ, דער שפּיגל, 1962. 171 זז׳.

****באַרקאַן, שׂרה** — (דווינסק, לעטלאַנד, 1884 — נ״י, דעצ׳ 15, 1957) — געקומען קיין אַמעריקע אין 1907. 1911 אָפּגעדרוקט ערשטע לידער אין **פֿאָרווערטס.** שפּעטער געדרוקט קינדערלידער, דערציילונגען און איינאַקטערס אין **פֿרײַהייט, האַמער** א״אַ לינקע אויסג׳. מיטגליד פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. פֿאַרטראָטן אין **הײַנטצײַטיקע פּראָלעטאַרישע דיכטונג אין אַמעריקע** (מינסק, 1931). אין בוכפֿאָרעם: **גוטפֿרילינג.** לידער, באַלאַד און מײַסעס. נ״י, 1936. 126 זז׳; **מתּנות.** לידער, באַלאַד און מײַסעס. [מייפּעלווּוד, ניו־דזשוירזי]. 1946. 215 זז׳; **וועגן זיך און אײַך** (דערציילונגען). דאָרטן, 1949. 143 זז׳; **מעשׂיות און לידער פֿון אַלע טעג.** נ״י, איקוף, 1956. 160 זז׳.

א. פּאָמעראַנץ, פּראָלעטפּען. קיִעוו, 1935. ז׳ 196.

****באַש, אליעזר** — (אַקנאַ־שוגאַטאַג, אונגערן, יולי 28, 1918 —) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה, שפּעטער געענדיקט העבר׳ סעמינאַר אין טשערנאָוויץ. 1940—1948 פֿאַרשיקט אין סאָוועטישע לאַגערן. אויסגעוואַנדערט קיין קאַנאַדע. אָנגעהויבן שרײַבן 1955 אין **קענעדער אָדלער,** געדרוקט אויך אין **אַמעריקאַנער** (נ״י), **דער וועג** (מעקסיקע), **אידישע צײַטונג** (ב״אַ) א״אַ. — ווערק: **פֿאַרבאָרגענע פּראָפֿילן.** מאָנטרעאָל, 1978. 263 זז׳; **אונטער סטאַלינס יאָך.** דאָרטן, 1980. 376 זז׳.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

****באַשעוויס־זינגער, יצחק** — (לעאָנטשין, פּוילן, יולי 14, 1904) — דערציילער, ראָמאַניסט, קריטיקער. דער איינציקער געווינער פֿון דער נאָבעל־פּרעמיע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. 1908 איז ב׳ס משפּחה אַריבער קיין וואַרשע, ווו זײַן פֿאָטער, פּינחס־מנחם זינגער, מחבר פֿון ספֿר **מגדים חדשים** אויף **עבֿודה זרה,** איז געווען מורה־הוראה אויף קראָכמאַלנע. 1917 איז די משפּחה אַוועק קיין בילגאָרײַ און 1923 האָט ב׳ זיך באַזעצט סטאַביל אין

וואַרשע. כאָטש אויפֿגעהאָדעוועט אין אַ שטרענג־רעליגיעזער שטוב, האָט ב׳ אָנגעהויבן לייענען וועלטלעכע ליטעראַטור שוין אין פֿריִען עלטער, צום טייל אונטער דער השפּעה פֿון זײַן ברודער ישׂראל־יהושע זינגער. 1924 געוואָרן קאָרעקטאָר פֿון **ליטעראַרישע בלעטער,** ווו פֿאַרעפֿנטלעכט זײַנע מערסטע שריפֿטן אין די צוואַנציקער און אָנהייב דרײַסיקער יאָרן. דאָרטן איז געדרוקט ב׳ס ערשטלינג אין ייִדיש, אַ קריטיש אַרטיקל אויף **השלח,** געחתמעט י.ב. (1924), ווי אויך זײַן ערשטע ייִדישע דערציילונג **אויף דער עלטער** (א״פ צע), נאָכן פּרעמירט ווערן אין אַ קאָנקורס (1925). אין דער דערציילונג **ווײַבער** (1925) האָט ב׳ געניצט צום ערשטן מאָל דעם פּסעוודי׳ באַשעוויס, פּאָסעסיוו פֿון זײַן מאַמעס נאָמען. 1925 אָפּגעדרוקט צוויי דערציילונגען אין **היום** (וואַרשע), זײַן איינציקער פּרווו צו פֿאַרעפֿנטלעכן אָריגינעל־געשריבענע ווערק אין העברעיִש. אין דער צווייטער העלפֿט צוואַנציקער און אָנהייב דרײַסיקער יאָרן פּובליצירט אין **ליטעראַרישע בלעטער** קריטישע אַרטיקלען און אינטערוויוען מיט שרייבערס און קינסטלערס (ס׳רובֿ א״פ יצחק צבֿי), ווי אויך אַ ריי דערציילונגען, וואָס זײַנען אויך געדרוקט געוואָרן אין **די יודישע וועלט, אַ מאָל אין אַ יובל, גלאָבוס** און ט״צ **אונזער עקספּרעס** — אַלע וואַרשע. 1929—1932 איבערגעז׳ פֿאַרן קלעצקין־פֿאַרלאַג, דער עיקר פֿון דײַטש, מ. רעמאַרקס **אויפֿן מערבֿ־פֿראָנט קיין נײַס** (1929); טאָמאַס מאַנס **צויבערבאַרג** (1930), ביכער פֿון ד׳אַנונציאָ, האַמסון, קארין מיכאַעליס, סטעפֿאַן צווײַג; מ. סמילאַנסקיס **אַראַבער, פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן** (1932). פֿון אָנהייב דרײַסיקער יאָרן געשריבן אין **וואַרשעווער ראַדיאָ** און **פֿאַריזער הײַנט** אַ ריי סענסאַציאָנעלע ראָמאַנען, טייל באַאַרבעט און פֿאַרייִדישט פֿון אַנדערע לשונות. אויף יענע ראָמאַנען ניט געחתמעט זײַן נאָמען. — זײַן ערשטן קענטיקן פּירסום האָט ב׳ געקראָגן מיט זײַן ראָמאַן **דער שׂטן אין גאָרײַ,** וואָס שילדערט מיט אַ סך טאַלאַנט און מײַסטער־סטיליזאַציעס דעם שבתי־צבֿי־פּסיכאָז אין אַ ייִדיש־פּויליש שטעטל אינעם זיבעצנטן יאָרהונדערט (צו ערשט געדרוקט 1933 אין **גלאָבוס** (וואַרשע). אין בוכפֿאָרעם: וואַרשע, 1935; נ״י, 1943; ירושלים, 1972; אין מ. ליפּסונס איבערז׳ **השׂטן בגוריי,** מעשה משכּבר הימים וסיפּורים אַחרים. ת״א, 1953; *Satan in Goray*. נ״י, 1955). —1935 עמיגרירט קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין נ״י. אין **פֿאָרווערטס** (1935—1936) געדרוקט — מיט אַ גאָר הייסער רעקאָמענדאַציע פֿון אב. קאַהאַן — אין המשכים דעם ראָמאַן **דער זינדיקער משיח,** וואָס איז לויט ב׳ס מיינונג ניט קיין אײַנגעגעבענער, דעריבער האָט ער אויפֿגעהערט שרײַבן בעלעטריסטיק במשך פֿון זיבן יאָר. געדרוקט אין **פֿאָרווערטס** קריטיק, אינטערוויוען מיט שרײַבערס, ביאָגראַפֿיעס, פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען און פּובליציסטיק א״פ ד. סעגאַל און יצחק וואַרשאַווסקי. פֿון 1943 ווידער אָנגעהויבן פֿאַרעפֿנטלעכן דערציילונגען (אין **סבֿיבֿה, אידישער קעמפֿער, צוקונפֿט**) און פֿון 1945 געדרוקט אין **פֿאָרווערטס** זײַן גרויסע מישפּחה־סאַגע **די פֿאַמיליע מושקאַט** וועגן וואַרשעווער ייִדן אין די לעצטע דורות ביז דער צווייטער וועלט־מילחמה (אין בוכפֿאָרעם: נ״י, 1950. 2 בב׳; *The Family Moscat*. נ״י, 1950; **משפּחת מושקאַט.** ת״א, 1953, י. אליאָבֿס איבערז׳). אַ דאַנק די איבערזעצונגען אויף ענגליש זינט אָנהייב פֿופֿציקער יאָרן האַלט אין איין שטײַגן ב׳ס באַרימטקייט. פֿון ענגליש ווערט ב׳ איבערגעז׳ אויף אַ סך שפּראַכן. געקראָגן טיטל דאָקטאָר האָנאָריס קאַוזאַ פֿון פֿיל אוניווערסיטעטן אין אַמעריקע און אויך פֿון העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים (1975). באַקומען אויך אַ סך ייִדישע ליטעראַטור־פּרעמיעס. 1978 באַשאָנקען מיט דער נאָבעל־פּרעמיע (**די נאָבעל־רעדע** איז אַרויס אין ייִדיש און ענגליש אין אַ באַזונדער ביכל, נ״י, 1978). — די מערסטע ב׳ס דערציילונגען און אַלע זײַנע ראָמאַנען, וואָס ער האָט געשריבן אין אַמעריקע, זײַנען צו ערשט געדרוקט געוואָרן אין **פֿאָרווערטס.** זינט די פֿופֿציקער יאָרן ווערן ב׳ס ביכער פֿריִער אַרויסגעגעבן אין ענגליש, ערשט דערנאָך אין ייִדיש. ב׳ באַטייליקט זיך אָפֿט אין די איבערזעצונגען פֿון זײַנע ביכער און באַאַרבעט זיי טייל מאָל פֿון ס׳נײַ. לעצטנס באַווײַזן זיך ב׳ס באַאַרבעטע ראָמאַנען אין ענגליש אָן אַ פּאַראַלעלן נײַעם ייִדישן נוסח אין בוכפֿאָרעם. זינט די פֿערציקער יאָרן האָט באַשעוויס פֿאַרעפֿנטלעכט אין **פֿאָרווערטס** איבער צוואַנציק ראָמאַנען, אָבער נאָר 8 פֿון זיי זײַנען אַרויס אין בוכפֿאָרעם. — דער פֿאַרנעמיקער און קענטיקער אויטאָביאָגראַפֿישער טייל פֿון ב׳ס שאַפֿן

איז ביז גאָר אַ וויכטיקער שליסל פֿאַר יעדערן, וואָס וויל זיך דערגרונטעווען צו זײַן שרייבערישער פּראָבלעמאַטיק און וועלטבאַנעם, כולל דעם עקסהיביציאָניזם אין עניינים פֿון סעקס, זײַנע אַנטימאָדערניסטישע דעות וועגן קונסט און ליטעראַטור, זײַן שאַרפֿע קעגנערשאַפֿט צו רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגיעס און לינקע שטרעבונגען פֿון אַלע מינים. ב׳ס אויטאָביאָגראַפֿישע ווערק באַשטייען פֿון: 1. דירעקטער מעמואַריסטיק, וואָס איז לויט ב׳ס באַצייכענונג אויך אַ „פּרוּוו צו פֿאַראייניקן זיכרונות מיט בעלעטריסטיק״. צו דעם טיפּ ווערק געהערט **מײַן טאַטנס בית־דין שטוב** (המשכים אין **פֿאָרווערטס,** 1955—1956; אין בוכפֿאָרעם אין ייִדיש — נ״י, 1956; אין אַ טיילווײַזער העבר׳ איבערז׳ פֿון צבֿי ארד **בית הדין של אַבא.** ת״א, 1979; *In my Fathers Court*. נ״י, 1958); **פֿון דער אַלטער און נײַער היים** (נאָך המשכים אין **פֿאָרווערטס,** 1963—1965); **גלויבן און צווייפֿל** (נאָך המשכים אין **פֿאָרווערטס,** 1974—1976, 1978; אין בוכפֿאָרעם אין ענגליש: *A Little Boy in Search of God* (1976); *A Young Man in Search of Love* (1978); *Lost in America* (1979); **פּיגורן און עפּיזאָדן פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין** (נאָך אין **פֿאָרווערטס,** 1979—1980); **די משפּחה** (נאָך אין **פֿאָרווערטס,** 1982). די אַלע זיכרונות נעמען אַרום ב׳ס לעבען־געשיכטע ביז די זעכציקער יאָרן אין נ״י, טייל עפּיזאָדן אין פֿאַרשיידענע ווערסיעס. 2. דרײַ בולט־אויטאָביאָגראַפֿישע ראָמאַנען, וואָס באַהאַנדלען דער עיקר זײַן וואַרשעווער תּקופֿה, לײַכט פֿאַרשלייערט אין די הויפּטגעשטאַלטן פֿונעם אידענטישן יונגן שרײַבער אין די ווײַטערדיקע ווערק: **ווידערוווּקס** (נאָך אין **פֿאָרווערטס,** 1969—1970) **דער פֿאַרטריבענער זון** (נאָך אין **פֿאָרווערטס,** 1971—1972); **נשמה־עקספּעדיציעס** (אין **פֿאָרווערטס,** 1974; אין אַ באַאַרבעטער ענגלישער איבערז׳ א״ט *Shosha* (נ״י, 1974) און אין העברעיִשער איבערז׳ א״ט **שושה.** ת״א, 1979). דער עקסהיביציאָניזם איז אַ סימן־מובֿהק פֿון ב׳ס אויטאָביאָגראַפֿישער אַבסעסיע אין אַלע אירע פֿאָרמען, כולל די אויטאָביאָגראַפֿישע עלעמענטן אויך אין זײַנע אַנדערע ווערק. — בערך אַ דריטל פֿון ב׳ס ראָמאַנען זײַנען היסטאָרישע, וואָס כאַפּן אַרום די געשיכטע פֿון ייִדן אין פּוילן פֿונעם צענטן ביזן נײַנצנטן יאָרהונדערט. פֿון היסטאָריש־כראָנאָלאָגישן קוק־ווינקל, איז דער ערשטער ראָמאַן **דער קעניג פֿון די פֿעלדער** (נאָך אין **פֿאָרווערטס,** 1980), אין וועלכן עס ווערט געשילדערט — אין דער תּקופֿה, ווען פּוילן האָט אָנגענומען דאָס קריסטנטום — אַ מחנה פּאָליאַקן אין אַ קאָנפֿראָנטאַציע מיט אַ בבֿל־אָפּשטאַמיקן ייִדישן קנעכט: **דער שׂטן אין גאָרײַ** און **דער קנעכט** (**פֿאָרווערטס,** 1960; *The Slave*. נ״י, 1962; **העבד,** ת״א, 1966, העבר׳ פֿון ח. פלג; בוכפֿאָרעם אין ייִדיש — נ״י, 1967) — באַהאַנדלען דאָס זיבעצנטע יאָרהונדערט. אין **דער קנעכט** האָט ב׳ געבראַכט צום אויסדרוק די נאָכווייענישן פֿון די כמיעלניצקי־גזירות. **דער זינדיקער משיח** איז אַ ביאָגראַפֿישער ראָמאַן מיט יעקבֿ פֿראַנק אין צענטער, פֿון זײַן יוגנט אָן ביז נאָכן טויט פֿון זײַן טאָכטער די מטרוניתא עוואַ. ווי אַ מין המשך קען באַטראַכט ווערן **דער מאַן פֿון חלומות** (נאָך אין **פֿאָרווערטס,** 1970—1971), וועגן פֿראַנקיסטן אין לובלין און וואַרשע אין 19טן יאָרהונדערט, פּרעזענטירט ווי אַ פֿיקציע פֿון אַ טאָגבוך אין פּויליש, געשריבן דורך אַ משומד אויף דער עלטער. **דער הויף** (נאָך אין **פֿאָרווערטס,** 1952—1955; אין ענגלישער באַאַרבעטונג און געקירצטער איבערזעצונג א״ט *The Manor*. נ״י, 1967, 2 בב׳ און *The estate*. נ״י, 1968; העבר׳ איבערז׳ פֿון ענגליש א״ט **האַחוזה.** ת״א, 1972, און **הנחלה,** ת״א, 1976], שילדערן אין צוויי פּאַראַלעלע סוזשעטן אַ ייִדישע און אַ פּויליש־פּריצישע משפּחה אין פּוילן אין לעצטן דריטל פֿון 19טן יאָרהונדערט. אין אַלע ב׳ס היסטאָרישע ראָמאַנען איז קענטיק די טענדענץ צו שאַפֿן אין ווײַטן אָדער נאָענטן עבֿר פּראָיעקציעס עקסיסטענציעלע ספּעציפֿיש־ייִדישע פּראָבלעמען פֿון הווה אָדער פֿון דער גאָר נאָענטער פֿאַרגאַנגענהייט. דווקא אין די היסטאָרישע ראָמאַנען איז גאָר בולט די שטרעבונג זיך צו דערגרונטעווען צום מהות פֿון די באַציִונגען צווישן פּאָליאַקן און ייִדן. אין ב׳ס אַנדערע ראָמאַנען, וואָס באַהאַנדלען דירעקט דעם נאָענטן עבֿר, פֿאַרמעסט זיך ב׳ מיט דער פּראָבלעמאַטיק פֿון מיזרח־אײראָפּעיִשע עמיגראַנטן אין אַמעריקע — **בונטאַרן** (נאָך אין **פֿאָרווערטס,** 1976) און **יאַרמע און קיילע** (נאָך אין **פֿאָרווערטס,** 1976). אין **שׂונאים** קומט צום אויסדרוק די שארית־הפּליטה נאָכן חורבן

אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן (אין **פֿאָרווערטס**, 1966; ענגלישע איבערז׳ אין בוכפֿאָרעם: *Enemies*. נ״י, 1972; אין העברעיִשער איבערז׳ פֿון ענגליש א״ט **שׂונאים**. ת״א, 1979). — ב׳ס גרויסער דערציילערישער טאַלאַנט דערגייט צום קולמינאַציע־פּונקט אין זײַנע קורצע דערציילונגען: **גימפּל תּם, מעשׂה טישעוויץ, דרײַ מעשׂיות** און אַ סך אַנדערע — מיט ברייטע שילדערונגען פֿון ייִדישן שטייגער און אַ רײַכער גאַלעריע געשטאַלטן פֿון מיזרח־אייראָפּע פֿאַרן אומקום — זײַנען געוואָרן מוסטערן פֿון דער דערציילקונסט, סײַ אין זייער סטרוקטור און סײַ אינעם אויספֿורעמען פֿון די געשטאַלטן. מער ווי אין די ראָמאַנען, איז בולט אין די דערציילונגען ב׳ס ספּעציפֿישער סטיליסטישער כּוח, וואָס איז אָפֿט מאָל געבויט אויפֿן פּוילישן דיאַלעקט און אויף שפּראַך־רגילותן פֿון למדניש־פֿרומלעכע ריידערס. שוין אין **דער שׂטן אין גאָרײַ** איז קענטיק ב׳ס נייגונג צו סטיליזאַציעס, אָפֿט אין פֿיקטיווע איבערזעצונגען פֿון לשון־קודש, וואָס קענען דינען ווי מײַסטער־מוסטערן פֿון ייִדישע סטיל־מעגלעכקייטן. ב׳ס סטילטאַלאַנט קומט צום בולטסטן צום אויסדרוק אין זײַנע דערציילונגען אין מאָנאָלאָג־פֿאָרמען, אין וועלכע ער האָט געשאַפֿן אַ ביז גאָר פֿאַרביקע גאַלעריע פֿון פֿאַרכאַפּנדיקע דערציילערס.

ב׳ס דערציילונגען־זאַמלונגען זײַנען פֿאַרשיידן אין ייִדיש, העברעיִש און ענגליש — די לשונות, וואָס ווערן דאָ באַהאַנדלט. פֿון דער פּוילישער תּקופֿה איז כּמעט דאָרט גאָרניט אַרײַנגענומען. אין ייִדיש איז פֿאַראַן: 5 דערציילונגען אין **דער שׂטן אין גאָרײַ**. נ״י, 1945; **גימפּל תּם און אַנדערע דערציילונגען**. נ״י, 1963; **מעשׂיות פֿון הינטערן אויוון**. ת״א, 1971; **דער שפּיגל און אַנדערע דערציילונגען**. ירושלים, 1975. אין העברעיִש: 8 דערציילונגען אין דער אויבן־דערמאָנטער איבערז׳ פֿון **השׂטן בגורײַ** און נאָך 16 אין דער זאַמלונג **המפֿתּח**. ת״א, 1976 (ס׳רובֿ איבערגעז׳ פֿון ענגליש דורך ב׳ס זון ישׂראל זמיר). דער גרעסטער אָפּקלײַב דערציילונגען איז דאָ אין ענגלישע איבערזעצונגען. פֿון די 10 זאַמלונגען, וואָס האָבן שטאַרק אויסגענומען בײַם ענגלישן לייענער, האָט ב׳ אָפּגעקליבן אַ רעפּרעזענטאַטיווע אויסג׳ פֿון 47 דערציילונגען The Collected Stories of Isaac Bashevis Singer (1982).

זינט די זעכציקער יאָרן האָבן גרויס הצלחה ב׳ס קינדער־דערציילונגען אין ענגלישער איבערזעצונג. ביז איצט זײַנען אַרויס 15 זאַמלונגען, אָפֿט מיט פֿײַנע אילוסטראַציעס פֿון באַרימטע מאָלערס. אין 1985 אַרויס אַ נײַע זאַמלונג: Stories for Children, N.Y. פֿון ענגליש ווערן די קינדער־דערציילונגען איבערגעז׳ אויף אַ סך שפּראַכן. אין ייִדיש איז ניט פֿאַראַן קיין איין זאַמלונג פֿון ב׳ס דערציילונגען פֿאַר קינדער. אויף העברעיִש זײַנען איבערגעזעצט פֿון ענגליש: **גד וביש גדא**. ת״א, 1973; **שלומיאל איש חלם ועוד סיפּורים**. ת״א, 1977; **חכמי חלם ותולדותיהם**. ירושלים, 1980; **נפֿתּלי בעל־מעשׂיות 10101**. ת״א, 1980; **פּונדק האימה**. ירושלים־ת״א, 1980. — ב׳ האָט געמאַכט דראַמאַטישע פּרוּוון, באַאַרבעטנדיק זײַנע דערציילונגען, אָבער זיי זײַנען ניט געדרוקט געוואָרן. אינסצעניזאַציעס פֿון זײַנע דערציילונגען און ביכער זײַנען אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין טעאַטערס. די אינסצעניזאַציע פֿון **מײַן טאַטנס בית־דין־שטוב** אין ניו־יאָרקער „פֿאָלקסבינע״ האָט געהאַט גרויס הצלחה (1957). — די קריטיק און פֿאָרשונג פֿון ב׳ס שאַפֿן זײַנען זייער פֿאַרצווײַגט, דער עיקר אין ענגליש. די ענגלישע קריטיק, און בדרך־כּלל אויך די פֿאָרשונג, איז זייער באַגרענעצט, ווײַל אין רובֿ פֿאַלן באַציט זי זיך נאָר צו ב׳ס איבערגעזעצטע שאַפֿונגען אויף ענגליש. עס ווערט ניט גענומען אין באַטראַכט ניט נאָר דער אָריגינעלער שפּראַך־לבֿוש פֿון די באַהאַנדלטע ווערק, נאָר אויך ניט דער גאָר גרויסער טייל פֿון זײַן שאַפֿן, וואָס איז ניט איבערגעזעצט אויף ענגליש. אויסער קליינע אויסנאַמען, איז די ענגלישע ליטעראַטור־קריטיק זייער אַ פּאָזיטיווע, אָפֿט אַפֿילו ענטוזיאַסטיש. אין דער ייִדישער ליטעראַטור־קריטיק איז ב׳ס שאַפֿן אויפֿגענומען גינסטיק, עס זײַנען אָבער אַרויסגעהויבן געוואָרן טענות קעגן אים פֿאַר זײַנע אידעאָלאָגישע אײַנשטעלן און מען האָט אויך געפֿונען אַ פּגם אין זײַן עראָטיק און אין די שדים־ און רוחות־גלייבענישן, וואָס באַפֿלעקן, לויט טייל קריטיקערס, דעם זכר פֿונעם אומגעבראַכטן ייִדנטום אין מיזרח־אייראָפּע, מאָלנדיק אַ פֿאַלש בילד פֿון דאָרטיקן ייִדישן שטייגער לעבן.

דוד נ. מילערס אַרבעטן זײַנען די סאַמע אַרומנעמיקע ביבליאָגראַפֿיעס פֿון ב׳ס שאַפֿן אין ייִדיש

**(1, 2) — זיי דעקן אָבער ניט זײַן גאַנצן שאַפֿן. ענגליש (3) דעקן זיי ביז 1968 און העברעיִש (4) ביז 1978.**

ז. זילבערצווײַג, **לעקסיקאָן, 3**; ל. פֿינקעלשטיין, טינט און פֿעדער, נ״י, סעפּט׳ 1950; ש. ביקל, שרײַבער פֿון מײַן דור, 1. נ״י, 1958. זז׳ 358—368; ל. דאָמאַנקעוויטש, ווערטער און ווערטן. ת״א, 1960; אַ. טאַבאַטשניק, דיכטער און דיכטונג. נ״י, 1965. זז׳ 486—497; מ. ראַוויטש, דאָס אַמאָליקע יִידישע וואַרשע. מאָנטרעאָל, 1966; ל. פֿאָגעלמאַן, פֿאָרווערטס, נ״י, נאָוו׳ 27, 1966; י.ז. זילבערבערג־כאָלעוואַ, מענטש און פֿאָלק. ת״א, 1967; מ. גראָס־צימערמאַן, גאָלדענע קייט, ת״א, 1967: 60; מ. פֿייגעס [משה קרישטאָל], פֿאָרווערטס, מערץ 12, 1967; ש. אַפּטער, פּאַ״ש, נ״י, יולי 1, 1967; ב. באָרווין־פֿרענקל, אונזער שטימע, פּאַריז, סעפּט׳ 9—11, 1967; ל. פֿאָגעלמאַן, פֿאָרווערטס, אָקט׳ 22, 1967; ש. ביקל, צוקונפֿט, נ״י, נאָוו׳ 1967; ל. פֿאָגעלמאַן, פֿאָרווערטס, דעצ׳ 8, 1968; מ. אוהד, הארץ, ת״א, ט״ו אלול, תשכ״ט; ר. איתן, בצרון, נ״י, תשרי־חשוון תשכ״ט: ג. סאַפּאָזשניקאָוו, שרײַבער און ווערק אין ליכט פֿון פּסיכאָאַנאַליז. ת״א, 1969. זז׳ 109—163; ד. גלעדי, מעריב, ת״א, אויג׳ 29, 1969; ע. נאַקס, פֿאָרווערטס, סעפּט׳ 28, אָקט׳ 12, 1969; א. פֿילמאַן [ד. מאַטעס]. דאָרטן, סעפּט׳ 8, 1970; י. גאָלדקאָרן, דאָרטן, סעפּט׳ 13, 1970; ש. שפּירא, מעריב, ת״א, כ״א אדר א׳, תש״ל; י. חריף, פֿאָלק און ציון, אדר ב׳, תש״ל; פּ. מאַרק, גאָלדענע קייט, ת״א, 1971: 74; רות לבנית, מעריב, ת״א, יאַנ׳ 15, 1971; ש. סאַמעט, הארץ, ת״א, אַפּריל 23, 1971; י. בן־משה, מעריב, ת״א, יוני 11, 1971; מ. אַביש, דבר, ת״א, י״ח טבת, תשל״א; י. יאַנאַסאָוויטש, די פּרעסע, ב״אַ, אויג׳ 11, 1971; ש.ד. זינגער, פֿאָרווערטס, אויג׳ 29, 1971; י. פּערלאָוו, דאָרטן, נאָוו׳ 12, 1971; ש. מאַלץ, פּאַ״ש, נ״י, מערץ 1, 1972; י. עמיאָט, פֿאָרווערטס, מערץ 12, 1972; מ. קרישטאָל, דאָרטן, יוני 29, 1972; ש. ניגער, יִידישע שרײַבער פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. נ״י, 1973, זז׳ 299—308; י. גאָלדקאָרן, היימישע און פֿרעמדע, ב״אַ, 1973; י. האָרן, אַרום יִידישער ליטעראַטור און יִידישע שרײַבער. ב״אַ, 1973; א. באַראַבאַן, יִידישע צײַטונג, ת״א, פֿעב׳ 16, 1973; י. יאַנאַסאָוויטש, פֿאָלק און מדינה, ת״א, פֿעב׳־יוני 1973; פּ. יעבּץ, הארץ, ת״א, ד׳ ניסן, תשל״ג; אהוד בן עזר, על המשמר, ת״א, ט׳ אייר, תשל״ג; י. רבי, על המשמר, ת״א, א׳ סיוון, תשל״ג; מ. אַבישי, מעריב, ת״א, כ״ב סיוון, תשל״ג; אַברהם שולמאַן, פֿאָרווערטס, נאָוו׳ 18, 1973; אַ. בלאַט, תחומים וחותם. ת״א, תשל״ד; אַברהם שולמאַן, פֿאָרווערטס, יולי 26, 1974; מ. שטאַרקמאַן, דאָרטן, יולי 28, 1974; י. יאַנאַסאָוויטש, פֿאָלקסבלאַט, ת״א, נאָוו׳ 1974; ח. שמרוק, דער שפּיגל, ירושלים, 1975. זז׳ ז׳—כ״ט; מ. יונגמאַן, הספרות, ת״א, דעצ׳ 1978, זז׳ 118—133; י. ח. בילצקי, אלהים, יהודי, שטן ביצירת יצחק בשביס־זינגר. ת״א, 1979; י. ירושלמי, עלי־שיח, 7־8, 1979; ג. סאָפּאָזשניקאָוו, יצחק באַשעוויס־זינגער. דער קינסטלער פֿון זינד און תשובה [ת״א, 1980]; ח. שמרוק, מולד, ת״א, 1982: 41; אליהו שולמאַן, צוקונפֿט, נ״י, 1983, זז׳ 96—100, 152—155; 1984: 1; ח. שמערוק, גאָלדענע קייט, ת״א, 1985: 115; יהדות זמננו, ת״א, 1985, ע׳ 61—70.

**באַשעוויסעס ווערק אין יִידיש זענען ביז איצט נאָר טיילווײַז פֿאַרצייכנט געוואָרן אין די ווײַטערדיקע צוויי רשימות:**

D. N. Miller, A Bibliography of Isaac Bashevis Singer, January 1950 — June 1952, New York, 1949.

H. Nissenson, New York Times, Oct. 8, 1967; T. Lask, ibid, Oct. 31, 1967; T. Lask, ibid, Oct. 31, 1967; G. Jonas, ibid, nov. 5, 1967: I.H. Bucher, Isaac Bashevis Singer and the Eternal Past. New York — London, 1968; S. Elkin, ibid, Oct. 20, 1968; W.J. Smith, ibid, Nov. 3; J. Malin, Critical Views of Isaac Bashevis Singer, New York — London, 1969; M. Albenstuck (ed.) The Achievement of Isaac Bashevis Singer. Southern Illinois University Press, 1969; Ben Siegel, Isaac Bashevis Singer. Minneapolis, 1969; B.M. Christenson, Bulletin of Bibliography and Magazine 1969, Jan. — March. Vol. 26:1;

T. Lask, New York Times, Nov. 1, 1969; T. Shenker, ibid, April 17, 1970; S. Blackburn, ibid, Sept. 20, 1970; P. Rosenblatt and G. Koppel, A Certain Bridge; Isaac Bashevis Singer. Tucson 1971; T. Malin, Isaac Bashevis Singer, New York 1972; A Kazin, Bright Book of Life, New York, 1973; T. Saposnik, Yiddish, New York Vol. 1 No. 2, 1973; T. Howe, New York Times, Aug. 19, 1973; J. Green, Jewish Digest, New York, Dec. 1973; S. Schalit, Judaism, New York, Winter 1974; J. Kaplan, Commentary, New York, Feb. 1974; Pokresh Isaac Bashevis Singer — The Magician of West 86th Street. A Biography. New York, 1979; Ruth R. Wisse, Commentary, New York, February 1979; D.N. Miller, A Biography of Isaac Bashevis Singer. January 1950 — June 1952. Yivo, New York 1979; E. Alexander, Issac Bashevis Singer. Boston, 1980; M. Kotzin, Yiddish, New York, Fall 1982.

D. N. Miller, Bibliography of Isaac Bashevis Singer 1924-1949, New York — Berne, 1983.

Dissertations: Gitenstein Rose Barbara (Hart), Versions of the Yiddish Literary tradition in Jewish= American literature; Isaac Bashevis Singer, Ab. Cahan, and Saul Bellow Chapel Hill, 1975, 311p, Bibl. Diss — The University of North Carolina.

Wachtel, Nili, I.B.S., on modern freedom and modern slavery. Diss. — N.Y. University, 1975, 102p.

Leventhal Naomi Susan, Storytelling in the works of I.B.S. Thesis — Ohio State University, 1978, 189p.

Sheridan Judith Rinde, Beyond the imprisoning self; mystical influence on Singer, Bellow, and Malumud. Diss. — State Univeristy of N.Y., 1979, 211p.

Elliot, Norbert Louis, Allegory in the novels of I.B.S. Thesis — University of Tennessee, 1981, 159P.

Milhauer, Asher Zelig, Transplanted writers: Conrad, Nabokow and Isaac Bashevis Singer. Thesis — University of Washington, 1981, 252p.

Setton, Ruth Knfo, The Living Faith: a story of I.B.S. Thesis — Rice Univesity, Houston, Tex. 1981, 190p.

Miller, David Neal, Fear of Fiction: Narrative Strategies in the works of I.B.S. Thesis — University of California, 1982. 271p.

ח.ש.

**בדחן, פּסח־אליהו** — קאָרעקטער טיטל: **כּנף רננים.**

****בובה, מענדל** — (   ) — מחבר פֿון **ייִדן אין לעטלאַנד.** ת״א, רשפֿים, 1972. 368 זז׳.

**בוגאַטש, שמואל** — (— בראָנקס, יוני 8, 1984) — אויטאָר פֿון אַ בוך ייִדישע און העברעיִשע לידער מיט נאָטן א״ט **דורות זינגען.** נ״י, ציוניסטישער אַרבעטער־פֿאַרבאַנד, 1961 (2טע אויפֿל׳). 296 זז׳.

****בודאָסאָף, נתן** — (1903 — ב״אַ, יוני 3, 1981) — געבוירן אין אַ ייִדישער קאָלאָניע אין אַרגענטינע. געשריבן אין ייִדיש און שפּאַניש. אין שפּאַנישע אויסג׳ ערשטער נאָמען — נאַטאַליאַ. אין בוכפֿאָרעם: **אַש פֿון מזבח** [לידער]. ב״אַ, 1970. 77 זז׳.

**בודזאָהן, יהושע** — שטעטל: האַנושישאָק.

**בודין, ש[עיה]** — (אָקט׳ 17, 1899 —) — **לעבן מײַנע לידער.** נ״י, איקוף. 1969. 240 זז׳; **לידער מײַנע טעג,** זאַמלונג 1969—1983. דאָרטן, 1983. 167 זז׳.

****בודיש, י. מ.** — (— נ״י, יוני 4, 1966). אויטאָר פֿון **צו דער פֿראַגע פֿון שאַפּ־פֿאַרטרעטער.** נ״י, 1921. 32 זז׳; **געשיכטע פֿון די קלאָקה העט, קעפּ און מילינערי אַרבייטער.** [נ״י], 1926. 391 זז׳. 2טע אויפֿלאַגע; **ניט פֿאַרגעסן — ניט פֿאַרגעבן.** צום 11טן יאָרטאָג פֿון וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד. נ״י, 1954. 32 זז׳.

**בוזגאַן, חבל** — (— וואַרשע, אַפּריל 26, 1971).

**בוים, בערל** — (— נ״י, 1976?) — געשריבן דערציילונגען אין **ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט.** אין בוכפֿאָרעם: **געקניפּט און געבונדן.** דערציילונגען. ווילקס־באַר, 1961. 500, xii זז׳.

**בוים, ברײַנדל** — (— ת״א, סעפּט׳ 22, 1946).

**בוים, טובֿיה** — ער, אפֿרים קליימאַן און לייזער שיקמאַן האָבן אַרויסגעגעבן אַ ביכל לידער א״ט **געראַנגעל.** סאָסנאָוויץ, 1933.

**בוים, שׂרה** — (— פּאַריז, 1942).

לויט ח.ל. פֿוקס, געב׳ סאָסנאָוויץ, פּוילן.

****בוימאַן, ס.** — (בריסק, פּוילן, 1896 —) — זשורנאַליסט. פּסעוד׳ פֿון שיִע נאָוויק. געלערנט אין חדר. 1921—1923 געלעבט אין אַרגענטינע, שפּעטער אין נ״י און פֿון 1943 אין ל״אַ. אָנגעהויבן דרוקן אַרטיקלען אין **די פּרעסע** (ב״אַ), דערנאָך אין **פֿרײַהייט** (נ״י), **קאַליפֿאָרניער שריפֿטן** און בעיקר אין **מאָרגן פֿרײַהייט.**

**בוימוואָל, יהודה־לייב** — **אויפֿן גנבֿ ברענט דאָס היטל.** קאָמעדיע. קראָקע, „ראַמפּע" (1918). 16 זז׳. רעד׳ **דער אידישער אַרטיסט.** קראָקע, 1918. 32 שפּאַלטן.

****בוימוואָל, רחל** — (אָדעס, מערץ 4, 1914 —) — טאָכטער פֿון יהודה־לייב ב׳, פֿרוי פֿון זיאַמע טעלעסין. פֿון 1919 אין מאָסקווע. געענדיקט 1930 דאָרטיקן מוזיק־טעכניקום און 1935 ייִדיש־רוסישן אָפּטייל פֿון ליטעראַרישן פֿאַקולטעט פֿון מאָסקווער צווייטן מלוכה־אוניווערסיטעט. 1971 עולה געווען קיין ישׂראל. — ב׳ס ערשטע

לידער־זאַמלונג **קינדער־לידער** (מאָסקווע־מינסק, צענטרפֿאַרלאַג, 1930. 31[1] זז׳) איז אַרויס, ווען זי איז אַלט געווען 16 יאָר. נאָך ווערק: **ווײַנשל־בײַמער בליִענע** [לידער]. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1939. 82 זז׳; **לידער.** מאָסקווע, עמעס, 1940. 78[2] זז׳; **מײַסעלעך פֿאַר קינדער.** דאָרטן, 1941; **אויסגעבענקט** [לידער]. ת״א, פּרץ, 1972. 190 זז׳; **אַ מאָל איז געווען אַ העלפֿאַנד.** מעשׂהלעך פֿאַר קליין און גרויס. דאָרטן, 1973. 74 זז׳; **פֿון ליד צו ליד.** ירושלים, אײגנס [1977]. 215 זז׳; **דרײַ העפֿטן** [לידער]. דאָרטן, 1979. 178 זז׳; **אַליין דאָס לעבן.** לידער, אַפֿאָריזמען. ירושלים, 1983. 184 זז׳. פֿאַרטראָטן אין **באַפֿרײַטע ברידער, דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, צום זיג.** — 1948—1970 אַרויסגעגעבן אַ ריי קינדערביכלעך אויף רוסיש: **די ליאַלקע פֿאַרט, די געקעסטעלטע גאַנדז, פֿאַרשיידענע מעשׂהלעך, אונטער איין דאַך, ווי ווער עס גייט, אַ ווידל פֿון אַ רעטעך, זון און ווינט, מיטן פּנים צו דער זון, אַלץ צוזאַמען די גרעסטע מתּנה א״אַ.**

**בוכבינדער, אַבֿרהם־יצחק** — **אַ כּלה אויף אויסצאָהלען.** ראָמאַן. וואַרשאַ, 1889. 48 זז׳; **דער צווייטער המן.** ווילנאַ, 1890. 104 זז׳; **דער יודישער מיניסטער.** פֿרײַ איבער זעטצט. אָדעססאַ, בלעטניצקי, 1890, 48 זז׳; **די שיינע מרים.** ווילנאַ, 1891. 44 זז׳; **דער קינדער מערדער.** ווילנאַ, 1891, 43 זז׳; **דער בעריהמטער הערשיל אָסטראָפּאָליער.** ווילנאַ, בלעטניצקי, תּרנ״ה. 32 זז׳; **דער אונשולדיקער קרבן.** ראָמאַן. וואַרשאַ, 1903. 72 זז׳.

**בוכבינדער, יאָסל** — (טשערניכאָוו, אוקראַיִנע, 1909* —) — 1929 געענדיקט אָדעסער ייִדישן פּעדאַגאָגישן טעכניקום און 1933 — קיִעווער פּעדאינסטיטוט. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1927. אין בוכפֿאָרעם: **מיט ליכטיקע אויגן.** לידער. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1975. 160 זז׳; **נאָענטע ווײַטן.** דאָרטן, 1983. 134 זז׳.

* לויט „האָריזאָנטן" — 1908.

**בוכבינדער, נחום** — קאַרעקטער בוכטיטל: **די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע און די אידישע אַרבעטס־מאַסן.** פּעטערבורג, קאָמיסאַריאַט פֿאַר אידישע ענינים, 1918. 8 זז׳ (2טע אויפֿל׳ — 1919. 14 זז׳). — אומגעקומען בעת די „רייניקונגען" סוף דרײַסיקער יאָרן.

****בוכהאַלטער, יהודה** — (מאַריאַמפּאָל, ליטע, סעפּט׳ 4, 1860 —) — אויסגעוואַנדערט 1887 קיין נ״י (שוין פֿריִער געווען דאָרטן עטלעכע יאָר), ווו זיך פֿאַרנומען מיט העבר׳ לערערײַ. זינט 1912 פֿאַרוואַלטער פֿון „מאָנטעפֿיאָרע היברו פֿרי סקול". געשריבן איבער אַקטועלע עניינים, חינוך, ייִדישקייט אאַז״וו. געדרוקט אין ניו־יאָרקער **יודישע גאַזעטטען** און בעיקר אין **ייִדישעס טאַגעבלאַט.** אַרום 1902 אַרויסגעגעבן אַ זמ״ב וועגן חינוך א״ט **דער וועקקער** (נ״י).

ז. רייזען, 1914.

****בוכוואַלד, נפֿתּלי** — לייבון, וואָליִן, אַפּריל 14, 1890 — נ״י, יוני 7, 1956*) — געלערנט אין חדר, אין אַ קרוינישער פֿאָלקשול, געווען אַן עקסטערן. 1910 געקומען קיין אַמעריקע, 1918 געענדיקט ניו־יאָרקער־אוניווערסיטעט (N.Y.U.). ערשטע אַרטיקלען געדרוקט אין **די נײַע וועלט** (נ״י), ווו געוואָרן שטענדיקער מיטאַרבעטער, א״אַ ייִדישע אַרבעטער־אויסגאַבעס. זינט דער גרינדונג פֿון **פֿרײַהייט** (נ״י, 1922) מיטגליד פֿון רעדאַקציע און איר טעאַטער־קריטיקער. שפּעטער געשריבן אין **מאָרגן פֿרײַהייט** (נ״י). — אין בוכפֿאָרעם: **פֿאַרוואָס מען האָט געמשפּעט די 21 אין מאָסקווע.** נ״י, אידביוראָ, 1938. 31 זז׳; **טעאַטער.** נ״י [1943]. [12], 9—457 [3] זז׳; **פּאָגראָמשטשיקעס פֿאַרפֿלייצן אַמעריקע** [נ״י, 1952]. 31 זז׳. — איבערגעזעצט: אַ. גאָלדשמידט, **דאָס לעבן און שטרעבען אין סאָוועט־רוסלאַנד** (נ״י, 1921); אַ. לונאַטשאַרסקיס **קונסט און סאָציאַליזם,** לענינס **טעאָריע און פּראַקטיק פֿון רעוואָלוציע;** ראָזע לוקסעמבורגס **רעפֿאָרם אָדער רעוואָלוציע** — אַלע נ״י,

1920—1921. האָט אויך איבערגעז׳ ביכער פֿון ענגליש. פּסעווד׳ — ב. טולין, ב. בראַנד, נ. פּאָלאָנער, (ענגליש) Bert Toulens..

* לויט אַן אַנדער מקור — יולי 7, 1957.

ז. רייזען, 1; אַ. פּאָמעראַנץ, פּראָלעטפּען, קיִעוו, 1935, ז׳ 197.

## **בוכמאַן, יעקבֿ — (סטאַשעוו, פּוילן, מערץ 20, 1904 —) — געלערנט אין חדר און בײַ פּריוואַטע לערערס. דעפּאָרטירט אין לאַגערן אין 1942. געקומען קיין פֿראַנקרײַך אין 1946. געשריבן אין **אידישער זשורנאַל** (טאָראָנטאָ), **אַרבעטער־וואָרט**, **אונזער וואָרט**, **אויף דער וואַך** — פּאַריז. אין בוכפֿאָרעם: **אין תהום פֿון פֿאַרניכונג און מאָרד.** פּאַריז, 1981. 350 זז׳.

## בוכמיל, יהושע־העשיל — (אָסטרע, וואָלין — ירושלים, 1938).

## בומאַזשני, עוזר — (— ב״אַ, מײַ 20, 1963).

## בונין, זוסמאַן — **פֿון פֿרילינג ביז האַרבסט.** ת״א, המנורה, 1965. 299 זז׳.

## **בורג, יוסף — (וויזשניץ, בוקאָווינע, מײַ 30, 1912 —) — געלערנט אין אַ פֿאָלקשול. 1935—1938 שטודירט גערמאַניסטיק אין ווינער אוניווערסיטעט. 1941—1958 געלעבט אין אוראַל. שפּעטער אין טשערנאָוויץ, ווו געווען לערער. 1934 דעביוטירט מיט אַ דערציילונג אין **טשערנאָוויצער בלעטער.** געשריבן דערציילונגען, נאָוועלן, סקיצן אין **ליטעראַרישע בלעטער** (וואַרשע), די רומענישע **שויבן**, **די וואָך** און שפּעטער אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע), **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע), **נײַע פּרעסע** (פּאַריז). — ווערק: **אויפֿן טשערמאָש.** בוקאַרעשט, 1939. 67 זז׳; **סאַם.** טשערנאָוויץ, 1940. 64 זז׳; **דאָס לעבן גייט ווײַטער.** דערציילונגען, נאָוועלן, סקיצן. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1980. 289 זז׳; **איבערוף פֿון צײַטן.** דאָרטן, 1983. 64 זז׳. גרייט צום דרוק: **אַ פֿאַרשפּעטיקטער עכאָ** (דערציילונגען). וווינט אין טשערנאָוויץ. „יוסף בורג איז אַ וווּנדערלעכער שילדערער [...] זײַן פּראָזע פֿאַרמאָגט אַ הויכן קינסטלערישן הויך. ס׳איז צײַטנווײַז פּאָעזיע אין פּראָזע (לילי בערגער).

ש. ביקל, „רומעניע״, ב״אַ, 1961; א. רויטמאַן, ייִדישע שריפֿטן, וואַרשע, 10:1964; יוליאַן שוואַרץ, פֿאָלקס־שטימע, וואַרשע, אויג׳ 1, 1977; ה. רעמעניק, סאָוועטיש היימלאַנד, מאָסקווע, 3:1978; מ. בעלענקי, מאָרגן־פֿרײַהייט, נ״י, מערץ 7, 1981; י. קאַראַ, נײַע פּרעסע, פּאַריז, אַפּריל 25, 1981; ח. זעלצער, לעצטע נײַעס, ת״א, יולי 1981; אליהו שולמאַן, פֿאָרווערטס, יולי 26, 1981; מ. מאַרגאָלין, סאָוועטיש היימלאַנד, 11:1981; לילי בערגער, אונזער וואָרט, פּאַריז, דעצ׳ 12, 1981; י. אורמאַן, לעצטע נײַעס, ת״א, יוני 25, 1982; א. קוואַטערקאָ, פֿאָלקס־שטימע, וואַרשע, אויג׳ 28, 1982; י. ראַבין, דאָרטן, פֿעב׳ 19, 1983; ש. שטערן, מאָרגן־פֿרײַהייט, נ״י, יאַנ׳ 15, 1984; ב. מילער, בירעבידזשאַנער שטערן, מערץ 17, 1985; לילי בערגער, חשבון, ל״אַ, נומ׳ 99.

## בורגאַנסקי, פּיניע — (1903—1967).

## **בורגין, זלאַטע — (גלובאָק, ווילנער געגנט, דעצ׳ 23, 1914 — בת־ים, יאַנ׳ 7, 1981) — געענדיקט לערער־סעמינאַר אין ווילנע און געלערנט אין ווילנער ייִדישע שולן. דורכגעמאַכט ווילנער געטאָ. 1959 עולה געווען קיין ישׂראל, ווו געווען לערערין צוואַנציק יאָר. געדרוקט לידער און סקיצן אין **ישׂראל שטימע** (ת״א). אין בוכפֿאָרעם אַ זאַמלונג פֿון אירע שריפֿטן: **כזאת היתה המורה זהבה — אַזאַ איז געווען די לערערין זהבה.** ת״א, איגוד יוצאי ווילנה [1981, העבר׳ און ייִדיש]. 304 זז׳.

## בוריטאַנסקי, י. — ריכטיקער נאָמען: בורטיאַנסקי. **אַרבעטבוך אַף נאַטורוויסנשאַפֿט.** קיִעוו, קולטור־ליגע, 1926. 2 טיילן [מיט ג. גרינבערג א״אַ]; **אַרבעטבוך אַף נאַטורוויסנשאַפֿט און געאָגראַפֿיע.** כאַרקאָוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1930, 264 זז׳ [מיט ג. גרינבערג].

**בורסוק, מאיר** — (אוריעוו, בעסאַראַביע, 1891/92 — ב״אַ, דעצ׳ 30, 1969) — אויס־געוואַנדערט קיין אַרגענטינע אין 1909. געלעבט אין קאָלאָניע נאַרסיס לעווין, שפּעטער אין ב״אַ. צוזאַמען מיט י. גאָראָדיסקי געגרינדעט די אַנאַרכיסטישע צ״ש **דאָס פֿרייע וואָרט** (ב״אַ). דאָרטן, ווי אויך אין **אַרגענטינער ייוואָ־שריפֿטן** א״אַ יידישע זשורנאַלן און זאַמלביכער, געשריבן וועגן קאָלאָניזאַציע, קאָאָפּעראַטיוויזם, אַנאַרכיזם. — אין בוכפֿאָרעם: **די קאָלאָניע נאַרסיס לעווין.** ב״אַ, על פּראָגרעסאָ, 1968. 423, 103, זז׳; **דער קאָאָפּעראַטיוויזם.** ב״אַ, דוד עדעלשטאַט, 1971. 270 זז׳. אַרויסגעגעבן (מיט נ. קריטשמאַר) **געשיכטע פֿון באַרנאַסקאָני.**

י. גאָראָדיסקי, פֿאַ״ש, נ״י, מיי 1970.

**בורסקי, פֿישל** — (  ) — שטאַמט פֿון רוסיש־פּוילן. 1908 געקומען קיין מאָנטרעאָל און געוואָרן מיטאַרבעטער פֿון **קענעדער אָדלער,** ווו געדרוקט אַרטיקלען, איבערזעצונגען און ראָמאַנען. אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער פֿון ר. ברייַנינס ט״צ **דער וועג** און פֿון 1917 ביז מיטן די דרייַסיקער יאָרן רעדאַקציע־מיטגליד פֿון **דער אידישער זשורנאַל** (טאָראָנטאָ), ווו פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען און ראָמאַנען. ב׳ס איבערז׳ פֿון מאָפּאַסאַנס **די געשיכטע פֿון אַ ליבע** איז אַרויס אין בוכפֿאָרעם. פּסעווד׳ — עראַ, פֿישעלע, ב.פֿ., פֿ.ב. א״אַ.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**בורקאַ, העלען** — (סאַרני, וואָלין, מיי 3, 1918 —) — יידיש־העברעיִש שריפֿטשטעלערין. פֿרוי פֿון יוסף פּערלשטיין. געלערנט אין אַ „תּרבות״־שול. בעת דער צווייטער וועלט־מילחמה אין טאַשקענט, פֿון 1945 אין די לאַגערן פֿון שארית־הפּליטה אין עסטרייַך און זינט 1949 אין ישׂראל. פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען, רעפּאָרטאַזשן, דערציילונגען און ראָמאַנען אין **טאָג־מ״זש** (נ״י), **קענעדער אָדלער, אידישע צייַטונג** (ב״אַ). סטאַבילע מיטאַרבעטערין אין וו״בל **יידישע צייַטונג** (ת״א), ווו זי דרוקט אויך אירע ראָמאַנען. — אין בוכפֿאָרעם: **די טאָכטער פֿון ירושלים.** ת״א, נילי, 1955. 608 זז׳ (אַרויס אויך אין דייַטש); **אַ חתונה אָן חופּה וקידושין.** ת״א, אַליין, 1968. 135 זז׳; **גאָט לעבט נישט אין וואַלד.** ראָמאַן. ת״א, ניי־לעבן, 1970. 415 זז׳ (אויך העברעיִש און דייַטש. פֿריִער געדרוקט אין **קענעדער אָדלער** א״ט **ליבע און גלויבן**); **יורעק דער ישיבֿה־בחור.** ת״א, ניי־לעבן, 1979. 340 זז׳. — ראָמאַנען אין צייַטונגען: **הייראַט אָן ליבע** (טאָג־מ״זש, 1969), **דאָס האַרץ פֿון אַ מאַמע, נחת פֿון קינדער** (**יידישע צייַטונג,** 1975, 1983). העברעיִש: **האחרון של אל־פתח** (1970), **לא כדאי להיות אשה** (1973), **רעייתו של חיל** (1973), **אמא׳לה כך עושות כולן** (1979), **המאהבת** (1979), **דף חדש בחיי** (1981), **חכי לי ליד השער** (1981), **יומנה של בת מאומצת** (1983).

**בורשטיין, אַבֿיעזר** — (גאָוואָראָוווע, פּוילן, פֿעב׳ 7, 1918 —) — געלערנט אין חדר, פֿאָלקשול און ישיבֿה. געקראָגן סמיכות אויף רבנות. דורכגעמאַכט געטאָס (ווילנע, גראָדנע, ביאַליסטאָק) און לאַגערן. פֿון 1949 אין ישׂראל. זינט 1956 דירעקטאָר פֿון „ישיבֿה־טעכניקום״ אין כּפֿר סיטרין. — געשריבן אין **דאָס פֿרייע וואָרט** (לאַגער פֿעלדאַפֿינג), **דאָס יידישע וואָרט** (דאָרט, שפּעטער מינכן, רעד׳). זינט 1956 געדרוקט היסטאָרישע קוריאָזן און חסידישע מעשׂיות אין **קענעדער אָדלער, אַמעריקאַנער** (נ״י), **אונזער וועג** (פּאַריז), **הייַנט** (מאָנטעווידעאָ), **יידישע צייַטונג, נייַע יידישע צייַטונג, שערים, הצופֿה, לעצטע נייַעס** (אַ וועכנטלעכע רובריק) — ת״א. אויסער העבר׳ ביכער, אַרויסגעגעבן אויף יידיש: **חסידים דערציילן.** ת״א, פּרץ, 1976. 205 זז׳; **חסידישע מעשׂיות.** ירושלים, אייגנס, 1977. 232 זז׳.

ג. קרסל, 1; ד. תדהר, 13; צ. ראַיאַק, אונזער וועג, פּאַריז, מערץ 28, 1960; י. שווייצער, יידישע צייַטונג, ת״א, פֿעב׳ 17, 1961; ש. קאַנץ, לעצטע נייַעס, ת״א, סעפּט׳ 23, 1977.

ר.ג.

**בורשטיין, ברכה** — (טשערנאָוויץ, 1934 —) — 1953 געענדיקט מיטלשול אין טאָמסק און 1958 — סווערדלאָווסקער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט.

הויפּט־קאָנסטרוקטערין אין פֿערמער אָפּטייל פֿון דער אַלפֿאַרבאַנדישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע. זינט 1976 דרוקט זי — צוזאַמען מיט איר מאַן אַהרן (געב' קיִעוו, 1934) — דערציילונגען און פֿאַרצייכענונגען אין **סאָוועטיש היימלאַנד**. ווערק: **דאָס ערשטע** פֿעלד. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1980. 62 זז' [מיט אַרן בורשטיין].

**בורשטיין, סעמועל** — **דער הימלישער אויפֿקום.** נ"י, 1959. 45 זז'.

****בורשטיין, פּסח** — (וואַרשע, אַפּריל 15, 1896 — נ"י, אַפּריל 11, 1986) — אַרטיסט. צו זעקס יאָר אַריבער מיט עלטערן קיין בערדיאַנסק, רוסלאַנד, ווו געלערנט אין חדר און געענדיקט רוסישע פֿאָלקשול. אַ גאַנץ לעבן געשפּילט יידיש טעאַטער אין פֿאַרשיידענע לענדער. 1923 געקומען קיין אַמעריקע. אין בוכפֿאָרעם: **געשפּילט אַ לעבן.** ת"א, 1980. 358 זז'.

**בורשטין, מיכאל** — **ביי די טייכן פֿון מאַזאָוויע**, איבערגעדרוקט אין ש. ראָזשאַנסקיס **ערבֿ חורבן**, ב"אַ, 1970.

**בושעל־סאַלאָוו, חנה** — **לידער און אָפּשאַצונגען.** ב"אַ, 1959. 141 [1] זז'.

**בזשעזשינסקי, אַבֿרהם־יהודה** — (— ישׂראל, 1957).

****ביאַטוס, לאה** — (כאָמסק, פּוילן, מיי 15, 1920 —) — פֿריערדיקער נאָמען — ביטענסקי. 1940 געענדיקט ווילנער לערער־סעמינאַר „תּרבות". בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועט־רוסלאַנד, שפּעטער אין פּליטים־לאַגערן פֿון דייטשלאַנד און פֿון 1949 אין ישׂראל. לערערין. — געשריבן לידער אין די ט"צ **ווילנער טאָג, צייט** (ווילנע); **פֿרייהייט, ליטעראַרישע שריפֿטן** — מינכן. אין בוכפֿאָרעם: **לייב און לעבן.** לידער אין פּאָעמעס. ת"א, קיום, 1982. 154 זז'. [זע: ביטענסקי, לאה, ב' 1].

י. פֿרידלענדער, לעצטע נייעס, ת"א, יאַנ' 7, 1983.

**ביאַלאָסטאָצקי, בנימין־יעקבֿ** — (— נ"י, סעפּט' 23, 1962) — **חלום און וואָר.** עסייען. נ"י, 1956. 484 זז'; **ליד צו ליד.** נ"י, 1958. XXV, 434 זז'; **די משלים פֿון דובנער מגיד און אַנדערע עסייען.** נ"י, ציקאָ, 1962. 372 זז'; **יידישער הומאָר און יידישע לצים.** דאָרטן, 1963. 282 זז'.

****ביאַלין, אַהרן־הערש** — (וואַרשע, אַפּריל 18, 1897 — נ"י, אַפּריל 28, 1978) — געלערנט אין חדרים און ישיבֿות. 1914 עמיגרירט קיין אַמעריקע. דעביוטירט מיט אַן אַרטיקל אין **די פֿעדער** (נ"י, 1931). זינט 1931 אָפּטער מיטאַרבעטער אין **פֿאַ"ש** (נ"י). 1934 געדרוקט אין **מאַסן** (נ"י). 1957 פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען א"ט **פֿון מענדעלען ביז לייוויקן אין מעקסיקאַנער לעבן.** געשריבן ס'רובֿ וועגן יידישן טעאַטער און יידישער ליטעראַטור. — אין בוכפֿאָרעם: **מאָריס שוואַרץ און דער אידישער קונסט־טעאַטער.** נ"י, בידערמאַן, 1934. 124 זז'; **סאָציאַליזם און רוזוועלטיזם.** דאָרטן, 1956. 217 זז' (2טע אויפֿל' — 1957); **שטעט.** דאָרטן [1958]. 138 זז'; **שלום אַש.** מעקסיקע, 1959. 158 זז'.

ז. זילבערצווייג, 3.

**ביאַליק, חיים־נחמן** — **לידער**, אָריגינעלע און איבערגעזעצטע (פֿאַררעדע — בעל־מחשבֿות). אָדעס, מוריה, תּרע"ח. 20, 135 זז'; **די יידישע אַגדות** [מיט י.ח. ראַבניצקי]. דאָרטן, תּרע"ז־תּרע"ט. 3 בב'; **אויסגעקליבענע שריפֿטן.** ב"אַ, ליפּשיץ־פֿאָנד,

‏1964. 380 זז׳. ב׳ס פּאָעמע **יתמות** [פּיר לידער: מײַן טאַטע, שבֿעה, אַלמנה, אָפּשייד] איז איבערגעז׳ געוואָרן דורך נתן מאַרק (בוקאַרעשט, 1938).

מ. אונגרפֿלד, ח.נ. ביאַליק ויצירותיו. ת״א, 1960; ד. סגן, סוגיית יִדיש במסכת ביאַליק. ירושלים, תשכ״ה; י.ח. בילצקי, ח.נ. ביאַליק ויִדיש; ד. סדן, אַבֿני שעשוע (לדרכו של ח.נ. ביאַליק). ת״א, 1983; ת״א, 1970; ש. רבֿידוביץ, שיחותי עם ביאַליק. ירושלים־ת״א, 1983; ש. ורסס, בין גילוי לכיסוי: ביאַליק בסיפור ובמסה. ת״א, 1984.

**ביאַלער, [יהודה־]לייב** — (מערץ 17, 1896 — ירושלים, אַפּריל 26, 1977) — טראַדיציאָנעל־תּורהדיקן חינוך באַקומען אין פּלאָנסק, ווו געלעבט ביז 1914, שפּעטער אין וואַרשע, לוביטש. בעתן צווייטן וועלטקריג אין לויצק און אָריאָל. 1946 זיך צוריקגעקערט קיין וואַרשע און 1949 עולה געווען קיין ישׂראל. 1957 אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פֿון זײַנע העבר׳ לידער א״ט **באַשדות ימים**.

ג. קרסל, 1.

****ביבראָווסקי, יהושע־צבֿי** — (סלופּצע, פּוילן, דעצ׳ 9, 1913 — בריסל, אַפּריל 10, 1979) — 1926 געקומען מיט עלטערן קיין בריסל. געלערנט אין חדר, פֿאָלקשול און מיטלשול. בעת דער צווייטער וועלט־מילחמה אין פּאַרטיזאַנישן אונטערגרונט. אַקטיוו בײַ פּועלי־ציון. געשריבן אַרטיקלען אין פֿראַנצייזישע און יִדישע צײַטשריפֿטן. פֿון 1945 צונויפֿגעשטעלט די וועכנטלעכע **בעלגישע זײַט** אין **אונזער וואָרט** (פּאַריז). זיך געשריבן ה. ביבראָווסקי.

****בידערמאַן, י.** — ( — ) — אין ערשטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט אָנגעשריבן טעאַטער־ווערק אין „יודישן דיאַלעקט״, וואָס זײַנען אויפֿגעפֿירט געוואָרן מיט אַ סך הצלחה. זײַן נאָמען פֿעלט אויך אין ז. זילבערצווײַגס טעאַטער־לעקסיקאָן.

ז. רייזען, גראַמאַטיק פֿון דער יִדישער שפּראַך. ווילנע, 1920. הקדמה.

**בידערמאַן, ישׂראל־מרדכי** — (— נ״י, אַפּריל 19, 1973) — **אויפֿשטאַנד פֿון די ייִדן אין די געטאָס**. נ״י. 1957. Mayer Balaban, historian of Polish Jewry. N.Y., 1976, XXV, 334 p. **רעד׳ פּנקס גאָסטינין** (נ״י, 1960).

**ביזבערג, פּנחס** — (— ירושלים, דעצ׳ 2, 1969) — עולה געווען קיין ישׂראל אין 1956.

****ביטעלמאַן, אַלעקסאַנדער** — (אַדעס, יאַנ׳ 4, 1890— ) — ביז צען יאָר געלערנט אין חדר, דערנאָך אין אַ קרוינישער שול. 1911 געקומען קיין אַמעריקע, ווו געענדיקט אַ טעכנישע שול. זשורנאַליסטישע טעטיקייט אָנגעהויבן אין רוסיש. אין יִדיש דעביוטירט מיט פּאָליטישע אַרטיקלען אין **די נײַע וועלט** (נ״י, 1916־1917). 1918 רעד׳ **דעם קאַמף**, 1919־1920 די קאָמוניסטישע **די פֿונקען**, 1920־1921 מיטרעד׳ פֿון קאָמוניסטישן וו״בל **די נײַע וועלט־עמעס**. זינט 1923 מיטאַרבעטער פֿון **פֿרײַהייט** און שפּעטער פֿון **מאָרגן פֿרײַהייט**. —אין בוכפֿאָרעם: **דאָס אידישע פֿאָלק וועט לעבן!** נ״י, מאָרגן־פֿרײַהייט [1944]. 55 זז׳: **אידישע פֿאָלקס־אייניגקייט** דאָרטן, 1948. 48 זז׳.

ז. רייזען, 1.

**ביטענסקי, יוסף** — (ווילנע, סעפּט׳ 8, 1933).

**ביידער, חיים** — (קופּעל, כמעלניצקער געגנט, 1920— ) — 1940 געענדיקט אַדעסער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. 1946־1970 אין פּראָסקוראָוו (כמעלניצקי) און קאַמענעץ־פּאָדאָלסק. 1971־1972 רעד׳־מיטגליד פֿון **ביראָבידזשאַנער שטערן** און פֿון 1973 — פֿון **סאָוועטיש היימלאַנד**. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1934 אין **זײַ גרייט**, **יונגע גוואַרדיע**, **שטערן** א״אַ. וווינט אין מאָסקווע. — **באַנוקאַס**

**האַבאַיִס.** לידער און באַלאַדעס. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1979. 134 זז׳.

ס״ה — לעקסיקאָן.

**ביזער, אלעזר** — (— נ״י, יאַנ׳ 30, 1976) — **מיט אַנדערע אויגן.** נאָוועלע. נ״י, 1959. 513 זז׳; **אַלט און נײַ.** נאָוועלע. נ״י, 1967. 300 זז׳.

**ביילין, אָשר** — איבערגעז׳ וויקטאָר הוגאָס **די לעצטע טעג פֿון אַ פֿעראורטהײַלטען** (לאָנדאָן, 1910).

****ביילין, ישׂראל־בער** — (נאָוואַרעדעק, ווײַסרוסלאַנד, יולי 28, 1883 — ניו־יאָרק, אַפּריל 29, 1961) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. אַ ריי יאָרן געלעבט אין לאָדזש. פֿרי אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, געזעסן אין תּפֿי־סות און 1908 פֿאַרשיקט געוואָרן אין אַסטראַכאַנער גוב׳. 1911 געקומען קיין אַמעריקע, שטודירט געשיכטע און ליטעראַטור אין וואַלפּאַרײַזאָ, אינדיאַנאַ. 1918־1925 בילדונג־דירעקטאָר פֿון אַרבעטער־רינג. פֿון יוגנט אָן אַ בונדיסט, אָבער אין 1925 אַריבער צו די קאָמוניסטן. — אָנגעהויבן שרײַבן אין די אומלעגאַלע בונדישע אויסג׳ אין לאָדזש: **פֿלוג בלאַט**, **דער פֿרײַהייטס גלאָק**, שפּעטער אין **פֿאָלקס־צײַטונג**, **וועקער** — וואַרשע. געשריבן סקיצן, דערציילונגען, ליטעראַטור־קריטיק, לידער, ביאָגראַפֿיעס און פּובליציסטיק אין די אַמעריקאַנער צײַטונגען און צײַטשריפֿטן: **אידישע אַרבייטער וועלט**, **אידישער סאָציאַליסט**, **פֿאָרווערטס**, **סיגנאַל**, **האַמער** (רעד׳־מיטגליד), **איקאָר־אַלמאַנאַך**, **יידישע קולטור**, **צוקונפֿט**, **די וועגעטאַריער וועלט**; פֿון 1939 ביז טויט אין **מאָרגן פֿרײַהייט** א״אַ לינקע אויסג׳. רעד׳ **דער פֿרײַנד** (1918 — 1925), קאָאָפּעראַטיווע וועלט (1912 — 1921), מיטרעד׳ **קינדערלאַנד** (1920 — 1925) און אַ קורצע צײַט **די נײַע וועלט** —אַלע נ״י. — אין בוכפֿאָרעם: **אײַער חלק עשירות.** נ״י, [—192]; **קאַרל מאַרקס.** נ״י, אַרבעטער־רינג [—192]. 32 זז׳; **די יידישע אַרבעטער־שול.** נ״י, 1925; **פֿערדינאַנד לאַסאַל.** נ״י, אַרבעטער־רינג, 1926. 45 זז׳; **דער בירגער־קריג אין שפּאַניע.** נ״י, 1937; **יאַפּאַנ׳ס אָנגריף אויף כינע.** נ״י, 1937. 30 זז׳; **יעקבֿ שייפֿער**, זײַן לעבן און שאַפֿן. נ״י, 1938. 332 זז׳; **די מלחמה אין פּאַסיפֿיק.** נ״י, 1942; **דאָס לעבן פֿון עמאַ לאַזאַרוס** נ״י, 1946. 39 זז׳; **פּערזענלעכקייטן אין דער געשיכטע פֿון אַמעריקע.** נ״י, איקוף, 1955—1965. 2 בב׳; **אַלץ אין איין לעבן.** אויטאָביאָגראַפֿיע. נ״י [1970]. 392 [11] זז׳. פֿסעווד׳ — י.ב. תּמוז, ד״ר י. ב. סאַלאַמאַנדראַ, י. סאַלאַמאָן, י.סאָן, י. בער־ן.

ז. רייזען, 1; אַ. פּאָמעראַנץ, פּראָלעטפּען. קיִעוו, 1935. זז׳ 198־199; ח.ל. פֿוקס, לאָדזש של מעלה. ת״א, 1972. זז׳ 297־299.

**ביילים, שלמה** — **פּאָרטרעטן און פּראָבלעמען.** וואַרשע, יידיש בוך, 1964. 415 זז׳ — וועגן יידישע שרײַבערס און ליטעראַרישע פּראָבלעמען.

****בײרעק, דאָראַ** — (באָברויסק, ווײַס־רוסלאַנד, יאַנ׳ 23, 1898 —) — דיכטערין. שטאַמט פֿון אַן אַרבעטער־מישפּחה. 1913 עמיגרירט קיין באָסטאָן. דאָרטן געענדיקט עלעמענטאַר־ און מיטל־שול. געדרוקט לידער אין **מאָרגן־פֿרײַהייט**, **יידישע קולטור**, **זאַמלונגען** — נ״י און **קאַליפֿאָרניער שריפֿטן**. ווערק: **ליכט און שאָטן.** ל״אַ, 1961. 180 זז׳; **גזואַנגען פֿון די טעג.** ת״א, פּרץ, 1977. 168 זז׳. וווינט אין סאַנטאַ מאָניקאַ, קאַליפֿאָרניע.

ש. שטערן, קאַנאַדער וואָכנבלאַט, סעפּט׳ 28, 1977.

****בילמעס, לעאָן** — (האָלאָסקאָוו, אוקראַיִנע, 1900 — לאָס אַנדזשעלעס, אָקט׳ 30, 1962) — עמיגרירט קיין אַמעריקע אין די 1920ער יאָרן. געלעבט אין נ״י און פֿון 1949 אין לאָס־אַנדזשעלעס.

זיך געדרוקט אין ייִדיש־אַמעריקאַנער אויסג׳. אין בוכפֿאָרעם: **אַמאָל איז געווען אַ שטעטל.** ת״א, 1963. 212 זז׳.

***בילעצקי, ישׂראל־חיים** — דיכטער, ליטעראַטור־קריטיקער. ווערק: **ייִדישע ווערטער.** לידער. ת״א, פֿאַר זיך, 1948. 80[1] זז׳; **אַ מזמור דעם טאָג — מזמור ליום.** לידער. [ת״א], אייגנס, 1957. 91[2] זז׳[העבר׳ איבערז׳ — מ. אַמיתּי]; **מײַנע ווײַסע טויבן.** לידער. ב״אַ, 1962. 112 זז׳; **לידער צום מענטש.** ת״א, המנורה, 1967. 166 זז׳; **71 לידער.** דאָרטן, 1973. 141 זז׳ [פּינסקי־פּרעמיע]; **בײַם קוואַל פֿון קאָצק.** פּאָעמע. ת״א, ישׂראל־בוך, 1975. 117 זז׳; **אַחר.** פּאָעמע. ת״א, פּרץ, 1977. 104 זז׳ [יהואָש־פּרעמיע]; **שורות זעכצן.** ת״א, פּרץ, 1980. 94 זז״; **לידער.** ת״א, נײַ־לעבן, 1980 151 [1] זז׳; **מאַמע אין ייִדישן ליד.** ת״א, פּרץ, 1980. 91 זז׳; **אַריִאל אין דער אַלטער היים.** פּאָעמע. ת״א, לייוויק־פֿאַרלאַג, 1981. 122 זז׳; **שורות צוואַנציק.** דאָרטן, 1982. 104 זז׳. אין העבר׳ אַ ריי ביכער וועגן ייִדישע שרײַבערס און ייִדישער ליטעראַטור: **מסות — בשבילי ספרות יידיש.** ת״א, גזית, 1960־1963. 2 בב׳ [קעסל־פּרעמיע]; **השיר והמשורר** [וועגן א.סוצקעווער]. ת״א, פּרץ, 1962. 112 זז׳; **22 סיפור** (ספרות יידיש בין שתי מלחמות עולם). ת״א, 1970/71. 265 ע׳ [מימיאָגראַפֿירט]; **ח. נ. ביאַליק ויידיש.** ת״א, פּרץ, 1970. 162 זז׳; **איציק מאַנגר.** ת״א, ישׂראל־בוך, 1976. 385 זז׳ [ליעסין־פּרעמיע]; **אלהים, יהודי, שׂטן ביצירת יצחק בשׂביס־זינגר.** מרחביה, ספרית פועלים, 1979. 150 זז׳; **אַבֿרהם ליעסין** [עסיי]. ת״א, 1981. 29 זז׳. [זע 539].

**בימקאָ, פֿישל** — (—נ״י, אַפּריל 7, 1965) — **אויפֿן וועג צום לעבן.** נ״י, ציקאָ, 1967. 5 בב׳.

אַ. גאָרדין, ייִדיש לעבן אין אַמעריקע (אין שפּיגל פֿון פֿ. בימקאָס ווערק). ב״אַ, 1957. 341 זז׳.

**בינעצקי, פּסח** — (— כּפר־סבא, יאַנ׳ 3, 1966) — **לידער.** וואַרשע, ייִדיש בוך, 1957. 89 זז׳; **אויסדויער.** לידער און פּאָעמען. ת״א, 1963. 259 זז׳; **המשך.** לידער. ת״א, 1966. 107 זז׳.

****בינשטאָק, בנימין** — ( ) — מחבר פֿון **סאַניטאַרע סטאַטיסטיק און געזעלשאַפֿטליכע מעדיצין.** פּעטערבורג, אָזע, 1919. 48 זז׳.

**ביסקאָ, אַבֿרהם־לייב** — קאָרעקטער טיטל: **מלון מלא ושלם זרגוני־עבֿרי.**

****ביעגון, זאבֿ־דובֿ** — (בריסק, 1869 —) — געשריבן משׂכּיליש־ציוניסטישע אַרטיקלען אין **וואַרשאווער טאָגבלאַט, הײַנט, מאָמענט, אונזער לעבן** — וואַרשע און אין די אָרטיקע ייִדישע צײַטונגען פֿון פּאָלעסיע. אין גאָטלאָבערס **הבוקר אור** און אין **המליץ** געשריבן א״פ זב״ד.

ז. רייזען־אַרכיוו אין ייִוואָ, נ״י.

****ביעטש, יהודה** — (ראַוואַ, פּוילן — לאָנדאָן, אָקט׳ 24, 1964) — געקומען קיין לאָנדאָן אָנהייב יאָרהונדערט. באַטייליקט אין **לשון און לעבן** (לאָנדאָן) א״אַ פּובליקאַציעס פֿון „פֿרײַנד פֿון ייִדיש״ אין לאָנדאָן. אין בוכפֿאָרעם: **שיידוועגן.** דערציילונגען. לאָנדאָן, לשון און לעבן, 1952. 167 זז׳ [אַלע דערציילונגען זײַנען געווען געדרוקט אין **לשון און לעבן**].

מ. בעקערמאַן, לשון און לעבן, דעצ׳ 1964.

****ביק, אַבֿרהם** — (קאָברין, פּוילן, 1913 —) — 1931־1935 געלערנט אין ישיבֿת מרכּז הרבֿ קוק אין ירושלים. פֿון 1936 — אין אַמעריקע. געווען נאָענט צו די לינקע קרײַזן און געשריבן אַרטיקלען אין זייער ייִדישער פּרעסע, שפּעטער אַוועק פֿון לינקן לאַגער. אין 1968 זיך באַזעצט אין ירשלים. אין **בצרון** און **הדואר** געשריבן ס׳רובֿ א״פ א. שאולים. אין

בוכפֿאָרעם: **גרונט־פּרינציפּן פֿון רעליגיעזן סאָציאַליזם.** נ״י־לאָדזש, באַפֿרײַונג, 1938. 133 זז׳; **קעמפֿער און היטער.** נ״י, ת״ש. 166 זז׳; **וועלט און היים.** עסייען. נ״י, תש״ב. 191 [1] זז׳; **ר׳ יעקבֿ עמדין.** נ״י, איקוף, 1946. 254 זז׳; **חסידות־מאָטיוון אין דער ייִדישער ליטעראַטור און לעבן.** נ״י, איקוף, 1948. 112 זז׳; **משה העס.** דאָרטן, 1949. 223 זז׳; **וואָרט און צײַט.** עסייען. ב״אַ, איקוף, 1951. 312 זז׳; **אין באַגינען.** נ״י, 1952. 215 זז׳; **וועקער און קעמפֿער.** אַמעריקאַנער ייִדן אין קאַמף קעגן שקלאַפֿערײַ. נ״י, 1955. 253 זז׳; **מאָריס ווינטשעווסקי.** ל״אַ, 1956. 48 זז׳; **דורות דערוואַכן.** ביאָגראַפֿישע נאָוועלע [נ״י, 1957]. 156 זז׳; **פֿון צײַט און דויער.** נ״י, 1959. 185 זז׳; **אידייע און געשטאַלט.** נ״י, איקוף, 1963. 317 זז׳; **צײַט און קיום.** נ״י, 1966. 235 זז׳. העברעיִש: **חזון התקופה** (תרצ״ז), **מדרש סמוכים** (1958), **נצר משרשיו.** מוצאו ועולמו היהודי של קארל מארקס (1984).

ג. קרסל, 1.

**ביקל, שלמה** — (— נ״י, סעפּט׳ 3, 1969) — **דרײַ ברידער זײַנען מיר געווען.** נ״י, מתּנות, 1956. 234 זז׳; **רומעניע.** געשיכטע, ליטעראַטור־קריטיק, זכרונות. ב״אַ, קיום, 1961. 400 זז׳; **משפּחה אַרטשיק.** ת״אַ, המנורה, 1967. 198 זז׳; **די ברכה פֿון שיינקייט.** עסייען וועגן אַבֿרהם סוצקעווער. דאָרטן, 1969. 60 זז׳; **שרײַבער פֿון מײַן דור.** נ״י, מתּנות, [1958]־1970. 3 בב׳. אַרויס לכּבֿוד אים יובֿל־בוך **עטרת שלמה.** דאָרטן, XIX, 331 זז׳.

**בירנבוים, י[עקבֿ]** — ( — ב״אַ, אַפּריל 10, 1960) — איבערגעז׳ מאַרטין בובערס **שטעגן אין אוטאָפּיע** (ב״אַ, בוכגעמיינשאַפֿט, 1959. 208 זז׳) און איין באַנד ר. ראָקערס די **יוגנט פֿון אַ רעבל** (ב״אַ, 1965—1971).

**בירנבוים, מאַרטין** — (זשוקאָוו, גאַליציע —) — **לידער פֿון הײַנט און נעכטן.** [ת״א] פּרץ, 1978. 316 זז׳; **לידער וועגן ליד** (און אַנדערע לידער). נ״י, איקוף, 1981. 160 זז׳. פֿאַרטראַטן אין **אין שאָטן פֿון טליִעס.**

*בירנבוים, מ[שה] — לערער פֿון העברעיִש און דײַטש אין מאָלדעווישע קהילות. פֿאַרוואַלטער פֿון יתומים־הויז אין יאַס. פֿון 1889 געדרוקט אין **היועץ לבית ישׂראל** (בוקאַרעשט), זינט 1895 דידאַקטישע פּערזן אין **דאָס נײַע פֿאָלקסבלאַט** (בוקאַרעשט, נומ׳ 1 — מערץ, 1892), 1893 אין **אַהבֿת ציון** (גאַלאַץ, פֿעב׳ 28 — אויג׳ 28). רעד׳ **נס ציונה** (גאַלאַץ 5 נומ׳, סעפּט׳ 7, 1908 — פֿעב׳ 6, 1909). אין בוכפֿאָרעם: **ליעדער.** פּיאַטראַ־נעאַמץ, 1893. 52 זז׳.

י.קאַ.

**בירנבוים, שׂרה** — (— ב״אַ, דעצ׳ 1978) — **פֿאַר זון אויפֿגאַנג** (לידער). ב״אַ, 1962. 83 זז׳.

**בירשטיין, יאָסל** — **אויף שמאָלע טראָטוואַרן.** ת״אַ, פּרץ, 1958. 300 זז׳; **אַ מאַנטל פֿון אַ פּרינץ.** דאָרטן, 1969. 166 זז׳; **דער זאַמלער.** ראָמאַן, ת״אַ, 1985. 224 זז׳.

**בלאַט, שלמה** — (—1944).

**בלאַטמאַן, שלמה־לייב — (קאַמעניץ־פּאָדאָלסק, 1897 — נ״י, נאָוו 4, 1967) — פֿון פּראָפֿעסיע אַן אַפּטייקער. געשריבן דערציילונגען אין **טאָג** (נ״י) און פֿאַרעפֿנטלעכט דאָס בוך **די געשיכטע פֿון קאַמעניץ־פּאָדאָלסק** [ניט געזען].

**בלאָך, י.** — ( — ) — **דיא רויבער באַנדע.** 1886; **דרײַא צדיקים...** אויך איז דאָ פֿראַגען זייער אַ שיינע געשיכטע פֿון דעם פֿײַער. 1911; **ר׳ לייב שמש.** 1912 — אַלע ווילנאַ, צו 32 זז׳.

**בלאָד, יהושע** — (— נ״י, סעפּט׳ 26, 1957).

**בלאָנד, שיינע־פּייגל** — (— נ״י, מערץ 1, 1985).

**בלאָנד, שלמה — (טיסמעניץ, גאַליציע, דעצ׳ 5, 1897—) — געענדיקט פּאָלקשול אין טיסמעניץ און גימנאַזיע אין טלומאַטש. אין צווייטן וועלטקריג זיך געראַטעוועט אין אַ באַהעלטעניש פֿון אַ קריסט. 1948 עולה געווען קיין ישׂראל. אין בוכפֿאָרעם: **טיסמעניץ**. אַ מצבֿה אויף די חורבֿות פֿון אַ פֿאַרניכטעטער ייִדישער קהילה. ת״א, המנורה, 1974. 262 זז׳ — ייִדיש, העברעיִש; **חסידי אומות העולם**. געראַטעוועטע פֿון אומקום־תּקופֿה דערציילן [וועגן קריסטן, וואָס האָבן זיי געראַטעוועט]. ת״א, 1983. 395, 165 זז׳ — ייִדיש, העברעיִש, ענגליש.

***בלאַנק, פּײַוול** — (בריטשעווע, רומעניע, סעפּט׳ 6, 1904 — בריסל, נאָוו׳ 7, 1966*) — דיכטער, משלים־שרײַבער. געקומען קיין בריסל, לערער אין פּוע״צ־שול. 1925 געענדיקט פֿאַרמאַציע אין בריסעלער אוניווערסיטעט. צווייטע וועלט־מילחמה דורכגעלעבט אין פֿראַנקרײַך און בריסל. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער, משלים און קינדער־פּיעסעס אין **בעלגישע בלעטער**, **גרינינקע ביימעלעך** (ב״אַ), **אידישע צײַטונג** (ב״אַ), פּאַריזער **אונזער וואָרט**, **אַרבעטער וואָרט** א״אַ צײַטשריפֿטן. ווערק: **מעשׂהלעך און משלים**. בריסעל, שול און דערציאונג, 1952. 69 זז׳; **משלים און פּיעסן**. ת״א, פּרץ, 1967. 192 זז׳.

* צווייטער מקור: נאָוו׳ 16, 1965.

***בלאָשטיין, הירש** — קאָרעקטע טיטלען: **אַרבשולאָרג** און **צווישן וועלף** (ניט: צווישנוועלט). — נאָך ווערק: **כוּאַנ זשאָרקע רעדט**. לידער. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1932. 157 [3] זז׳; **באַריקאַדעס** **אונטער פּאַלמעס**. דערציילונגען און פֿאַר־צייכענונגען. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכע נאַצמינדפֿאַרלאַג. 1933. 174 [2] זז׳; **לידער**. כאַרקאָוו, 1934. 138 [5] זז׳; **אָפּן זעלביקן בוימ** [דערציילונג. כאַרקאָוו], 1934. 31 זז׳; **אָנ אַ היימ** [ראָמאַן]. קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג. 1936־1938. 2 בב׳; **לידער**. דאָרטן [1937]. 33 [1] זז׳; **די לעצטע נײַעס** [דערציילונג]. דאָרטן, 1938. 82 זז׳; **דערציילונגען**. דאָרטן, 1941. 58 זז׳; **באַם לירישן קוואַל**. לידער. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1977. 141 זז׳. פֿאַרטראָטן אין **אַלמאַנאַכ פֿונ ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער**, **אינ שאָטנ פֿונ טליִעס**, זאַמלונג **בירעבידזשאַנ**, **צומ זיג**, **קאָמסאָמאָליע**, **לידער וועגנ סטאַלינענ** (קיִעוו, 1937).

**בלאָשטיין, משה־מרדכי** — (— מיאַמי, נאָוו׳ 20, 1964) — **אַ לערער רעדט זיך אַראָפּ פֿון האַרצן**. אַטלאַנטאַ, 1959. 690 זז׳; **די ישיבֿה קטנה און די טאָג־שול. די ייִדישע טאָג־שול און די ישיבֿה קטנה**. מעקסיקע, 1959. 82 זז׳ [אָפּדרוק פֿון **אַ לערער רעדט זיך אַראָפּ פֿון האַרצן**]. דאָרטן, 1960. 38 זז׳; **דאָס לעצטע וואָרט** (עסיי). ת״א, 1963. 96 זז׳.

**בלום, אַבֿרהם** — (1893 — מײַ 21, 1960)

**בלום, בנימין־זאבֿ** — (מאַקאָווו־מאַזאָוויעצק, 1920—)

****בלום, יצחק** — (טשעכאַנאָווצע, גראָדנער געגנט, יוני 6, 1887 —מיאַמי־ביטש, אויג׳ 1965) — דיכטער, דערציילער. אַדאָפּטירטער נאָמען פֿון י. קריוואָנאָגי. שטאַמט פֿון אַן אָרעמער מישפּחה. 1905 עמיגרירט קיין אַמעריקע, וווּ געאַרבעט בײַ פֿאַרשיידענע מלאָכות. 1906— דעביוטירט מיט אַ ליד אין **פֿאַ״ש** און אַ סקיצע אין **פֿאָרווערטס**, וווּ געדרוקט שפּעטער אַ סך סקיצן. געשריבן אויך אין **דאָס נײַע לאַנד**, **ליטעראַטור**, **דער אינזעל** א״א. — אין

בוכפֿאָרעם: **פֿון ברעג צו ברעג.** ערצעהלונגען. נ״י, 1919. 220 זז׳; **אין דער שטיל.** לידער. נ״י, 1919. 215 זז׳; **אין אומרו פֿון לעבן.** דערציילונגען [נ״י, 1934]. 159 [1] זז׳; **אַ שטעטעלע אין פּוילן.** נ״י, 1939. 94 זז׳; **געקליבענע שריפֿטן.** דערציילונגען און לידער. נ״י, 1954. 158 זז׳; **אין מײַן ליטעראַרישער אַכסניה.** מעקסיקע, ייִדישער קולטור־צענטער, 1964. 34 זז׳.

ש. טענענבוים, דרום־אַפֿריקע, נאָוו׳־דעצ׳ 1968.

**בלום, לעאָן — (סוּוואַלק, 1902 — ווודבורן, נ״י, 1969) — אָריגינעלער נאָמען: סלאָנימסקי. געענדיקט גימנאַזיע אין מאַריאַמפּאָל (ליטע) און מעדיצינישן פֿאַקולטעט אין באַזעל. דורכגעמאַכט היטלער־חורבן, שפּעטער אַוועק קיין אַמעריקע, פּראַקטיקירט מעדיצין אין ווודבורן. אין בוכפֿאָרעם: **אַ געשאָנקען לעבן.** ב״אַ, ייִדישלאַנד [1976]. 198 זז׳ [אין טייל געשריבן פֿון מיראָן לעשעם].

**בלום־מאַכלין, בנימין־זאבֿ — (מאַקאָוו, פּוילן, 1900 — ת״א, סעפּט׳ 16, 1979) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. פֿון 1920 אין מאָסקווע און פֿון 1928 אין לענינגראַד, וווּ געאַרבעט אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק ווי אַ קוואַליפֿיצירטער ביבליאָגראַף. אָקטאָבער 1937 פֿאַרשיקט געוואָרן אין אַ סיבירער לאַגער פֿאַר לינק־פּועלי־ציוניסטישער אַרבעט. ערשט 1964 רעהאַביליטירט געוואָרן און זיך אומגעקערט קיין לענינגראַד. 1970 געקומען קיין ישׂראל. געשריבן אַרטיקלען אויף ליטעראַרישע און היסטאָרישע טעמעס אין **נײַע אַרבעטער־וועלט** (וואַרשע, 1925), **פּראָלעטאַרישער געדאַנק** (וואַרשע, 1928), **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע, 1:1969); אין די ישׂראלדיקע **פֿאָלקסבלאַט, בײַ זיך, ישׂראל־שטימע, ירושלימער אַלמאַנאַך, על המשמר** א״אַ. —אין בוכפֿאָרעם: **דעם זיידנס קרוין** (וועגן מענדעלע מוכר־ספֿרים). ת״א, פּרץ, 1978. 152 זז׳; **פּועלי־ציון אין ראַטנפֿאַרבאַנד.** זכרונות. ת״א, 1978. 268 [4] זז׳; **פֿון מאַקאָוו ביז די הרי־חושך.** ת״א, 1979. 291 זז׳.

שורות פּועלי־ציון, רעד׳ ש. שווייצער. ת״א, 1981. אינדעקס.

**בלומענטאַל, מאיר־דוד — ( — ) — מחבר פֿון ביכל **דער פּראָטעסט,** וואָס מיר זאָגען און וואָס יעדער יוד דאַרף זאָגען... געגען די הײַנטיגע שרײַבער... וואַרשאָ, 1914. 27 זז׳. [פֿון ביאַליסטאָק. האָט אויך אַ ספֿר **איבער די אַפּיקורסות.**]

בלומענטאַל, נחמן — (— ת״א, נאָוו׳ 8, 1983) — **שמועסן וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור אונטער דער דײַטשער אָקופּאַציע.** ב״אַ, פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן, 1966. 189 זז׳; **צוריקבליקן.** ת״א, המנורה, 1973 [ב׳ 1]; **ווערטער און ווערטלעך פֿון דער חורבן־תּקופֿה.** ת״א, פּרץ, 1981.

בלומשטיין, יצחק — (— אַרום אויג׳ 1963) זינט 1954 אין ישׂראל. לערער אין בני־ברק.

**בליאַכער, שבתי — (ווילנע, יאַנ׳ 16, 1904 — סעפּט׳ 19 1944) — אַקטיאָר. געלערנט אין חדר, העברעיִשער גימנאַזיע, ווילנער ייִדישן טעכניקום און 1923 פֿאַרענדיקט ווילנער דראַמאַטישע שול. געשפּילט ייִדיש טעאַטער אין ווילנע און אין דער פּראָווינץ. פֿון ווילנער געטאָ דעפּאָרטירט געוואָרן אין עסטישן לאַגער קלאָגע און דאָרטן אומגעקומען. ב׳ס געטאָ־פֿאַרצייכענונגען זײַנען אַרויס א״ט **איין און צוואַנציק און איינער.** 22... אומגעבראַכטע ייִדישע אַרטיסטן ... אין ווילנע, 1941־1942. נ״י, ווילנער פֿאַרלאַג, 1962. 112 זז׳.

זילבערצווײַג, 5.

**בליודז, בנימין — (פּאָנעוועזש, ליטע, דעצ׳ 22, 1893 — ת״א, נאָוו׳ 1977,19) — געענדיקט גימנאַזיע אין פּעטערבורג אין 1912. שטודירט מעדיצין אין בערלין, דאָרפּאַט און ד״ר־טיטל באַקומען 1920 אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט. פֿון 1921 אין ליטע. צווייטע וועלט־מילחמה דורכגעלעבט אין

סאָוועט־רוסלאַנד, שפּעטער געוווינט אין ווילנע און פֿון 1971 אין ישׂראל. אין בוכפֿאָרעם: **דער גורל פֿון יידישן דאָקטער אין ליטע**. [ת״א] איגוד יוצאי ליטא בישׂראל [1974]. 157 [2] זז׳.

**בליט, לוציאַן** — (— לאָנדאָן, סעפּט׳ 10, 1978).

**בלײַ, אַבֿרהם** — (— ת״א, אַפּריל 19, 1974) — זינט 1928 אין א״י־ישׂראל. — **אַראַבעסקן**. ת״א, פּרץ, 1967. 159 זז׳.

**בלײַ, אפֿרים — (יאַס, רומעניע, נאָוו׳ 15 1908 — בוקאַרעשט, נאָוו׳ 15, 1963) — אָנגעהויבן שרײַבן לידער אין 1933, תּחילת דײַטש, שפּעטער ייִדיש. זיך געדרוקט אין בוקאַרעשטער **איקוף־בלעטער, קולטור־וועגווײַזער**. אין בוכפֿאָרעם: **מיט פּשוטע ווערטער**. בוקאַרעשט, מלוכה־פֿאַרלאַג, 1957. 183 זז׳ [צוזאַמען מיט רעלי בלײַ]; **אין שעהן פֿון טרויער, אין רגעס פֿון פֿרייד**. דאָרטן, 1982. 168 זז׳ [מיט רעלי בלײַ].

י. קאַראַ, פֿאָלקס־שטימע, וואַרשע, יוני 22, 1957, און בוקאַרעשטער שריפֿטן, 1983: 6, זז׳ 188־190.

י.קאַ.

**בלײַ, רעלי — (אַרבאָראַ, בוקאָווינער דאָרף, יולי 15, 1913—) — געלערנט אין מיטלשול אין ראַדעוויץ (בוקאָווינע). 1941 דעפּאָרטירט קיין טראַנסניסטריע. דאָרטן אָנגעהויבן שרײַבן לידער, וואָס מען האָט געזונגען אין די לאַגערן. אין בוכפֿאָרעם [מיט אפֿרים בלײַ]: **מיט פּשוטע ווערטער**. בוקאַרעשט, מלוכה־פֿאַרלאַג, 1957. 183 זז׳; **לידער**. [בוקאַרעשט], ליטעראַטור, 1966. 118 זז׳; **אין משך פֿון יאָרן** [בוקאַרעשט], קריטעריאָן, 1976. 131 [1] זז׳; **פֿרויען אַליין**. דערציילונגען און משלים. בוקאַרעשט, קריטעריאָן, 1980. 94 זז׳; **אין שעהן פֿון טרויער, אין רגעס פֿון פֿרייד** [מיט אפֿרים בלײַ]. דאָרטן, 1982. 168 זז׳.

מ. ריספּלער, אויפֿשטײַג, בוקאַרעשט, 1972. זז׳ 534־535; י. קאַראַ, מאָרגן פֿרײַהייט, נ״י, יולי 30, 1980; פֿאָלקס־שטימע, וואַרשע, יאַנ׳ 23, 1981 און בוקאַרעשטער שריפֿטן, 1983: 6, זז׳ 188־190.

י.קאַ.

**בלײַשטיפֿט, משה** — ( — יולי 28, 1932).

**בלינקין, מאיר** — **ווײַבער** אַרויס אין 1908.
*Stories.* Translated from the Yiddish by Max Rosenfeld. New York, 1984.

**בליץ, נחמן** — פּאָרטראַטן אין **לעבן און קאַמף** (מינסק, 1936).

**בלעכמאַן, לייב — (טשאַשניק, ווײַס־רוסלאַנד, סעפּט׳ 1874 — נ״י, אויג׳ 25, 1962) — אַמעריקאַניזירטער נאָמען — בלעק. געלערנט אין חדר און ישיבֿה. פֿון דער יוגנט אַקטיוו אין „בונד״. מערערע מאָל אַרעסטירט פֿאַר בונדישער טעטיקייט. זײַן פּאַרטיי־נאָמען: אַבראַם דער טאַטע. אין בוכפֿאָרעם: **בלעטער פֿון מײַן יוגנט**. זכרונות. נ״י, אונזער צײַט, 1959. 299 זז׳.

**בלענקיטני, שלמה־אַהרן — (קראַסנאָ־שעלץ, פּוילן, נאָוו׳ 10, 1904—) — געלערנט אין חדר און געענדיקט פֿאָלקשול. פֿון 1914 אין פּולטוסק, פּוילן. צווייטן וועלטקריג איבערגעלעבט אין סאָוועט־רוסלאַנד. 1949 עולה געווען קיין ישׂראל. אַקטיוו בײַ לינקע פּועל־צ. לעבט אין פּתח־תּקוה. געשריבן דערציילונגען אין **ישׂראל שטימע** (ת״א).

אין בוכפֿאָרעם: **גורל** (איבערלעבונגען פֿון אַ ייִדישער משפּחה אין צווייטן וועלטקריג). ת״א, פּרץ, 1968. 359 זז׳.

י. כּרמון, למרחבֿ, ת״א, אָקט׳ 10, 1969.

**בן־אַבֿרהם, מיכאל** — (שעדלעץ, פּוילן, מערץ 30, 1921 —) — אָריגינעלער פֿאַמיליע־נאָמען — ווײַנאַפּעל. געלערנט אין חדר, ייִדישע און פּוילישע פֿאָלקשולן. 1940 געענדיקט רוסישע מיטלשול אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווו געווען אין צווייטן וועלטקריג. 1946 צוריק אין פּוילן און 1957 עולה געווען קיין ישׂראל. געדרוקט אַרטיקלען וועגן טעאַטער און קונסט אין **ייִדישע שריפֿטן** (וואַרשע) **לעצטע נײַעס**, **לעבנס־פֿראַגן** — ת״א, א״אַ.

**בן־אליִעזר** — [פּסעוודאָנים] — מחבר פֿון **דיא צדקה פּושקע אָדער דיא שמאַלע גרוב פֿון די רמב״ן פּושקעס**. נ״י [אָ״י]. 16 זז׳ — אַ זעלטן ביכעלע פֿון אַרום די 90ער יאָרן קעגן געבן געלט פֿאַר דער „חלוקה״ אין א״י.

**בן־אַריה, י״ז** — זע: קרײַער, ישׂראל־זאבֿ

**בן־גוריון, דוד** — (— שׂדה־בוקר, דעצ׳ 1, 1973)

עטלעכע לעצטע מאָנאָגראַפֿיעס: נ. אַלתּרמן, בין המשורר למדינאי (תּשל״ב); א. אבֿיחי, דוד בן־גוריון, מעצבֿ המדינה (1974); א. וולפנזון, דוד בן־גוריון ומדינת ישׂראל (תּשל״ד); מ. מר־זוהר, בן־גוריון, 3 בב׳ (תּשל״ה־תּשל״ז); ש. פּרס, גם בחייל וגם ברוח. קוים לדמותו של דוד בן־גוריון (תּשל״ה); ש. טבֿת, קנאת דוד — חיי דוד בן־גוריון. 2 בב׳ (תּשל״ו—תּש״ם); י. גולדשטיין, י. שבֿיט, ללא פשרות (1979) — אַלע ת״א.

**בן־חורים, נחום־משה** — (— נ״י, 1959)

**בן־טובֿים, זלמן** — (— ירושלים, פֿעבֿ 3, 1957)

**בן־ימיני, י.** — (1859 — לאָדזש, נאָוו׳ 26, 1930).

**בן־ישׂראל, שלמה** — (בריסק דליטאָ, יולי 27, 1908 — ) — אָריגינעלער נאָמען — געלפֿער. געלערנט אין חדר, רוסישער גימנאַזיע און „תּרבות״־שול. 1926 עולה געווען ווי אַ חלוץ קיין א״י. פֿון 1939 אין באָסטאָן, שפּעטער אין נ״י, ווו זינט 1950 ביז 1984 געווען פּאָליטישער נײַעס־קאָמענטאַטאָר אויפֿן ייִדישן ראַדיאָ. — 1925 דעביוטירט מיט אַ הומאָריסטיש לידל אין **הײַנט** (וואַרשע). פֿאַר־עפנטלעכט פּאָליטיש־אַנאַליטישע אַרטיקלען, רעפּאָרטאַזשן און דעטעקטיוו־מעשׂיות אין **פֿאָרווערטס** (זינט אויג׳ 1940, שפּעטער שטענדיקער מיטאַרבעטער ביז 1980). געווען חידושדיק מיט זײַנע דעטעקטיוו־געשיכטעס אין די העברעיִשע וועכנטלעכע העפֿטן **הבלש העבֿרי** און דערנאָך אויך אין ייִדיש. אַ צאָל העפֿטן זײַנען אַרויס אין ייִדישער איבערז׳ אין באַזונדערע אויסג׳ פֿון וואַרשעווער **הײַנט** (1939). מיטגעאַרבעט אין די העברעיִשע **המחר** (1931), **כּלנוע** (מיטרעד׳), **עתּון מיוחד** (1932—1935, רעד׳), **דואַר היום** — ת״א, און *Boston Globe*. אין בוכפֿאָרעם: **דער צייכן פֿון נקמה**. ת״א, שחף, 1962. 256 זז׳ (העבר׳ א״ט **אות הנקם**). אין העבר׳: **קורותיו המוזרים של דני מור** (ת״א, 1938. אין ענגליש — 1945). ב׳ס סעריע רעפּאָטאַזשן אין **פֿאָרווערטס** וועגן זײַן וויזיט אין סאָוועט־רוסלאַנד איז אַרויס אין ענגליש א״ט *Russian Sketches* (1966). ב׳ס דעטעקטיוו־ראָמאַן **דער שאָטן פֿון זײַן געליבטע**, דראַמאַטיזירט פֿון איזידאָר לעש, איז אויפֿגעפֿירט געוואָרן אויף ייִדיש אין נ״י. פּסעוודאָנימען: שלמה איזראַעלי, בען לאַרשי, ב, חבֿקוק, דוד יעקובי, ב. צפֿניה, ד״ר ט. שעל. א. השונמית, א. בן־שבֿע. 1979 באַקומען דעם Jewish Heritage Award פֿון קווינס קאַלעדזש פּראָגראַם פֿאַר ייִדישע און עטנישע שטודיעס.

**בן־משה, מיכאל** — (— ת״א, יאַנ׳ 29, 1983) — אָריגינעלער נאָמען — גרייסמאַן. 1974 געקראָגן ד״ר־טיטל פֿאַר זײַן אַרבעט וועגן דער ייִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור אין דרום־אַפֿריקע. פֿון 1978

אין ישׂראל. געווען רעדאַקציע־מיטגליד אין **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג** און 1949—1950 פֿון **דרום־אַפֿריקע**. אין בוכפֿאָרעם: **אין ליכט פֿון אָוונט** [ת״א, בריקן, 1971]. 117 זז׳. [דאָ אויך בטעות א״נ גראָסמאַן, מיכאל, ב׳ 2].

**בן־ענת, משה־אליעזר** — (— ת״א, יולי 7, 19).

**בן־צבֿי, אַ[בֿרהם]** — (1888 — נ״י, מײַ 4, 1966) — אין בוכפֿאָרעם: **פֿאָעמעס** (לידער און סקיצן). פֿאַריז־נ״י, 1969. 190 זז׳.

**בן־צבֿי, יצחק** — (— ירושלים, אַפּריל 23, 1963).

**בנאַרי, נחום** — (— ת״א, דעצ׳ 24, 1963).

**בעז, חיים** — (— נ״י, סעפּט׳ 14, 1983) — קאָרעקטער טיטל: **אורשפּרונג פֿון פּסח.** רעד׳ פֿון **דערציאונגס־ענציקלאָפּעדיע** (נ״י, 1957—1969). 3 בב׳. ווערק: **אונדזער דור מוז אַנטשיידן.** עסייען, רעפֿעראַטן. [ת״א] פּרץ [1963]. 354 זז׳; **שרײַבער און ווערק.** ת״א, המנורה, 1971. 662 זז׳; **אויף די וועגן פֿון דער יידישער ליטעראַטור.** ת״א, פּרץ, 1980. 598 זז׳.

**בעזאָוויק, מאיר** — (— ב״אַ, יאַנ׳, 1980) — **אויף קרומע וועגן.** דערציילונגען. ב״אַ, 1956. 157 זז׳.

****בעזימענסקי, א.** — ( — ) — יידיש־סאָוועטישער שרײַבער. אויטאָר פֿון **דאָוויד דראַגונסקי**, צוויי מאָל העלד פֿונ סאָוועטנפֿאַרבאַנד. מאָסקווע, עמעס, 1947. 112 זז׳. פֿאַרטראַטן אין **פֿאַר דער בינע, צום זיג, לענינ און די קינדער** (כאַרקאָוו־קיִעוו, 1934).

****בעזנאָסיק, ב.** — זײַן **אַרבעטבוך אַף ליטעראַטור** פֿאַר די ערשטע קורסן פֿון אַרבפֿאַק און אָוונטשולן פֿון העכערן טיפּ. מאָסקווע־מינסק, צענטרפֿאַרלאַג, 1930, 408 זז׳ [מיט ל. צאַרט] — איז בטעות אַרײַן אין דער ביאָגר׳ פֿון ב׳ ק (ב׳ 1).

**בעזנאָסיק, ק.** — **שפּראַך.** אַרבעט־בוך פֿאַרן 2טן לערניאָר... מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1928. 104 [2] זז׳ [מיט א. זאַרעצקי א״אַ]; **שפּראַך.** אַרבעט־בוך פֿאַרן 3טן לערניאָר. דאַרטן, 1929. 119 [1] זז׳ [מיט א. זאַרעצקי; נײַע אויפֿל — דאַרטן, 1930]. **אַרבעטבוך אַף ליטעראַטור...** פֿון ב. בעזנאָסיק איז דאָ אַרײַן בטעות.

****בעלאָוסאָוו, אַלעקסאַנדער** — (קוי־בישעוו, 1948 —) אַ רוס. געענדיקט דעם קויבישעווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. גרינטלעך אויסגעלערנט יידיש און העברעיש. זינט 1969 פֿאַרעפֿנטלעכט לידער־ציקלען אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (1970: 2, 1971: 1, 6, 1972: 1, 1974: 1, 9, 1975: 3 א״אַ).

****בעלכאַטאָווסקי, ישׂראל** — (לאָדזש, יוני 9, 1908 —) — פֿון 1916 אין ראָדעם און וואַרשע. 1931 עמיגרירט קיין פּאַריז. אין צווייטן וועלטקריג זיך געראַטעוועט אין אַ באַהעלטעניש. געשריבן אין **אַרבעטער וואָרט, אונזער וואָרט** — פּאַריז. באַטייליקט מיט ביאָגראַפֿיעס אין ש. שווייצערס **שורות פּועלי־ציון** (ת״א, 1981). לעבט אין פּאַריז. אין בוכפֿאָרעם: **פֿון אַ לעבן וואָס איז נישטאָ מער.** דערמאָנונגען. ת״א, פּרץ, 1973.

**בעלסקי, שלמה — (נאָוואָ יעלנאָ, גראָדנער גוב', 1890—ל"אַ, יוני 28, 1972) — 1904 געקומען קיין נ"י, 1921 זיך באַזעצט אין לאָס אַנדזשעלעס. אַקטיוו אין די לינקע קרײַזן. דעביוטירט 1916 מיט אַ ליד אין פֿאַ"ש (נ"י). געשריבן לידער אין די קאַליפֿאָרניער צ"ש **מעריב, זונלאַנד, בײַם פּאַסיפֿיק, דער בעכער**; אין די ניו־יאָרקער **פֿרײַהייט** און **מאָרגן פֿרײַהייט**.

**בעלענקי, מ[שה]** — (ראָוונע, וואָלין, 1910 —) — וווינט אין מאָסקווע. ווערק: **די טראַגעדיע פֿון אוריאַל אַקאָסטאַ**. מאָסקווע, 1968; **דער פֿרײַדענקער אַקאָסטאַ**. מאָסקווע, מיסל, 1984.

**בעלעק, יעקבֿ — (סאָסנאָוויץ, פּוילן, יוני 3, 1915— ) — געלערנט אין חדר. טעטיק אין בונד. צווייטע וועלט־מילחמה אין סאָוועט־רוסלאַנד. פֿון 1957 אין ישׂראל. זינט 1939 געשריבן רעפּאָרטאַזשן און אַרטיקלען אין **יוגנט־וועקער, פֿאָלקס־שטימע**—וואַרשע, שפּעטער אין **צוקונפֿט** (נ"י), ישׂראלדיקע **לעצטע נײַעס, יידישע צײַטונג, לעבנס־פֿראַגן** א"אַ. מיטרעד' זשורנאַל **פֿונקען** (חולון, 1966). אין בוכפֿאָרעם: **סינטעז פֿון רעליגיע און סאָציאַליזם**. ת"א, פּרץ, 1964. 75 זז'; **דער נבֿיא פֿון דריטן חורבן**. דאָרטן, 1971. 173 זז'. לעבט אין נתניה.

א. באַראַבאַן, יידישע צײַטונג, ת"א, דעצ' 10, 1971; ש. קאַנץ, לעצטע נײַעס, ת"א, יאַנ' 7, 1972.

**בעלער־קאַלב, זאַלעק**, — זע: קאַלב־בעלער, זאַלעק.

**בעלערינאַ, בעלאַ — (וואַרשע יולי 15, 1898 — נ"י, יאַנ' 1, 1969) — אַקטריסע. אָריגינעלער נאָמען — רובינליכט. געשפּילט אין וואַרשעווער „הזמיר", „ווילנער טרופּע", מאָריס שוואַרצס קונסטעאַטער אין נ"י, וווהין געקומען אין 1924. זיך געדרוקט אין **פֿאַ"ש, פֿאָרווערטס** — נ"י. ב"ס אַ טעאַטער־הומאָרעסקע און זיכרונות זײַנען אָפּגעדרוקט אין **פּראָבלעמען** (ת"א, 1969: 55, 56).

**בעלקין, ישעיה** — (— סט' לעאָנאַרד, קאַלי־פֿאָרניע, מײַ 4, 1969) — **די פּועלי־ציון באַוועגונג אין קאַנאַדע**, 1904־1920. מאָנטרעאָל. 1956. 280, XVI זז'.

**בענדאָס, דוד** — (— 1953) — **אָנגריף**. 1918; **די פּיאַנע שפּילט** [דערציילונגען. קיִעוו, אוקר־מעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג. 1938. 69 [3] זז'; **פֿריידיקע יאָרן** [דערציילונג]. דאָרטן, 1938. 14 [2] זז'; **דערציילונגען און נאָוועלן**. דאָרטן, 1940. 161 [1] זז'; **וואָס קומט דאָ פֿאָר**. 1947 [דאָס און **אָנגריף** ניט געזען].

**בענדזשאַמין, לייזער־מענדל** — (בראַילע, רומעניע, 1887 — מאָנטרעאָל, מײַ 31, 1964) — קינדווײַז געקומען מיט עלטערן קיין מאָנטרעאָל, ווו באַקומען זײַן יידישע און אַלגעמיינע דערציִונג. שטודירט פֿילאָסאָפֿיע אין פּאַריזער סאָרבאָנע, יוריספּרודענץ אין מעק־גיל אוני־ווערסיטעט און דאָרטן באַקומען זײַן ד"ר־טיטל. פּראַקטיקירט אַדוואָקאַטור. פֿון 1911 מיטגעאַרבעט אין **קענעדער אָדלער**. געשריבן לידער, נאָוועלעטן, ליטעראַרישע אַרטיקלען אין מערסטע יידיש־קאַנאַדישע צײַטשריפֿטן: **די פֿאָלקסצײַטונג, רוועדי, מאָנטרעאָל** א"אַ. איבערגעז' 8 בב' **זשאַן קריסטאָף** פֿון ראָמען ראָלאַן.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**בענסאָן־רינק, לאה — (טעלז, ליטע, אַרום 1892 — יאָהאַנעסבורג, מערץ 12, 1974) — אין די צוואַנציקער יאָרן עמיגרירט קיין קייפּטאָון. פֿון 1931 אין ליידובראַנד, דרום־אַפֿריקע. אין בוכפֿאָרעם: **אייביק גייט דיר נאָך מײַן ליד** [אויפֿן טויט פֿון איר

מאַן]. קייפּטאָן, „קינדער״, 1960. 54 זז׳; **אַמאָל און הײַנט** (דערציילונגען). דאָרטן, 1963. 87 זז׳; **אויסגעטונקט אין טרערן** (לידער אויף דעם קבֿר פֿון אַ זון). קייפּטאָן, 1963. 87 זז׳.

אלימלך [ד. וואָלפּע], דרום־אַפֿריקע, יולי־אויג׳ 1960; ב. לעווינסקי, דאָרטן, מײַ־יוני, 1965; ב. אָרענשטיין, קענעדער אָדלער, מערץ 29, 1967; ז. פּלונג [ז. לעווי], דרום־אַפֿריקע, יולי־אויג׳ 1967.

**בענסמאַן, ט.** — **פֿרייד.** הילף־בוך פֿאַרן ערשטן לערניאָר. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1927. 207 זז׳ [מיט ע. אַלעקסאַנדראָווע]; **לייענביכל פֿאַרן צוגרייטונג־קלאַס.** דאָרטן, 1934. 129 [3] זז׳ [מיט ז. קולבאַק].

**בענעט, פֿייגע־רחל** — (סקערניעוויץ, פּוילן, 1898 — מעלבורן, 1979) — געלעבט אין לאָדזש און מערסטנס אין ראָדעם. פֿון 1938 אין מעלבורן. געשריבן זיכרונות אין **ראַדאָמער שטימע, קענעדער אָדלער, אויסטראַלישע יידישע נײַעס.** אין בוכפֿאָרעם: **דאָס איז מײַן לעבן.** מעלבורן, 1975. 326, 13 זז׳.

**בענעק, ק.** — (לאָדזש, אָקט׳ 24, 1905 — ) — געשריבן אין **פּאַריזער צײַטשריפֿט, פּאַריזער העפֿטן, אונזער וואָרט; שטערן** (כאַרקאָוו), **יידישע קולטור, מאָרגן־פֿרײַהייט** — נ״י,; **ישׂראל שטימע, לעצטע נײַעס** — ת״א; **דרום־אַפֿריקע** (יאָהאַנעס־בורג). ווערק: **אונטער די פּאַריזער הימלען** (דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן). פּאַריז, אויפֿסנײַ, 1957. 294 זז׳; **די ברווינע מעת־לעתן** (ראָמאַן). פּאַריז, 1972 253 זז׳; **ישׂראל אונדזער לאַנד** (דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן). פּאַריז, 1977. 285 זז׳; **די יידן פֿון נעכטן... און פֿון אייערנעכטן.** דערציילונגען, רעפּאָרטאַזשן, עסייען און בילדער. פּאַריז, 1983. 245 זז׳.

**בעקער, אַבֿרהם** — (טאַרטאַקאָוו, גאַליציע, מערץ 10, 1909 —) — געלערנט אין חדר, ישיבֿה און העברעיִשער גימנאַזיע. געענדיקט יורידישן פֿאַקולטעט פֿון לעמבערגער אוניווערסיטעט אין 1934. געווען אין געטאָ און זיך געראַטעוועט דורך אויסבאַהאַלטן זיך בײַ אַ קריסט. 1945 געקומען קיין איטאַליע, 1948 קיין ב״אַ און 1972 עולה געווען קיין ישׂראל. פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען אין **בדרך** (רוים, יידיש), **אידישע צײַטונג, די פּרעסע** — ב״אַ, **לעצטע נײַעס, יידישע צײַטונג,** — ת״א. רעד׳ יזכור־בוך **סאָקאַל** (1968). אין בוכפֿאָרעם: **קהילתיים.** ת״א, 1977. 286 זז׳ — וועגן הוסיאַטין און קאָפּיטשיניץ, יידיש־העברעיִש; **שיר השירים, אַקדמות, חד־גדיא.** ת״א, התקוה, 1984 88 זז׳ — איבערז׳ אין פֿערזן. [זע 540].

ש. קאַניץ, לעצטע נײַעס, ת״א, נאָוו׳ 12, 1976; מ. האַמפּעל, יידישע צײַטונג, ת״א, פֿעב׳ 18, 1977.

**בעקער, יעקבֿ** — (כעלם, פּוילן, מערץ 4, 1904 —) — געלערנט אין חדר. צו 14 יאָר געוואָרן אַן אַרבעטער. מיטגליד אין כעלמער שטאָטראַט און קהילה. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועט־רוסלאַנד. פֿון 1945 אַ פּאָר יאָר אין לאָדזש און סוף 1948 עולה געווען קיין ישׂראל. אַקטיוו בײַ לינקע פּוע״צ. געשריבן אַרטיקלען אין **כעלעמער פֿאָלקסבלאַט, אַרבעטער וואָרט** (פּאַריז), **ישׂראל שטימע, נײַ וועלט, על המשמר** — ת״א.

**בעקער, יעקבֿ־לייב** — (קאָראַנאָווע, ווײַסרוסלאַנד, דעצ׳ 5, 1890 — מאָנטרעאָל, מײַ 29, 1971) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. געלעבט אַ צײַט אין סמאָלענסק און פֿון 1912 אין מאָנטרעאָל. 1915 דעביוטירט מיט אַ סקיצע אין **קענעדער אָדלער.** באַטייליקט מיט אַרטיקלען און דערציילונגען אין **קאַמף, וואָכנבלאַט** — טאָראָנטאָ, ניו־יאָרקער **מאָרגן פֿרײַהייט, יידישע קולטור** א״אַ. אין בוכפֿאָרעם: **דערציילונגען און זכרונות.** מאָנטרעאָל, איקוף, 1956. 275 זז׳.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**בעקער, ישׂראל — (ביאַליסטאָק, יוני 13, 1917 —) — געלערנט אין חדר, ישיבֿה און „תחכמוני״־שול אין ביאַליסטאָק. געשפּילט אין יידישע וואַנדער־טרופּעס. 1940—1944 געלערנט אין מאָסקווער יידיש־מלוכהשער דראַמאַטישער שול. אין 1945 רעזשיסירט דעם חורבן־פֿילם לאַנג איז דער וועג און אָנגעשריבן דעם יידישן טעקסט. פֿון 1948 אין ישׂראל. ביז 1982 געשפּילט אין „הבימה״ און אויך רעזשיסירט מערערע פֿאָרשטעלונגען אירע. לעצטנס זיך פֿאַרנומען אויך מיט מאָלערײַ און אַרויסגעגעבן דעם אַלבאָם די בינע פֿון מײַן לעבן. ת״א, 1979. 84 זז׳ בילדער און 22 זז׳ ביאָגראַפֿישער אַרײַנפֿיר.

**בעקער משה־זכריה — (מינעאַפּאָליס, מינעסאָטאַ, יוני 8, 1950 —) — 1972 באַקומען זײַן B.A. אין שיקאַגער אוניווערסיטעט, 1974 — מאַגיסטער־טיטל פֿון בראַנדייס־אוניווערסיטעט אין אַמעריקאַנער געשיכטע, 1975 — מאַגיסטער־דיפּלאָם אין ביבליאָטעק־וויסנשאַפֿט פֿון מינעסאָטער אוני־ווערסיטעט. זיך געלערנט אין אוריאל ווײַנרײַך יידיש־פּראָגראַם בײַם קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט. 1976־1981 קאַטאַלאָגירער פֿון ייוואָ־ביבליאָטעק אין נ״י און פֿון 1981 ביבליאָטעקאַר פֿון יידיש־אָפּטייל פֿון דער יידישער פֿאָלקס־ביבליאָטעק אין מאָנטרעאָל. זינט 1976 רובריקיסט פֿון דער ביבליאָגראַפֿישער רשימה יידישע ביכער אין American-Jewish Annual (נ״י). אין בוכפֿאָרעם אַרויסגעגעבן אַ ביבליאָגראַפֿישע ליסטע פֿון יזכור־ביכער א״ט *From a ruined garden:* memorial books of Polish Jewry. New York, 1983. פֿאַרעפֿנטלעכט אַ צאָל אַרטיקלען אין פֿאַ״ש, אויפֿן שוועל, וועקער, יוגנטרוף — נ״י.

בעקער־זאַק, שלום — דאָס בוך פֿון נקמה: דאָס קליין־וועלטל — די משיח־פּראַגע. ת״א, 1957. 107 זז׳.

**בעקערמאַן, משה — (מעזריטש, פּוילן — לאָנדאָן, 1969) — געלעבט אין ביאַלע, פּוילן, אויסגעוואַנדערט קיין ענגלאַנד. געשריבן פֿון צײַט צו צײַט אין נײַע פּרעסע (פּאַריז) און לשון און לעבן (לאָנדאָן). אין בוכפֿאָרעם: אַמאָל און אַצינד [לאָנדאָן, 1971]. 144 זז׳.

**בער, ח. — ( — ) — געשריבן אין ש. ניגערס די נײַע וועלט (ווילנע, 1919). אויטאָר פֿון די לעגענדע וועגן באָלשעוויזם. מאָסקווע, צענטר. קאָמ., 1920. 48 זז׳.

בער, י. ל. — (1908 — וואַרשע, 1942).

**בערגאָליץ, ב. — ( — ) — אויטאָר פֿון לידערבוך פֿאַר עסטראַדע. כאַרקאָוו, ליטעראַטור און קונסט, 1933. 77 [2] זז׳.

**בערגמאַן, אהרן — (לאָדזש, 1896 — נ״י, יולי 21, 1963) — עמיגרירט קיין אַמעריקע אין 1921. 1927 געענדיקט יידישן לערער־סעמינאַר אין נ״י. לערער אין די „אָרדן״־שולן. אין בוכפֿאָרעם: אידיש [מיט א. גאָלדבערג]. אַרבעטבוך אויף שפּראַך פֿאַרן 4טן און 5טן לערניאָר. נ״י, אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אָרדן, 1936. 132 זז׳; אונדזער בוך [מיט־מחבר]. ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע פֿאַר מיטלשול. דאָרטן, 1939. 384 זז׳ [נײַע אויפֿל׳ — 1945, 1955]; יידיש. אַרבעטסבוך פֿאַר דער מיטלשול. העפֿטן 1, 2. נ״י [אָ״י]. 62 זז׳ [3טע אויפֿל — 1950. 131 זז׳]; אונדזער בוך. לייענבוך פֿאַרן ערשטן יאָר מיטלשול. נ״י, קאָמיטעט פֿאַר פּראָגרעסיווער יידישער דערציִונג, 1952. 208 זז׳; יידיש־ענגליש, ענגליש־יידיש ווערטערבוך. פֿאַר שול און היים. נ״י, קינדערלאַנד: 1968. 131, 141 זז׳.

**בערגמאַן, רחל — (קאַנדוי, קורלאַנד, 1897 — קייפּשטאָט, 1955) — 1919־1928 געלעבט אין ריגע, דערנאָך אין יאָהאַנעסבורג, קייפּשטאָט און לאָנדאָן. אין בוכפֿאָרעם: לידער און משלים. לאָנדאָן, 1958. 81, VI זז׳.

**בערגנער, הינדע** — **בלילות החורף הארוכים,** (תּ"א, 1982) — א. אַהרוניס איבערז' פֿון **אין די לאַנגע ווינטער־נעכט.**

**בערגנער, הערץ** — (— מעלבורן, יאַנ' 29, 1970) — **ווו דער אמת שטייט אײַן.** דערציילונגען. 1966. 301 זז'; **ליכט און שאָטן.** ראָמאַן. 1960. 456 זז'; **מ'דאַרף זײַן אַ מענטש.** דערציילונגען. 1971. 332 זז' — אַלע מעלבורן. פֿאַרטראָטן אין **לעבן און קאַמף** (מינסק, 1936).

***בערגעלסאָן, דוד** — **דאָס גאָלדענע קײַקעלע** [מעשׂה'לע]. קיִעווער פֿאַרלאַג [1917]. 7 זז'; **דרויב.** ערצעהלונגען. קיִעוו־פּעטערבורג, אידישער פֿאָלקס־פֿאַרלאַג, תּרע"ט. 476 [זז']; **שטורעמטעג.** דערציילונגען. קיִעוו, קולטור־ליגע, 1927. 290 [1] זז'; **דער צענגרובלדיקער** [דערציילונג]. מאָסקווע, עמעס, 1928 [59 זז']; **די ברויטמיל.** דראַמע אין 3 אַקטן. ווילנע, קלעצקין, 1930. 114 זז' (געשפּילט אויך א"נ **דער טויבער** און **אויבן און אונטן**); **דאָוויד בערגעלסאָן אין שול.** צונויפֿגעשטעלט ד. קורלאַנד און מ. האַדער. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1933. 248 זז'; **נאָכ אַלעמען.** ראָמאַן אין פֿיר טיילן. מאָסקווע, עמעס, 1935. 340 זז'; **יאָרדים** [דערציילונג]. דאָרטן, 1936. 18 [1] זז'; **שוויִוועט געדאַליע** [דערציילונג]. דאָרטן, 1936. 16 זז'; **צוגאַסט.** פֿאַרצייכענונגען (צו די וואַלן אין די אויבערראַטן פֿון די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן). דאָרטן, 1938. 18 [2] זז'; **בירעבידזשאַנער.** דערציילונג. דאָרטן, 1939. 275 [3] זז'; **לעבן פֿאַנצער־צוג** [דערציילונג]. דאָרטן, 1939. 50 [2] זז'; **שאָלעמ־אַלייכעמ.** דאָרטן, 1939. 29 זז'; **צוגאַסט.** פֿאַרצייכענונגען. ריגע, קאַמף, 1940. 14 זז'; **נאָוועלן.** וואַרשע, ייִדיש בוך, 1959. 117 זז'; **אַלע ווערק.** ב"אַ, איקוף, 1961. 4 בב'; **אויסגעוויילטע ווערק.** מאָסקווע, מעלוכע־פֿאַרלאַג, , 1961. 763 זז'; **אויסגעקליבענע שריפֿטן** [ב"אַ] יוסף ליפֿשיץ־פֿאָנד [1971]. 317 זז'. ב'ס **כ'וויל לעבן! לא אמות כי אחיה** (דראַמע, 3 אַקטן) איז געדרוקט אין איקוף־אַלמאַנאַך (נ"י, 1967, זז' 131־180). — פֿאַרטראָטן אין **בירעבידזשאַנ** (זאַמלונג), **דעקלאַמאַטער פֿונ דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, פֿאַר דער בינע, צומ זיג, קאָמיוג, פֿאַרנ היימלאַנד אינ שלאַכט!**

ש. בריאַנסקי, ד. בערגעלסאָנ אינ שפּיגל פֿונ דער קריטיק 1909־1932. קיִעוו, 1934. 77 [2] זז'; מ. מיזשיריצקי, דאָוויד בערגעלסאָנ. קיִעוו־כאַרקאָוו, 1935. 163 [2] זז'; נ. מײַזל, פֿאָרגייער און מיטצײַטלער. נ"י, 1946. זז' 304־314; ש. ניגער, ייִדישע שרײַבער אין סאָוועט־רוסלאַנד. נ"י, 1958. זז' 282־341; א. נאָווערשטערן, סטרוקטורעלע אַספּעקטן אין דוד בערגעלסאָנס פּראָזע: פֿון זײַנע אָנהייבן ביז מידת־הדין. (דיסערטאַציע, ירושלימער אוניווערסיטעט). [זע 540].

**בערגער, בנימין־הערצל** — (— תּ"א, אויג' 28, 1962).

**בערגער, יצחק־אַהרן** — (בירזש, ליטע, יולי 30, 1889 — נ"י, יולי 16, 1979) — **אין סוף פֿון טעג.** אַ זאַמלונג לידער. נ"י, 1965. 157 זז'. פֿאַרטראָטן אין מ. באַסינס **500 יאָר אידישע פּאָעזיע** (נ"י, 1917), זישע לאַנדויס **די אידישע דיכטונג אין אַמעריקע** (נ"י, 1919).

****בערגער, ישעיה** — (זינקעוו, אוקראַיִנע, 1907 — נ"י, יאַנ' 1, 1974) — העברעיִשער ליטעראַטור־ און פֿאָלקלאָר־פֿאָרשער. געשריבן אויך ייִדיש: אין **ייִוואָ־בלעטער** (נ"י, ב' 28: 1, ב' 29: 1) „צו די מקורים פֿון דער ערשטער מתּנה אין פּרצעס דרײַ מתּנות", א"אַ.

ט. פּרשל, הדואר, נ"י, י"ז טבת, תּשל"ד.

****בערגער, לילי** — (מאַלקין, ביאַליסטאָקער קרײַז, דעצ' 30, 1916 —) — נאָוועליסטין, ראָמאַניסטין, ליטעראַטור־קריטיקערין. באַקומען אַ טיף־רעליגיעזן חינוך. דרײַ יאָר געלערנט אין אַ העברעיִשער שול, 1933 געענדיקט פּויליש־ייִדישע גימנאַזיע אין וואַרשע. שטודירט פּעדאַגאָגיק אין בריסל און סוף 1936 זיך באַזעצט אין פּאַריז, ווו געווען

אַ לערערין אין ייִדישע צוגאָבשולן. בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע אַקטיוו אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. פֿון סוף 1949 ביז 1968 געלעבט אין וואַרשע און דערנאָך ווידער אין פּאַריז. — געשריבן אין פֿאַרשיידענע זשאַנערן: זשורנאַליסטיק, עסייִסטיק, ליטעראַטור־קריטיק, נאָוועלן, ראָמאַנען, איבערזעצונגען. מיטן קומען קיין פּאַריז אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין **נײַע פּרעסע**, שפּעטער אין חודשניק **אויפֿסנײַ** און וואָכנשריפֿט **די וואָך**. איצט באַטייליקט אין **אונזער וואָרט** (פּאַריז), **ישׂראל־שטימע** (ת״א), **צוקונפֿט** (נ״י), **דרום־אַפֿריקע** (יאָהאַנעסבורג), **דער וועג** (מעקסיקע), **חשבון** (ל״אַ). — אין בוכפֿאָרעם: **עסייען און סקיצן**. וואַרשע, ייִדיש בוך, 1965. 297 זז׳; **פֿון הײַנט און נעכטן**. דאָרטן, 299 זז׳; **נאָכן מבול** (ראָמאַן). דאָרטן, 1967. 267 זז׳; **אָפּגעריסענע צווײַגן**. נאָוועלן און דערציילונגען. פּאַריז, 1970. 229 זז׳; **צווישן שטורעמס**. ראָמאַן. ב״אַ, פֿרײַנדשאַפֿט, 1974. 398 זז׳; **אין גאַנג פֿון צײַט**. עסייען. פּאַריז, 1976. 339 זז׳; **פֿון ווײַט און פֿון נאָענט**. (נאָוועלן און דראַמאַטורגישע סקיצע וועגן יאַנוש קאָרטשאַק). דאָרטן, 1978. 247 זז׳; **נישט־פֿאַרענדיקטע בלעטלעך**. ראָמאַן. ת״א, ישׂראל־בוך, 1982. 276 זז׳ — וועגן לעבן פֿון אסתּר פֿרומקין. — איבערזעצונגען: עטל און יוליוס ראָזענבערג, **בריוו פֿון טויטן־הויז** (וואַרשע, 1953); אַדאָלף רודניצקי, **דער וועג צום הימל** (וואַרשע, 1962). אַרויסגעגעבן צווי ביכער אין פּויליש. — „לילי בערגער איז דער אַנטיפּאָד פֿון „טראַגישע ענטוזיאַסטן״, וואָס קומען פֿון אימפּעט. זי איז די ענטוזיאַסטין פֿון שׂכל, באַדאַכטקייט און לויטערקייט אין אויסדרוק [...] פּשטות איז איר זען און אויסדרוק, אָבער קיין מאָל נישט פּראָסטקייט צי ענגע שטעטלדיקייט״ (א. רויטמאַן); [דאָס בוך **צווישן שטורעמס**] „איז נישט קיין געשיכטע פֿון אויסערלעכע זאַווערוכעס, נאָר מאַטעריאַלן צו דער שטודיע פֿון מענטש, פֿון מענטשלעכן גײַסט [...] דאָס בוך פֿון לילי בערגער געהערט צום זעלבן מין ווערק ווי קאַפֿקאַס **פּראָצעס** און ווי אַרטור קעסלערס **פֿינצטערניש אין מיטן טאָג**. דער אונטערשייד איז אָבער דער, וואָס לילי בערגער באַנוצט זיך נישט מיט די פֿאַנטאַזיעס פֿון יענעם שרײַבער פֿון פּראָג און נישט מיט קיין אינטעלעקטועלע סילאָגיזמען פֿון קעסלערן, נאָר מיט לעבעדיקע, כאָטש אומגלייבלעכע, געשעענישן״ (אַבֿרהם שולמאַן). „די סאָציאַלע און מענטשלעכע פֿונקציע פֿון דער קונסט, אירע געזעלשאַפֿטלעכע און הומאַניסטישע טענדענצן — דאָס איז דאָס גרינדלעכסטע, וואָס לילי בערגער שטרײַכט אונטער אין אירע עסייען וועגן די ווערק איבער דער קלאַסישער און הײַנטצײַטיקער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור [...]. אַ סך נײַע און אָריגינעלע פֿאָרמולירונגען וועגן שלום־עליכמס קינדער־דערציילונגען [...]. זי געפֿינט שטענדיק עפּעס נײַס און מאַכט אייגנאַרטיקע אויספֿירן, אומדערוואַרטע אַנאַלאָגיעס״. (ל. פּאָדריאַטשיק).

ל. פּאָדריאַטשיק, סאָוועטיש היימלאַנד, מאָסקווע, מײַ 1963; ב. גרין, מאָרגן פֿרײַהייט, יולי 16, 1967. ל. דאָמאַנקעוויטש, צוקונפֿט, מײַ־יוני 1971; אַבֿרהם שולמאַן, דאָרט, נ״י, נאָוו׳ 1974; י. עמיאָט, פֿאָרווערטס, נ״י, פֿעב׳ 9, 1975; א. רויטמאַן, ישׂראל שטימע, ת״א, נאָוו׳ 1976; י. גלאַנץ, אונדזער וועג׳, מעקסיקע. אָקט׳ 1978.

## בערגער, מאיר — (— מעקסיקע, 1981).

## **בערגער, נתן — (קיידאַן, ליטע, יולי 5, 1910 —)
— געלערנט אין חדר און געענדיקט פּראָגימנאַזיע. געאַרבעט בײַ זעצערײַ אין קיידאַן, קאָוונע און יאָהאַנעסבורג, ווו זיך באַזעצט אין 1930. געשריבן אָפֿט אין **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג** און אַרויסגעגעבן די צײַט־פּאָעמע **בײַם ראַנד פֿון גאָלד**. יאָהאַנעסבורג, 1966. 48 זז׳. איז אויך דער אויטאָר פֿון דרײַ ענגלישע ביכער. מיטגרינדער פֿון דער דרוקערײַ „פּאַסיפֿיק פּרעס״, וואָס זײַן פֿאַרלאַג „קאַיאָר״ האָט אין זײַן דרײַסיק־יאָריקער עקסיסטענץ אַרויסגעגעבן כמעט אַלע ייִדישע און העברעיִשע ביכער אין דרום־אַפֿריקע.

ד. וואָלפּע, יום־טובֿ בלעטער, יאָהאַנעסבורג, חנוכּה, תּשכ״ז; י. אָקרוטני, אידישע צײַטונג, ב״אַ, אויג׳ 25, 1967; ד, פֿראַם, אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג, ראש־השנה תּשל״ח.

## בערדיטשעווסקי, מיכה־יוסף — **ייִדישע כּתבֿים פֿון אַ ווײַטן קרובֿ**. ירושלים, 1981. 225 זז׳

יידיש, 57 זז׳ ענגליש; **פרקי וולוז׳ין** (תרמ״ח): **עולם האצילות** — צרור מכתבים מאת בר־בי־רב (חולון, 1984).

ד. אלמגור, ש.פּישמן, נחלת מי״ב. מפֿתח ביבליוגרפֿי ליצירות מ.י. ברדיצ׳בסקי ולחיבורים על אודותיו. ת״א, 1982; צפּורה כּגן, מאגדה לסיפּורת מודרנית ביצירת ברדיצ׳בסקי. ת״א, 1983.

****בעריאָזקין, הירש** — (מאָלעוו, 1918 —) — ליטעראַטור־קריטיקער. געענדיקט מינסקער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. 1935 אָנגעהויבן דרוקן אין יידיש, שפּעטער אַריבער מערסטנס צו רוסיש. געשריבן אַרטיקלען וועגן י. פֿעפֿער, י. פֿינינבערג, מ. האַרצמאַן, מ. גרוביאַן, אַ. פּלאַטנער א״אַ. ב׳ס ביכער זײַנען אַרויס אין רוסיש.

ס״ה — לעקסיקאָן.

**בעריטש, לעאָן** — (מיהאַילען, רומעניע, 1897 — בוקאַרעשט, נאָוו׳ 20, 1980) — קאַרעקטער נאָמען: בערטיש. לידער־זאַמלונגען: **שטילע ווינקלען**, בוקאַרעשט, 1939. 59 זז׳; **פֿרײַהייט**, בוקאַרעשט, ליטעראַטור־פֿאַרלאַג, 1965. 78 [2] זז׳; **מעסאַזש**. בוקאַרעשט, קריטעריאָן, 1976. 120 זז׳. — באַטייליקט אין **בוקאַרעשטער זאַמלביכער** (1947).

****בערלינסקי, שלמה** — (קעלץ, פּוילן, יאַנ׳ 15, 1900 — תּל־אָבֿיבֿ, אויג׳ 14, 1959) — נאָוועליסט. ביז בר־מיצווה געלערנט אין חדר, דערנאָך אַוועק אויף דער לער בײַ אַ היטל־מאַכער. געלעבט אין לאָדזש, וואַרשע און 1941 אַנטלאָפֿן קיין סאָוועט־רוסלאַנד. פֿון 1946 אין יידישע פּליטים־לאַגערן אין דײַטשלאַנד און פֿון 1948 אין ישראל. — דעביוטירט מיט אַ נאָוועלע אין **דאָס פֿאָלק** (וואַרשע). מיטגעאַרבעט אין **לאָדזשער טאָגעבלאַט**, **פֿאָלקסבלאַט** (לאָדזש), **הײַנט**, **מאָמענט**, **אונזער עקספּרעס**, **ליטעראַרישע בלעטער** — וואַרשע א״אַ. פֿאַרעפֿנטלעכט דעם ראָמאַן **די נאָנע** אין **לעצטע נײַעס** (ת״א) און **פֿאָרווערטס** (נ״י). — אין בוכפֿאָרעם: **אינדרויסן**. וואַרשע, שקליאַר, 1930. 160 זז׳; **צו אַ נײַער וועלט**. וואַרשע, טורעם, 1933. 110 זז׳; **אַ לעבן גייט אויף**. וואַרשע, 1937. 124 זז׳; (נײַע אויפֿל׳ — מינכען, 1948); **געקליבענע דערציילונגען. מינסק.** 1941. 232 זז׳; **אַ דור פֿון בראשית.** מינכען, 1947. 130 זז׳; **ירושה** (דערציילונגען). ב״אַ, פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע יידן, 1956. 193 זז׳; **בילדער און דערציילונגען**, ת״א, פּרץ, 1958. 245 זז׳. אין העבר׳ איבערז׳ [דורך אַנדערע]: **בשחר חיים** [איבערז׳ פֿון **אַ לעבן גייט אויף**]. ת״א, 1950; אַ זאַמלונג דערציילונגען א״ט **ירח אדום**. ת״א, 1954. „בערלינסקי פֿאַרמאָגט שרײַבערישע מעלות, וואָס שטעלן אים אַוועק צווישן אונדזערע בעסערע און אַפֿילו טייל מאָל בעסטע דערציילערס. בערלינסקי דער דערציילער האָט זײַן אייגנס אַן אָריגינעלע און פֿרישע בילדערישקייט און זײַן דערציילונג אָטעמט מיט אינטענסיווער בילדערישקייט. ער איז אַ שרײַבער מיט היפּש־שטאָטישע ראַפֿינירטקייטן און דערבײַ אַזאַ היימישער, אַזאַ צאַרט־היימישער אין מלכות פֿון בוים און גראָז״ (ש. ביקל). „אַש און זינגער האָבן וועגן לאָדזש געשריבן פֿון אויבן אַראָפּ, אַזוי צו זאָגן, אָבער פֿאַראַנען אויך שרײַבערס, וואָס שרײַבן וועגן לאָדזש פֿון אונטן אַרויף, טאַקע פֿון דער פּערספּעקטיווע פֿון דעם קעלער־פֿענצטער... פֿאַראַנען עטלעכע אַזעלכע, איינער פֿון זיי איז ש. בערלינסקי... אפֿשר זײַנען בערלינסקיס נאָוועלן מער מאַטעריאַל ווי קונסט, מער וואַרהייט ווי דיכטונג, מער אמת ווי ליגנס — וואָלט איך געוואַגט צו זאָגן...״ (מ. ראַוויטש).

מ. ראַוויטש, מײַן לעקסיקאָן, 1; ש. ביקל, טאָג־מ״זש, יולי 7, 1957; ש. ביקל, שרײַבער פֿון מײַן דור, נ״י, 1958. זז׳ 339—344; י. גלאַטשטיין, אידישער קעמפֿער, נ״י, פֿעב׳ 28, 1958; י. וואַרשאַווסקי [י. באַשעוויס], פֿאָרווערטס, מערץ 9, 1958; אַ. לעוו, ישראל־שטימע, ת״א, מערץ 13, 1958; י. קייטלמאַן, פֿאָרווערטס, אויג׳ 28, 1959; ג. מײַזל, יידישע קולטור, נ״י, 1960:7.

**בערלינער, יצחק** — (— מעקסיקע, יאַנ׳ 27, 1957).

**בערלעוו, הענריק** — (— פּאַריז, 1967).

**בערמאַן, אַדאָלף** — (— ת״א, מערץ 4, 1978). **וואָס דער גורל האָט מיר באַשערט**. מיט יידן אין וואַרשע, 1939—1942. חיפֿה, בית לוחמי הגיטאות. תשמ״א. 328 זז׳. אין העבר׳ איבערזעצונג, דורך ש.

אבֿן־שושן, **במקום אשר יעד לי הגורל** (ת״א, 1978). אַרויסגעגעבן אויך **מימי מחתרת** (איבערגעז׳ דורך אַנדערע, ת״א, 1971).

**בערמאַן, ישראל** — (— ת״א, פֿעב׳ 2, 1959).

****בערמאַן, לאַזאַר** — ( ) מחבר פֿון **ברויט־זאַוואָד.** כאַרקאָוו־קיִעוו, 1933. 29 [2] זז׳.

****בערמאַן, פּינחס** — (אַנטאָפּאָל, פּאָלעסיע, 1892 — ל״אַ, אויג׳ 12, 1974) — אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער און דערציילונגען אין **פֿרײַע געזעלשאַפֿט, פֿאַ״ש, קיבעצער, קונדס, פֿאָרווערטס, פֿרײַנד, לאָס אַנדזשעלעסער צײַט, פּאַסיפֿישע פֿאָלקסצײַטונג** (1921), **קענעדער אָדלער**, א״אַ. אין בוכפֿאָרעם: **אָפֿענע פֿענצטער**, לידער. ת״א, פּרץ, 1960. 178 זז׳; **ליבשאַפֿט.** דאָרטן, 1974. 342 זז׳. פּסעווד׳: פּינטשע, פּיניקוס.

****בערנאַרד, ל.** — (לאָדזש, 1908 — פּאַריז, אָקט׳ 15, 1972) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. געענדיקט גימנאַזיע און געשטודירט אין שטראַסבורג. 1931 באַקומען דיפּלאָם ווי כעמיע־אינזשינער און 1936 — מאַגיסטער־טיטל אין ביאָלאָגיע. בעתן צווייטן וועלטקריג אין שווייץ. אַקטיוו קאָמוניסטיש. אַ קורצע צײַט רעד׳ פֿון לינק־פּועלי־ציוניסטישן **אַרבעטער־וואָרט** (פּאַריז). געשריבן אין **פּאַריזער צײַטשריפֿט.** זיך פֿאַרנומען מיט ייִדיש־פֿאָרשונג און געאַרבעט אויף אַ ייִדיש־פֿראַנצייזישן און פֿראַנצייזיש־ייִדישן ווערטערבוך, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן דורך זײַן פּריצײַטיקן טויט.

**בערניקער, פּינחס** — בֿ׳ס ראָמאַן **ערשטע טריט**, וועגן ייִדישן לעבן אין קובאַ, איז שפּעט זומער 1939 געוואָרן אין ווילנער קלעצקין־פֿאַרלאַג צום דרוקן, אָבער מיטן אויסברוך פֿון צווייטן וועלטקריג איז דער מאַנוסקריפּט פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. נאָר עטלעכע קאַפּיטלעך זײַנען געדרוקט געוואָרן אין **מעקסיקאַנער שריפֿטן** (1937) און דערנאָך אין **האַוואַנער לעבן** (1944). בֿ׳ס חנוכּה־שפּיל **אַ נס** איז אַרויס אין נ״י דורך ועד המחנכים העבֿרים למען ארץ־ישראל העובֿדת.

****בערנפֿעלד, יוסף** — (קאָלאָמיי, גאַליציע, מײַ 16, 1893 — פּאַריז, מײַ 10, 1972) — ייִדיש־פֿאָרשער. לאַנגע יאָרן געלעבט אין טשערנאָוויץ, ווו ער האָט באַקומען זײַן ד״ר־טיטל פֿילאָלאָג־גערמאַניסט אין דאָרטיקן אוניווערסיטעט. נאָכן צווייטן וועלטקריג זיך באַזעצט אין פּאַריז. געשריבן פֿאָרשערישע אַרטיקלען אין דער ייִדישער פּרעסע. זײַנע לעצטע צוואַנציק יאָר געאַרבעט אויף דער ייִדישער איבערז׳ פֿון איליאַדע.

גאָלדענע קייט, ת״א, 1972: זז׳ 262; מ. וואַלדמאַן, לעבנס־פֿראַגן, ת״א, מײַ־יוני 1972.

**בערנשטיין, בן־צבֿי** — (פּרעמישלאַן, גאַליציע — נתניה, אַרום 1981) — געלערנט אין חדר. דורכגעמאַכט היטלער־חורבן. עמיגרירט קיין לאָנדאָן, שפּעטער עולה געווען קיין ישׂראל. אין בוכפֿאָרעם: **זכרונות און געשטאַלטן.** לאָנדאָן־ת״א, 1962—1982, 2 בב׳. העברעיִש: **ההגדה החדשה.** לאָנדאָן, 1944; **תמונות מחיי עמנו.** דאָרטן, 1948.

****בערנשטיין, לעאָ** — (שקוד, ליטע, דעצ׳ 27 1914 — ת״א, מערץ, 1983) — געענדיקט ווילנער אוניווערסיטעט מיטן ד״ר־טיטל פֿון מאַטעמאַטיק און פֿילאָסאָפֿיע. דורכגעמאַכט ווילנער געטאָ און פּאַרטיזאַנקע. שפּעטער אין רוים, וואו געווען פֿירנדיקער מיטגליד פֿון „מרכז אירגון הפליטים״ אין איטאַליע. פֿון 1949 אין ישׂראל. פּראָפֿעסאָר פֿון מאַטעמאַטיק אין די אוניווערסיטעטן פֿון ירושלים און שיקאַגאָ. מיטגעאַרבעט אין **בדרך** (רוים, ייִדיש, דרײַמאָל אַ וואָך) און **הגשר** (ת״א). פֿאַרעפֿנטלעכט אין **צוקונפֿט** (נ״י, 1947) אַ לענגערע פּאָעמע „סאָניאַ רעכטיק״. געשריבן אויף דײַטש אַרטיקלען וועגן

מאַטעמאַטיק. אין בוכפֿאָרעם: **אויף מאָרגן** [וועגן ווילנער געטאָ] דראַמע, רוים, 1946. 66 זז׳ (מימיאָגראַפֿירט); **צוזאַמענאַרבעט מיטן דזשאָינט.** רוים, 1948. 63 זז׳. איבערגעזעצט אַ. סוצקעווערס פּאָעמע **כל נדרי** אויף דײַטש (באַזעל, ייִדישע רונדשאַו, 1956).

**בערנשטיין, מרדכי־וועלוול** — (נ״י, אַפּריל 21, 1966) — **נישט דערבערענטע שײַטן.** ב״אַ, ייִוואָ, 1956. 348 זז׳; **דער ספֿר — אונדזער פּאָן.** מאָנאָגראַפֿיעס... פֿון ייִדישן דרוק־וועזן. ב״אַ, ביכער־וועלט, 1957; **דאָס איז געווען נוסח אַשכּנז.** ב״אַ, ייִדבוך, 1960. 345 זז׳. רעד׳ **פּנקס פֿון פֿינף פּאַרטיליקטע קהילות.** ב״אַ, 1958. 972, 13 זז׳.

**בערנשטיין, משה**** — (קאַרטוז־בערעזע, פּוילן, אויג׳ 15, 1920 —) — מאָלער, דיכטער. געלערנט אין חדר, ישיבֿה און „תּרבות״־שול. 1939 געענדיקט קונסטשול אין ווילנע. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און פֿון 1947 אין א״י־ישׂראל. געשריבן לידער אין **יוגנט־וועקער** (וואַרשע), **גאָלדענע קייט, לעצטע נײַעס,** א״אַ — ישׂראל. אַלבאָמען מיט לידער: **ייִדישע געשטאַלטן.** ת״א, יבֿנה, 1957. 12 זז׳; **ייִדישע סוזשעטן.** ת״א, 1963. 14 זז׳; **די באַלאַדע פֿון ייִדישן שטעטל.** ת״א, 1965. 18 זז׳; **מײַנע אינטימע מינוטן.** לידער. ת״א, 1975. 48 [3] זז׳. אילוסטרירט א. מאַנגערס **שטערן און שטויב** (1967) און **צען לידער און באַלאַדן** (1982). 1982 באַקומען די מאַנגער־פּרעמיע. ב׳ איז „דער זינגער און מאָלער פֿון דער [...] אומגעבראַכטער וועלט, אין וועלכער עס האָט זיך געפֿונען זײַן וועלט״. (י. יאַנאַסאָוויטש).

י. קאָרנהענדלער, ישׂראל שטימע, ת״א, מערץ 10, 1975; מ. צ־ן [צאַנין], לעצטע נײַעס, ת״א, מײַ 9, 1975; ד. גלעדי, מעריבֿ, ת״א, מײַ 23, 1975; י. יאַנאַסאָוויטש, פּאָלקסבלאַט, ת״א, יולי 1975; א. ליס, אין דער מחיצה פֿון שאַפֿער. ת״א, 1978. זז׳ 188—195; י. לודען, לעצטע נײַעס, יאַנ׳ 15, 1982.

**בערנשטיין, שמעון־גרשון** — (אויג׳ 8, 1882, — נ״י, דעצ׳ 19, 1962)

**בערנשטיין, תּנחום**** — (לאָדזש, 1898 — נ״י, אָקט׳ 3, 1969) — 1923 עמיגרירט קיין אַמעריקע. פֿאַרבונדן מיט די שולן פֿון אַרבעטער־רינג, דירעקטאָר פֿון אַ״ר־מיטלשול אין נ״י. געשריבן אָפּהאַנדלונגען וועגן קולטור־און שול־פּראָבלעמען אין **קולטור און דערציאונג** און **פֿרײַנד** — נ״י.

**בערסאָן, יוסף**** — ( — ) — מחבר פֿון **פֿריהלינגס־טויט.** איינאַקטער פֿונ׳ם אַרבייטער־לעבען (חאַרקאָוו), אידיש [1918]. 22 זז׳.

**בערעביטשעס, י.** — (— מעקסיקע, מײַ 8, 1984) — **אויף די ראַשיקע וועגן פֿון ציון.** מעקסיקע, 1962. 112 זז׳.

**בערעגאָווסקי, משה** — (דעצ׳ 15, 1892 — קיִעוו, אויג׳ 12, 1961) *Old Jewish folk music:* the collections and writings of Moshe Beregovski. Philadelphia, 1982.

**בערעזין, משה** — (— פֿילאַדעלפֿיע, מערץ 15, 1973).

**בערקאָוויטש, זעליק**** — (קלאָבוצק, פּוילן, מערץ 18, 1912 —) — געלעבט אין לאָדזש, וווּ דורכגעמאַכט דעם געטאָ און דערנאָך קאַצעטן. 1946 זיך באַזעצט אין שטאָקהאָלם. מיטרעד׳ פֿון **ייִדיש קולטור אין סקאַנדינאַוויען** (שטאָקהאָלם, נומ׳ 1 — 1977). פֿון 1974 גיט ב׳ אַרויס פּעריאָדיש צוויי געדרוקטע זײַטן אויף ייִדיש. אין בוכפֿאָרעם: **אָפּגעטאַרט די טויטע.** 1972, 15 זז׳; **מײַן שטעטל קלאָבוצק** (דערמאָנונגען). 1975. 126 זז׳ [מאַשינשריפֿט]; **אַ שפּאַציר איבערן שטעטל.** תּשמ״א, 68 זז׳ — וועגן קלאָבוצק — אַלע אין שטאָקהאָלם.

**בערקאָוויטש, יצחק דובֿ** — (— ת״א, מערץ 29, 1967) — **אונדזערע ראשונים.** זכרונות, דערציילונגען וועגן שלום־עליכם און זײַן דור, ת״א, המנורה, תשכ״ו. 5 בב׳; **באַגינען.** ראָמאַן. דאָרטן, 1968. 439 זז׳; **קינדער־יאָרן** [ת״א] פּרץ [1970]. 257 זז׳; **מנחם־מענדל אין ארץ ישׂראל.** ת״א, תשל״ג. 244 זז׳.

מבֿחר מאמרים על יצירתו. ת״א, תשל״ו.

****בערקאָוויטש, ישׂראל** — (באָטאָשאַן, רומעניע, דעצ׳ 20, 1921 —) געלערנט צאָנטעכניק, שפּעטער געענדיקט אוניווערסיטעט. 1955—1982 ליטעראַרישער אָנפירער פֿון בוקאַרעשטער ייִדישן מלוכה־טעאַטער. מחבר און רעזשיסאָר פֿון קליינ־קונסט־ספּעקטאַקלען. 1948־1953 רעד׳ **איקוף־בלעטער** (בוקאַרעשט). דאָרטן, ווי אויך אין **וועגווײַזער**, געשריבן אַרטיקלען און לידער. אין בוכפֿאָרעם: **אין די אויגן פֿון אַ שוואַרצער קאַווע.** לידער. בוקאַרעשט, קריטעריאָן, 1974. 113 זז׳; **הונדערט יאָר ייִדיש טעאַטער אין רומעניע, 1876—1976.** דאָרטן, 1976. 308 [1] זז׳; **פּליִענדיקע אותיות** [לידער]. דאָרטן, 1984. 64 זז׳.

**בערקאָוויטש, ל[ייב]** — (מערץ 12, 1897 — סעפּט׳ 2, 1958).

**בערקאָוויסי, קאָנראַד** — (דעצ׳ 27, 1960).

****בערקמאַן, יונה** — (אָשמענע, ווילנער געגנט, אָקט׳ 12, 1904 —). דיכטער, געלערנט אין חדר און אין דער ווילנער ייִדישער רעאַל־גימנאַזיע. פֿאָטאָגראַף. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועט־רוסלאַנד. 1946 צוריק אין פּוילן און 1950 עולה געווען קיין ישׂראל. — זינט 1964 געדרוקט בעיקר לידער, אַ מאָל אויך אַ נאָוועלע אָדער רעצענזיע אין **ישׂראל שטימע, גאָלדענע קייט, פֿאָלקסבלאַט, לעצטע נײַעס, פּראָבלעמען, לעבנס־פֿראַגן** — ת״א, **ירושלימער אַלמאַנאַך: צוקונפֿט, פֿאָ״ש** — נ״י, **אונזער קיום** (פּאַריז) א״אַ. לידער־זאַמלונגען: **המשך.** ת״א, פּרץ, 1971. 173 [3] זז׳; **ווײַ־פֿרייד.** דאָרטן, 1977. 158 [2] זז׳. איבערגעז׳ אויף העברעיִש: י. קלעניצקי, **אַזאַ איז געווען זייער גורל**, ש. טשעכעווערס **נשמה־ליכט.** י. פֿרידמאַנס **בלעטער פֿון מײַן לעבן**, י. צ. רמונס **לידער** (1983). 1978 באַקומען די פֿינסקי־פּרעמיע.

י. ח. בילעצקי, פֿאָלקסבלאַט, ת״א, סעפּט׳ 1971; א. באַראַבאַן, ייִדישע צײַטונג, ת״א, אויג׳ 4, 1972; ר. קאָפּע, ישׂראל שטימע, ת״א, נאָוו׳ 29, 1972; י. צ. שאַרגעל, פֿון אָנהייב אָן. ת״א, 1977. זז׳ 204־208; ש. קאַנץ, כּוח פֿון אותּ. ת״א, 1979; ח. זעלצער, לעצטע נײַעס, ת״א, יולי 25, 1980; מ. חלמיש, על המשמר, ת״א, סעפּט׳ 11, 1981.

**בר־יהודה, ישׂראל** — (— ירושלים, מײַ 4, 1965).

**בר־עוזי, ש.** — (ראַדזימין, פּוילן, ניסן א׳, 1904 —) — פּסעוודאָנים פֿון שמשון ליווערענט. 1923 אַנטלאָפֿן קיין סאָוועט־רוסלאַנד. דאָרטן געלערנט אין אַ הויכשול און זיך ספּעציאַליזירט ווי אַ זאָאָ־טעכניקער. 1937 אַרעסטירט און פֿאַרשיקט אין אַ לאַגער. געקומען קיין ישׂראל אין 1971. זײַנע זכרונות פֿון טורמע און לאַגער באַשריבן אין **מײַן יסורים־וועג.** ת״א, נײַ לעבן, 1983. 300 זז׳. לעבט אין ירושלים. [זע 540].

**בראָדסקי, יעקב** — (— שיקאַגאָ, דעצ׳ 28, 1980).

**בראָדער, בערל** — פֿאַרטראָטן אין **די עלטערע ייִדישע ליטעראַטור** (קיִעוו, 1929), **דער אַרבעטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור, פֿאַרגעסענע לידער** (מאָסקווע, 1939).

**בראָדערזאָן, משה** — (— וואַרשע, אויג׳ 17, 1956. קבֿורה חיפֿה, דעצ׳ 11, 1970) — **שׂיחת חולין, איינע פֿון די געשיכטען.** ת״א, 1957 [ניט נומערירט]; **אויסגעקליבענע שריפֿטן.** ב״אַ, ליפֿשיץ־פֿאָנד [1959]. 268 זז׳; **דאָס לעצטע ליד.** ת״א, פּרץ, 1974. 272 זז׳ — פֿאַרטראָטן אין **מוט, צום זיג, אין פֿײַערדיקן דויער.**

ש. ניגער, יידישע שרײַבער אין סאָוועט־רוסלאַנד. נ״י, 1958. זז׳ 262־281; ש. ראָזשאַנסקי, משה בראָדערזאָן. ב״אַ, 1959. 21 זז׳; שיינע־מרים בראָדערזאָן, מײַן לײַדנסוועג מיט משה בראָדערזאָן, ב״אַ, 1960. 182 זז׳.

**בראון, לאה** — (1890 — נ״י, סעפּט׳ 1, 1970).

**בראון, מאיר** — (— נ״י, נאָוו׳ 2, 1965) — **מיט אידישע אויגן.** נ״י, פֿאַרבאַנד, 1958. 320 זז׳.

**בראון, קייטי** — **אַלץ אין איינעם,** פעליעטאָנען, סקיצן און ערצעהלונגען, לאָנדאָן [1951].

****בראַז, ליפּמאַן** — (ווילנע, מערץ 14, 1898 — ריגאָ, 1970) — געענדיקט די קאַגאַן־גימנאַזיע אין ווילנע. פֿון 1919 אין קאָווגע, ווו געשריבן יאָרן לאַנג אין **דוסקאַיאַ סלאָווא.** דורכגעמאַכט דאַכאַו און פֿון 1947 אין ריגאָ. געווען מיטאַרבעטער אין **אידישע פרעסע** (ריגאָ) ביז זײַן טויט.

**בראָט, יצחק** — **אין היימישן שפּיגל.** ת״א, המנורה, 1974. 382 זז׳; **אַראָפּגעלאַכט פֿון האַרצן.** הומאָר און סאַטירע. דאָרטן, 1976. 335 זז׳.

**בראַכמאַן, אַ[לעקסאַנדער]** — (האָמעל, ווײַסרוסלאַנד, 1884—1942) — אומגעקומען אויפֿן פראָנט אין צווייטן וועלטקריג.

**בראָכעס, רחל** — זע: ברכות, רחל.

**בראָכעס, ש.** — **נאַטורוויסנשאַפֿט.** מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1927. 226 זז׳ [מיט ד. שאַפּיראָ].

**בראָמבערג, אַבֿרהם יצחק** — (— ירושלים, פֿעב׳ 4, 1975).

****בראָמבערג, דוד** — (הײַסין, אוקראַיִנע, 1915 —) — דיכטער. 1932 דעביוטירט מיט לידער אין **זײַ גרייט, פֿאַרמעסט.** די לעצטע 19 יאָר דרוקט זיך אָפּט אין **סאָוועטיש היימלאַנד.** ב׳ס אַ זאַמלונג לידער איז אַרויס אין רוסיש. פֿאַרטראָטן אין **קינדער־שאַפֿונג** (כאַרקאָוו, 1935). אין בוכפֿאָרעם: **עלטער אַף אַ יאָר.** לידער, באַלאַדעס, מײַסעלעך. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1977. 158 זז׳.

**בראָנפּמאַן, איציק** — (כאַשטשעוואַטע, אוקראַיִנע, 1912 —) — געאַרבעט ווי אַ מאַשיניסט אין אַ לאָקאָמאָטיוו־דעפּאָ. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1929. פֿאַרטראָטן אין זאַמלונג **יידישע אַווטאָנאָמע געגנט** (כאַבאַראָווסק, 1960). לעבט אין בירָאָ־בידזשאַן.

**בראָנשטיין, יאַשע** — (ביעלסק, ווײַס־רוסלאַנד, 1897—1937)

**בראָנשטיין, יחזקאל** — (— ל״אַ, דעצ׳ 26, 1968) — **אונטער איין דאַך** [ל״אַ, 1956]. 207 זז׳; **אינאיינעם און באַזונדער.** עסייען. [ת״א], פּרץ, 1960. 276 זז׳; **פֿון אייגן הויז.** ת״א, המנורה, 1963. 318 זז׳; **אין פּרדס פֿון יידיש.** דאָרטן, 1965. 257 זז׳; **פֿרייד פֿון יצירה.** דאָרטן, 1968. 266 זז׳.

**בראָנשטיין, צבֿי — (לעבן קאַמעניץ־פּאָדאָלסק, 1906 — ב״א, אָנהייב יאַנ׳ 1981) — באַקומען יידיש־רעליגיעזן חינוך און אַלגעמיינע בילדונג. אָנהייב צוואַנציקער יאָרן עמיגרירט קיין אַרגענטינע. לערער און דירעקטאָר פֿון העברעיִש־יידישע שולן. געשריבן וועגן ייִדישער דערציִונג און העברעיִשע שרײַבערס אין **אידישע צײַטונג**, **די פּרעסע**, **שרײַבער־טריבונע** — ב״א. רעד׳ פֿון העבר׳ זשורנאַל **דרום** (ב״א).

י.ה.

**בֿרוידע, יוסף — (ברײַנסק, פּוילן, 1922 — ) — מחבר פֿון **זכרונות פֿון אַ ייִדישן פּאַרטיזאַן אין די ברײַנסקער וועלדער**. ת״א, 1969. 255 זז׳.

**ברוידע, מאיר — (סאָסניצע, אוקראַיִנע, אַפּריל 5, 1892 — ) — געלערנט אין תּלמוד־תּורה. געלעבט אין פּאָלטאַווע, אַדעס, געוואַנדערט איבער שטעט און שטעטלעך אין רוסלאַנד, געשפּילט און אָנגעפֿירט מיט טרופּעס און דראַמקרײַזן. 1925—1930 אין מאָסקווער טעאַטער־סטודיאָ „פֿרײַקונסט״. געשפּילט אין מאָסקווער רוסישן טעאַטער; צען יאָר, מיט קליינע איבעררײַסן, אין אַדעסער ייִדישן מלוכה־טעאַטער, נאָך 1948 — אין ליטווישן טעאַטער. פֿון 1956 אין ישׂראל. זײַן לאַנג אַקטיאָריש נע־ונד־לעבן באַשריבן אין זײַן **קוליסן און הינטערקוליסן**. זכרונות, באַגעגענישן, געשטאַלטן אין ייִדישן טעאַטער אין סאָוויעט רוסלאַנד. ת״א, המנורה, 1974. 256 זז׳ און [אַ צוגאָב] ת״א, 1982. 95 זז׳.

**ברוידע, פּנחס** — נאָמען פֿון שטעטל — שאַדעווע.

**ברוידעס, עקיבֿא** — זאָל האָבן געשטאָרבן 1937 אין קאַליפֿאָרניע.

**ברוידעס, ר.א.** — פֿאַרלאַג פֿון **דאָס אומגליק איז סנונית**, באַקאַנטער העבר׳ פֿאַרלאַג בשעתו.

**ברומבערג, יוסף** — ( — נ״י, יאַנ׳ 3, 1965)

**ברוסילאָוו, ניסן** — ( — נ״י, יאַנ׳ 1977) — **די שטילע ערד**. ראָמאַן. נ״י, ציקאָ, 1957. 365 זז׳.

** **ברוק, מנוחה** — ( ) — צונויפֿגעשטעלט **דער דערציילער** (ליטעראַרישער זאַמלבוך צום פֿאָרלייענען). מאָסקווע־מינסק, צענטרפֿאַרלאַג, 1932. 130. [2] זז׳. י. קיפּניס איבערגעז׳ ב׳ס **דרײַצן אונדזערע** (קיִעוו, 1930).

***ברוקער, חיים־זעליק** — ב׳ס היסטאָרישער ראָמאַן **דער אַלטער וואַלד־בעוואָהנער** איז פֿריִער געדרוקט געוואָרן אין **היועץ** (בוקאַרעשט, 1976), שפּעטער איבערגעדרוקט אין 4 העפֿטן אין בוקאַרעשטער **דיא יודישע ביבליאָטהעק** (1899). זיך געדרוקט אויך אין **דער וואַהרע היועץ** (בוקאַרעשט)

י.קאַ.

****ברוקשטיין, יוסף־לייב** — (מונקאַטש, טשעכאָסלאָוואַקיע, יולי 27, 1920 — ) — דראַמאַטורג, פּראָזאַיִקער, פּובליציסט. געלערנט אין חדר און אין פֿאָטערס הויז. שטאַמט פֿון דורות רבנים־סופֿרים. 1938 געענדיקט האַנדל־הויכשול אין סיגעט און 1952 אַקאַדעמישע שטודיעס אין ליטעראַטור אין בוקאַרעשט. דורכגעמאַכט אוישוויץ, זיך אומגעקערט קיין רומעניע, געווען פּראָפֿעסאָר פֿאַר טעאַטער־געשיכטע אין סיגעטער קונסטשול. — פֿאַרעפֿנטלעכט פּיעסעס, דערציילונגען, פּובליציסטיק אין ייִדיש, רומעניש און אונגעריש. טייל פֿון בֿ׳ס פּיעסעס זײַנען אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין ייִדישע און

פּרעמדשפּראַכיקע טעאַטערס. רעד׳ דעם חודשניק **אונזער לעבן** (1947, 1—4 נומ׳). אין בוכפֿאָרעם: **נאַכט־שיכט.** פּיעסע. בוקאַרעשט, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1950. 68זז׳: **די משפּחה גרינוואַלד.** פּיעסע. דאָרטן, 1957. 100 זז׳. אין העבר׳ איבערזעצונג: **הווידוי** (ת״א, 1975); **שלוש היסטוריות** (ת״א, 1983). דער איינאַקטער די **שכנטע** איז געדרוקט אין **קולטור־וועגווײַזער** (בוקאַרעשט). די פּיעסן און איינאַקטערס **דור המידבר, אַ ניט־פֿאַרענדיקטער פּראָצעס, אין הימל ווי אויף דער ערד** (אַ דראַמאַטישע דערציילונג וועגן בעש״ט), **ערד און ברידער, אַ ניט־דערוואַרטער גאַסט, האַרבסט־קלאַנגען, אָפּגעשמינקט, צוריקקער פֿון קריסטאָפֿאָר קאָלאָמבוס, ווײַסע נעכט** — זײַנען אויפֿגעפֿירט געוואָרן טייל אין בוקאַרעשטער ייִדישן טעאַטער און מערסטנס אין רומעניש.

נ. מייזיל, צוריקבליקן און פּערספּעקטיוון. ת״א, 1962. ז׳ 200; י. מעסטעל, ליטעראַטור און טעאַטער. נ״י, 1962. זז׳ 315־316; ש. פּאָלאַק, כתבֿ־עת צײַטשריפֿט, בוקאַרעשט, דעצ׳ 1969; נ. מאַרק, ייִדיש ליטעראַטור אין רומעניע. חיפֿה, 1971. אינדעקס; וו. טאַמבור, ייִדישע פּרעסע אין רומעניע. בוקאַרעשט, 1972. אינדעקס; י. בערקאָוויטש, הונדערט יאָר ייִדיש טעאַטער אין רומעניע. בוקאַרעשט, 1976. זז׳ 212—214. אַ סך רעצענזיעס וועגן ב׳ האָבן זיך געדרוקט אין דער רומענישער און אונגערישער פּרעסע.

ר.ג.

## ברזילי, ישׂראל — (— ירושלים, יוני 12, 1970)

## ברידזשער, דוד — (— ל״אַ, יוני 22, 1967) —

**חנה סענעש און אַנדערע דערציילונגען.** מעקסיקע, ייִדישע שול, 1960. 63 זז׳.

## ברייטמאַן, מאָטל — (1888 — טשערנאָוויץ, יאַנ׳ 1962)

## ברײַנסקי, שלמה — מענטשן פֿון זשעלעכאָוו.

ב״אַ, פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן, 1961. 261 זז׳

## בריל, ה. — (ביאַליסטאָק, 1902 — 1937) —

אַרעסטירט און אומגעקומען אין אַ לאַגער.

## ברינד, נחום — (— נ״י, נאָוו׳ 16, 1976)

## **בריסטאָווסקי, חיים יעקבֿ — (לאָדזש, מערץ 2, 1892 —) —

זינט 1915 מיטאַרבעטער פֿון **לאָדזשער פֿאָלקסבלאַט** (שפּעטער א״נ **נײַער פֿאָלקסבלאַט).** אַרויסגעגעבן אַ וועכנטלעך וויצבלעטל **דער תכשיט** (1922—1924). אין בוכפֿאָרעם: **מלחמה־צײַט.** לאָדז, 1916. 72 זז׳ — אַ זאַמלונג גאַסנבילדלעך און מאָנאָלאָגן. פֿאַרפֿאַסט אַ צײַטונג־ראָמאַן **אַ וועבער־הויף.**

ז.רייזען, 1.

## בריסטיגער, ישׂראל — (— לעמבערג, 1935)

## **בריקס, ירחמיאל — (— סקאַרזשיסק, פּוילן, אַפּריל 12, 1912 — נ״י, אָקט׳ 2, 1974) —

באַקומען טראַדיציאָנעל־ייִדישע דערציִונג. ייִנגלווײַז אַריבער קיין לאָדזש, געטאָן פֿאַרשיידענע אַרבעטן און אויך געשפּילט אין דער ייִדישער טעאַטער־סטודיאָ. דורכגעמאַכט לאָדזשער געטאָ און אוישוויץ. פֿון מיטן 1945 אין שוועדן און 1949 אויסגעוואַנדערט קיין נ״י. — אָנגעהויבן מיט שרײַבן לידער, שפּעטער אַריבער בעיקר צו פּראָזע. דעביוטירט 1937 מיט אַ ליד אין **אינזל** (לאָדזש). נאָך דער מילחמה זיך געדרוקט אין אַ ריי אויסג׳ פֿון דער ייִדישער וועלטפּרעסע: **טאָג, פֿאָרווערטס, זאַמלונגען, ייִדישע קולטור, אַמעריקאַנער, אונזער צײַט** — נ״י; **לעבנס־פֿראַגן, נײַוועלט, לעצטע נײַעס** — ת״א; **קענעדער אָדלער, אידישער זשורנאַל** — קאַנאַדע; **דרום־אַפֿריקע, אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג; אונזער וועג, נײַע פּרעסע** — פּאַריז; **דער וועג** (מעקסיקע) א״אַ — אין בוכפֿאָרעם: **יונג גרין מאַי** (לידער). לאָדזש, 1939. 46 זז׳; **אויף קידוש השם און אַנדערע דערציילונגען** [צ״א אַ קאַץ אין געטאָ]. נ״י, בוך־קאָמיטעט, 1952.

144 זז' (נײַע אויפֿל' — 1953, 1954, 1956. איבערגעז' אויף העבר' — 1970); **דער „קייסער" אין געטאָ.** נאָוועלע. נ"י, בוך־קאָמיטעט, 1961. 247 זז' (2טע אויפֿל' — 1963); **געטאָ פֿאַבריק 76.** פּאָעמע. נ"י, בלאָך, 1967. 56,55 זז' — ייִדיש און ענגליש; **די פּאַפּירענע קרוין.** נאָוועלע. צווייטער טייל פֿון **דער „קייסער" אין געטאָ.** דאָרטן, 1969. 199 זז'; **די וואָס זײַנען נישט געבליבן.** דערציילונגען. נ"י־ת"א, בוך־קאָמיטעט, 1972. 133 זז'; **אַנטלויפֿערס; פֿון גסיסה צום לעבן.** מעמואַרן פֿון געטאָס און קאַצעטן. נ"י, 1975. 272 זז'. — איבערזעצונגען: **חתול בגטו** (נ"י, 1966); *A cat in the Ghetto* (New York, 1959 (נעמט אַרײַן אויך די איבערז' פֿון **אויף קידוש השם**). אַ גאַנצע ריי ב'ס איינצלנע דערציילונגען זײַנען איבערגעז' אין פֿאַרשיידענע שפּראַכן.

ל.מ. פּעטשעניק, מאַזאָווישער וואָכנבלאַט, לוויוויטש. יולי 1939; ש. ניגער, טאָג, נ"י, מערץ 5, 1950; אַ , לעיעלעס, דאָרטן, אויג' 19, 1950: דער לעבעדיקער [חיים גוטמאַן], מ"זש, נ"י, דעצ' 17, 1950; נ. סווערדלין, טאָג נ"י, מײַ 4, 1951; י. וואַרשאַווסקי [י. באַשעוויס] פֿאָרווערטס, נ"י, מערץ 9, 1952; מ, אָשעראָוויטש, דעצ' 21, 1952; ז, ווײַנפּער, ייִדישע קולטור, נ"י, יאַנ' 1953; מ. ראַוויטש, קענעדער אָדלער, פֿעב' 2, 1953; ב. פֿרענקעל, אונזער שטימע, פּאַריז, פֿעב' 3, 1953; אַ. רייזען, קענעדער אָדלער, מאָנטרעאָל, פֿעב' 16, 1953; ב.צ. גאָלדבערג, טאָג, פֿעב' 21, 1953; ח.ש. קאַזדאַן, אונזער צײַט, נ"י, אַפּריל 1953; י. ראַפּאָפּאָרט, פֿאַ"ש, נ"י, אַפּריל 10, 1953; י. באַשעוויס, פֿאָרווערטס, אָקט' 18, 1953; וואָלף יאַסני, לעצטע נײַעס, ת"א, דעצ' 11, 1953; מ. יפֿה, הבוקר, ת"א, כ"ח תשרי, תשט"ז; מ. אַסטור, פֿרײַלאַנד, פּאַריז, מערץ 1959; י. גלאַטשטיין, טאָג־מ"זש, יאַנ' 28, 1962; לילי בערגער, ייִדישע שריפֿטן, וואַרשע, דעצ' 1962; אַבֿרהם שולמאַן, אונזער שטימע, פּאַריז, יאַנ' 8, 1963; ב. גרין, מאָרגן פֿרײַהייט, נ"י, אַפּריל 12, 1963; י. קאַלמאַן, נײַע פּרעסע, פּאַריז, יוני 9, 1968; נ. בלומענטאַל, ייִדישע קולטור, נ"י, יאַנ' 1969; ד. וואָלפּע, דרום אַפֿריקע, יאָהאַנעסבורג, אַפּריל 1969; אַ באַראַבאַן, ייִדישע צײַטונג, ת"א, מערץ 13, 1970; ח.ל. פֿוקס, לאָדזש של מעלה. ת"א, 1972. אינדעקס: י.א. ראָנטש, מאָרגן פֿרײַהייט, נ"י, דעצ' 5, 1972; י. שפּיגל, ישׂראלשטימע, ת"א, יאַנ' 1, 1975.

**ברכות, ז.** — (— ירושלים, יאַנ' 23, 1977) — פֿון 1974 אין ישׂראל. — **דער ירדן דורשט**, איבערגעז' אויף העבר' דורך מ. חלמיש א"ט **הירדן סואן** (ת"א, תשל"ד).

**ברכות, רחל** — (—1942).

**ברעגמאַן, שמואל** — (—1942). **עס וועט זײַן אַ שטורעם** (איבערגעאַרבעט פֿון **דורכ קריג און רעוואָלוציע**). ערשטער טייל. מאָסקווע, עמעס, 1935. 240 [2] זז'; **טעג אין פֿײַער** (2טער טייל פֿון **עס וועט זײַן אַ שטורעם**). דאָרטן, 1935. 225[2] זז'; **נאָוועלן.** מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1939. 94 [2] זז'.

**ברענער, אבֿרהם** — (ווישנעוו, וואָלין, מײַ 10, 1897 — ריִאָ, 1908) — שטאַמט פֿון אַ חסידישער היים. נאָך דער צווייטער וועלט־מילחמה עמיגרירט קיין בראַזיל. געשריבן דערציילונגען אין **הײַנט** (מאָנטעווידעאָ), **אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער** (ב"אַ), **נײַער מאָמענט** (סאַן פּאַולאָ). אין **ייִדישע צײַטונג** (ת"א) איז געגאַנגען אין המשכים ב'ס אַ לענגערע דערציילונג א"ט **ר' פּנחסל.**

**ברענער, ליבער** — (נאָוו' 8, 1904—) — געשריבן אין **בלעטער פֿאַר געשיכטע, דאָס נײַע לעבן, ייִדישע שריפֿטן** — וואַרשע; שטענדיקער מיטאַרבעטער אין **לעבנס־פֿראַגן** (ת"א). איבערגעז' פֿון רוסיש **דער גרויסער רוסישער שרײַבער נ. וו. גאָגאָל**, פֿון נ. ל. סטעפּאַנאָוו (וואַרשע, 1952); פֿון פּויליש כתבֿ־יד — **דער אַלטער דאָקטער**, פֿון אידאַ מערזשאַן (וואַרשע, 1968). געקומען קיין ישׂראל אין 1969. וווינט אין בת־ים.

**ברעסלאו, ישׂראל** — (— נ"י, יולי 28, 1985)

**ברעסלער, אַלטער** — פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ביכעלע מיט קריטיק אויפֿן ייִדישן נאַציאָנאַליזם א"ט **גײַסטיקייט.** וואַרשע, תרע"ג. 16 זז' [א"נ א. יצחקי].

# ג

**גאָביד, אַרטור** — (1942—1902)

**גאָבים, אַבֿרהם־יצחק** — (— ב״א, יולי 1978)

***גאָדינער, שמואל־ניסן** — **טאָג אַנטקעגן**, 1924; **דער מענטש מיט דער ביקס**, 1928־1933; [מיט אַ. װעװיאָרקע] **אויס רעליגיע!** זאַמלבוך פֿון ליטעראַטור. מאָסקװע, בעזבאָזשניק, 1929. 56 זז׳; **װערק**. ערשטער באַנד. דערציילונגען. מאָסקװע, עמעס, 1933. 378 [3] זז׳; **מוטערלאַנד**. ראָמאַן. דאָרטן, 1935. 480 זז׳; **די אַקאָרע פֿונ ראָהאַטשעװ** [דערציילונג]. דאָרטן, 1936. 16 זז׳; **די גליקלעכע מוטער עלקע** [דערציילונג]. דאָרטן, 1936. 48 זז׳; **יודקע קאָמונאַרייטשיקל** [דערציילונג]. דאָרטן, 1936. 48 זז׳; **דער ערשטער; אַ נאַכט באַם ציילנ** (דערציילונגענ). דאָרטן, 1938. 11 [1] זז׳; **לינישטשער יאַטנ** [דערציילונג]. דאָרטן, 1939. 17 [1] 1 זז׳. — פֿאַרטראָטן אין **דעקלאַמאַטער פֿונ דער סאָװעטישער ייִדישער ליטעראַטור, דער אַרבעטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור, בירעבידזשאַנ** (זאַמלונג), **פֿאַר דער בינע, די באַפֿרײַטע ברידער, פֿאַרנ הײמלאַנד אינ שלאַכט! קאָמיוג**, זאַמלונג **אָשער שװאַרצמאַנ** (מאָסקװע, 1940).

****גאון, נעמי** — (װאָלאָטשיסק, װאָלין, יאַנ׳ 29, 1913 —) — באַקומען רעליגיעזן חינוך. 1923 עמיגרירט קיין אַמעריקע. אין בוכפֿאָרעם: **דאָס געזאַנג פֿין** [!] **מײַן פֿאָלק**. פּאָעמען [נ״י, 1974]. 139 זז׳.

**גאָטהעלף, יהודה** — רעד׳ **ישׂראל און „דער נײַער לינקס״** (זאַמלהעפֿט). ת״א, 1969. 139 זז׳.

מיטרעד׳ **די ייִדישע פּרעסע װאָס איז געװען**. ת״א, 1975. מחבר פֿון אַ ריי ביכער אין העברעיִש אויף אַלגעמיינע און סאָציאָלאָגיש־געזעלשאַפֿטלעכע טעמעס.

**גאָטליב, הירש־לייב** — (*1829 — סיגעט, נ״י, 1930)

* לויט ג׳ס אויטאָביאָגראַפֿיע אין זײַן בוך **לידער פֿון מײַן לעבן**. — געלעבט איבער 100 יאָר.

**גאָטליב, יעקבֿ** — **געקליבענע לידער**. מאָנטרעאָל, 1959. 193 זז׳.

**גאָטליב, יצחק־שלמה** — (— ת״א, נאָװ׳ 2, 1973) — פֿון 1967 אין ישׂראל. ג׳ס געזאַמלטע אַרטיקלען א״ט **ייִדן אין לאַטײַן־אַמעריקע**. נ״י, 1960. 238 זז׳.

שורות פועלי ציון, רעד׳ ש. שווייצער, ת״א, 1981. זז׳ 64־66.

**גאָטליב, נח־יצחק** — (— מאָנטרעאָל, יולי 31, 1967) — **איידער עס װערט נאַכט** [לידער]. 1962. 217 זז׳; **זעכציק**. יובל־קאָמיטעט, 1965. 267 זז׳ — לידער און קריטישע אַרטיקלען װעגן ג׳; **מאָנטרעאָל**. [לידער]. 1968. 224 זז׳ — אַלע מאָנטרעאָל.

****גאָטענבערג, מאַניע** — (נאָװאָסעליץ, בעסאַראַביע, אָקט׳ 19, 1919 —) — 1948 געענדיקט מיטלשול אין טשערנאָװיץ און 1955 דעם נאַטור־װיסנשאַפֿטלעכן פֿאַקולטעט פֿון בוקאַרעשטער אוניװערסיטעט. לערערין אין ייִדישע שולן אין רומעניע און ישׂראל, װוּהין עולה געװען אין 1969. געשריבן אין **איקוף־בלעטער** (בוקאַרעשט, פֿון 1948 ביז 1953, װען די צײַטשריפֿט האָט זיך פֿאַרמאַכט), פֿון 1982 אין **ייִדישע צײַטונג** (ת״א, איצט: **די נײַע צײַטונג**). צונויפֿגעשטעלט און רעדאַגירט: **ייִדישע**

**שפּראַך,** פֿאַרן צווייטן עלעמענטאַר־קלאַס. בוקאַרעשט, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1949. 288 זז׳;... פֿאַרן פֿערטן עלעמענטאַר־קלאַס. דאָרטן, 1949. 401 זז׳;... פֿאַרן פֿיפֿטן עלעמענטאַר־קלאַס. דאָרטן, 1950. 289 זז׳;... פֿאַרן זעקסטן עלעמענטאַר־קלאַס. דאָרטן, 1950. 585 זז׳;... פֿאַרן זיבעטן עלעמענטאַר־קלאַס. דאָרטן, 1952. 342 זז׳;... פֿאַרן דריטן עלעמענטאַר־קלאַס. דאָרטן, 1955. 231 זז׳; **גראַמאַטיק פֿון ייִדישער שפּראַך** פֿאַרן Vטן קלאַס. דאָרטן, 1958. 239 זז׳.

**גאָטעסדינער, אַבֿרהם** — (כיראָוו, גאַליציע, מיַי 27, 1893 — ירושלים, יוני 18, 1941) — העברעיִזירטער נאָמען — עובֿדיהו.

**גאָטעסדינער, מרדכי** — (— ת״א, פֿעב׳ 8, 1981)

**גאָטעסמאַן, אַבֿרהם־יוסף** — נײַע אויסג׳ פֿון **אמונה שלימה אויף אידיש.** ברוקלין, 1975.

**גאָטעספֿעלד, חנא** — (— נ״י, יאַנ׳ 27, 1964) — **וואָס איך געדענק פֿון מײַן לעבן.** נ״י־ב״אַ, 1960. 595 זז׳.

**גאָטשטאַרשטיין, יוסף** — (— פּאַריז, יוני 11, 1980)

****גאָטפֿריד, מלכּה** — (אַנטעפּאָליע, פּוילן, אַפּריל 1907 —) — עמיגרירט קיין האַרטפֿאָרד, קאָנעטיקוט, אין 1920. געלערנט אין הײַסקול, שפּעטער געאַרבעט ווי אַ קראַנקן־שוועסטער. פֿון 1953 געדרוקט לידער אין **מאָרגן פֿרײַהייט, ייִדישע קולטור, זאַמלונגען** — נ״י, **קאַליפֿאָרניער שריפֿטן.** ווערק: **פֿרייד און וואונדער** [לידער]. נ״י, איקוף, 1965. 190, 33 זז׳. וווינט אין לאַגונאַ הילס, קאַליפֿאָרניע. — ק׳ס מאַן, זאָרי ג׳ (ביאַליסטאָק, פֿעב׳ 1, 1904 —) געדרוקט אָפּט אַרטיקלען וועגן מוזיק אין **מאָרגן פֿרײַהייט** און **ייִדישע קולטור** — נ״י.

ד. טאַראַנט, זאַמלונגען, האַרבסט 1954; ר. יוקלסאָן, דאָרטן, 1956.

****גאָכמאַן, ה.** — ( — ) — אויטאָר פֿון **מענטשן פֿונעם טאָל** [דערציילונגען]. קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1939. 22 [2] זז׳.

****גאַל, מאַטעס** — (אוכאַן, פּוילן, 1907 — ב״אַ, אַפּריל 22, 1983) — אָריגינעלער נאָמען — גאָלדפֿאַרב. עמיגרירט קיין אַרגענטינע אין 1929. געשריבן קינדערלידער אין **די פּרעסע** (ב״אַ). אין בוכפֿאָרעם: **פֿון פֿעלד און וואַלד.** ב״אַ, שול־ביבליאָטעק, 1978. 84 זז׳; **היים און גאָרטן.** לידער פֿאַר קינדער. דאָרטן, 1980. איין בוך אַרויסגעגעבן אין שפּאַניש.

י.ה.

****גאָלאָמב, אַבֿרהם** — (סטראַוועניק, ליטע, יולי 20, 1888 — ל״אַ, מײַ 8 1982) — פּאָטער רבֿ, שוחט און מלמד אין שטעטל. 1894 מישפּחה אַריבער קיין מיישעגאָלע, ווילנער געגנט. געלערנט אין ראַמײַלעס ישיבֿה אין ווילנע און דורכגעמאַכט די קלאַסן פֿון אַ רוסישער פֿאָלקשול. שפּעטער אַליין געלערנט אַלגעמיינע לימודים און 1907 אָנגעקומען אויף די „פּעדאַגאָגישע קורסן״ פֿון דער חבֿרה „מפֿיצי השׂכּלה״ אין גראָדנע. פֿון דעמאָלט אָן איז לערערײַ געוואָרן ג׳ס פּראָפֿעסיע. 1909־1912 געווען לערער אין וויטעבסקער רעפֿאָרמירטער תּלמוד־תּורה, דערנאָך פֿיר יאָר אין דער מיידלשול אין גאָלטע, כערסאָנער גובֿ, שפּעטער עטלעכע יאָר אין פּעטערבורג און קיִעוו. 1921 זיך אַרויסגעגנבֿעט פֿון סאָוועט־רוסלאַנד קיין פּוילן, וווּ געוואָרן דירעקטאָר פֿון ייִדישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע. 1932 האָט די פּוילישע רעגירונג געשלאָסן דעם סעמינאַר. ג׳ האָט פֿאַרלאָזן פּוילן, געוואָרן לערער אין אַ העברעיִשער

שול אין מקוה ישׂראל (א״י) און דערנאָך אין בן־שמן. 1938־1943 דירעקטאָר פֿון דער י. ל. פּרץ־שול אין וויניפּעג, קאַנאַדע, און 1944־1964 — פֿון דער ייִדישער שול אין מעקסיקע, שפּעטער פֿון דער דאָרטיקער נײַ־געגרינדעטער י. ל. פּרץ־שול. 1964 זיך באַזעצט אין ל״אַ. — אין בוכפֿאָרעם: **דאָס ערשטע מאָל אין וואַלד.** קיִעוו, 1918 (2טע אויפֿל׳ — ביאַליסטאָק, 1920); **ווי פֿון אַ פֿיש איז אַ פֿראָש געוואָרן.** קיִעוו 1918. 32 זז׳ (2טע אויפֿל׳ — ביאַליסטאָק, 1922); **געוויקסן.** לערנבוך פֿאַר ייִדישע שולן לויט ג. באַטש און אַנדערע. קיִעוו, קולטור־ליגע, 1919. 127 זז׳; (פֿאַרגרעסערטע אויפֿל׳ — וואַרשע, 1922, מעקסיקע, 1947); **דאָס לעבן פֿון אַ בוים.** קיִעוו, קולטור־ליגע, 1922. 41 זז׳; **פּראַקטישע אַרבעט אויף נאַטור־לימוד.** וואַרשע, קולטור־ליגע, 1922. 46 זז׳ [פֿאַר לערערס — 52 זז׳]; **אַרבעטס־העפֿט אויף געאָגראַפֿיע.** דאָרטן, 1924 (2טע אויפֿל׳ — 1926); **וואַסערגעוויקסן.** הילפֿס ביכל צו באָטאַנישע עקסקורסיעס אויפֿן וואַסער. ווילנע, 1923. 55 זז׳; **פּראָגראַם פֿון נאַטור־לימוד.** וואַרשע, 1926. 21 זז׳; **אידן און אידישקייט אין אַמעריקע.** וויניפּעג, 1940. 40 זז׳; **אונדזער נײַער ש״ס פֿאַרן פֿאָלק.** דאָרטן, 1941. 29 זז׳; **אומוועגן און אויסוועג.** דאָרטן, 1942. 88 זז׳; **אַגדות פֿאַר שולן און היימען.** דאָרטן, פֿון קוואַל, 1943. 63 זז׳; **די נאַציאָנאַלע יסודות פֿון דער טראַדיציאָנעלער דערציִונג בײַ ייִדן.** דאָרטן, 1944. 15 זז׳; **געקליבענע שריפֿטן.** מעקסיקע, 1945־1948. 6 בב׳; **געוויקסן.** לערנבוך פֿאַר ייִדישע שולן. דאָרטן, 1947. 162 זז׳; **פּסיכאָלאָגיע.** אַלגעמיינער קורס. דאָרטן, 1947. 208 זז׳; **מעשׂהלעך פֿאַר קינדער.** דאָרטן, 1947. 2 בב׳; **פּראָגראַם פֿאַר דער ייִדישער שול אין מעקסיקע.** מעקסיקע, 1948. 84 זז׳; **דאָס ייִנגל פֿון געטאָ** (דערציילט פֿאַר קינדער). דאָרטן [־195?]; **אַ האַלבער יאָרהונדערט ייִדישע דערציִונג.** ריִאָ דע זשאַניירא, 1957. 225 זז׳; **הומאַניסטישע דערציאונג.** מעקסיקע, 1958. 7 זז; **אויף די וועגן פֿון קיום.** עסייען. ב״אַ, 1959. 326 זז׳; **די תּלמודיש שטעטלשע קולטור און דערציאונג.** מעקסיקע, 1959. 35 זז׳; **וועגן געשיכטע־לימוד.** מעקסיקע, 1960. 11 זז׳; **אונדזער גאַנג צווישן פֿעלקער.** עסייען, ב״אַ, 1961. 347 זז׳; **ספֿר טבֿיה.** פּרושים און באַלײַכטונגען צו הילף דעם תּלמיד און לערער. מעקסיקע, 1961. 63 זז׳; **אומה ולשון — ייִדיש פֿאָלק — ייִדיש לשון.** מעקסיקע, 1962; **אינטעגראַלע ייִדישקייט** (טעאָריע און פּראַקטיק). דאָרטן, 1962. 45 זז׳; **אייביקע וועגן פֿון אייביקן פֿאָלק.** עסייען. דאָרטן, 1964. 417 זז׳; **אונדזער מאָרגן.** עסיי. פּאַריז, אונזער קיום, 1967. 124 זז׳; **צווישן תּקופֿות.** ת״א, פּרץ, 1974. 335 זז׳; **צו די הייכן פֿון ייִדישן גײַסט** [פּאַריז ?] 1971. 350, 15 זז׳; **צו די טיפֿן פֿון ייִדישן געדאַנק.** ת״א, פּרץ, 1974. 383 זז׳; **צום תּוך פֿון ייִדישקייט.** נ״י, 1976. 331, 9, 11 [3] זז׳. אין 1970 איז אַרויס אַ יובֿל־בוך לכּבֿוד גאָלאָמבן א״ט **חסד לאַבֿרהם.** — „אידעאָלאָגיש איז גאָלאָמב כּמעט ווי איינזאַם. העברעיִסטן האַלטן אים פֿאַר אַ ייִדישיסט; די ייִדישיסטן, פֿאַרקערט, גלייבן, אַז ער איז אַ העברעיִסט. ציוניסטן האַלטן אים פֿאַר אַ גלותיסט, פֿאַר די גלותיסטן איז ער צו פֿיל ציוניסט [...] גאָלאָמב טענהט [...]: אַ פֿאָלק קען לעבן נאָר ווען עס לעבט אַן אייגענעם לעבן, אַן אייגענעם שטייגער מיט אַן אייגענער שפּראַך; אַ פֿאָלק קען אין גאַנצן אויסשטאַרבן, ווען אַפילו עס זאָל פֿאַרמאָגן די רײַכסטע אוצרות אין ביבליאָטעקן און מוזייען״ (ד״ר ה.ל. גאָרדאָן, ז׳ 45־49). „ג׳ האַלט, אַז ייִדיש און העברעיִש זײַנען ווי אַ צווילינג, וואָס דערגאַנצן און העלפֿן איינע דער צווייטער. ביידע זײַנען כּלים אָנגעפֿילט מיט ייִדישקייט, אָבער דאָך נאָר כּלים [...]. דאָס מאַכן פֿון אַ שפּראַך אַ קולט איז עבֿודה זרה. דער אינהאַלט איז וויכטיקער פֿון דער אויסדרוק־פֿאָרעם [...] כּדי דער ייִדישקייט־בוים זאָל זײַן געזונט און פֿעסט, דאַרף מען זײַן אײַנגעוואָרצלט אין ייִדישע קולטור־פֿירונגען, אין די קאָלעקטיווע דערפֿאַרונגען. זיי נעמען אַרײַן: שפּראַך, שטייגער, יום־טובֿים, מינהגים, רעליגיעזע אײַנשטעלונגען, מישפּחה־באַציִונגען. אידעאַלן פֿאַרקערפּערט אין מעשׂים, עבֿירות און מיצוות, געזעלשאַפֿטלעכע אַקטיוויקייט און נאַציאָנאַלע דיסציפּלין [...] לעבן אין צוויי קולטורן איז ניט געזונט [...] עס קענען זײַן צוויי שפּראַכן, אָבער נאָר איין קולטור.״ (סאָל ליפּצין, זז׳ 93־100). „גאָלאָמב פֿאַרנעמט אַ מיזרח־אָרט אין דער ייִדישער פּובליציסטיק, ווו ער טיילט זיך אויס מיט זײַן קריטישן אַנאַליז און קעמפֿערישקייט פֿאַר אַ פֿולער, מאָניסטישער ייִדישקייט [...] ער איז איינער פֿון

אונדזערע שאַרפֿע מאָנערס אין דער ייִדישער פּובליציסטיק [...] גאָלאָמב טײלט אָפּ רעליגיע פֿון רעליגיעזקײט. דאָס ערשטע פֿאָרמולירט ער ווי אַ געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזירטע אויסלעבונג [...] בעת רעליגיעזקײט איז נאָר דער עצם גופֿא, די רײנע עמאָציע פֿון רעליגיעזער איבערלעבונג [...] גאָלאָמב האַלט, אַז וועלטלעכקײט „האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אויף פֿאַלשע וועגן און זיך פֿאַרלאָרן. זי האָט ניט געטאָרט ווערן אַן אַנטי־טראַדיציאָנעלע ייִדישקײט אָדער אַנטי־רעליגיעזע. נאַציאָנאַלע וועלטלעכקײט איז אויך אַ גלויבן, נאָר אָן טעאָלאָגישע מאָמענטן. ווי אַ ייִדישקײט מוז זי האָבן אַ פֿעסטע נאַציאָנאַלע דיסציפּלין און לעבן־שטײגער צו קענען אויפֿנעמען נאַציאָנאַל־וועלטלעך אַלע טראַדיציאָנעלע לעבנס־פֿאָרמען.״ (יצחק קאַהאַן, זז׳ 147־161). „תּורת גאָלאָמב על רגל אַחת: ייִדישקײט איז אַ גרויסער יש אין דער וועלט, וואָס זײַן זינען קענען מיר פּונקט אַזוי ניט פֿאַרשטײן, ווי מיר קענען ניט פֿאַרשטײן דעם גאַנג פֿון קאָסמאָס. ייִדישקײט איז אַן אינטעגראַלער אײנס מיט אַלע ליכט־און שאָטן־זײַטן [...] קודם־כּל דאַרפֿן מיר אינטעגרירן ייִדישקײט מיט דער וועלט — אינטעגרירן, אָבער ניט אַסימילירן [...] דער תּנ״ך האָט ניט אויפֿגעהיט אונדזער ייִדישקײט, דעם קיום פֿון ייִדישן פֿאָלק — דאָס האָט יאָ געטאָן דער תּלמוד. ניט אומזיסט האָבן פֿעלקער ליב דעם תּנ״ך און פֿײַנט דעם תּלמוד. אַ דאַנק דעם תּנ״ך זײַנען מיר געוואָרן אַ פֿאָלק, אַן אײביק פֿאָלק — אַ דאַנק דעם תּלמוד.״ (מ. ראַוויטש, זז׳ 175־179) [אַלע ציטאַטן פֿון **חסד לאַבֿרהם**].

י. גלאַטשטײן אויף גרײטע טעמעס. ת״א, 1967. זז׳ 148־152; י. עמיאָט, פֿאָרווערטס, נ״י, סעפּט׳ 10, 1967; פּ. לערנער, די פּרעסע, ב״אַ, סעפּט׳ 18, 1967; וו. יוניז, טאָג־מ״זש, נ״י, יוני 23, 1968; ב. צוקערמאַן, אידישער קעמפֿער, נאָוו׳ 22, 1968; חסד לאַבֿרהם. ספֿר היובֿל לאַבֿרהם גולומב. רעדאַקטירט פֿון מ. חזקוני־שטאַרקמאַן. מעקסיקע, תּש״ל. 903 זז׳; י. קאַהאַן, צוקונפֿט, נ״י, דעצ׳ 1970 און לעצטע נײַעס, ת״א, סעפּט׳ 29, 1972.

**גאָלבשטײן, מאָטל** — (נײַ־אוקראַיִנקע, 1918 —) — געענדיקט דעם כאַרקאָווער צײַטונגס־טעכניקום. 1934 דעביוטירט מיט לידער אין **יונגע גוואַרדיע**. פֿאַרטראָטן אין **קאָמיוג**, **אָנהײב** (קיִעוו, 1940).

****גאָלד, בען** — (1898 —) — לאַנגע יאָרן געוווינט אין נ״י און געווען אַקטיוו אין די יוניאָנס און ייִדיש־לינקע קרײַזן. לעבט אין מיאַמי־ביטש. אין בוכפֿאָרעם: **אַוורעמל ברוידע**. לעבנס־געשיכטע פֿון אַן אַרבעטער. נ״י, מאָרגן פֿרײַהײט, 1944. 167 [1] זז׳; **מענטשן**. דערציילונגען [נ״י, 1948]. 256 זז׳; **דער מולדיקער דזשים**. נאָוועלע. נ״י, 1968. 152 זז׳; **אין יענע טעג**. נאָוועלע [נ״י]. 1970. 278 זז׳; **דער שטורעם אין דיוועדייל**. נאָוועלע. נ״י, 1972. 252 זז׳.

****גאָלד, דוד** — (בעסאַראַביע, 1850 — ירושלים, 1927) — אַ משומד, וואָס האָט געפֿירט זײַן מיסיאָנערישע אַרבעט אויף ייִדיש. אין די 70ער יאָרן געלעבט אין אַדעס און אין מיטן די 80ער יאָרן זיך באַזעצט אין ירושלים. האָט קאָרעספּאָנדירט מיט מענדעלען, א.ב. גאָטלאָבער, מ. ספּעקטאָר א״אַ, אָבער יענע האָבן ניט געוווּסט וועגן זײַן שמד. האָט געשריבן אַ ביסל אין **ראָמאַן־צײַטונג** און **יוד** (אונטער פּסעוד׳). מיטגעאַרבעט אין די ייִדיש־מיסיאָנערישע צ״ש אין יאַס און שטאָקהאָלם און רעד׳ דעם מיסיאָנערישן **מבֿשׂר ציון** (ירושלים, תּרנ״ד). סוף אַכציקער יאָרן אַרויסגעגעבן אַ פּאַמפֿלעט א״ט **דער נצחון אויפֿן נצחון**. ג׳ס אַן אַרבעט **ישׂראלס צוריקקער פֿון גלות** אין מיסיאָנערישן **ברית־עם** איז אַרויס אין אַ סעפּאַראַט אָפּדרוק (ווין, 1921).

מ. קאָסאָווער, פֿאָלק און וועלט, נ״י, דעצ׳ 1970.

****גאָלד, דוד־לײזער** — (נ״י, יוני 20, 1945 —) — שטודירט לינגוויסטיק און ראָמאַנישע לשונות אין עטלעכע אוניווערסיטעטן. 1968—1971 סטיל־רעד׳ פֿון **יוגנטרוף** (נ״י). דאָרטן ווי אויך אין **ייִדישע שפּראַך** (נ״י) געדרוקט אַרטיקלען וועגן ייִדיש. לערער פֿון ייִדיש אין קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט. מיטאַרבעטער פֿון ייִדישן שפּראַך־און קולטור־אַטלאַס. פֿון 1975 אין ישׂראל. דירעקטאָר פֿון לעקסיקאָגראַפֿישן צענטער פֿאַר ייִדישע לשונות אין חיפֿהער אוניווערסיטעט. אַרויסגעגעבן אַ לערנבוך פֿון ייִדיש אויף ענגליש (1973, 1976. צוויי טײלן).

** **גאָלד, זאבֿ** — ( — ) — מחבר פֿון **אויף אייגענעם וועג**. לידער. ל״אַ, 1950. 42 זז׳; **נשמה־קלאַנגען**. לידער. ל״אַ, 1952. 33 זז׳ (ביידע מימיאָגראַ־פֿירט).

** **גאָלד, מ.** — ( — ) — אויטאָר פֿון **ליידנ־שאַפֿט און משוגעת**. מאָנאָלאָג. ווילנע. טאָמאָר, 1933. 16 זז׳. [קען זײַן גלײַך צו גאָלד, מיכאל?].

** **גאָלד, מיכאל** — (1894 — ) — אויטאָר פֿון **דערציילונגען**. קיִעוו, קולטור־ליגע, 1925. 64 זז׳ [קען זײַן גלײַך צו גאָלד, מ.?].

** **גאָלד, מאַרי** — (לאָדזש, פֿעבֿ 1, 1914 — ) — געענדיקט פֿאַרמאַצעווטישן פֿאַקולטעט פֿון וואַרשע־ווער אוניווערסיטעט. 1938 עמיגרירט קיין אַרגענטינע. אָנגעהויבן שרײַבן אין פּויליש און פֿון 1942 אין ייִדיש. דעביוטירט אין **אונזער פֿרײַנט** (מאָנטעווידעאָ). פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין **איקוף־זשורנאַל, דער שפּיגל, פֿאָלקס שטימע, פֿרײַע שטימע, אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער** — ב״אַ, **הײַנט** (מאָנטעווידעאָ), **ייִדישע קולטור** — נ״י. פֿאַרטראָטן אין **אַנטאָלאָגיע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע**. אין בוכפֿאָרעם: **ליבשאַפֿט** [לידער]. ב״אַ, פֿרײַע שטימע, 1972. 159 זז׳; **אַלבאַ**. לידער. ב״אַ, 1986. 96 זז׳. אָריגינעלער נאָמען — גאָלדבערג־ראָזען.

1944. ז׳ 135; י.מ. פּוקאַטש, פֿרײַע שטימע, מ״א, יוני 2, 1972.

**גאָלד, שלמה** — ( — מאָנטרעאָל, אויג׳ 5, 1983)

** **גאָלדאָווסקי, מאיר** — (לאָיעוו, ווײַס־רוסלאַנד, אַפּריל 1884 — ) — געלערנט אין חדר, ישיבֿה. 1905 עמיגרירט קיין אַמעריקע, ווו געווען אַקטיוו אין דער יוניאָן־באַוועגונג. אין בוכפֿאָרעם: **פֿון ווײַטן אַמאָל און הײַנט**. מײַנע 60 יאָר לעבן און קאַמף אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. נ״י, 1959. 276 זז׳.

**גאָלדבלאַט, אהרן** — (קאָוונע, 1897 — פּתח־תּקוה, נאָוו׳ 9, 1973) — פֿון 1967 אין ישׂראל. — **אַ זאַנג צווישן זאַנגען**. לידער. פּאַריז, 1966. 123 זז׳.

** **גאָלדבערג, איטשע** (אַפּט, פּוילן, מערץ 22, 1904 — ) — אויפֿגעוואַקסן אין וואַרשע, ווו געלערנט אין העברעיִשע האַלב־וועלטלעכע שולן און אין ד״ר פּאָזנאַנסקיס לערער־סעמינאַר. 1920 עמיגרירט קיין קאַנאַדע. געענדיקט מיטלשול און שטודירט פֿילאָסאָפֿיע, פּאָליטישע עקאָנאָמיע און דײַטש אין טאָראָנטער מעקמעסטער־אוניווערסיטעט. 1924 לערער אין טאָראָנטער פֿאָלקשול פֿון אַרבעטער־רינג, שפּעטער אין די שולן, מיטלשולן און סעמינאַרן פֿון פֿראַטערנאַלן פֿאָלקסאָרדן אין טאָראָנטאָ, פֿילאַדעלפֿיע און נ״י און 1936—1951 קולטור־ און שול־דירעקטאָר פֿון די אָרדן־שולן אין אַמעריקע. פֿון 1970 געווען פּראָפֿ׳ פֿון ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור אין שטאַטישן אוניווערסיטעט פֿון נ״י. — האָט געשריבן ליטעראַריש־קריטישע עסייען, אַרטיקלען וועגן ייִדישער דערציִונג און אַלגעמיינע ייִדישע קולטור־פּראָבלעמען. געשאַפֿן אַ פּאָר צענדליק כאָראַל־דראַמאַטישע מאָנטאַזשן, וואָס זײַנען געשטעלט געוואָרן אין אַמעריקע, פֿראַנקרײַך און ישׂראל־קיבוצים. האָט אויך געדרוקט לידער א״נ י. גור. — רעדאַקטירט: **פּראָלעטאַרישע דערציִאונג** (נ״י, 1935—1937); **יונגוואַרג** (נ״י, 1937—1951). צ״אַ דאָרטן אָנגעשריבן עטלעכע צענדליק קינדער־מעשׂיות; **היים און דערציִאונג** (נ״י, 1937—1941); לייענהעפֿטן אין ייִדישער פּאָעזיע פֿאַר מיטלשולן (1941—1950); **מײַן ייִדיש בוך צוויי**, פֿון מ. שיפֿריס. נ״י, 1943; **מײַן ייִדיש בוך דרײַ**, פֿון מ. געלמאַן. נ״י, 1945; **מײַן ייִדיש בוך פֿיר**, פֿון מ. פֿעלדמאַן. נ״י, 1947; **אין דינסט פֿון פֿאָלק**. אַלמאַנאַך. נ״י, פֿאָלקס־אָרדן, 1947; **לאָמיר קינדער זינגען**. נ״י, 1961; **ייִדישע קולטור**, נ״י, וואָס ג׳ רעדאַקטירט זינט 1964; א. בערגמאַנס

**יידיש־ענגליש, ענגליש־יידיש ווערטערבוך.** נ״י, 1968. — אין בוכפֿאָרעם: **אונדזער בוך,** לייענבוך פֿאַר יידישע מיטלשולן. נ״י, קאָאָפּעראַטיווער פֿאָלקס־פֿאַרלאַג, 1939 [מיט א. בערגמאַן]; **יידיש.** אַרבעטבוך פֿאַר קינדער. נ״י, 1937 [מיט א. בערגמאַן]; **אונדזער דראַמאַטורגיע.** אַנטאָלאָגיע פֿון דער יידישער דראַמע. נ״י, איקוף, 1961. 540 זז׳; **עסייען.** נ״י, איקוף, 1981. 431 זז׳. באַקומען זשיטלאָווסקי־פּריז (1962) און מאַנגער־פּרעמיע (1985). — גאָלדבערגס „אַרײַנטיפֿן זיך אויף ס׳נײַ אין די הויפּטמאָטיוון פֿון די ווערק פון די קלאַסיקערס האָט אַ סך אויסגעקלאָרט דעם גאַנג פֿון די ראשונים פֿון דער יידישער ליטעראַטור [...] ער האָט טיף באַנומען די פּאָעטישע ווערק פֿון די פּראָלעטאַרישע דיכטער [...] דאָס זעלבע האָט ער געטאָן מיט זײַן נעענטער ברענגען די שאַפֿונגען פֿון די „יונגע״ [...] זײַנע עסייען וועגן דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור זײַנען פֿון גרויסן אויפֿטו פֿאַר דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק״ (ש. שטערן). — „דער מהות פֿון די גאָלדבערג־עסייען [איז] זייער אַנאַליז און קריטיק, דאָס אַרײַנגראָבן זיך אין די טיפֿערע פלאַסטן פֿון ליטעראַרישן באָדן [... און] דאָס אַרויסאַנטפּלעקן די וואָרצלען און זוימען פֿון יעדן יוצר און יצירה [...] דאָס געראַנגל פֿאַר פֿאָלקישע, נאַציאָנאַלע און אוניווערסאַלע אידעען [...] איז דער קאָנצענטרירטער קרוינפּונקט אין אַלע גאָלדבערגס עסייען [...] די הדגשה פֿון סאָציאַלן מאָמענט איז די כאַראַקטעריסטיק און דער קאָלאָריט פֿון די עסייען, אין וועלכע עס רעפֿלעקטירט זיך די יידישע ליטעראַטור״ (ד. וואָלפּע, וועגן בוך **עסייען**). — אין דער רעזאָלוציע פֿון דער זשורי־קאָמיסיע פֿאַרן מאַנגער־פּריז ווערט צ״אַ געזאָגט: „איטשע גאָלדבערגס שאַצן ליטעראַטור־ווערטן איז אַ פּועל־יוצא פֿון זײַן פֿאַרגאַנצטער סאָציאַל־פֿילאָסאָפֿישער קאָנצעפּציע וועגן דער עטישער און עסטעטישער שליחות פֿון דער ליטעראַטור [... ער] איז ניט בלויז אַן אויסנעמלעכער און תּוכיקער אַנאַליטיקער, נאָר אויך אַ גרויסער בעל־לשון [...] מען דאַרף אויך ניט פֿאַרזען [...] זײַן דיכטונג [...] אונטערן נאָמען י. גור [...] מיט איר אייגנאַרטיקן אינהאַלט, סטיל און פֿאָרעם״.

ז. זילבערצווײַג, 4; נ. בוכוואַלד, מאָרגן פֿרײַהייט, נ״י, יולי 7, 1951; ר. יוקלסאָן, יידישע קולטור, נ״י, נאָוו׳ 1961, און מאָרגן פֿרײַהייט, נאָוו׳ 14, 1961; י. פֿריד, זאַמלונגען, נ״י, 24:1961; נ. סווערדלין, טאָג־מ״זש, דעצ׳ 20, 1962; ד. וואָלפּע, גאָלדענע קייט, ת״א, 110:1983; ש. שטערן, יידישע קולטור, יאַנ׳, אויג׳ 1983.

**גאָלדבערג, אײַזיק** — (באָסטאָן, נאָוו׳ 1, 1887 — יולי 14, 1938) — באַקומען טיטל ד״ר־פֿילאָסאָפֿיע אין האַרוואַרד־אוניווערסיטעט. האָט „גרויסע פֿאַרדינסטן ווי דער ענגלישער איבערזעצער פֿון אַ ריי יידישע בעלעטריסטישע און דראַמאַטישע ווערק.״ (מ. שטאַרקמאַן). ג׳ס איבערזעצונגען אין בוכפֿאָרעם: שלום אַש, **גאָט פֿון נקמה** (באָסטאָן, 1918); פּרץ הירשביין, **די פֿוסטע קרעטשמע** (דאָרטן, 1921); צוויי סעריעס **6 פּיעסן פֿון יידישן טעאַטער** (דאָרטן, 1916, 1918); ד. פּינסקיס פּיעסע **יעדער מיט זײַן גאָט** (1917), פּינסקיס 10 פּיעסן (1920) און **קעניג דוד און זײַנע ווײַבער** (1922). האָט אויך פֿאַרעפֿנטלעכט גרעסערע עסייען וועגן יידיש און דער יידישער ליטעראַטור.

ז. זילבערצווײַג, 6.

**גאָלדבערג, איסר** — (— נ״י, יאַנ׳ 31, 1968)

**גאָלדבערג, בן־ציון** — (— ת״א, דעצ׳ 29, 1972). — **יידן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד.** ת״א, פּרץ, 1965. 452 זז׳ (העבר׳) — **הבעיה היהודית בברית המועצות.** תּרגום א. ד. שאַפּיר, ת״א, 1966).

ח. ליבערמאַן, די מאַסקע און דאָס פּנים. נ״י, 1963. 64 זז׳.

**גאָלדבערג, זאב** — (לאָדזש, 1908 — משמר השרון, דעצ׳ 4, 1970) — איינער פֿון די גרינדערס פֿון „גורדוניה״. 1932 עולה געווען קיין א״י. זיך אָפּגעגעבן מיט פֿאָרשערישער אַרבעט פֿון דער ישׂראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג. אַ לאַנגע צײַט געווען שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון **פֿאָלקסבלאַט** (ת״א).

ע.ל.

**גאָלדבערג, יאָסל** — **געזאַנגען פֿון פֿראָנט.** ב״אַ, איקוף, 1958. 234 זז׳; **דאָס 37סטע יאָר.** דאָרטן, 1967. 172 זז׳.

**גאָלדבערג, לוי** — (— נ״י, דעצ׳ 30, 1974) — **פּירות אויף מײַן בוים.** לידער. נ״י, פֿעדער, 1959. 149 זז׳.

****גאָלדבערג, לייב** — (ליטע, 1892 — מאָסקווע, 1955) — פּובליציסט, איבערזעצער. אָנגעהויבן ליטעראַרישע טעטיקייט אין וואַרשע מיט איבערז׳ פֿון טאָלסטאָי און מיט רעצענזיעס. אין די צוואַנציקער יאָרן פֿאַרטרעטער פֿון **עמעס**־רעדאַקטאָר. געווען אויך אַ מיטאַרבעטער פֿון **אייניקײַט** (מאָסקווע). איבערגעז׳ אויף ייִדיש ווערק פֿון ל. טאָלסטאָי, ע. אָרזשעשקאָ, קאָרטשאַק, אַרנו, פּ. בלאָנסקי, נ. לעניז, ב. זשוקאָוו, י. יאַראָסלאַווסקי, ק. מאַרקס, מאָפּאַסאַן און אויף רוסיש — ווערק פֿון שלום־עליכם און י. ל. פּרץ.

ס״ה — לעקסיקאָן.

****גאָלדבערג, מענדל** — ( ) — מחבר פֿון **דער פּאַריזער בעל־תּשובֿה.** לובלין, 1926. 8 זז׳. פּסעוד׳ — צורבֿא דרבנן.

**גאָלדבערג, נח** — (— נ״י, 1968) — **ווילדגראָז.** עקזאָטישע נאָוועלע. ב״אַ, ייִדבוך, 1964. 413 זז׳.

****גאָלדבערג, ראובֿן** — (דאָרף אולאַס, ווײַסרוסלאַנד, יוני 6, 1913 — ת״א, אָקט׳ 11, 1983) — געלערנט אין חדר. געענדיקט פּוילישע גימנאַזיע אין באַראַנאָוויטש און 1934 עולה געווען קיין א״י. 1937—1941 שטודירט געשיכטע און העברעיִשע ליטעראַטור אין ירושלימער אוניווערסיטעט. שפּעטער געווען לאַנגע יאָרן לערער אין דער שטאָטישער מיטלשול אין ת״א. ג׳ איז געווען בעיקר אַ העברעיִשער שרײַבער און פֿאָרשער. אַלע זײַנע ביכער זײַנען אין העברעיִש און האָט געדרוקט זײַנע ליטעראַרישע אַרטיקלען און אַרבעטן כּמעט נאָר אין העברעיִשע אויסג׳: **אורלוגין, עתידות, תּרביץ, מאזנים, על המשמר, דבֿר, החינוך** א״אַ. אָבער ג׳ס וויכטיקסטע פֿאָרשונגען זײַנען פֿאַרבונדן מיט ייִדיש. ער האָט זיך שטאַרק פֿאַרנומען מיט דער געשיכטע פֿון ייִדישן טעאַטער בכלל און מיט אַ. גאָלדפֿאַדען בפֿרט. (אַרויסגעגעבן אַ בוך **שירים ומחזות** של גולדפֿדן ירושלים, תש״ל). אין **במה** (ת״א, 57־58) געשריבן **לתולדות התיאטרון היידי באירופה** און אין **במה 66** — וועגן אידאַ קאַמינסקאַ. ג׳ס הויפּטפֿאַרדינסט פֿאַר ייִדיש און אין ייִדיש איז זײַן מיטאַרבעט אין אַכטן באַנד פֿון **לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור** (נ״י, 1981) און אין איצטיקן באַנד. פֿאַר ביידע בענד האָט ער געשריבן עטלעכע הונדערט ביאָגראַפֿיעס, בעיקר וועגן ייִדישן שרײַבער־ציבור אין ישׂראל און דערמיט זיך פֿאַרשאַפֿט אַ מעמד אין דער לעקסיקאָגראַפֿיע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור.

ג.קרסל, ידיעות אַחרונות, ת״א, נאָוו׳ 18, 1983.

**גאָלדהאַר, פּנחס** — מיט א. אַלפּערין אַרויסגעגעבן אַ ביכל **זאַלבע צווייט** (לאָדזש, 1921), וווּ ג׳ האָט אַן איינאַקטיקע דראַמע.

****גאָלדוואַסער, זישע** — (דאָבזשיץ, פּוילן, 1905 — בת־ים, פֿעב׳ 11, 1972) — זינט 1915 אין רופּין, פּוילן, וווּ געאַרבעט בײַ שנײַדערײַ. 1930 עמיגרירט קיין אַרגענטינע. זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר. 1964 עולה געווען קיין ישׂראל. אין בוכפֿאָרעם: **מענטש און מאַסקע.** ת״א, 1972 168 זז׳ — זיכרונות געשריבן אין שאָטן פֿון זײַן ראַק־קראַנקייט.

י.ה.

****גאָלדוואַסער, קלמן** — (ביאַלאָבזשעג, פּוילן, אַפּריל 2, 1897 — פּאַריז, אָקט׳ 10, 1976) — געלערנט אין פֿאָטערס חדר. 1911 געקומען קיין

וואַרשע. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועטישע לאַגערן. 1946 צוריק אין פּוילן און פֿון 1948 אין פּאַריז. טעטיק אין „בונד". געשריבן אין **אונזער שטימע** (פּאַריז) א״אַ צײַטונגען. אין בוכפֿאָרעם: **פֿון דער ווײַסל ביזן טײַך קיזל־10**. פּאַריז, 1972. 360 זז׳. אַ צווייט פֿאַרענדיקט בוך ניט באַוויזן אַרויסצוגעבן.

פּ. לערנער, די פּרעסע, ב״אַ, מערץ 7, 1973; אזעט, אונזער שטימע, פּאַריז, אָקט׳ 22, 1976.

## **גאָלדווירט, בעלאַ — (דאָרף לעבן שעדלעץ, פּוילן, פֿעב׳ 2, 1902 — ) — שטאַמט פֿון אָרעמער מישפּחה. עמיגרירט קיין נ״י אין 1921.

דעביוטירט מיט אַ ליד אין **פֿרײַהייט** (נ״י). פֿון 1936 אָנגעהויבן דרוקן דערציילונגען אין **מאָרגן פֿרײַהייט, יידישע קולטור, זאַמלונגען** — נ״י. אין בוכפֿאָרעם: **נײַע טעג**. דערציילונגען. נ״י, אינטערנאַציאָנאַלער פֿאָלקס־אָרדן, 1949. 191 זז׳; **אין דער פֿרעמד**. נ״י, איקוף, 1954. 240 זז׳; **איבער גרעניצן**. דאָרטן, 1966. 271 זז׳; **דערציילונגען**. דאָרטן, 1983. 160 זז׳; **לידער**. דאָרטן, 1983. 60 זז׳. איבערגעזעצטע אין ענגליש דורך מאַקס ראָזענפעלד: *Across the border* (1971); *The unknown relative* (1976). ראָמאַן געדרוקט אין **מאָרגן־פֿרײַהייט** א״ט **דער אומ־באַקאַנטער קרובֿ**.

י.ב. ביילין, מאָרגן פֿרײַהייט, נ״י, נאָוו׳ 13, 1949; דאָרטן, יאַנ׳ 23, 1955; ב. גרין, פֿון דור צו דור. נ״י, 1971. זז׳ 382 — 386; ש. שטערן, מאָרגן פֿרײַהייט, מערץ 13, 1983. W. Glicksman, Jewish Exponent, New York, May 21, 1971.

## גאָלדזאַץ, חיים — (— מאַדריד, סעפּט׳ 22, 1977, קבֿורה אין ב״אַ) — **אַלע ווילן לעבן**. דערציילונגען. ב״אַ, אילליט, 1960. 343 זז׳; **אין פֿאַרכּישופֿטן קרײַז** [וועגן פּוילישע יידן אין אַרגענטינע. ניט געזען].

## גאָלדין, אָשר־אַריה — (— נ״י, אַפּריל 18, 1966)

## גאָלדין, יצחק — (— ת״א, 1968)

## גאָלדמאַן, יאַשע — פֿאַרטראָטן אין **אַטאַקע, קאָמיוג, קעפּ, דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור**.

## גאָלדמאַן, מענדל — (1902 —) בעתן צווייטן וועלטקריג אַנטלאָפֿן קיין סאָוועט־רוסלאַנד. 1945—1968 געלעבט אין טאַשקענט. פֿאַרטראָטן אין **צום זיג**. ווערק: **היימווי** [לידער]. נ״י, 1968. 123 זז׳.

הקדמה אין היימווי; י. גלאַטשטיין, טאָג־מ״זש, מערץ 31, 1968.

## גאָלדמאַן, נחום — (— רייכענהאַל, אויג׳ 8, 1982) — **אין דעם דור פֿון חורבן און גאולה**. נ״י, פֿאַרבאַנד, 1964. 15, 320 זז׳; **אויף לאַנגע וועגן**. עסייען און רעדעס. ירושלים, הספריה הציונית, תשכ״ח. 363 זז׳.

## גאָלדמאַן, פּינחס־ליזער — (— נ״י, דעצ׳ 30, 1973) — **אין גאַנג מיט דער צײַט**. ת״א, פּרץ, 1973. 512 זז׳.

## גאָלדענבורג, שמשון — (1908—1942) — קאָרעקטער נאָמען: שמעון גאָלדענבערג. געפֿאַלן אויפֿן פֿראָנט.

## גאָלדענבערג, בוזי — (באַרדיטשעוו, 1902—1954) — **צו וואָס דייניקן דעם ראַטנאַפּאַראַט**. כאַרקאָוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1929. 24 זז׳.

## **גאָלדענשטיין, חיים — (דאָרף סינעשטי, בעסאַראַביע, מײַ 18, 1912 —) — געלערנט אין קעשענעווער ישיבֿה, שפּעטער געענדיקט גימנאַזיע.

1933 געקומען קיין א״י. 1937—1939 געקעמפּט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַניע. ביז 1943 אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין פֿראַנקרײַך און אַלזשיר. 1944 צוריק אין רומעניע, ווו אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין בוכפֿאָרעם: צופֿיל אין איין וואָך. דערציילונגען. בוקאַרעשט, קריטעריאָן, 1974. 196 [4] זז׳; צוויי נאָוועלעס מיט אַ שמיץ. דאָרטן, 1977. 203 [5] זז׳; דאָס שווײַגנדיקע יאָרהונדערט. ראָמאַן. דאָרטן, 1979. 268 [4] זז׳; רעגן־בויגנס. דערציילונגען. דאָרטן, 1981. 200 [4] זז׳; באַגעגענישן. ראָמאַן. דאָרטן, 1985. 235 זז׳. [זע 540].

י.קאַ.

גאָלדפֿאַדען, אַבֿרהם — טיטל פֿון ביכל: ציצים ופּרחים.

י. טורקאָוו־גרודבערג, גאָלדפֿאַדען און גאָרדין. ת״א, 1969. 199 זז׳.

**גאָלדפֿינגער, ע. — (     ) — אויטאָר פֿון די ייִדישע באַפֿעלקערונג אין די רייען פֿון נאַציאָנאַלן פֿראָנט. וואַרשע, ייִדיש בוך, 1952. 61 זז׳; יוליוס און עטל ראָזענבערג טאָרן ניט אומקומען! דאָרטן, 1953. 47 [1] זז׳.

**גאָלדצווײַג, יעקבֿ — (     ) — מחבר פֿון אגרת לקץ הימין [ייִדיש]. מאַנשעסטער, תּרנ״ו. 32 זז׳.

**גאָלדקאָרן, יוסף — (וואָלבראָם, פּוילן, יולי 11, 1912 —) — געלערנט אין חדר, ישיבֿה און אַלגעמיינער שול. 1926 אַוועק קיין סאָסנאָוויץ. פֿון „פּועלי אַגודת ישׂראל״ אַריבער צו די קאָמוניסטן. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועט־רוסלאַנד. 1946 געקומען קיין קאַטאָוויץ, 1964 קיין וואַרשע און 1968 קיין ישׂראל. — 1935 אָנגעהויבן שרײַבן פּאָליטישע אַרטיקלען אין אומלעגאַלע און האַלב־לעגאַלע אויסג׳ אין ייִדיש און פּויליש. שפּעטער געדרוקט רעפּאָרטאַזשן, פֿעליעטאָנען און אַרטיקלען אין דאָס נײַע לעבן (וואַרשע־לאָדזש), פֿאָלקס־שטימע (וואַרשע, פֿון 1952 רעד׳־מיטגליד), לעצטע נײַעס (ת״א, פֿון 1969 רעד׳־מיטגליד), בײַ זיך, פֿאָלק, וועלט און מדינה — ת״א, א״אַ. אין בוכפֿאָרעם: אומגלייבלעך און דאָך... רעפּאָרטאַזשן, ת״א, לייוויק־פֿאַרלאַג, 1981. 240 זז׳.

ל. ברענער, לעבנס־פֿראַגן, ת״א, מײַ־יוני 1981; י. קאָרנהענדלער, לעצטע נײַעס, ת״א, יוני 12, 1981; די פּרעסע, ב״אַ, יולי 7, 1981; מ. יעלין, ישׂראל שטימע, ת״א, סעפּט׳ 8, 1981; מ. שטיינבערג, דאָרטן, פֿעב׳ 2, 1982.

ר.ג.

גאָלדקאָרן, יצחק — לאָדזשער פּאָרטרעטן. ת״א, המנורה, 1963. 229 זז׳; פֿון וועלט־קוואַל (קליינע עסייען וועגן גרויסע שרײַבער). דאָרטן, 1963. 280 זז׳; זינגערס און זאָגערס. דאָרטן, 1971. 391 זז׳; היימישע און פֿרעמדע ליטעראַרישע עטיודן. ב״אַ, סבֿיבֿה [1973]. 260 זז׳; משלים. נ״י, אייגנס, 1975. 89 זז׳; דער פֿאַרכּישופֿטער יאַריד. נײַע משלים. נ״י, 1976. 123 [2] זז׳.

**גאָלדשטיין, א. — (     ) — מחבר פֿון אַרבעטבוך אַף נאַטורוויסנשאַפֿט פֿאַר אָוונט־שולן... מאָסקווע־מינסק, צענטרפֿאַרלאַג, 1930. 464 זז׳. איבערגעז׳ וו. אַדאָראַטסקיס וועגן דער באַדײַטונג פֿונ דער מאַרקסיסטיש־לענינישער טעאָריע. מינסק, 1932; וו. ווישניאַקאָוועס די אַרבעטערנ אונ פויערטע אינ דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פֿונ כינע. מינסק, 1932.

**גאָלדשטיין, אַבֿרהם — (     ) — אויטאָר פֿון הימל־געשריי. קאָמעדיע אין 2 אַקטן. ב״אַ [אָ״י]. 34 זז׳.

גאָלדשטיין, אָשר — (— ת״א, יוני 25, 1972)

**גאָלדשטיין, בערנאַרד** — (— נ״י, דעצ׳ 7, 1959) — **20 יאָר אין וואַרשעווער „בונד״, 1919 — 1939.** נ״י, אונזער צײַט, 1960. 328, XVI זז׳.

****גאָלדשטיין, חיים־איצל** — (לאָשיץ, פוילן —) — פֿון 1930 געלעבט אין פּאַריז. דורכגעמאַכט וואַרשעווער געטאָ און אוישוויץ. לינקער טוער. אין בוכפֿאָרעם: **זיבן אין אַ בונקער.** וואַרשע, ייִדיש בוך [1962]. 326 זז׳. אַרויס אויך אין ענגליש, העברעיִש און פֿראַנצייזיש.

****גאָלדשטיין, יוסף־שמעון** — (לאָדזש, יולי 12, 1894 — מיאַמי־ביטש, פֿעב׳ 18, 1978) — צווייטן וועלטקריג איבערגעלעבט אין סאָוועט־רוסלאַנד. 1949 עמיגרירט קיין אַמעריקע. 1976 זיך באַזעצט אין מיאַמי. דעביוטירט אין **לאָדזשער טאָגבלאַט** און 1925 געוואָרן מיט־אַרבעטער אין **הײַנט** (וואַרשע). זינט 1950 באַטייליקט מיט הומאָרעסקעס, אָפֿט געגראַמטע, אין **פֿאָרווערטס** (נ״י). געשריבן אַ סך טעקסטן פֿאַר די קאָמיקערס דזשיגאַן און שומאַכער. אין בוכפֿאָרעם: **געגראַמטע פֿעליעטאָנען און זכרונות.** נ״י, שולזינגער, 1976. 275 זז׳. פּסעוודאָנים: דער לוסטיקער פּעסימיסט.

****גאָלדשטיין, לאַזאַר** — (נײַשטאָט־שירווינט, ליטע, מײַ 13, 1901 — נ״י, אָקט׳ 17, 1981) — אַמעריקאַניזירטער נאָמען — גאָלדען. געלערנט אין שטאָטישער פֿאָלקשול, מאַטורע־עקזאַמען אָפּגעגעבן אין קאַרלבאַכס גימנאַזיע אין קאָוונע. 1927 באַקומען ד״ר־טיטל אין לייפּציגער אוניווערסיטעט. 1930—1940 פּראַקטיקירט מעדיצין אין קאָוונע. דורכגעמאַכט סלאַבאָדקער געטאָ און דאַכאַו. פֿון 1949 אין נ״י. געדרוקט אין **פֿאָלקס־געזונט** (ווילנע) און אין דער ייִדישער פּרעסע פֿון דער שארית־הפּליטה אין דײַטשלאַנד, אָפֿט א״נ ד״ר ל. טולי. אין בוכפֿאָרעם: **פֿון קאָוונער געטאָ ביז דאַכאַו.** נ״י, 1984. 275 זז׳.

**גאָלדשטיין, משה** — (1909 —) — לעבט אין ת״א. — **קליינע מעשׂיות וועגן גרויסע מענטשן.** ב״אַ, 1967. 243 זז׳.

****גאָלדשטיק, משה** — (ווינדוי, לעטלאַנד, 1885 — טאָראָנטאָ, אויג׳ 24, 1960) — עמיגרירט קיין קאַנאַדע אין 1902. אַקטיוו געזעלשאַפֿטלעך. פֿון 1916 שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון **אידישער זשורנאַל** און רעד׳ פֿון וו״בל **קאַנאַדער נײַעס** (1935—1955). פּסעווד׳ — מ. עסקן.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

****גאָלדשמידט, שמואל־יוסף** — (יאַנעווע, ליטע, אַפּריל 18, 1915 —) — זשורנאַליסט, אויטאָר, רעדאַקטאָר. — געענדיקט העברעיִשע גימנאַזיע אין קאָוונע און דעם יורידישן פֿאַקולטעט פֿון קאָוונער אוניווערסיטעט. פֿון 1939 אין לאָנדאָן. — דעביוטירט מיט אַרטיקלען אין ט״צ **אידישע שטימע** (קאָוונע), 1934—1939 איר אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער און פֿון 1937 דער רעדאַקטאָר פֿון איר אָוונט־אויסגאַבע **הײַנטיקע נײַס.** געשריבן אויך אין לאָנדאָנער **צײַט, הבקר** (ת״א), **דזשוּיִש קראָניקל, לאָנדאָנער טײַמס** א״אַ. 1958—1970 רעדאַקטאָר פֿון דער ייִדישער טעלעגראַפֿן־אַגענטור אין אייראָפּע. אַרויסגעגעבן 4 ביכער אין ענגליש: *Twenty Twientieth Century Jews; Jews in Transition; In the Passage of Time; The Slaughter of Sacred Cows.* אין העברעיִש: **חצי מיליון יהודים בערפּל** (וועגן ייִדישן יישובֿ אין לאָנדאָן).

****גאָלוביצקי, שניאור** — (קיִעוו, 1902 —) — אין די צוואַנציקער־דרײַסיקער יאָרן געאַרבעט אין דער סאָוועטיש־מיליטערישער ים־אַוויאַציע. פֿון 1921 געדרוקט אין קאָמיוגישע אויסג׳ (**יונגוואַלד** א״אַ). נאָכן צווייטן וועלטקריג אין ריגע. — ווערק: **פֿאָליטאַלעפֿבייס פֿאַרן קאָמיוגיסט** [מיט א. יערוסאַלימסקי און י. לעזמאַן]. מאָסקווע, צענטר־

פֿאַרלאַג, 1925. 186 ז׳; **אַף דער וואַך פֿון דעם סאָציאַליסטישן פֿאָטערלאַנד** [מיט א. יערו־סאַלימסקי]. מאָסקווע, שול און בוך, 1928. 78 [1] ז׳.

ס״ה — לעקסיקאָן.

## גאָלענפּאָל, עקיבֿא — (אַרום 1870—1938)

## **גאַנז, דוד — (אַרום 1901 — מאָנטעווידעאָ,

פֿעב׳ 13, 1971) — לערער אין יידישע שולן פֿון מאָנטעווידעאָ א״אַ שטעט אין אורוגוויי. זיך געדרוקט אין **פּנימער און פּנימלעך, אידישע צײַטונג, אַרגענטינער מאַגאַזין, אַרגענטינער ביימעלעך** — ב״אַ, **פֿאָלקסבלאַט, נײַער מאָמענט** — מאָנטעווידעאָ, **אונזער טריבונע** (מענדאָסאַ). אין בוכפֿאָרעם: **פֿרוכטן**. ב״אַ־מאָנטעווידעאָ, 1961. 108 ז׳.

## גאַנטאַר, אַבֿרהם — (מערץ 20, 1908* —

מאָסקווע, מײַ 1981) — **די פֿאַראַשוטיסטקע** [פּאָעמע]. קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1937. 24 ז׳; **אין די בערג פֿון אָסטיע** [פּיעסע]. דאָרטן, 1939. 18 [1] ז׳; **ראַכוועס** [לידער]. דאָרטן, 1940. 96 [1] ז׳; **די גרויסע מישפּאָכע** [לידער]. מאָסקווע, עמעס, 1948. 190 ז׳. **טויבן אויפֿן דאַך** [לידער]. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1969. 282 ז׳; **נעגינע**. לידער און פּאָעמען. דאָרטן, 1977. 238 ז׳; **דער מאָרגנשטערן**. לידער. דאָרטן, 1980. 207 ז׳. — פֿאַרטראָטן אין **לידער וועגן סטאַלינען** (קיִעוו, 1937). **צום זיג, קאָמסאָמאָליע**.

* לויט דערציילונגען, מאָסקווע, 1969.

## גאַסטווירט, י[חזקאל] — **איך האָב

**געלעבט אין פּוילן**. איבערלעבונגען. נ״י [אָ״י]. 23 ז׳.

## **גאָסטינסקי, זלמן — (קאָוועל, וואָלין,

1917 — ) **שטיינער דערציילן**. פּאַריז, פֿאַרבאַנד פֿון מיזרח־אייראָפּעיִשע יידן, 1973. 122 ז׳ — בילדער־אַלבאָם פֿון חרובֿע קהילות אין פּוילן. לעצטע יאָרן רעד׳ פֿון **אויף דער וואַך** (פּאַריז).

ר. קאָפּע, אינטים מיטן בוך, 2. פּאַריז, 1983. ז׳ 127—130.

## גאָפּט, מאַקס — (— נ״י, אויג׳ 16, 1962)

## ** גאָפּלאַט, אַברהם — (לאָדזש, דעצ׳ 13,

1920 — ) — געענדיקט פֿאָלקשול. בעתן חורבן זיך געראַטעוועט אין אַ גויס באַהעלטעניש. 1946 אין אַ פּליטים־לאַגער אין דײַטשלאַנד. דאָרטן אַרויסגעגעבן די **פֿאַקינגער צײַטונג** (1946—1948, מיט לאַטײַנישע אותיות). פֿון 1948 אין ישׂראל. מיטגרינדער פֿון „גאָלדפֿאַדען־טעאַטער" אין ישׂראל. דאָרטן אָנגעהויבן דרוקן פֿעליעטאָנען און הומאָרעסקעס אין **ישׂראל שטימע, לעצטע נײַעס, לעבנס פּראַגן**. אין בוכפֿאָרעם: **געשטויגן און געפֿלויגן**. ישׂראל איז פֿריילעך. ת״א, 1964. 263 ז׳. זינט 1966 פֿאַרנעמט זיך ג׳ מיט מאָלערײַ.

## גאָץ, שמואל — (— בולאַוואַיאָ, דרום־אַפֿריקע,

סעפּט׳ 5, 1983)

## גאַק, יואל — (— מאָנטעווידעאָ, יולי 24, 1979)

## גאַר, יוסף — **ווידערקלאַנגען**. אויטאָביאָגראַ־

פֿישע פֿאַרצייכענונגען. ת״א, פּרץ, 1961—1971. 2 בב׳; **אַזוי איז געשען אין ליטע**, 1940־1941. ת״א, המנורה, 1965. 157 ז׳. האָט אַ גרויסע אַרבעט א״ט **באַלטישע לענדער** אין **אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע**, ייִדן, בֿ 1 (נ״י, 1964). רעד׳ [מיט פֿיליפּ פֿריד־מאַן] **ביבליאָגראַפֿיע פֿון יידישע ביכער וועגן חורבן און גבֿורה**. נ״י [ייִוואָ], תשכ״ב. XXXI, 330 ז׳

און אַליין רעד' — **ביבליאָגראַפֿיע פֿון אַרטיקלען וועגן חורבן און גבֿורה אין יידישער פּעריאָדיקע.** דאָרטן, 1966—1969. 2 בב'. לעבט אין ת"א. קראַנק.

**גאָראָדיסקי, יונה — (קאַזלווישטשינע, לעבן סלאָנים, 1895 — ב"אַ, אָקט' 15, 1977) — געקומען קיין אַרגענטינע אין 1912. מיטבויער פֿון פֿאַרלאַג „בוכגעמיינשאַפֿט פֿון דער ראַציאָנאַ־ליסטישער געזעלשאַפֿט" אין ב"אַ. צענדליקער יאָרן רעדאַקטירט די אַנאַרכיסטישע חודש־שריפֿט **דאָס פֿרייַע וואָרט.** אין בוכפֿאָרעם: **אַרויסגעוואָרפֿענע רייד.** ב"אַ, 1948. 190 זז'; **דוד עדעלשטאַט.** ב"אַ, 1952. 30 זז'; **קעגן שטראָם.** ב"אַ, 1978. 270 זז'. איבערגעז' פֿ. פֿערער, **די מאָדערנע שול.** ב"אַ, 1929. 197 זז'.

גאָראָכאָוו, ג[רשון] — 1936 דערשאָסן דורך דער מאַכט אין קיִעוו.

גאָרדאָן, הירש־לייב — (— נ"י, יאַנ' 20, 1969)

**גאָרדאָן, ח. וו. — (  ) — געלעבט אין ווילנע. מחבר פֿון **פֿאַלשע וועגן.** דראַמע אין 4 אַקטן. ווילנע, דרוק ל. יאַבראָוו, תרע"ג. 64 זז'. פּסעוו' — בן־ציון.

ע.ל.

גאָרדאָן, נ. — (  ) — **מיט אַ באַגלייטער אַפֿ דער רויט־פֿאָניקער פֿאַבריק „אָקטיאַבער".** מינסק, 1933. 64 זז'.

גאָרדאָן, ניסן — **אַלט און ניַי אין ארץ־ישׂראל.** נ"י, תשכ"ד. 195 זז'. — זינט 1972 געהילף־רעדאַקטאָר פון וו"בל **אַלגעמיינער זשורנאַל** (נ"י, 1972 —).

גאָרדאָן, עליע — (קאָלאָניע מיאַדלער, קאַטערינאָסלאַווער גוב', דעצ' 15, 1907—) — **אַרבעטבוך אַף מאַטעמאַטיק** פֿאַרן 5טן לערניאָר. כאַרקאָוו־קיִעוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1931. 136 זז' [מיט ס. דזיבענקאָ, ז. יאַנאָווסקאַ]; **מיַין** [אַנטירעליגיעזע דערציילונגען]. מאָסקווע, עמעס, 1936. 54 זז'; **אין אייגענע קאַנטן.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1969. 441 זז'; **אונטער דער הייסער זון.** דאָרטן, 1978. 461 זז'. פֿאַרטראָטן אין **שלאַכטן, פֿאַר דער בינע, דעקלאַמאַטער פֿונ דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטער, קאָמיוג.**

**גאָרדאָן, פּסח — (פּלאַטעל, ליטע — ) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. אין בוכפֿאָרעם: **צו קיַיכען פֿון געלעכטער,** באַנד 1. הומאָריסטישע מעשׂיות, שאַרפֿזיניגע וויצען... ת"א, תרצ"ד. 279 זז'; **דער טשיקאַווער שאַרפֿזיניגער הומאָריסט.** ת"א, תרצ"ו. 288 זז'; **דער אוצר פֿון מיַין געדאַנקען־וועלט.** שאַרפֿזיניגע אַפֿאָריזמען, עפּיגראַמען און גליַיכווערטלעך, באַנד 3. ת"א, תרצ"ז. 194 זז' — אַן אמת־גוטער, וויניק באַמערקטער הומאָריסט.

גאָרדאָן, שלום — (1890—1963)

ליפֿשיץ־אַלטשולער, בריוו. אינדעקס.

גאָרדאָן, שמואל — (קאָוונע, נאָוו' 25, 1909—) — **אין וועג.** מאָסקווע, 1957; **פֿרילינג.** ראָמאַן, דערציילונגען, רייַזע־בילדער. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל. 1970. 526 זז'; **אַהיים.** דאָרטן, 1973; **באַם וויַינגאָרטן.** דאָרטן, 1976; **די אייביקע מאָס.** ראָמאַן, דערציילונגען. דאָרטן, 1979. 548 זז'; **אַ כאַסענע אין קריזשאָפּאָל.** דאָרטן, 1980. 62 זז'. — פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סעריע רייַזעבילדער א"ט **איבער יידישע ייִשובֿים אינ קרים** אין **אייניקייַט** (מאָסקווע,

1947־1946) און א״ט **שטעטלעך** אין **סאָוועטיש הײמלאַנד**, (1966—1969). פֿאַרטראָטן אין **צום זיג**, זאַמלונג **בירעבידזשאַן**.

**גאָרדין, אַבא** — (— ת״א, אויג׳ 21, 1964) — **אויסברייטערונגען פֿון די פּרינציפּן און צוזעקן־דערקלערונג פֿון דער ייִדיש־עטישער געזעלשאַפֿט**. נ״י, 1936. 8 זז׳; **דרײַסיק יאָר אין ליטע און פּוילן**. (אויטאָביאָגראַפֿיע). ב״אַ, 1958. 490 זז׳; **שלמה המלך**. היסטאָרישער ראָמאַן. ת״א, המנורה, 1960. 386 זז׳; **משה, זײַן לעבן און לערע**. דאָרטן, 1962. 405 זז׳.

**גאָרדין, יעקבֿ** — **דרײַ דראַמעס**. ב״אַ, יוסף ליפּשיץ־פֿאָנד [1973]. 317 זז׳.

י. גרודבערג־טורקאָוו, גאָלדפֿאַדען און גאָרדין. ת״א, 1969.

**גאַרוויץ, גרשון** — **עפּיגראַמען אין ראַמען**. נ״י, 1964. 101 זז׳.

**גאָרעליק, יעקבֿ — (שטשעדרין, ווײַסרוסלאַנד, דעצ׳ 19, 1904—) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. 1922 עמיגרירט קיין אַמעריקע. פֿון 1952 אָנגעהויבן דרוקן לידער און מעשׂהלעך אין **אַמעריקאַנער, אויפֿסנײַ, טאָג־מ״זש, קינדער־צײַטונג, סבֿיבֿה** — נ״י. אַרויסגעגעבן **לידער־זאַמלונג**. נ״י, 1980. 32 זז׳ [מימיאָגראַפֿירט].

**גאָרעליק, נח** — פֿאַרטראָטן אין **רופֿ, פֿאַר קלײנע קינדער** (קיִעוו, 1918).

**גאָרעליק, פּ.** — ( — ) — אויטאָר פֿון **פֿון די מלינער וועלטן**. ראָמאַן. ת״א, פּרץ־פֿאַרלאַג, 1960. נאָוועלע. 438 זז׳.

**גאָרעליק, שלמה — (שטשעדרין, ווײַס־רוסלאַנד, 1901 — טאָראָנטאָ, 1948) — נאָכן ערשטן וועלטקריג עמיגרירט קיין קאַנאַדע. זיך באַזעצט אין האַמילטאָן, שפּעטער אין טאָראָנטאָ. מחבר פֿון בוך דערציילונגען **אין אָרימע הײמען**. טאָראָנטאָ, 1941. 114 זז׳.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**גאָרפֿינקל, לייב** — ( — ירושלים, סעפּט׳ 7, 1976) — מיטרעד׳ פֿון **יהדות ליטא** (ת״א). אויף העברעיִש: **קובֿנה היהודית בחורבנה**. ירושלים, יד ושם, תשי״ט. 330 זז׳.

**גאָרשמאַן, שירע** — (קראָק, ליטע, אַפּריל 10, 1906 — ) — **33 נאָוועלן**. וואַרשע, **ייִדיש בוך**, 1961. 179 זז׳; **לעבן און ליכט**. דערציילונגען און נאָוועלן. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1974. 430 זז׳; **יאָנטעוו אינמיטן וואָך**. ראָמאַן, דערציילונגען און נאָוועלן, רײַזע־בילדער. דאָרטן, 1984. 374 זז׳.

**גובניצקי, אַלעקסאַנדער — (מאָנאַס־טערישטשע, אוקראַיִנע, אויג׳ 22, 1912 — מאָסקווע, 1974) — סוף צוואַנציקער יאָרן אַריבער מיט עלטערן קיין בירא־בידזשאַן, אין מיטן דרײַסיקער מאָסקווע. ערשטע פֿאַרצייכענונגען און נאָוועלן געדרוקט אין די ייִדישע אויסג׳ פֿון די דרײַסיקער יאָרן. גרעסטן טייל פֿון זײַנע שאַפֿונגען פֿאַרפֿנטלעכט אין **סאָוועטיש הײמלאַנד**. אין בוכפֿאָרעם: **מײַן אויצער**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1973. 358 זז׳.

ס״ה — לעקסיקאָן.

**גובערעק, חיים־שמעון** — **אַ איד אין קאָלאָמביע** [ב״אַ] 1973. 358 זז׳; **ווענעסועלאַ**. ת״א, נײַ לעבן, 1978. 539 זז׳ (שפּאַניש, באָגאָטאַ,

1978); **אַ יידיש אינדזעלע אויפֿן דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט**. באָגאָטאַ, 1978. 403 זז׳. אַרויסגעגעבן אין שפּאַניש: **איך האָב געזען וואַקסן אַ לאַנד** (באָגאָטאַ, 1964—1980).

**גודוויין, פּאול ט.** — נאָמען פֿון שטעטל: סעריי, ליטע.

**** גודמאַן, יוסף** — (קאָנאָטאָפּ, אוקראַינע, 1870 — ) — 1887 געקומען קיין נ״י, שפּעטער אַוועק קיין קאַנאַדע. געלעבט אין דער קאָלאָניע זאַמערפֿעלד, דערנאָך אין קאַלגאַרי, וויניפּעג, אָטאַווע און מאָנטרעאָל. זינט 1922 האָט מען וועגן אים ניט געהערט. — 1906 רעד׳ צווייוו״בל **דער ווידערקלאַנג** (וויניפּעג); **דער בירגער**, „צײַטשריפֿט פֿאַר פּאָעזיע, ליטעראַטור און סאַטירע״ (17 נומ׳, לעצטער — יוני 20, 1913); מיטרעד׳ צווייוו״בל **קאַנאַדער מזיק** (1912, 8 נומ׳). געשריבן לידער, הומאָרעסקעס, דערציילונגען, רעפּאָרטאַזשן אין **קאַנאַדער איד** (1909—1910), **דאָס אידישע וואָרט, דאָס אידישע לעבן** (1913); **פֿאָרווערטס, דער קונדס, דער קיביצער** א״אַ. אין בוכפֿאָרעם: **געזאַמעלטע ליעדער**. וויניפּעג, 1919. 144 זז׳. פּסעוד׳ — איש דויג, אַ קעסטקינד, באַראָן טענגעלבענדער, אַקאָסטאַ, כאַפּ־לאַפּ, איש עשיר, הומאָרוסטיקאַנאַ.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

****גודמאַן, לייב** — (דווינסק, לעטלאַנד, דעצ׳ 22, 1906 — ) געלערנט אין חדר מתוקן, געענדיקט העבר׳ גימנאַזיע אין דווינסק און העבר׳ לערער־סעמינאַר אין ריגע. 1929 געקומען קיין יאָהאַנעסבורג. איינער פֿון די גרונטלייגערס פֿון דער „דרום־אַפֿריקאַנער יידישער קולטור־פֿעדעראַציע״ און פֿון איר אָרגאַן **דרום־אַפֿריקע**. 1926 דעביוטירט מיט אַרטיקלען אין **אונזער טעאַטער**. 1926—1929 געשריבן אין ט״צ **פֿרימאָרגן, אַשמדאַי, די וואָך** — אַלע ריגע; שפּעטער אין **דרום־אַפֿריקע, היימיש** (ת״א), **צוקונפֿט, יידישע קולטור** — נ״י.

**גודעלמאַן, הערש** — (— נ״י, 1967)

****גוווירצמאַן, רבֿקה** — (לאָדזש מײַ 18, 1907—) — באַקומען טראַדיציאָנעלע און אַלגעמיינע דערציִונג. טעטיק אין „החלוץ״. 1929 עולה געווען קיין א״י. געדרוקט לידער און אַרטיקלען אין די ישׂראלדיקע **לעצטע נײַעס, יידישע צײַטונג, פּראָבלעמען, לעבנס־פֿראַגן** און העבר׳ צײַטשריפֿטן. — אין בוכפֿאָרעם: **אויפֿן בערגל אין נגבֿ**. ראָמאַן. ת״א, נײַ־לעבן [1966]. 392 זז׳ [1962 זיך געדרוקט אין **יידישע צײַטונג**]; **דער מענטש און זײַן גורל**. ראָמאַן. ת״א [1974]. 274 זז׳.

**גוטוויַין, יצחק** — (דזשיקעוו, 1919 — נ״י, יאַנ׳ 8, 1983) — 1949 עמיגרירט קיין אַמעריקע. חזן אין אַ שול אין וואַשינגטאָן, שפּעטער אין נ״י. פֿון 1972 פֿאַרעפֿנטלעכט מאמרים אין **אַלגעמיינער זשורנאַל** (נ״י).

אַלגעמיינער זשורנאַל, יאַנ׳ 14, 1983.

**גוטיאַנסקי, בנימין** — (דאָרף גלובאָטשאָק, פּאָדאָליע, 1903 — 1956*) — געענדיקט פּריוואַטע גימנאַזיע אין בערשאַד, שפּעטער דעם יידישן פּעדאַגאָגישן טעכניקום אין קיִעוו און דעם מאַטעמאַטישן פֿאַקולטעט פֿון קיִעווער אוניווערסיטעט. — **זײַ געזונט — פֿאָר געזונט** [לידער]. קיִעוו, קולטור־ליגע, 1930 [10] זז׳; **אַ רעבן קומט אַזוי**. דאָרטן, 1930 [10] זז׳; **נאַפֿט** (אַ מײַסע אינ פֿערזן). [קיִעוו], אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג (1933). 14 [2] זז׳; **אַלערליי זאַכן** [לידער]. דאָרטן, 1937. 94 זז׳; **בוליע; קראָקעוויאַקע**. צוויי סצענקעס פֿאַר קליינע קינדער. אָדעס, קינדער־פֿאַרלאַג, 1937. 32 זז׳; **נאָך דער אַרבעט**. שפּילן, פֿאַרשיידענע אײַנפֿאַלן, קונצן... קיִעוו, 1938. 109 [2] זז׳ [מיט ד.

פֿיניצקי]; **לייענבוך פֿאַרן ערשטן קלאַס פֿון דער אָנפֿאַנג־שול.** קיִעוו־לוואָוו, אוקרמעלוכע־נאַצמינדפֿאַרלאַג, 1940. 116 זז׳ (2טע אויפֿל׳ — קאונאַס, 1940); **לייענבוך פֿאַר אָנפֿאַנגער.** כרעסטאָמאַטיע. מאָסקווע, עמעס, 1947. 132 זז׳.

** לויט אַן אַנדער מקור — 1948 אומגעקומען אין אַ סאָוועטישן לאַגער.

**גוטמאַן, חיים** — (— נ״י, יולי 18, 1961).

**גוטמאַן, מאיר־בער** — (יולי 17, 1898 —) — נאָמען פֿון זש׳ — **צויטן**, אַרויס אויך אין 1948.

**גוטמאַן, מתתיהו־יחזקאל** — (— יאַס, יולי 17, 1891 —).

**גוטמאַן, ראָזאַ** — **לידער.** נ״י, 1964. 45 זז׳; **שירים.** עבֿרית: חיים רבינזון [ת״א], עם הספֿר [1972]. 71 זז׳.

**גוטמאַן, שאול** — שטודירט פֿילאָסאָפֿיע אין די אוניווערסיטעטן פֿון האַרוואַרד און קאָלאָמביע. 1950—1978 לערער פֿון ייִדישן געדאַנק און ייִדישער ליטעראַטור אין ניו־יאָרקער ייִדישן לערער־סעמינאַר. אין בוכפֿאָרעם: **טראַדיציע און באַנײַאונג.** עסייען. נ״י, מתנות, 1967. 375 זז׳ (קעסל־פּרעמיע); **די אַנדערשקייט פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום.** ת״א, פּרץ, 1980. 431 זז׳ (ניגער־פּרעמיע); *The Faith of Secular Jews.* New York, 1976. רעדאַקטירט: **יאָרביכער פֿון שלום־עליכם פֿאָלק־אינסטיטוט** (נ״י, 1954, 1963, 1965, 1968); **דער דרך פֿון שלום עליכם אינסטיטוט. אַ היסטאָרישער איבערבליק** (1913—1971). נ״י, 1972, 181, 188 זז׳.

אָשר פּען, ייִדישקייט אין אַמעריקע. נ״י, 1958. זז׳ 381—388; ש. מאַרגאָשעס, טאָג־מ״זש, נ״י, מײַ 7, 1967; י. גלאַטשטיין, אידישער קעמפֿער, נ״י, יולי 21, 1967. ל. דאַמאַנקעוויטש, אונזער וואָרט, פּאַריז, יאַנ׳ 3, 1970; י. גלאַנץ, דער וועג, מעקסיקע, מערץ 1, 1974; ס. ליפּצין, לעצטע נײַעס, ת״א, יוני 10, 1977; א. לערמאַר, צוקונפֿט, נ״י, 1978.

****גוטמאַן, שמריהו** — (ראָדעם, פּוילן, נאָוו׳ 22, 1897 — פּאַריז, אויג׳ 18, 1975) — געלערנט אין חדר. 1927 עמיגרירט קיין פּאַריז. בעל־מלאָכה. געשריבן אַרטיקלען אין די צ״ש **האַמער, נעסט, ט״צ נײַע פּרעסע** (פּאַריז, ביז די 1950ער), שפּעטער אין פּאַריזער **אונזער וואָרט**, וווּ געדרוקט אויך זײַן ראָמאַן **אויפֿן ראַדאַמער טראַקט.** אין בוכפֿאָרעם: **די וואַנדערונגען פֿון מנחם גאָטפֿריד** [ניט געזען]; **אַ קייט פֿון דורות.** ראָמאַן. פּאַריז, 1955. 254 זז׳.

**גוטמאַן־קרימער, גאָלדע** — (— ב״א, יולי 19, 1983) — **אויפֿן שיידוועג.** ראָמאַן. ב״א, 1958. 247 זז׳; **דאָס לעבן פֿון אַ פֿרוי.** ב״א, 1958. 284 זז׳; **אַ חלום פֿון אַ פֿאַסטעכל.** ב״א, 1961. 213 זז׳; **פֿון דאָס נײַ** (שפּיטאָל־דערציילונגען). ב״א, 1962. 307 זז׳; **די ווינטער־בלום.** ב״א, 1966. 179 זז׳.

**גוטערמאַן, גוטע** — (מאָגעלניצע, פּוילן, יולי 5 1911—) — שטאַמט פֿון אַ חסידישער מישפּחה. געלערנט אין פֿאָלקשול און בײַ פּריוואַטע לערערס. געדרוקט אויך אין **אָקטיאַבר, שטערן** (מינסק), **היימיש, ייִדישע צײַטונג, לעצטע נײַעס** — ת״א. — **קלאָרע וואָלקנס.** לידער און סאַטירעס. ת״א, גראַנגל, 1971. 142 [4] זז׳.

ר.ג.

**גוטערמאַן, יצחק** — **די מאַמע איז ניט חסר דעה...** ת״א, פּרץ, 1981. 219 זז׳.

**גוטערמאַן, פּרץ,** — (1901 — פּאַריז, מײַ 11, 1980)

**גוטקאָוויטש, יאַנקל** — (ווילנע, אָקט׳ 20, 1909 — ניו־יאָרק, מײַ 7, 1982) — געלערנט אין תּלמוד־תּורה און געענדיקט די פֿאַכשול „הילף דורך אַרבעט״. געווען אַקטיוו אין דער לינקער באַוועגונג. אין צווייטן וועלטקריג געדינט אין דער רויטער אַרמיי. דערנאָך צוריק אין ווילנע, וווּ געווען פֿאַרוואַלטער פֿון ייִדישן מלוכישן מוזיי. פֿון 1959 אין וואַרשע און 1969 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געשריבן וועגן ייִדישע קולטור־פּראָבלעמען און ייִדישע שרײַבערס אין דער וואַרשעווער ט״צ **פֿאָלקס־שטימע** (1962—1968 מיטאַרבעטער) און **ליטעראַרישע שריפֿטן; צוקונפֿט, ייִדישע קולטור, אונזער צײַט** — נ״י, **ירושלימער אַלמאַנאַך**. אין בוכפֿאָרעם: **אויף אַלע טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר.** ליטעראַריש־היסטאָרישער קאַלענדאַר. וואַרשע, ייִדיש בוך, 1966. 270 זז׳.

**גויכבערג, ישׂראל** — (— נ״י, יוני 9, 1970) — **מיט אַ שמייכל.** ת״א, פּרץ, 1963. 87 זז׳; **מיט לײַב און לעבן.** דאָרטן, 1963 96 זז׳; רעד׳ לידערבוך **די גאָלדענע פּאַווע** (נ״י, 1948). ג׳ס לידער געפֿינען זיך אין אַ סך ייִדישע לערנביכער.

**גולקאָ, ש.** — **ליטעראַטור.** ליטעראַרישע מאַטעריאַלן ... פֿאַרן 7טן לערניאָר. קיִעוו. קולטור־ליגע, 1931. 336 [2] זז׳; **ליטעראַרישע מאַטעריאַלן** צום בוך אַפּ ליטעראַטור פֿאַרן 6טן לערניאָר. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכנאַצמינד־פֿאַרלאַג, 1932. 186 [2] זז׳; **לייענבוך** פֿאַר שולן פֿונ דערוואַקסענע, ערשטע שטופֿע. דאָרטן, 1933. 113 [3] זז׳; **לייענבוך** פֿאַרן 2טן לערניאָר. דאָרטן, 117.1933 [3]זז׳ [ביידע מיט ל. גאָלדין].

**גוסין, מאיר** — (— וויניפּעג, פֿעב׳ 12, 1958)

**גורא, גרשון** — אויטאָביאָגראַפֿיש בוך א״ט **בסערות הימים.** ת״א, 1980. 3 בב׳.

**גוראַ, יעקבֿ** — (וואַרשע, 1896 — אָטאַווע, יולי 1976) — באַקומען ייִדישע און וועלטלעכע בילדונג. דורכגעמאַכט וואַרשעווער געטאָ און אוישוויץ. פֿון 1948 אין אָטאַווע. געדרוקט אַרטיקלען און זיכרונות פֿון די לאַגערן אין **קענעדער אָדלער, אידישער זשורנאַל** (טאָראָנטאָ) **טאָג, מאָרגען זשורנאַל**— נ״י א״אַ. אין בוכפֿאָרעם: **דאָס איז דער אמת, אמת הונדערט פּראָצענט.** מאָנטרעאָל, 1966. 101 זז׳.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**גוראַלניק, אוראַן** — (וויניצע, אוקראַינע, 1921 —) — געענדיקט ייִדישע מיטלשול, דערנאָך דעם פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אויף לענינס נאָמען אין מאָסקווע. פֿון 1946 ביז איצט וויסנשאַפֿטלעכער מיטאַרבעטער פֿון אינסטיטוט פֿון דער וועלט־ליטעראַטור בײַ דער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע פֿון פֿסס״ר. שרײַבט מערסטנס אין רוסיש־ליטעראַרישע צ״ש. דעביוטירט אויף ייִדיש אין **זײַ גרייט, אייניקייט** (מאָסקווע). געשריבן וועגן בעלינסקין און פּיסאַרעווון און אין די זיבעציקער יאָרן — ליטעראַרישע אַרטיקלען און מעמואַרן אין **סאָוועטיש היימלאַנד.** אין בוכפֿאָרעם: **טיפּע וואָרצלען.** ליטעראַטור־קריטישע פֿאָרשונגען. מאָסקווע. סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1983. 64 זז׳. [זע: בֿ׳ 2, גוראַלניק. נ]

ס״ה — לעקסיקאָן; U. Weinrich. Field of Yiddish. N.Y., 1954, p. 52.

**גורט, חיים** — (בזשעזשין, פּוילן, יולי 22, 1906 — ת״א, אויג׳ 24, 1975) — 1937 עמיגרירט קיין אויסטראַליע. געדרוקט איבערזעצונגען פֿון העברעיִש אין דער אָרטיקער ייִדישער פּרעסע. 1958 עולה געווען קיין ישׂראל. איבערגעז׳ ש. י. עגנון, **צווישן אַלט און נײַ.** אויסדערוויילטע דערציילונגען, מיט אַרײַנפֿיר פֿון ד. סדן. ת״א, ישׂראל־בוך, 1978. 246 [1] זז׳.

ר.ג.

**גורין, משה** — (אויג׳ 26, 1921 —) — **די גרינע בריק.** ת״א, פרץ, 1966. 96 זז׳; **מיט זיבן אויגן.** לידער, 1966—1971. ת״א, המנורה, 1973. 94 [2] זז׳. געדרוקט לידער אין **פּאַלקסבלאַט** (ת״א), **אויפגאַנג** (חולון).

****גורלאַנד, הערשל** — (אַריעוו, בעסאַראַביע, 1899 — טאָראָנטאָ, פעב׳ 4, 1972) — 1921 געקומען קיין קאַנאַדע. געאַרבעט ווי אַ פּרעסער, שפּעטער געוואָרן לערער אין די „אָרדן״־שולן. 1929 דעביוטירט מיט אַ נאָוועלע אין **דער קאַמף** (טאָראָנטאָ). געווען מיטאַרבעטער אין דער לינקער פּרעסע, אַ צײַט רעד׳ **וואָכנבלאַט** (טאָראָנטאָ). געשריבן אַרטיקלען אויך אין **האַמער**, **דער וועג**, **יידישע קולטור**, **מאָרגן פרײַהייט** א״אַ

ת. ל. פוקס, 100 יאָר.

**גורן, נתן** — מיטרעד׳ פון **אידישע שטימע** (קאָוונע) אין די ערשטע יאָרן.

ספר נתן גורן. ירושלים, תשי״ח. 156 זז׳.

****גורעוויטש, חיים** — (סטאַראָבין, ווײַס־רוסלאַנד, 1916—) — דיכטער. געענדיקט מעדיצינישן טעכניקום. פון 1934 געדרוקט אין **אָקטיאַבר** (מינסק) זש׳ **שטערן** (מינסק), **בירעבידזשאַנער שטערן**, **סאָוועטיש היימלאַנד**. אין בוכפאָרעם: **אַף סיבירער ערד**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1980. 59 [1] זז׳. פאַרטראָטן אין **קינדער־שאַפונג** (כאַרקאָוו, 1935), **לידער־זאַמלונג** (מינסקי 1940), **האָריזאָנטן** (מאָסקווע, 1965). — אין דרוק: לידער־זאַמלונג **ווײַט און נאָענט**, דורך סאָוועטסקי־פּיסאַטעל. לעבט אין נאָוואָסיבירסק.

****גורעוויטש, יהושע** — (אָטיק, בעסאַראַביע —) — מוזיקער, מאָלער. לעצטן יאָרצענדליק אָנגעהויבן שרײַבן דערציילונגען. שטודירט מוזיק אין אָדעס. פון 1964 אין ישׂראל. אין בוכפאָרעם: **שטעטעלעך מיט יידן** (דערציילונגען פון בעסאַראַביע פאַרן חורבן). ת״א, 1971. 215 זז׳.

ד. גלעדי, מעריב, יאַנ׳ 21, 1971.

****גורעוויטש, יוסף** — (באָברויסק, 1905 — 1966) האָט איבערגעזעצט אַ ריי ווערק פון יידיש־סאָוועטישע שרײַבערס: ש. האַלקין, ל. קוויטקאָ, אַ. גאָנטאַר, כ. ווײַנערמאַן, אירמע דרוקער, מ. לעוו, ווי אויך שריפטן פון שלום־עליכם, י.ל. פּרץ און **די מוטער** פון שלום אַש.

ס״ה — לעקסיקאָן.

**גורעוויטש, מאָניע** — פאַרטראָטן אין **לידער** פון דוד אוטקעס, חיים גילדין, מאָניע גורעוויטש, אלישע ראָדין, הירש ריקלין. האָמעל, מלוכע־פאַרלאַג, 1921. 69 זז׳.

**גורשטיין אַהרן** — **וועגן אונזער קריטיק** (מאָסקווע, 1925). 4 זז׳; פאַרטראָטן אין **טעאַטער־בוך** (קיִעוו, 1927), זאַמלונג **אַשער שוואַרצמאַן** (מאָסקווע, 1940).

**גיטליץ, מ[רדכי]** — **ליטעראַטור־פאַר־געבונגען.** מאָסקווע, צענטרפאַרלאַג, 1931. 133 [3] זז׳; **סינטאַקסישער אופגאַבער פאַר שולן פונ העכערנ טיפ.** מאָסקווע־מינסק. צענטרפאַרלאַג, 1931. 165 זז׳. געשריבן אויך אין ש. ניגערס **די נײַע וועלט** (ווילנע, 1919).

****גיטעלים, שיינע** — ( ) — אין די צוואַנציקער יאָרן געקומען פון וואָלין קיין סאָוועט־רוסלאַנד. געווען אַ פועלי־ציוניסטקע, שפּעטער מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. געענדיקט די פּעדאַגאָגישע סעקציע אין קיִעווער

אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער קולטור. — אויטאָרין פֿון **קינדער־מײַסעלעך.** קיִעוו, קולטור־ליגע, 1922. 58 זז׳; **סאָציאַליסטישער פֿאַרמעסט אין קינדער־גאָרטן.** כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינד־פֿאַרלאַג, 1932. 49[1] זז׳; [מיט סורענקאָ, ר. ליבער־פֿאַרב] **שפּראַכ־פּראָגראַמ אינעמ קינדער־גאָרטנ.** דאָרטן, 1933. 29[2] זז׳. באַטייליקט אין **קאַמפּ אַפּ צוויי פֿראָנטנ אינ דער פּעדאַגאָגיק** (כאַרקאָוו־קיִעוו, 1932).

****גיטערמאַן, מ.** — ( ) — מחבר פֿון **אַפּ דער וואַכ** [פֿאַרצייכענונגען]. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקר־מעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1932. 40 זז׳; **מענטשנ מיט ביקסנ** [דערציילונגען]. דאָרטן, 1938, 84 [2]זז׳.

**גײַסט, דוד** — (— ב״אַ, סעפּט׳ 20, 1965).

***גילדין, חיים** — **רויטע פּורים־שפּיל.** בופּאָנאַדע (מאָסקווע). צ.ב. אידסעקציעס באַם צ. ק. ר. ק. י. פּ., 1923. 17 [2] זז׳. **אַפּנ דניעפּערבויִ** [פֿאַרצייכענונגען]. כאַרקאָוו, ליטעראַטור און קונסט, 1931. 48 זז׳; **דער קאָנטשיק** [דערציילונג]. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1936. 20 זז׳; **כאַסענע.** דאָרטן, 1937. 285 48 זז׳; **פֿליגל** [דערציילונגען]. דאָרטן, 1939 285 [2] זז׳. — פֿאַרטראָטן אין **אַלמאַנאַכ פֿונ ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, דער אַרבעטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור,** זאַמלונג **בירעבידזשאַנ, פֿאַר דער בינע, מוט, שלאַכטנ, דעקלאַמאַטער פֿונ דער סאָוועטישער ייִדשער ליטעראַטור.**

**גילדענבלאַט, ח. ד.** — **צוויִיא חתנים מיט איין כלה אָדער זיי האָבען שלום געמאַכט.** ווילנאָ, 1911. 31 זז׳.

**גיליגיטש, יוסף** — (— מעלבורן, סעפּט׳ 1, 1979)

**גילינסקי, שלמה־פּײַוויש** — (— לעקסינג־טאָן, נ״י, סעפּט׳ 4, 1961)

**גילנער, אליהו** — (— איסטטשעסטער, נ״י, פֿעב׳ 2, 1976).

**גינזבורג, מרדכי** — (— מאָנטרעאָל, פֿעב׳ 25, 1966) — **דאָס נײַע ישׂראל.** אײַנדרוקן פֿון אַ באַזוך. נ״י, פּרדס, 1966. 430 זז׳.

****גינצבורג, יעקבֿ** — (יאַנעווע, ליטע, 1870 — פּילאַדעלפֿיע, 1944) — עמיגרירט קיין פֿילאַדעלפֿיע אין 1890. לאַנגע יאָרן אַרויסגעגעבן דאָרטן די ט״צ **אידישע וועלט** (1914—1942). מחבר פֿון לידערבוך **כּנף רננים** (פּיטסבורג, 1892).

ג. קרסל, 1.

**גינצבורג, מרדכי־אהרן** — קאָרעקט: **מסע כריסטאָף קאָלאָמבוס או גלות הארץ החדשה.**

****גינצבערג ד.** — ( ) — אויטאָר פֿון **חכמים פֿון כעלם.** וואַרשע, ייִדיש בוך, 1967.

**גיצים, משה** — **מאָטיוון.** שיקאַגאָ, 1968. 119 [2] זז׳; **נקמה** [דראַמע]. שיקאַגאָ, 1969 [ניט נומערירט]; **איך און מײַן אַלטער עגאָ.** שיקאַגאָ, ליטעראַרישע זאַמלונגען, 1979. 517 זז׳; **פֿון מענטש צו מענטש.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1983. 63 זז׳.

**גלאַז־שטיין, יהודית** — (אייראַגאָלע, ליטע, 1909 — קאָוונער געטאָ, אָקט׳ 28, 1941).

****גלאַזמאַן, שמשון** — (באַראַנאָווקע, וואָלין, מײַ 27, 1900 —) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. 1919 לערער אין אַ קאָוונער חדר מתוקן. 1921 געקומען קיין קאַנאַדע. 1924 גראַדויִרט פֿון ייִדישן לערער־סעמינאַר אין נ״י און פֿון 1928 לערער אין ייִדישע שולן. מיטגעאַרבעט מיט איטשע ליבמאַן אין **אויפֿגאַנג**. — אין בוכפֿאָרעם: **מגילת ים־המלח**. נ״י, איקוף, 384 זז׳. 1981 אַרויסגעגעבן אַן ענגליש בוך וועגן אַנטיסעמיטיזם א״ט *Epic of Survival*. New York. 1965 . 439 p. לעבט אין מיאַמי־ביטש. „מיט אַ סך קענטעניש און בקיאות דערקלערט דער מחבר דעם מהות און תּוך פֿון די געפֿונענע מגילות... ער אונטערשטרײַכט דאָס ליכט, וואָס זיי וואַרפֿן אַפֿן אורשפּרונג פֿון קריסטנטום, אַף אַ פֿאַרטונקלטן אָבער זייער אַ וויכטיקן פּעריאָד פֿון דער ייִדישער און אַלגעמיינער געשיכטע״ (ב. גרין).

ב. גרין, מאָרגן פרײַהייט, נ״י, אָקט׳ 24, 1981.

**גלאַזער, יצחק מ.** — (— ב״אַ, יאַנ׳ 27, 1985) — ביזן אונטערגאַנג פֿון **אידישע צײַטונג** (1977, ב״אַ) געווען איר מיטאַרבעטער 52 יאָר, פֿון 1951 — איר רעדאַקטאָר.

****גלאַזער, ישעיהו־שמעון** — (ערזוויליק, ליטע, יאַנ׳ 21, 1876 — ניו־יאָרק, מײַ 22, 1938) — צו 21 יאָר באַקומען סמיכה, דערנאָך עמיגרירט קיין אַמעריקע. 1905־1919 רבֿ־הכולל פֿון קוויבעק. זינט 1905 געדרוקט אַרטיקלען וועגן חינוך־פּראָבלעמען און אַלגעמיין־ייִדישע עניינים אין ר. ברײַנינס **דער וועג** (מאָנטרעאָל), **אידישער זשורנאַל** (טאָראָנטאָ), **דאָס ייִדישע וואָרט** (ווינניפּעג). מיטרעד׳ וו״בל **דער אידישער שטערן** (מאָנטרעאָל, 1907) און רעד׳ **די אידישע וועלט** (מאָנטרעאָל, 1912). שפּעטער אַריבער צו ענגליש. פּסעוד׳ — זרובבֿל, עליעל א״אַ.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

****גלאַזער, משה** — (זשאַבאַקריטש, פּאָדאָליע, יאַנ׳ 17, 1892 — ל״אַ, דעצ׳ 23, 1984) — אָריגינעלער נאָמען — גלייזערמאַן. געלערנט אין חדר. 1913 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געלעבט אין נ״י, דעטראָיט, מאָנטרעאָל, קאַליפֿאָרניע. 1919 דעביוטירט מיט אַ ליד אין **קונדס** (נ״י), געדרוקט קינדערלידער אין **קאַליפֿאָרניער אידישע שטימע, טאָג־מ״זש, קינדער זשורנאַל — נ״י**. אין בוכפֿאָרעם: **שבת, יום־טובֿ, חול־המועד**. 1957. טז׳ זז׳; **פֿראַנק און פֿרײַ**. פֿאַרטרעטלעך [1958]. 18 זז׳; **מעשהלעך פֿון דער סדרה...** [לידער]. 1959. 16 זז׳; **גויים זינגען**. 1961. 18 זז׳; **לוסטיק, לעבעדיק, פֿרייליך**. 1961. 18 זז׳; **תּכלית**. דראַמע. 1962. 42 זז׳; **פֿון די שמות פֿון דער אַלטער קלויז**. 1965. 31 זז׳ — אַלע ל״אַ.

****גלאַט, אליהו־מאיר** — (קיִעוו, 1885 — אָטאַווע, דעצ׳ 4, 1954) — געלערנט אין ליטווישע ישיבֿות. 1901—1905 אין מאַנטשעסטער, דערנאָך אין אָטאַווע. פֿון 1912 מלמד פון תּנ״ך און גמרא אין אָטאַוועער תּלמוד־תּורה. זינט 1915 געדרוקט צײַטלידער און הומאָרעסקעס אין **קענעדער אָדלער**. אין בוכפֿאָרעם: **מפֿתּח החיים**.[ייִדיש]. אָטאַווע, 1928. 40 זז׳; **כּינורו של דוד**. אַ זאַמלונג... מאמרים פֿון תּלמוד בבֿלי, מדרש רבה... דאָרטן, 1942. 82 זז׳.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

***גלאַטשטיין, יעקבֿ** — (— נ״י, נאָוו׳ 19, 1971) — **ווען יאָש איז געפֿאָרן**. ב״אַ, פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן, 1957. 269 זז׳ [נײַע אויפֿל׳]; **די פֿרייד פֿון ייִדישן וואָרט**. נ״י, קוואַל, 1961. 208 זז׳; **אין תּוך גענומען**. עסייען, 1949—1959. ב״אַ, קיום, 1960. 2 בב׳; **מיט מײַנע פֿאַרטאָגביכער**. ת״א, פּרץ, 1963. 569 זז׳; **אַ ייִד פֿון לובלין**. נ״י, ציקאָ [1966]. 128 זז׳; **אויף גרייטע טעמעס**. דאָרטן, 1967. 414 זז׳; **כ׳טו דערמאָנען**. נ״י, בערגען־בעלזען [1967]. 157 זז׳; **געזאַנגען פֿון רעכטס צו לינקס**. נ״י, ציקאָ, 1971. 142 זז׳; **אין דער וועלט מיט ייִדיש**. עסייען. נ״י, 1972. 462 זז׳; **פּראָסט און פּשוט**. ליטעראַרישע עסייען. נ״י, 1978. 454 זז׳.

מ. דײַטש, יעקבֿ גלאַטשטיין. ת״א, 1963. 66 זז׳; ד. סדן, אַבֿני מפתּן ב. ת״א, 1970. ע׳ 120—144.

**גלאַנץ, יעקבֿ** — (— מעקסיקע, יאַנ׳ 2, 1982) — **פֿון אַלע נע־ונדן.** געזאַמלטע לידער. מעקסיקאָ, כּרמל־אַרט, 1974. 245 זז׳; **קריסטאַבאַל קאַלאָן.** פּאָעמע. ת״א, 1980. 288 זז׳.

**גלאַנץ, לייב** — (קיִעוו, אוקראַיִנע, יוני 13, 1898 — תל־אָבֿיבֿ, יאַנ׳ 28, 1964)

זהרים, קובץ לזכר יעקבֿ גלאַנץ. ת״א, תשכ״ה, 319 ע׳.

**גלאַנץ, רודאָלף** — (— נ״י, יולי 17, 1978) — אין אַ בריוו פֿון 27סטן מערץ, 1955, שרײַבט ג׳, אַז אַחוץ עטלעכע זאַכן אין **אידישער קעמפּער**, איז „אַלץ אַנדערע אָנגעשריבן אין דײַטש און איבערגעזעצט געוואָרן דורך אַנדערע״ און אַז ער באַטראַכט זיך ניט פֿאַר אַ שרײַבער אין יידיש — און ער איז גערעכט.

**גלבוע־גלויבערמאַן, יהושע** — (— ת״א, פֿעב׳ 4, 1981) — זינט 1955 מיטרעד׳ פֿון ט״צ **מעריבֿ** (ת״א). אַרויסגעגעבן נאָך אַ ריי ביכער אויף העבר׳ וועגן אומברענג פֿון דער יידישער קולטור אין סאָוועט־רוסלאַנד, טייל איבערגעז׳ אויף ענגליש. אויף יידיש: **העברעאישער ביכער־שאַנק.** ת״א, המנורה, 1965. 304 זז׳.

****גלילי־גלאַצער, דוד** — (ניזשנעוו, גאַליציע, יאַנ׳ 24, 1925 —) — 1941 אַנטלאָפֿן קיין סאָוועט־רוסלאַנד. 1943—1948 אין דער רויטער אַרמיי. געענדיקט פֿאַקולטעט פֿון רוסישער שפּראַך און ליטעראַטור אין לענינגראַד, ווו געווען לעקטאָר אין אָוונט־אוניווערסיטעט. 1958 געקומען קיין פּוילן און 1961 קיין ישׂראל. געדרוקט לידער און אַרטיקלען אין **פֿאָלקס־שטימע,** (וואַרשע), **גאָלדענע קייט, לעצטע נײַעס** — ת״א. שרײַבט אויך אין ישׂראלדיקע רוסישע אויסג׳. אין בוכפֿאָרעם: **בײַם ־ קוואַל** [לידער]. ת״א, פּרץ, 1963. 62 זז׳.

ר.ג.

**גליקאָווסקי, משה** — (— מעקסיקע, מײַ 7, 1980) — לעצטע נײַן יאָר ווידער געלעבט אין מעקסיקע.

****גליקסבערג, יצחק** — (מאָנטעווידעאָ, נאָוו׳ 3, 1937 —) — זשורנאַליסט. באַקומען אַלגע־מיינע בילדונג. ביז 1973 שטענדיקער מיטאַרבעטער אין ט״צ **אונזער פֿרײַנט** (מאָנטעווידעאָ). געשריבן וועגן עקאָנאָמישע פּראָבלעמען.

ש.ס.

****גליקסמאַן, וואָלף** — (טשענסטאָכאָוו, פּוילן, יולי 26, 1905 —) — געלערנט אין חדר, שפּעטער אין יידישער גימנאַזיע. דורכגעמאַכט געטאָ און אוישוויץ. 1947 זיך באַזעצט אין פֿילאַדעלפֿיע, לערער אין יידישע פֿאָלקשולן. 1957 באַקומען דאָקטאָראַט אין יידישער געשיכטע פֿון דראָפּסי־קאָלעדזש. — זינט 1948 באַטייליקט מיט ליטעראַרישע און היסטאָרישע אַרטיקלען אין **ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, צוקונפֿט, יידישע קולטור** — נ״י, **אַרבעטער וואָרט** (פּאַריז), **גאָלדענע קייט, ישׂראל שטימע** א״אַ. פֿאַרעפֿנטלעכט שטודיעס וועגן יידן אין פּוילן און וועגן חורבן. אין בוכפֿאָרעם זײַנען זיי אַרויס אין ענגליש.

**גליקסמאַן, יעזשי** — (— וואַשינגטאָן, סעפּט׳ 14, 1958)

**גליקסמאַן, נפֿתּלי** — (סעפּט׳ 11, 1871 —)

**גלעדי־געלבפֿאַרב, יהושע,** — זע: געלבפֿאַרב־גלעדי, יהושע.

****גלען, יעקבֿ** — (מערעטש, ליטע, מײַ 2, 1905 — נ״י, יולי 16, 1974) — אַדאָפּטירטער נאָמען פֿון

גלעמבאָצקי. 1923 געקומען קיין אַמעריקע, ווו געענדיקט ד״ר־מעדיצין און פּראַקטיקירט זײַן פּראָפֿעסיע. פֿון 1963 געדרוקט וועכנטלעך מעדיצינישע אַרטיקלען אין **פֿאָרווערטס**. אויף אַנדערע טעמעס געשריבן אין **ההד, העולם, דואַר־היום, הדואַר** א״אַ. — אין בוכפֿאָרעם: **צו געזונט און צו לעבן**. נ״י, שולזינגער, תשכ״ח. 461 זז׳; **די צוקער־קראַנקייט און אונדזער צײַט**. דאַרטן, תשל״ג. 88, 89 זז׳ (ייִדיש, ענגליש).

הדואַר, נ״י, א׳ כסלו, תשכ״ט.

**גלען, מנחם־גרשון** — (— פֿילאַדעלפֿיע, פֿעב׳ 26, 1978)

****גמזו, יוסף־יאָסי** — (פּאַריז, פֿעב׳ 14, 1938 —) — פֿון 1939 מיט מישפּחה אין ארץ־ישׂראל. געענדיקט הרצליה־גימנאַזיע אין ת״א און שטודירט אין העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים. העברעיִשער פּאָעט, מחבר פֿון מערערע ביכער אויף עבֿרית. אויף ייִדיש איין בוך: **לענדער פֿון דאָרשט**. געזאַמלטע לידער. איבערזעצונג: לאָרענס גרעצקי. ת״א, ישׂראל־בוך, 1978. 91 זז׳.

ג. קרסל, 2; דוד וואָלפּע, אַ וואָרט אין זײַן צײַט. יאָהאַנעסבורג, 1984. זז׳ 100־104.

**געבירטיג, מרדכי** — **מרדכי געבירטיג זינגט**. ב״אַ, איקוף, 1963. 133, 42 זז׳.

****געגערמאַן, יוסף** — (ריגע, אָקט׳ 16, 1919 —) — געלערנט אין ריגער ייִדישער מיטלשול. געענדיקט היסטאָרישן פֿאַקולטעט פֿון ריגער לעטישן פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. 1965—1973 געלעבט אין מאָסקווע און 1974 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געשריבן אין ריגער זשורנאַל **אופֿבוי** 1940־1941, לידער און דערציילונגען אין **סאָוועטיש היימלאַנד** און פֿאַרשיידענע אַרטיקלען אין **אַלגעמיינער זשורנאַל** (נ״י, אין 1975—1977), מערסטנס אונטער פֿאַרשיידענע פּסעוודאָנימען. 1966 אָנגעהויבן דרוקן לידער, דערציילונגען און ליטעראַרישע אַרטיקלען אין צ״ש פֿון ישׂראל.

****געדולד, רישע** — (לאָדזש, יוני 8, 1925 —) — שטאַמט פֿון אַ פֿרומער מישפּחה. דורכגעמאַכט געטאָ און אוישוויץ. 1948 עולה געווען קיין ישׂראל. לערערין אין אַ קינדער־גאָרטן. שרײַבט דערציילונגען אין **לעצטע נײַעס, לעבנס־פֿראַגן, פּראָבלעמען** — ת״א. אין בוכפֿאָרעם: **אין די נעגל פֿון טויט** (פֿון געטאָ און לאַגער). ת״א, 1985. 115 זז׳ — דערציילונגען און לידער.

****געזענצוויי, נתן** — א״נ יוחנן הקנאי רעד׳ (מיט ז. סינאַני) **פּראַגן פֿון פּראָגראַם און טאַקטיק**, ערשטער טהייל. [זשענעווע], דרוקערײַ פֿון פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, 1905. גריגאָרי אַראָנסאָן האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז דאָס איז דער פּסעווד׳ פֿון נתן געזענצוויי, אַן אַקטיווער טוער פֿון דער ס״ר־פּאַרטיי. זײַן צווייטער פּסעווד׳ — זאַראַטוסטראַ.

**געלבאַרט, מיכל** — (— נ״י, דעצ׳ 23, 1962)

**געלבמאַן, אַ[לעקסאַנדער]** — זיך געמאַכט דעם טויט אין די יאָרן פֿון קאַמף פֿון דער מאַכט אין סאָוועט־רוסלאַנד קעגן קאָסמאָפּאָליטיזם.

**געלבער, נתן־מיכל** — (— ירושלים, סעפּט׳ 24, 1966)

**געלבפֿאַרב־גלעדי, יהושע** — (— נ״י, אויג׳ 25, 1963)

**געלמאַן, גרעגאָריאַ — (   ) — מחבר פֿון **די לאַגע און פּערספּעקטיוון פֿון אידישן פֿאָלק**. ב״אַ, 1947. 33 זז׳.

**געלרינג, יחיאל — (   ) — לערער אין „אַגודה״־שולן פֿון לאָדזש און וואַרשע. מחבר פֿון **יהודית און הוליפֿורנוס**. היסטאָרישע פֿאָרשטעלונג אין 4 בילדער, אויפֿצופֿירען אין רעליגיעז נאַציאָנאַלע שולען און אָרגאַניזאַציעס. וואַרשע, ת. יאַקאָבסאָן, תּרצ״ו. 22 זז׳; **יוסף מוקיר שבת**. פֿאָרשטעלונג אין 5 בילדער. דאָרטן, תּרצ״ו. 25 זז׳. אויף דער צווייטער זײַט פֿון שער־בלאַט פֿון **יהודית** ווערן אָנגעגעבן ג׳ס ביכער: **חנה און אירע זיבן זין** און **קעניג אחשורוש** — ביידע וואַרשע, 1936.

גען, טבֿיה — (שאַדעווע, ליטע, מײַ 5, 1912 — ) — געענדיקט כאַרקאָווער מאַשינבוי־טעכניקום און ליטעראַרישן פֿאַקולטעט פֿון מאָסקווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. דעביוטירט אין 1930. זינט 1960 פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ריי נײַע נאָוועלן אין **סאָוועטיש היימלאַנד**, וווּ ג׳ איז אַ מיטגליד פֿון רעדאַקציע־קאָלעגיע. — **אונדזערע צײַטן**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1972. 445 זז׳; **אַ וועג אין דער ווײַט**. דאָרטן, 1977. 449 זז׳; **אין דער היימשטאָט**. דאָרטן, 1981. 62 זז׳.

געניכאָווסקי, אליהו־משה — (— בני־ברק, יולי 19, 1971)

גענס, שמעון — (— ת״א, אויג׳ 19, 1967) — נאָמען פֿון זשורנאַל — **פּתח**.

גענש יוליוס — נאָמען פֿון שטאָט — דאָרפּאַט.

גערבאָווסקי, נפֿתּלי — קאָרעקטער פּסעוודאָ׳ — אַילה שלוחה.

גערטלער, יהודה־יודל — (— פֿילאַדעלפֿיע, 1967)

**גערליץ, מנחם־מענדל — (   ) — סאַטמאַרער חסיד. מחבר פֿון **דער זײַל פֿון די אידישע וועלט אין די לעצטע דורות**. ירושלים, הוצאת אורייתאָ, 1980. 414 זז׳; **יום־טובֿ ערצעהלונגען**. (סיפּורי החג) פּסח. ירושלים, 1980.

**גערסאָן, שלמה — (ראַזוואַדאָוו, פּוילן, 1920 —) — געלערנט אין חדר, געענדיקט פֿאָלק־און מיטל־שול. שטודירט מאָלערײַ אין לעמבערג. פֿון 1957 אין קיבוץ דפֿנה און שפּעטער אין ירושלים. אָנגעהויבן שרײַבן לידער אין פּויליש, פֿון 1956 אַריבער אויך צו יידיש. גלײַכצײַטיק געמאָלן און געהאַט עטלעכע בילדער־אויסשטעלונגען. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער, סאַטירעס און משלים אין **יידישע שריפֿטן**, **פֿאָלקס־שטימע** — וואַרשע; **גאָלדענע קייט**, **לעצטע נײַעס**, **פּרײַ ישׂראל**, **לעבנס־פֿראַגן**, **פּראָבלעמען** — ת״א. אַרויסגעגעבן צוויי לידער־זאַמלונגען אין פּויליש.

גערץ, מ. — (— ריגע, דעצ׳ 2, 1958)

גערשאַטער, לוי־חיים — (נאָוו׳ 15, 1904 — יאָהאַנעסבורג, נאָוו׳ 4, 1959).

**גערשאַטער, עקיבֿא — (ווילנע, 1888 — חולון, 1972) — געלערנט אין חדר און רוסישער גימנאַזיע. בוכהאַלטער. דורכגעמאַכט ווילנער געטאָ. נאָך אַ פּאָר יאָר זײַן אין פּאַריז עולה געווען קיין ישׂראל אין 1949. געלעבט אין חולון. אין בוכפֿאָרעם:

**פֿאָטאָגראַפֿישע באַלײַכטונגס־טאַבעלעס מיט אויספֿירלעכע דערקלערונגען.** 5 טאַבעלעס און ידיעות פֿון פֿאָטאָגראַפֿיע. ווילנע, 1929. 59 זז׳.

****גערשאָן, יוסף** — (   ) — מחבר פֿון **מאַטילדע** [דערציילונג]. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1933. 47 זז׳; **דער קאָמיוגיסט פּינקע.** דאָרטן, 1935. 82 [3] זז׳.

**גערשט, יהודה־לייב** — (לאָדזש, פֿעב׳ 1906 — ירושלים, יולי 4, 1963) — קאָרעקט: **בנתיבות הזמן והנצח.**

**גערשטענקאָרן, יצחק** — (— בני־ברק, אָקט׳ 4, 1961)

**** גערשמאַן, יהושע** — (סאָקאָלאָוו, אוקראַיִנע, יוני 5, 1903 —) — געלערנט אין ייִדישער פֿאָלקשול. 1921 עמיגרירט קיין קאַנאַדע. געוווינט אין וויניפּעג, דערנאָך אין טאָראָנטאָ. אַקטיוו אין דער לינקער ייִדישער באַוועגונג. אָנגעהויבן שרײַבן אין **פֿרײַהייט** (נ״י). זינט 1936 באַטייליקט מיט פּאָליטישע און ליטעראַרישע אַרטיקלען אין **דער קאַמף, דער וועג** — טאָראָנטאָ: **האַמער, ייִדישע קולטור, מאָרגן פֿרײַהייט** — נ״י א״אַ. פֿון 1940 רעד׳ פֿון **וואָכנבלאַט** (טאָראָנטאָ). פּסעוו׳ — אישיקאַ.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**גערשענזאָן, מ[שה]** — (טשערניכאָוו, אוקראַיִנע, 1903 — אַפּריל 16, 1943) — געשריבן אין **היימלאַנד** (מאָסקווע, 1943).

**גראַבאָווסקי, מאיר** — (— פּתח תקוה, נאָוו׳ 24, 1963)

****גראַבויס, ל. מאיר** — (   ) — בדחן אין קעשענעוו. אין בוכפֿאָרעם: **צעהן נײַע קאָפּלעטין.** קישינעוו, תרנ״ח. 28 [4] זז׳; **זעקס יודישע פֿאָלקס ליעדער.** קישינעוו, ל. ערליך, דוד יאַרמילינסקי, 1900. 36 זז׳.

ע.ל.

**גראָבער, חיהלע** — (— חיפֿה, דעצ׳ 10, 1978) — פֿון 1966 אין ישׂראל. **מײַן וועג אַליין.** ת״א, פּרץ, 1968. 243 זז׳.

****גראָדזענסקי, שלמה** — (גראָדנע, נאָוו׳ 28, 1904 — הרצליה, פֿעב׳ 8, 1972) — פּובליציסט, ליטעראַרישער עסייִסט. געלערנט אין „חדר מתוקן״. 1916 עמיגרירט קיין אַמעריקע, ווו געווען תּחילת אַ פֿאַבריק־אַרבעטער. 1951 עולה געווען קיין ישׂראל. פֿירנדיקער חבֿר אין דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. — רעד׳ **יוסף חיים ברענער.** זאַמלבוך. נ״י, 1941. 376 זז׳; **חיים אַרלאָזאָראָוו בוך.** דעטראָיט, 1944. 320 זז׳. 1932־1951 מיטרעד׳ **אידישער קעמפֿער** (נ״י). רעד׳ די ט״צ **הדור** (ת״א) און פֿון 1958 — רעד׳־מיטגליד פֿון **דבֿר** (ת״א). רעדאַקטאָר פֿון חודש־שריפֿט **אמות** (ת״א) פֿון „אַמעריקאַנער ייִדישן קאָמיטעט״. ג׳ „האָט קיין ביכער ניט פֿאַרעפֿנטלעכט, אָבער אויב עס וועלן צונויפֿגענומען ווערן זײַנע אַלע כּתבֿים... וועט שלמה גראָדזענסקי זיך אַרויסשטעלן ווי איינער פֿון די וויכטיקע שרײַבערס און קריטיקערס פֿון ישׂראל און איר ליטעראַטור״. (חיים גורי). — **נאָך ג׳ס טויט זײַנען** אַרויס: **געקליבענע שריפֿטן.** ת״א, פּרץ־פֿאַרלאַג, 1973. 412 זז׳; **שלמה גרודזנסקי — דבֿרים על שלמה.** ת״א; **אוטוביוגראַפֿיה של קורא.** מסות ורשימות על ספֿרות [ת״א, תשל״ד].

ג. קרסל, לכּסיקון, ב׳; ש. ביקל, שרײַבער פֿון מײַן דור, 2. ת״א, 1965. זז׳ 280—283; ש. האַלקין, בצרון, נ״י, שבֿט־אדר, תשל״בֿ; ח. ליף, דאָרטן; ח. גורי, דבֿר ג׳ אדר, תשל״בֿ; ש. שווייצער, פֿאָלקסבלאַט, ת״א, פֿעב׳ 1972; מ. מגד, דבֿר, פֿעב׳ 11, 1972; י. יאָנאַס, די שטימע, מעקסיקע, מערץ 18, 1972; ח. אַיאַלטי, אידישער קעמפֿער, נ״י, מערץ 24, 1972; ד. סדן, הדואַר, נ״י, כ״ג שבֿט, תשל״ד; י. פֿרידלענדער, לעצטע נײַעס, ת״א, מערץ 8, 1974.

***גראַדע, חיים** — (— נ"י, יוני 26, 1982) — **האַס** [לידער]. מאָסקווע, עמעס, 1943. 32 זז'; **דער מאַמעס שבתים.** נ"י, ציקאָ, 1959. 473 זז' [2טע אויפֿל']; **די עגונה.** ראָמאַן. ל"אַ, יִדיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פֿאַרבאַנד, 1961. 326 זז' (העבר' — ת"א, תשכ"ב; רוסיש — ת"א, 1983); **דער מענטש פֿון פֿייער.** לידער און פּאָעמעס. נ"י, ציקאָ, 1962. 159 זז'; **ירושלים של מעלה און ירושלים של מטה.** ירושלים, קרן קימת לישׂראל, תשכ"ה. 24 זז'; **צמח אַטלאַס** (**די ישיבה**). ראָמאַן. ל"אַ, 1967. נ"י, 1968. 2 בב' (העבר' דורך א. ד. שפּיר — **צמח אַטלַס.** ת"א, 1968); **אויף מײַן וועג צו דיר.** לידער און פּאָעמעס; **בדרכּי אליך**... עבֿרית: יוסף אַחאי [ואַחרים. ת"א] פּרץ, 1969. 179 זז'; **מוסרניקעס** (פּאָעמע); **מײַן קריג מיט הערש ראַסיינער.** (עסיי). ירושלים, האוניברסיטה העבֿרית, 1969. 124 זז'; **מלחמת היצר.** א—ד. תרגם א. ד. שפּיר. ת"א, 1970 — המשך פֿון **צמח אַטלס; די קלויז און די גאַס.** דערציילונגען. נ"י, שולזינגער, 1974. 364 זז'; **דער שטומער מנין.** דערציילונגען. דאָרטן, 1976. 250 זז'. — פּרעמיעס פֿון: אַמעריקאַנער אַקאַדעמיע פֿאַר יִדישער פֿאָרשונג (1967); פּרס הזכּרון פֿון בערגן־בעלזנער קאַצעטלער־פֿאַרבאַנד (1969); לייוויק־פּרעמיע בײַם קולטור־קאָנגרעס (1970); מאַנגער־פּרעמיע (1970). באַקומען ערן־דאָקטאָראַטן פֿון יִדישן טעאָלאָגישן סעמינאַר און פֿון „יוניאָן־קאַלעדזש" אין נ"י. אין 1969 האָט די יִדיש־קאַטעדרע פֿון העברעיִשן אוניווערסיטעט אײַנ־געפֿירט אַ גראַדע־סעמינאַר און אַרויסגעגעבן דעם דיכטערס אַ זאַמלונג פֿאַר די גראַדויִר־סטודענטן. שוין דרײַ יאָר ווי גראַדעס צוויי בענדער אָפּגעדרוקטע **פּאָעמעס און עלעגיעס** ליגן פֿאַרהאַלטן בײַם אײַנבינדער. — אין די לעצטע צוואַנציק יאָר האָט גראַדע פֿאַרעפֿנטלעכט אין **גאָלדענע קייט** (ת"א) פּאָעמעס און לידער, צום טייל שוין געדרוקטע און אָפּט אַ ביסל געענדערשטע (די ציפֿערן זײַנען די נומערן פֿון זשורנאַל): דער שלאַנגענוועג, צוויי פּרויען, אין טאָל, ווו שבת הערט מען בלויז די ביימער שאָרכן, אַז ווו איך גיי צו דיר, ביסטו מיט איין טראָט ווײַטער, אַנטפּלעקטע אין זונשײַן — אַלע אין נומ' 54; די וואַנט — 62; דער וואַלד אין מײַנע פֿענצטער הרגעט פֿייגל — 75; פֿון דײַנע האָר אין קופּעררויט, דער שטילער בלעטערפֿאַל — 78; טונקל־רויטע פֿײַעלעך וואָס רופֿן פֿון דער ווײַטן — 84; סימפֿאָניע פֿון קלינגעוודיקע נערוון — 87; תּלמידי־חכמים אין דער ליטע — 90; עלעגיעס — 91; תּלמידי־חכמים... (המשך) — 94; אונטער די געוועלבטע טויערן — 97; עגיפּטאָלאָגיע — 99; שלום עליכם — 100; מען וועט ניט פֿאַר מײַן אָרון עפֿענען דעם שולהויף טויער — 102; אונטער די געוועלבטע... (המשך) — 104; דער שוואַרצער מלאך — 105; אונטער די געוועלבטע... (המשך) — 106; דרײַ שטעט — 108. — אין 1980 האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין **פֿאָרווערטס** (נ"י) אַ ראָמאַן וועגן ווילנער געטאָ א"ט **פֿון אונטער דער ערד.** מיטן פּלוצעמדיקן טויט פֿון גראַדען איז דער ראָמאַן איבערגעריסן געוואָרן און געבליבן ניט פֿאַרענדיקט אויך אין מאַנוסקריפּט. איבערזעצונגען אויף ענגליש:

*The Well,* a novel, transl. by Ruth Wisse. Philadelphia. Jewish Publication Society of America, 1967. 276 p.; *The Seven Little Lanes,* transl. by Curt Leviant. New York, 1972. 111p.; *The Aguna,* transl. by Curt Leviant Indianapolis Twayne Book, 1974. 265 p.; *The Yeshiva,* from Yiddish Curt Leviant, ibid 1976. 2v.; *Rabbis and Wives,* from Yiddish: Harold Rabinovitz, Inna Hecker Grade. New York, A.A. Knopf, 1982. 307 p.

****גראָל, טובֿיה** — (וואַרשע, יאַנ' 7, 1915 — ) — 1938 געענדיקט שטודירן לאָגיק און פּסיכאָלאָגיע אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט. 1956 באַקומען דאָרטן זײַן ד"ר־טיטל פֿון געשיכטע און פֿילאָסאָפֿיע. 1948—1968 פּראָפֿעסאָר אין פֿאַרשיידענע הויכשולן אין פּוילן. צווייטן וועלטקריג דורכגעמאַכט אין די געטאָס פֿון קאָוועל, בריסק, וויסאָקע־ליטעווסק, אַ צײַט אויך אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. — פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ריי היסטאָרישע אַרבעטן אין **פֿאָלקס־שטימע, יִדישע שריפֿטן** — וואַרשע, **נײַע פּרעסע** (פּאַריז), **מאָרגן פֿרײַהייט** (נ"י), **וואָכנבלאַט** (טאָראָנטאָ). — אין בוכפֿאָרעם: **פֿון יוסף פֿלאַוויוס ביז עמנואל רינגעלבלום.** פּאַריז, 1975. 503, XV זז'; **געשטאַלטן און פּערזענלעכקייטן אין דער יִדישער און וועלט־געשיכטע.** דאָרטן, 1976. 537,

XII זז׳. אַרויסגעגעבן אַ בוך אויף פֿראַנצייזיש וועגן **די גרויסע מאַמענטן אין דער ייִדישער געשיכטע** און גרעסערע היסטאָרישע אַרבעטן אין פּויליש.

**גראַנאַטשטיין, יחיאל** — (יוני 6, 1913 — ) — פֿון 1950 אין ישׂראל. ג׳ס בוך **איך האָב געוואָלט לעבן** איז איבערגעז׳ דורך י. גינתון א״נ **יהודי ביער** (ת״א, 1955) און שפּעטער דורכן מחבר (ת״א, 1983); **פֿרעמדע וועלדער — אייגענע ערד** (**אַ געשיכטע פֿון אַ ייִדישער פֿאַמיליע אין פּוילן**). ת״א, פּרץ, 1979. 215 זז׳. ג׳ס **אורות מאופל** (תשי״ט), **שמש בענן** (1975), **שלכת באָבֿיבֿ** (1980) זײַנען אָריגינעל געשריבן אין ייִדיש. — מיטרעד׳ **לכסיקון הגבֿורה** (ת״א, 1965—1968). דרוקט זיך אויך אין **ירושלימער אַלמאַנאַך, פֿאָלק און ציון** (ירושלים), **פֿאָרווערטס, די אידישע היים** — נ״י און אין העברעיִשע אויסגאַבעס.

ר.ג.

**גראַנאַטשטיין, פּרץ** — (מערץ 7, 1907 —) — מיטן 1939 עמיגרירט פֿון פּוילן קיין באַליוויע און סוף יאָר קיין אַרגענטינע. 1950 עולה געווען קיין ישׂראל. 1960—1970 אין נ״י און זיך אומגעקערט קיין ישׂראל. לעבט אין בת־ים. 1930 אָנגעהויבן שרײַבן אַרטיקלען אין וואַרשעווער **פֿרײַהייט**. אויטאָר פֿון **מענטשן פֿון נעכטן**. ת״א, 1959. 224 זז׳. (העבר׳ דורך ש. שנהוד א״נ **אַנשי אתמול**. ת״א, 1983.)

****גראַניט, מרדכי** — (סטאַוויסק, פּוילן, דעצ׳ 12, 1916—) — אָריגינעלער נאָמען: בזשאָס־טאַוויעצקי. געלערנט אין חדר און ישיבֿות. געענדיקט פּוילישע פֿאָלקשול און גימנאַזיע. 1935 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געענדיקט ייִדישע שטודיעס אין קווינס קאָלעדזש און באַקומען זײַן B.A. — דעביוטירט 1935 אין **אַמעריקאַנער** (נ״י). געשריבן אויף ליטעראַרישע און סאָציאַל־פּאָליטישע טעמעס אין **טאָג, מ״זש** — נ״י, **אונזער וואָרט, אונזער וועג** — פּאַריז, **די שטימע**

(מעקסיקע), **קענעדער אָדלער**. זינט 1978 אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער פֿון **אַלגעמיינער זשורנאַל** (נ״י).

**גראָס, משה** — (— ת״א, פֿעב׳ 12, 1974) — **אינטימער ווידעראַנאַנד**. עסייען. ת״א, פּרץ, 1964. 320 זז׳; **דאָס וואָרט וואָס מיר שרײַבן**. עסייען און פּראָפֿילן. ת״א, ישׂראל־בוך, 1971. 298 זז׳.

**גראָס, נפֿתלי** — **לידער, 1919—1956**. נ״י, 1958. 488 זז׳.

***גראָסבאַרד, יאָסל** — (סיראָצק, פּוילן, זומער 1905 — אוישוויץ) — קינדווײַז אַריבער מיט עלטערן קיין טשעכאַנאָווע, ווו געענדיקט פֿאָלקשול. 1918—1928 אין וואַרשע, דאָרטן געאַרבעט אין אַ מעטאַל־פֿאַבריק, שפּעטער זיך אומגעקערט קיין טשעכאַנאָווע. 1927 דעביוטירט מיט אַ ליד אין **אונזער וואָרט** (פּולטוסק). געדרוקט אַרטיקלען און לידער אין **ליטעראַרישע בלעטער** (וואַרשע), **דער שפּיגל** (ב״א) א״א. 1976 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן ג׳ס בוך **לידער — שירים**. תּרגם נח פּניאלי (ת״א). 63 זז׳. אַ טייל לידער זײַנען פֿריִער געדרוקט געוואָרן אין **פֿאָלקס־צײַטונג** (יוני 30, 1939).

**גראָסמאַן, וולאַדימיר** — (— זשענעווע, יאַנ׳ 22, 1976) — **געאָרג בראַנדעס און פּעטער קראָפּאָטקין**. 1961. 238 זז׳; **מענטשן און פּראָבלעמען**. זכרונות און געדאַנקען. 1964. 183 זז׳; **וועלט־ייִדנטום אין דער וועלט־פּאָליטיק**. 1973. 298 זז׳; **אין אַ נײַער וועלט**. 1974. 215 זז׳; **אַלט־נײַע פּראָבלעמען**. 1975. 294 זז׳ — אַלע פּאַריז.

****גראָסמאַן, יעקבֿ** — (וואָלקאָוויסק, פּוילן, יאַנ׳ 15 1899 — מאָנטרעאָל, אַרום אויג׳ 1982) — באַקומען ייִדישע און אַלגעמיינע בילדונג. שטודירט

פעדאַגאָגיק אין ווילנער אוניווערסיטעט. פאַרשטייער פֿון „בונד" אין ווילנער שטאָטראָט און קהילה. לערער אין ייִדישע שולן. פֿון 1941 אין מאָנטרעאָל. זינט 1942 מיטאַרבעטער אין **קענעדער אָדלער**. געשריבן אויך אין **אונזער צײַט** (נ"י). אין בוכפֿאָרעם: **עסייען און זכרונות**. מאָנטרעאָל, 1974. 241 זז'; **מאָנאָגראַפֿיעס און עסייען**. דאָרטן, 1977. 118 זז'.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**גראָסמאַן, מאיר** — (— ת"א, 1964)

**גראָסמאַן, משה** — (— ת"א, סעפּט' 27, 1961) — **שטויב און אייביקייט**. ת"א, בור־קאָמיטעט, 1970. 308 זז'. **אין פֿאַרכּישופֿטן לאַנד פֿון לעגענדאַרן דזשוגאַשווילי** איז אַרויס אין ענגלישער איבערז'.

**גראָספּאַטער, שאול** — (— נ"י, אַפּריל 20, 1961)

**גראָפּער, יעקבֿ** — (— בערלין, דעצ' 12, 1966, קבֿורה — חיפֿה) — 1964 עולה געווען קיין ישׂראל. **געקליבענע לידער — שירים נבֿחרים**. ת"א, תשל"ו. 353 [5] זז' — פּאַראַלעל אין העבר' דורך פֿאַרשיידענע איבערזעצערס.

יעקבֿ גראָפּער און זײַן צײַט (מיט פֿולער ביבליאָגראַפֿיע). ת"א, 1976 299 זז'.

**גראַפֿמאַן, אַבֿרהם־יצחק** — געווען אין ריגער געטאָ און פֿון דאָרטן אַרויסגעפֿירט געוואָרן קיין אוישוויץ.

**גראַפֿשטיין, מלד** — (— לאָנדאָן, קאַנאַדע, יאַנ' 17, 1960)

**גרוביאַן, יאַשע**, — זע: רוביאַן יאַשע.

**גרוביאַן, מאָטל** — (סאָקעליוועקע, אוקראַיִנע, 1909 — מאָסקווע, פֿעב' 9, 1972) — 1938 געענדיקט אין מינסק דעם ליטעראַרישן פֿאַקולטעט פֿון פעדאַגאָגישן אינסטיטוט. דעביוטירט 1930 אין **זײַ גרייט** (כאַרקאָוו). — **אומרויִקער ווינט**. געקליבענע לידער. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1970. 214 זז'. פֿאַרטראָטן אין **צום זיג**. **די באַפֿרײַטע ברידער**.

**גרובער, יונה** — **זון פֿאַר דער טיר**. טשערנאָוויץ, 1940. 45 זז'.

**גרודבערג־טורקאָוו, יצחק** — (— ת"א, יוני 15, 1970) — **פּנימער און מאַסקעס**. דערציילונגען און סקיצן. ב"א, פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן, 1960. 174 זז'; **אויף מײַן וועג** (שרײַבער און קינסטלער). דאָרטן, 1964. 343 זז' [2טע אויפֿל' — 1971]; **י. ל. פּרץ — דער וועקער**. ת"א, פּרץ, 1965. 112 זז'; **שלום אַש דרך אין דער ייִדישער אייביקייט**. מאָנאָגראַפֿיע. תל־אָבֿיבֿ, בית שלום אַש, 1967. 190 זז'; **געווען אַ ייִדיש טעאַטער**. ת"א, 1968. 50 זז'; **גאָלדפֿאַדען און גאָרדין**. ת"א, 1969. 199 זז'; **זיגמונט טורקאָוו**. ת"א, 1970. 263 זז'. — איבערגעז' יוליוס סלאָוואַצקיס פּאָעמע **דזשומע**. וואַרשע, בזשאָזאַ, 1926. 21 זז'.

****גרודזין, משה־נתן** — (זעמבראָווע, פּוילן, יאַנ' 8, 1911 —) — געלערנט אין חדר און „תּרבות"־שול. צו צוועלף יאָר אָנגעהויבן אַרבעטן. פֿון מיטן צוואַנציקער יאָרן געלעבט אין וואַרשע ביז 1937, ווען עמיגרירט קיין אורוגווײַ. אַקטיוו אין דער לינקער באַוועגונג. — דעביוטירט מיט אַ אַ ליד אין **קליינע פֿאָלקסצײַטונג** (וואַרשע, 1928). פֿון 1938 מיטגעאַרבעט אין דער לינקער ט"צ **אונזער פֿרײַנט** (מאָנטעווידעאָ) מיט לידער, דערציילונגען און פּאָליטישע אַרטיקלען. אין בוכפֿאָרעם: **דער**

**בלוטיקער אָנהויב.** דראַמע. מאָנטעווידעאָ, 1945. 96 זז'. איבערגעז' פֿון שפּאַניש (מיט באָריס שיפּרעס) **באַפּרײַטע לענדער** פֿון כ. מירא. (דאָרטן, 1940). פּסעווד' — נ. ג., א. בראַוער, נ. בראַווער, נ. גאָלדשטיין, נאַטאַן פּעלאָן, מ. גראָדזשענסקי.

**** גרוזמאַן, מאָטל** — (נעמיראָוו, אוקראַיִנע, 1916 —) — אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1939. פֿאַרטראָטן אין זאַמלונג **אָשער שוואַרצמאַן** (מאָסקווע, 1940), **האָריזאָנטן** (מאָסקווע, 1965) מיט אַ ציקל לידער. דרוקט זיך אין **סאָוועטיש היימלאַנד**.

**גרוזמאַן, יהודה־לייב** — (— ב"אַ, יוני 11, 1961)

**גרויבאַרט, דוד** — (אַפּריל 6, 1906 — שיקאַגאָ, אַפּריל 27, 1984) — זינט 1971 שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון **פֿאָרווערטס** (נ"י).

**גרושקאָ, אַריה** — פֿון 1949 אין ישׂראל. זינט 1968 ישׂראל־אַמבאַסאַדאָר אין צענטראַל־אַמעריקאַנער לענדער און פֿון 1973 גענעראַל־קאָנסול אין דרום־אַפֿריקע. געדרוקט אַרטיקלען און לידער אין **דאָס וואָרט, די פּרעסע, פּאַסיפֿיק** — סאַנטיאַגאָ, **די פּרעסע** (ב"אַ), **לעצטע נײַעס, גאָלדענע קייט** — ת"א א"אַ. ווערק: **חיים ווייצמאַן, לעבן און ווערק.** ת"א, המנורה, 1963. 458 זז' (באַקומען קעסעל־פּרעמיע). איבערגעז' גאָלדע מאירס **מײַן לעבן.** ת"א, פּרץ, 1978. 457 [5] זז'.

**גרושקין, חיים** — (— נ"י, אָקט' 17, 1971)

****גריידינאַ, קימאַ** — (דניעפּראָפּעטראָווסק, רוסלאַנד, 1926 —) — 1944 געענדיקט מיטלשול אין טיומען. שפּעטער פֿאַרענדיקט כאַבאַראָווסקער מעדיצינישן אינסטיטוט. געשריבן מערסטנס אין רוסיש. 1979 דעביוטירט מיט אַ גרעסערער דערציילונג אין **סאָוועטיש היימלאַנד**. פֿון דעמאָלט פּובליקירט זי דאָרטן פֿאַרצייכענונגען און דערציילונגען. אין בוכפֿאָרעם: **טיומענער פֿאַרצייכענונגען.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1985. 63 זז'. וווינט אין מאָסקווע.

**גריינימאַן, שמואל** — **הונדערט מעשׂיות און משלים פֿון חפֿץ חיים זצ"ל.** נ"י, תשכ"א. 128 זז' (נײַע אויפֿל' — נ"י, תשכ"ו)

**גריל, בנימין** — (זשאָלקעוו, גאַליציע, 1868 — נאָוו' 25, 1936) — 1900 באַקומען ד"ר־טיטל אין בערן, שווייץ. 1902 זיך אומגעקערט קיין לעמבערג, שפּעטער געלעבט ווי אַ באַהעם אין פֿאַרשיידענע שטעט פֿון מערבֿ־אייראָפּע, באַזונדערס אין ווין. פֿון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אין זשאָלקעוו, וווּ געשטאָרבן. ד. סדן האָט אַרויסגעגעבן אַ מאָנאָגראַפֿיע וועגן אים א"ט **כּוכב נידח** (ת"א, 1950).

**גרין, בער** — זע: פּרינץ, א.

**גרין, ירחמיאל** — **די וועבער פֿון קאָלאָמיי** [ראָמאַן]. קיִעוו־לוואָוו, אוקרמעלוכענאַצמינד־פֿאַרלאַג, 1941. 294 זז'.

****גרין, מאַקס** — מיסיאָנער. פּראַקטיצירט ווי אַ דאָקטער אין פֿילאַדעלפֿיע און שיקאַגאָ. אויטאָר פֿון מיסיאָנערישן בוך **דיא אידען־פֿראַגע און דער שליעסעל צו איהר לעזונג.** פֿילאַדעלפֿיאַ, 1909. 193 זז'.

**גרינבוים, יצחק** — (— גן־שמואל, סעפּט' 16, 1970) — קאָרעקטע טיטלען: **דוד במבחן;**

נאָמען פון סעריע: **ערים ואמהות בישראל. — אתחלתא דגאולה** [ייִדיש]. פּעטראָגראַד, גאולה, 1917. 32 זז׳. גייט א״נ פון י. קנאי, וואָס איז ג׳ס פּסעוודאָנים; **פון מײַן דור**. ת״א, מקור, 1959. 518 זז׳ (העבר׳ — **פני הדור**. ירושלים, תשי״ח—תשכ״א).

****גרינבוים, מאַקס** — (זעליגענשטאַדט, דײַטשלאַנד, יולי 15, 1817 — מינכן, דעצ׳ 11, 1898) — אָריענטאַליסט, שפּראַך־און פֿאָלקלאָר־פֿאָרשער. שטודירט פֿילאָסאָפֿיע און פֿילאָלאָגיע אין די אוניווערסיטעטן פֿון גיסען און באָן און באַקומען ד״ר־טיטל. האָט זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיט דער פֿאָרשונג פֿון דער אַלטער ייִדישער ליטעראַטור. ג׳ס וויכטיקסטע אַרבעט אויף דעם שטח איז *Jüdisch-deutsche Chrestomatie*. Leipzig, 1882. 587 S. דאָרטן ווערן געבראַכט גרויסע פֿראַגמענטן פֿון דער אַלטער ייִדישער ליטעראַטור ווי תּנ״ך־איבערזעצונגען, מוסר־ספֿרים, סידורים, מחזורים און תּחינות, גלאָסאַרן אאַז״וו, ווי אויך עטימאָלאָגישע דערקלערונגען פֿון אַ סך ייִדישע ווערטער. פֿאַר ייִדישיסטיק האָבן אַן אינטערעס אויך ג׳ס אַנדערע ביכער: Die Jüdisch-deutsche Literatur in Deutschland, Polen und Amerika; Mischsprachen und Sprachmischungen; Neue Beiträge zur Semitischen Sagenkunde; Jüdisch-Spanische Chrestomatie.

ז. רייזען, 1.

****גרינבוים, מאַשע** — (קאָוונע, אָקט׳ 3, 1927 —) — געלערנט אין „יבֿנה״־גימנאַזיע. דורכגעמאַכט קאָוונער געטאָ, לאַגערן אין עסטלאַנד און בערגן־בעלזן. 1946 עמיגרירט קיין מעקסיקע. 1964 אַריבער קיין לאָנדאָן און דאָרטן גראַדויִרט פֿון אוניווערסיטעט. פֿון 1978 אין ישׂראל. אָפּט געשריבן אין **די שטימע, דער וועג** — מעקסיקע, **לשון און לעבן** (לאָנדאָן). **אידישער קעמפּער** (נ״י). אַרויסגעגעבן אַ בוך געשיכטעס פֿון געטאָס און לאַגערן אין ליטע, עסטלאַנד, דײַטשלאַנד א״ט **אַ פּענצטער אין גיהנום** (שפּאַניש).

****גרינבלאַט, יצחק** — ( ) — מחבר פֿון **הגיוני יצחק, דער הויזדרעדנער**. פּיעטרקוב, תּרצ״ג. 125 זז׳.

**גרינבלאַט, עליזה** — (— ברוקלין, סעפּט׳ 21, 1975) — **ביים פֿענצטער פֿון אַ לעבן**. נ״י, 1966. 163 זז׳.

**גרינבערג, אורי־צבֿי** — (— ירושלים, מײַ 8, 1981) — קאָרעקט: **סדנא דארעא. — אונדזערע אותיות גליען; בײַ די טויערן שטייט אַ ייִד אין געדענקשאַפֿט**. ת״א, 1978. 63 זז׳; **געזאַמלטע ווערק**, ירושלים, האוניברסיטה העבֿרית, 1979. 2 בב׳.

אורי־צבֿי גרינברג, ביבליוגרפֿיה של מפֿעלו הספֿרותי ומה שנכתבֿ עליו בשנים תּרע״ב — תּשל״ח. ערוכה בידי יונתן אַרנון. ת״א, 1980; יעקבֿ בהט, אורי צבֿי גרינבערג, חקר ועיון בשירתו ובהגותו. ת״א, 1983; דבֿ לנדאו, שירת הגבהות במעמקי הזמן. עיון בצרור שירים משירי א. צ. גרינברג. ירושלים, 1983; שלום לינדנבאום, שירת אורי צבֿי גרינברג (העבֿרית והיִדית). ת״א, 1984.

**גרינבערג, אליעזר** — (— נ״י, יוני 2, 1977) — **צענטראַלע מאָטיוון און גרונט־פּראָבלעמען אין ה. לייוויקס שאַפֿן**. נ״י, ציקאָ, 1961. 39 זז׳; **אייביקער דאָרשט** [נ״י, ציקאָ], 1968. 101 זז׳; **געדענקשאַפֿט**. נ״י, 1974. 123 זז׳.

**גרינבערג, בערל** — (— ב״א, סעפּט׳ 18, 1961)

**גרינבערג, ברוך־בערנאַרד,** — זע: בערנאַרד, ברוך.

**גרינבערג, ג.** — **אַרבעטבוך אַף נאַטור־וויסנשאַפֿט**, ערשטער טייל. קיִעוו, קולטור־ליגע, 1926. 300 זז׳ [מיט י. בוכטיאַנסקי א״אַ]; **אַרבעט און לעבן.** אַלעפֿבייס פֿאַר ליקפּונקטן פֿון איבער־געוואַקסענע. מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1927. 98 [2] זז׳ [מיט ס. זשעזמער, ז. שיין. 2טע אויפֿל׳ — 1928]. **אַרבעטבוך אַף נאַטורוויסנשאַפֿט און געאָגראַפֿיע.** כאַרקאָוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1930. 264 זז׳ [מיט י. בוכטיאַנסקי].

**גרינבערג, זרח** — אַרעסטירט געוואָרן אין 1948, שפּעטער אומגעקומען אין אַ לאַגער.

**גרינבערג, חיים** — **מענטשן און ווערטן.** ב״אַ, קיום, 1961. 276 זז׳; **בלעטלעך פֿון אַ טאָג־בוך.** דאָרטן, 1962. 396 זז׳.

ס. קאַהאַן, חיים גרינבערגס גייסטיקע פֿאַרוואַנדשאַפֿט. מעקסיקע, 1953. 51 זז׳.

**גרינבערג, י.** — **שפּראַך**, אַרבעטבוך פֿאַרן 2טן לערניאָר... מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1928. 104[2] זז׳ [מיט א. זאַרעצקי א״אַ]; **יונגער ערדאַרבעטער.** מאָסקווע־מינסק, צענטרפֿאַרלאַג, 1930. 104 זז׳.

**גרינבערג, יהושע** — (— חיפֿה, 1985) — שטאַמט פֿון פּוילן. פֿאַרן צווייטן וועלטקריג עולה געווען קיין ישׂראל און זיך באַזעצט אין חיפֿה. טעטיק ביי די לינקע פּוע״צ. מיטגעאַרבעט אין די יאָרביכער **חיפֿה.** געשריבן דערציילונגען און ס׳רובֿ לידער. געשטאָרבן אַ פּאָר יאָר פֿאַרן אַרויסקום פֿון זיין בוך **מיט זיך אַליין.** לידער און דערציילונגען. חיפֿה, 1976. 94 זז׳.

אינפֿאָרמאַציע פֿון מרדכי קראָשניץ, חיפֿה.

**גרינבערג, מאיר** — (לאַגעוו, קעלצער געגנט, 1904 — טאָראָנטאָ, 1950) — געוווינט אין קעלץ און לאָדזש, וווּ געווען טעטיק ביי די לינקע פּוע״צ. פֿון 1922 אין טאָראָנטאָ. פֿאַרווונדעט געוואָרן אין דער צווייטער וועלט־מילחמה ווי אַ סאָלדאַט אין קאַנאַדער אַרמיי. אָנגעהויבן שרייבן לידער אין די וואַרשעווער **פֿרייע יוגנט, יוגנט־פֿאָן, אַרבעטער־צייטונג,** שפּעטער אין די קאַנאַדער **פּראָלעטאַרישער געדאַנק, אידישער זשורנאַל** און מערסטנס אין די ליטעראַרישע אויסג׳ **העפֿטן, באַגינען, רויערד,** ווי אויך אין **דער קאַמף, דער וועג, וואָכנבלאַט א״אַ.** אין בוכפֿאָרעם: **לידער.** טאָראָנטאָ, 1932. 52 זז׳.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**גרינגלאַס, מנחם־זאבֿ** — געב׳ אין לאָדזש. 1942 זיך דערשלאָגן דורך יאַפּאַן קיין מאָנטרעאָל. לאַנגע יאָרן געשריבן אַ רובריק „זכור את יום השבת" אין **קענעדער אָדלער.** איבערגעז׳ אויף יידיש **קובץ ליקוטי דינים** (נ״י, 1951), 64 זז׳.

**גרינזייד, איציק** — (מאָלעוו, אוקראַיִנע, 1905—1942, אויפֿן שלאַכטפֿעלד) — פֿאַרטראָטן אין **שלאַכטן.**

**גרינעס, מיכל** — (מערץ 27, 1902 — ב״אַ, יולי 10, 1980) — עמיגרירט קיין אַרגענטינע אין 1923.

**גרינשטיין־קאַפּלאַן, לאה** — (סיאַד, ליטע, יולי 14, 1907 —).

** **גרינשפּאַן, אַבֿרהם** — (וואַרשע, סעפּט' 7, 1907) — געענדיקט 8־קלאַסיקע פֿאָלקשול פֿון ציש"אָ און די ייִדישע טעאַטער־סטודיע אין וואַרשע. געלעבט אין וואַרשע ביז 1958 און דעמאָלט עמיגרירט קיין סאַן־פּאולאָ, ווו געווען לערער. 1973 עולה געווען קיין ישׂראל. — פֿון 1948 געשריבן אין די וואַרשעווער **דאָס נײַע לעבן, פֿאָלקס־שטימע** און רעדאַקטירט איר וועכנטלעכע אילוסטרירטע אויסגאַבע.

**גרינשפּאַן, מאיר** — (— רמת־גן, דעצ' 29, 1981) — העברעיִזירטער נאָמען — בן־ישע. פֿון 1948 אין ישׂראל. געדרוקט אין **ייִדישע צײַטונג, לעצטע נײַעס**, — ת"א. פֿאַרטראַטן מיט אַרבעטן אין **ילקוט וואָהלין, ספר קוסטופול**. ג'ס פּיעסע **אַ חתונה אין ישׂראל** איז 1959 אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין לאָנדאָן. אין עיזבון צוויי ראָמאַנען פֿאַרטיק צום דרוק: **אויפֿקום און אומקום און האָלאָוועשקעס.**

ד. תּדהר, 16; מ. האַמפּעל, ייִדישע צײַטונג, ת"א. אָקט' 25, 1967.

ר.ג.

**גרינשפּאַן, שלמה** — **ייִדן אין פּלאָצק**. נ"י, 1960. 325 זז'.

** **גרינשפּאַן־מילשטיין, פֿייגע** — (דאָרף פּיעטשאַלאָווקע, וואָלין, דעצ' 23, 1910 —) — געלערנט אין אַ רוסישער שול. 1932 זיך באַזעצט אין קאָסטאָפּאָל, וואָלין. צווייטן וועלטקריג דורכגעלעבט אין אַ באַהעלטעניש. פֿון 1948 אין ישׂראל. — אין בוכפֿאָרעם: **אַ לעבן אויף ראַטעס.** ת"א, נײַ לעבן, 1966. 287 זז' (העבר' איבערז' א"ט **בנתיבי הגודל**. ת"א, תשל"ו). גרייט צום דרוק אַ בוך זיכרונות **פֿון מענטש צו מענטש**.

אַ. באַראַבאַן, ייִדישע צײַטונג, ת"א, נאָוו' 11, 1966; י. עמיאָט, פֿאָרווערטס, נ"י, אַפּריל 14, 1968; מ. האַמפּעל, ייִדישע צײַטונג, יאַנ' 16, 1976.

ר.ג.

** **גריס, נח־שלמה** — (קיליקאָוו, גאַליציע, סעפּט' 2, 1902 — פּאַריז, דעצ' 16, 1985) — געענדיקט גימנאַזיע אין לעמבערג און 1927 פֿילאָסאָפֿיע־פֿאַקולטעט אין קראָקע. פֿון 1927 לערער אין די „תּרבות"־גימנאַזיעס אין לידע, גראָדנע, ראָוונע, 1934־1936 דירעקטאָר פֿון צישאָ־גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק. צווייטע וועלט־מילחמה אין סאָוועט־רוסלאַנד, 1947—1952 אין ישׂראל, דערנאָך אין פּאַריז, ווו געווען פּראָפֿ' פֿון ליצײ און זינט 1963 — שעף פֿון דער העברעיִש־ייִדישער סעקציע אין דער פּאַריזער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק. דאָקטאָר־טיטל פֿון הומאַניסטישע וויסנשאַפֿטן זינט 1964. — באַטייליקט מיט ליטעראַרישע און וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען אין **ליטעראַרישע בלעטער, ייִוואָ־בלעטער, ייִדיש פֿאַר אַלע, וואָלינער נײַעס, וואָלינער לעבן, אונזער לעבן** (ביאַליסטאָק), **נײַוועלט, על המשמר, גאָלדענע קייט**, — ישׂראל; פּאַריזער **אַרבעטער־וואָרט, נײַע פּרעסע, אויפֿסניי, פּאַריזער צײַטשריפֿט; צוקונפֿט, ייִדישע קולטור, דער וועקער** — נ"י. געשריבן אויף פּויליש און פֿראַנצייזיש. געמאַכט איבערזעצונגען פֿון העברעיִש אויף ייִדיש. — אין בוכפֿאָרעם: **קינדער־מאַרטיראָלאָגיע**. זאַמלונג פֿון דאָקומענטן. ב"א, 1947. 284 זז'; **צווישן פֿרײַנד**. פּאַריז, אויפֿסניי, 1953. 213 זז'; **פֿון פֿינצטערניש צו ליכט**. ישעיה שפּיגל און זײַן ווערק. ת"א, ישׂראל־בוך, 1971. 89 זז'; **ייִדן אין לעבן און שאַפֿן פֿון וול. ג. קאָראָלענקאָ**. פּאַריז, 1975. 79 זז'; **ייִדיש־פֿראַנצייזיש ווערטערבוך** [מיט ש. קערנער]. פּאַריז, 1982. ט"ז, XXIV 371 זז'. איבערגעזעצט: מ. בראַסלאַווסקיס **זאת הארץ** (פּאַריז, 1947); פּ. הירשמאַנס **לעבן לאַנג און בלײַבן יונג** (פּאַריז, 1973) [פֿון דײַטשישן כּתבֿ־יד].

**גרעיסאָן, דזשעי** — (— נ״י, יולי 19, 1979).

**גרשוני, גרשון** — (1898 — ירושלים, יולי 18, 1959) — **כּתבים**, אַ זאַמלונג מאַמרים אין ייִדיש און העברעיִש פֿון און וועגן ג. גרשוני, ת״א, פּרץ, 1974. 256 זז׳.

# ד

**דאָבין, הירש** — (זשלאָבין, ווײַסרוסלאַנד, אַפּריל 10, 1905—) — **דער קויעך פֿון לעבן**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1969. 499 זז׳. פֿאַרטראָטן אין **שלאַכטן, בירעבידזשאַן**.

**דאָבין, שמעון** — איבערגעז׳ אין **קאָאָפּעראַטיוון דײַטשלאַנד, אין קאָאָפּעראַטיוון ענגלאַנד, אין קאָאָפּעראַטיוון שאָטלאַנד** — אַלע קיִעוו, 1919; שאַרל זשידס **די צוקונפֿט פֿון קאָאָפּעראַציע**. קיִעוו, 1920.

**דאָברושין, יחזקאל** — ( — 1953) — **בינאָמין זוסקינד**. מאָסקווע, עמעס, 1939. 60 [2] זז׳; **די דראַמאַטורגיע פֿון די קלאַסיקער**. דאָרטן, 1948. 190 [2] זז׳. צונויפֿגעשטעלט **פֿאָלקס־מײַסעס**. דאָרטן, 1939. 62 [2] זז׳. געשריבן אין זמ״ב **צום אָנדענק פֿון שלום־עליכם** (פּעטראָגראַד, 1918), זמ״ב **מיכאָעלס, 1890—1948** (מאָסקווע, 1948). — פֿאַרטראָטן אין **טעאַטער־בוך, אָשער שוואַרצמאַן, פֿאַר דער בינע, דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, פֿאַרן היימלאַנד אין שלאַכט! פֿאַר קליינע קינדער** (קיִעוו, 1918), **קלינגען העמערלעך** (מאָסקווע, 1925), **לידער** (ריגע, 1941).

י. ליפֿשיץ, מ. אַלטשולער, בריוו. זז׳ 39 — 74.

**דאָברושקעס, עזריה — (ווילנע, סעפּט׳ 5, 1912 — ) — געלערנט אין פֿאָלקשול, געענדיקט ווילנער רעאַל־גימנאַזיע. 1934 דיפּלאָמירט ווי בוי־אינזשינער אין פֿראַנקרײַך. 1935—1940 אין ווילנע און לונינעץ. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועט־רוסלאַנד. פֿון 1947 אין בעלגיע. אַקטיווער

מיטהעלפֿער און זאַמלער פֿון ייִוואָ זינט זײַן גרינדונג. לעבט אין בריסל. געשריבן פֿון צײַט צו צײַט אין **פנקס** (ת״א, 1971), **אונזער וואָרט**, **אַרבעטער־וואָרט** — פּאַריז, **יוגנטרוף** (נ״י), **דרום־אַפֿריקע** (יאָהאַנעסבורג), **אָנהייב** (מיאַמי־ביטש), **אויפֿן שוועל** (נ״י).

**דאָדיק־באַראַד, יעטאַ — (קאָראָלוּווקע, גאַליציע, נאָוו׳ 2, 1910 — ) — געענדיקט פּוילישע פֿאָלקשול. דורכגעמאַכט געטאָ. 1947 עמיגרירט קיין אַמעריקע. אין בוכפֿאָרעם: **יפֿהס גורל־וואַנדלונגען**. ת״א, פּרץ, 1982. 162 זז׳. וווינט אין טאָמס ריווער, ניו־דזשוירזי.

**דאַווידאָוויטש, שׂרה — (     ) — אויטאָרין פֿון **דאָס געוויטער פֿון בלוט און טרערן**. דראַמע. ב״אַ, 1960. 106 זז׳.

דאַווידזאָן, אפֿרים — (— רמת־גן, יוני 27, 1964)

**דאַווידזאָן, בנימין — (וואַרשע, מערץ 17, 1921 — ) אַ מאָדזשיצער חסיד, פֿאַרפֿאַסט אויך חסידישע ניגונים. אַקטיוו אין וואַרשעווער „השומר הדתי", שפּעטער אין „הפּועל המזרחי". פֿון 1936 אין א״י־ישׂראל, פֿריִער בײַ פֿאַרשיידענע אַרבעטן און פֿון 1949 באַאַמטער אין עיריית ת״א. שרײַבט בעיקר אין העברעיִשע זשורנאַלן. אויף ייִדיש: **וואַרשע של מטה**. ראשון לציון, 1971. 201 זז׳.

ר.ג.

דאַווידזאָן, ישׂראל — שטעטל: יאַנעווע, ליטע.

**דאַווידמאַן, שלמה — (מאָליעוו־פּאָדאָלסק, 1900 — נ״י, אויג׳ 5, 1975) — געקומען קיין אַמעריקע אין 1920. פֿאַרענדיקט לערערקורסן בײַם אַרבעטער־רינג אין 1926. שפּעטער לערער אין ייִדיש־לינקע שולן. זינט 1921 געדרוקט דערציילונגען, בילדער, עסקיזן, דראַמאַטישע עטיודן, פֿאַרצייכענונגען, קודם אין **די אידישע וועלט** (פֿילאַדעלפֿיע) און נאָכן אַרויסקום פֿון **פֿרײַהייט** (נ״י, 1922) — נאָר אין דער ייִדיש־קאָמוניסטישער פּרעסע. מיטרעדאַקטאָר פֿון **יונג־קוזניע**, **יוגנט**, **ספּאַרטאַק**. — אין בוכפֿאָרעם: **בירא־בידזשאַן**. מײַסעלע. דעטראָיט [אָ״י]. 7 זז׳; **בענקעניש** [לידער]. יאַמפּאָל־פּאָדאָלסק, 1919; **ערשטע טריט**. דערציילונגען. נ״י, יונג־קוזניע, 1925. 63 זז׳; **ווען הערצער ברענען**. דערציילונגען. דאָרטן, 1926. 160 זז׳; [מיט מאַקס פּערלאָוו] **געקניפּטע ריטלאַך**. דערציילונגען. נ״י, 1928. 258 זז׳; **העלדן פֿון אונזער צײַט**. דערציילונגען. שיקאַגאָ, 1936. 127 זז׳; **קינדער פֿון ניו־יאָרק**. שיקאַגאָ, צעשינסקי, 1936. 64 זז׳; **אַ קינדער שפּיל**. דאָרטן, 1936. 74 זז׳; **די קינדער פֿון וואונדערלאַנד**. קאָמעדיע. שיקאַגאָ, פֿאָלקס־ביבליאָטעק, 1936. 16 זז׳; **אַ קאָפּ פֿון אַ אידן** [נ״י, 1943]. 62 זז׳; **דער פֿאָלקס־זינגער פֿון בראָנזוויל**. נ״י, 1947. 88 זז׳; **אידישע קינדער אין בירא־בידזשאַן**. געשיכטעס. [נ״י, 1948]. 128 זז׳; **די פֿאַמיליע סטרונעס פֿון מאָגילאָוו־פּאָדאָלסק**. ראָמאַן. נ״י, 1949. 130, 126 זז׳; **אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן**. שול־געשיכטעס. נ״י, 1952. 95 זז׳; **אָלגין דערמאָנט אונז!** נ״י [אָ״י]. 48 זז׳; **ברידער און שוועסטער** [ברוקלין, 1968]. 32 זז׳; **מיט אידיש קען מען אויספֿאָרן אַ וועלט** [ברוקלין] 1975. 150, 50 זז׳; **לחיים, אידיש!** ברוקלין [1975]. 28, 20 זז׳; **דער אידישער לערער**. דערציילונגען, פֿאַרצייכענונגען און דעראינערונגען [נ״י, אָ״י] 130 זז׳. — אַרויסגעגעבן נאָך ביכער און בראָשורן, מערסטע פֿאַר 1933, וואָס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו זען: **דער פֿאַבריק־קוימען שטרײַקט; דאָס ערשטע נעגערל; כאַווער לענין האָט געזאָגט; בירע־בידזשאַן; מאָטעלע פֿון דאָרף „איקאָר"; כאַווער לענין; די מילחמה אין ניו־יאָרק; איציק דער פּיאָנער; מיר ווילן ברויט.**

א. פּאָמעראַנץ, פּראָלעטפּען. קיִעוו, 1935. זז׳ 201־202.

**דאַווידסאָן, זשאַמע** — (האָראָדעק, ווײַסרוסלאַנד, אָקט' 13, 1892 —) — געענדיקט גימנאַזיע. געלעבט אין לאָדזש ביז 1939. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועט־רוסלאַנד. זיך אומגעקערט קיין פּוילן, דערנאָך עמיגרירט קיין מעקסיקע. לעצטע יאָרן אין סאַן־אַנטאָניאָ, טעקסאַס, ווו ער איז ביבליאָטעקאַר. אַקטיוו אין „בונד". געשריבן אַרטיקלען אין **אונזער צײַט** (נ"י), **פֿאָרויס** (מעקסיקע). אין בוכפֿאָרעם: **מײַנע מלחמה־יאָרן**, [סאַן־אַנטאָניאַ, 1978]. 347 [2] זז'; **די נאָך מלחמה־וואַנדערונגען** פֿון פּוילן סעפּטעמבער 1946 ביז מעקסיקע יוני 1947. דאָרטן, 1984. 263 זז' [מאַשינשריפֿט].

**דאַווידסאָן, יעקבֿ־יוסף** — ( ) — מחבר פֿון **בלאָנדזשענדע מאָטיוון**. לידער. סאַן פֿראַנציסקאָ־ל"אַ, 1937. 74 זז'.

**דאָלגאָפּאָלסקי, צדוק** — (האָראָדעק, ווײַסרוסלאַנד, 1879—1959) — **דעם זיידנס קללות**. קינדער־קאָמעדיע. מאָסקווע, צענטראַלער אידישער קאָמיסאַריאַט, 1919. 31 זז'; **מיט מײַנ פּענ אינ האַנט** [לידער]. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1932. 112 זז'; **קאָלווירטישער טריוואַקס** [איינאַקטער]. מינסק מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1933. 19 [1] זז'; **אַגיט־פּאָיעזד**. דאָרטן, 1935. 162 [1] זז'; **געקליבענע נאָוועלנ**. דאָרטן, 1936. 256 זז'. — פֿאַרטראָטן אין **אַטאַקע, דער וועג פֿון פֿאַראַט, סאָוועטישע ווײַסרוסלאַנד, דעקלאַמאַטער פֿונ דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור.**

**דאָמאַנקעוויטש, לייזער** — (— פּאַריז, יוני 20, 1973) — **צעשאָטענע קערנער**. עסייען. פּאַריז, יידישער קולטור־קאָנגרעס אין פֿראַנקרײַך, 1961. 57 זז'; **ווערטער און ווערטן**. ת"א, פּרץ, 1965. 327 זז'; **נצח יידישקייט**. עסייען. פּאַריז, תשמ"א. 336 זז'.

**דאָמניץ, שמואל** — (סטאַראָבין, רוסלאַנד, 1888 — ניו־יאָרק, נאָוו' 15, 1971) — געלערנט אין מינסקער ישיבֿה. 1907 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געוווינט אין נ"י, שפּעטער אין ל"אַ. געדרוקט לידער אין **די פֿעדער** (נ"י) און אין קאַליפֿאָרניער יידישע צײַטשריפֿטן. אין בוכפֿאָרעם: **פֿון מײַן גאָרטן**. לידער. נ"י, 1965. 77 זז'.

**דאַמעסעק, אַבֿרהם־אײַזיק** — (פּינסק, פּוילן, 1893—1937) — לערער פֿון ליטעראַטור אין יידישע שולן פֿון פּוילן. 1926 אַוועק קיין סאָוועט־רוסלאַנד. געאַרבעט אין רעד' פֿון זשורנאַל **שטערן** (מינסק). פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען וועגן מ. קולבאַק, ז. אַקסעלראָד, ק. מאָלאָדאָווסקי א"אַ. צונויפֿשטעלער פֿון זאַמלבוך **לעבנ אונ קאַמפֿ** (מינסק, 1936). איבערגעז' [מיט י. ראַבינאָוויטש] ג.וו. פּלעכאַנאָווס **גרונט־פֿראַגנ פֿונ מאַרקסיזמ**.

ס"ה — לעקסיקאָן.

**דאַנילעוויטש, יעקבֿ** — ( ) — מחבר פֿון **אין שטילע מינוטן**. נ"י, 1933. 40 זז'.

**דאַניעל, מ.** — (— יאַלטע, קרים, 1940) — ליטעראַרישער נאָמען פֿון דניאל מייעראָוויטש. ווערק: **ראַכמיעל דער נאַכט־שוימער** [דערציילונג]. כאַרקאָוו, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1925. 62 [1] זז'; **פֿריידיקע שטעט**. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקר־מעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1933. 25 [2] זז'; **דערציילונגענ אונ נאָוועלנ**. צווייטער באַנד. דאָרטן, 1935. 288 [4] זז'; **זאָרקי האָט גערעדט** [דערציילונג]. כאַרקאָוו, קינדער־פֿאַרלאַג, 1935. 18 [2] זז'; **דער סאָפֿ פֿונ אַ יונגער ליבע** [דערציילונג]. מאָסקווע, עמעס, 1937. 31 זז'; **אָקטיאַבער־פֿײַערנ** [דערציילונגען]. קיִעוו, אוקר־מעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1938. 208 זז'; **די לעצטע טעג פֿונ פּיאָטער לוקאָמסקי** [דערציילונג]. מאָסקווע, עמעס, 1939. 32 זז'; **אַ טאַטע; צוויי וואַגאָנענ מעל** [דערציילונגען]. דאָרטן, 1939.

38[1]זז׳. — פֿאַרטראָטן אין **אַלמאַנאַך פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַרטור, אַף באַריקאַדן, פֿרויען, דער אַרבעטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אָשער שוואַרצמאַן, דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, דער וועג פֿון פֿאַראַט, סאָוועטישע ווײַסרוסלאַנד, קאַמיוג, פֿאַר דער בינע, לעניִן און די קינדער, שלאַכטן.**

דאַנציגערקראָן, משה — (אויג׳ 16, 1909 — ת״א, יולי 10, 1985) — געשריבן אויך אין **פֿאָרווערטס** (נ״י), **די פּרעסע** (ב״אַ), **אונזער וואָרט** (פּאַריז), **לעצטע נײַעס** (ת״א), פֿון צײַט־צו־צײַט אין **דבֿר** (ת״א). — **דרכי בממלכה השביעית** (ת״א, 1982).

**דאַנקאָ, א. — ( — ) — ייִדיש־סאָוועטישער אינזשינער, וואָס זײַן אַלטע מאַמע האָט פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין **סאָוועטיש היימלאַנד** א״נ פֿון איר באַוווּסטן זון. שפּעטער האָט מען געכאַפּט דעם טריק. זײַן ערשטער נאָמען—וולאַדימיר.

**דאָראָשקין, יצחק־יאַנקל — (זשיטקאָוויץ, ווײַסרוסלאַנד, סעפּט׳ 15, 1892 — ) — געלערנט בײַ פּריוואַטע מלמדים. עמיגרירט קיין אַמעריקע אין 1906. געאַרבעט לאַנגע יאָרן בײַ שנײַדערײַ. פֿריִער געלעבט אין נ״י, דערנאָך אין פֿלאָרידע. אין בוכפֿאָרעם: **פֿון זשיטקאָוויטש איבער דער וועלט** (אַ טייל עפּיזאָדן פֿון מײַן לעבן). נ״י, 1972. 314 זז׳; **וואָרצלען פֿון דער משפּחה גראַנאַדיר.** פֿון זשיטקאָוויטש ביז אַמעריקע. [וועסט פּאַלם ביטש, 1979]. 243 זז׳.

**דאָרואַן, עמיל — (בוקאַרעשט, פֿעב׳ 1893 — בוקאַרעשט, 1957) — מחבר פֿון **אַנטאָלאָגיע פֿון ייִדישער דיכטונג אויף רומעניש** (500 לידער). האָט אויך איבערגעזע׳ אויף רומעניש **דער ייִדישער הומאָר** (בוקאַרעשט, 1926) און אליִעזר שטיינבאַרגס **משלים** (דאָרטן, 1947). ריכטיקער נאָמען — איזידאָר לוסטיג. פּסעוו׳ מ. פּרונק, ד״ר טריפֿאַניאַק.

י.קאַ.

**דאָריץ, פּ. — ( — ) — געמאַכט איבערזעצונגען פֿון רוסיש אויף ייִדיש: מ. קעהעלעס, **אין לאַנד פֿון בערג, קאָליר, מעטאַלן און מינעראַל־קוואַלן.** כאַרקאָוו, 1932; נ. ווּעסעלאָווסקי, **יאַפּאָניע און אירע באַוואָפֿנטע קויכעס.** מינסק, 1932; א. ס. טעמיאַנאָוו, **וויִאַזוי פֿאַרהיטן האָלץ פֿון קאַליע ווערן און פֿוילן.** כאַרקאָוו, 1932.

**דאָרף, אַהרן — (כענטשין, פּוילן, דעצ׳ 18, 1904 — בריסל, מערץ 20, 1979) — זשורנאַליסט. 1925 עמיגרירט קיין בריסל, וווּ געווען ציוניסטיש אַקטיוו. לאַנגע יאָרן מיטאַרבעטער פֿון **אונזער וואָרט** (פּאַריז). געשריבן אויך אין די **לעצטע נײַעס** (ת״א), **די פּרעסע** (ב״אַ).

ה. ביבראָווסקי, אונזער וואָרט, פּאַריז, מערץ 3, 1979.

דאָרפֿמאַן, זעליג — **ליכט אויפֿן דאָרן.** נ״י, 1960. 76 זז׳.

דאַשעווסקי, יהודה־לייב — (— נ״י, יוני 16, 1974)

דגים, יצחק — **דער יוביליאַר** (דערציילונגען). חיפֿה, 1979. 160 זז׳.

**דובילעט, מ[שה]** — (דמיטראָווקע, אוקראַיִנע, 1897 — סעפּט׳ 19, 1941, אויפֿן פֿראָנט) — **קריטישע אַרטיקלען.** קיִעוו, אוקרמעלוכע־נאַצמינדפֿאַרלאַג, 1939. 144 זז׳. האָט געמאַכט „טעקסט־צוגרייטונג, קאָמענטאַרן און ביבליאָגראַפֿיע״ צו ש. עטינגערס **געקליבענע ווערק** (קיִעוו, 1935).

**דובנאָוו, שמעון** — **געשיכטע פֿון חסידיזם.** ב״אַ, קולטור־קאָנגרעס, 1957־1958. 3 בב׳; **בריוו וועגן אַלטן און נײַעם ייִדנטום.** ייִדיש: שאול פֿערדמאַן. מעקסיקע, 1959. 464, XVI זז׳; **דאָס בוך פֿון מײַן לעבן.** זיכרונות און רעיונות. נ״י־ב״אַ, קולטור־קאָנגרעס [1962־63]. 3 בב׳.[ייִדיש: י. בירנבוים (1, 3), י. אָקרוטני (ב׳ 2)].

צום הונדערטסטן געבוירן־טאָג פֿון שמעון דובנאָוו. נ״י, 1961.
R.M. Seltzer, Simon Dubnow, a critical biography of his early years. Ann Arbor, 1973.

**דובראָוויצקי, משה** — **וו.ס.ס.ר. — אַ שעפֿ פֿון בירעבידזשאַן** [מינסק], מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1932. 77 [2] זז׳; **אינטערנאַציאָנאַליזירט** [מיט נאָטע ווײַנהויז]. אַן אַגיטפּיעסע. מאָסקווע־מינסק, צענטר־פֿאַרלאַג, 1930. 34 זז׳.

****דוד בן אַבֿרהם** — שטאַמט פֿון פּראָג. מחבר פֿון **לשון למודים**, אַ ייִדישע איבערזעצונג פֿון **פּרקי אָבֿות**, אַרויס אין פּראָג, 1795.

****דוואָרזשעצקי, מאַרק** — (ווילנע, מײַ 3, 1908 — ת״א, מערץ 15, 1975) — חורבן־פֿאָרשער. געענדיקט עפּשטיינס העברעיִשע גימנאַזיע אין ווילנע, שטודירט מעדיצין אין די אוניווערסיטעטן פֿון ווילנע און נאַנסי. ד״ר־טיטל באַקומען פֿון דער פּאַריזער סאָרבאָנע. 1939 ראַטמאַן אין ווילנער שטאָטראַט. אַרײַנגעפֿאַלן אין דײַטשישער געפֿאַנגענשאַפֿט ווי אַ מיליטערישער דאָקטער אין דער פּוילישער אַרמיי, אַנטלאָפֿן און צוריקגעקומען קיין ווילנע, ווו געווען קולטורעל טעטיק אין געטאָ און פֿון די ערשטע אין דער דאָרטיקער אונטערערד־אָרגאַניזאַציע. 1943 דעפּאָרטירט געוואָרן אין די עסטישע לאַגערן און פֿון דאָרטן אין לאַגערן פֿון דײַטשלאַנד. נאָכן קריג געקומען קיין פּאַריז און 1949 עולה געווען קיין ישׂראל. פֿון 1960 פֿאַרנומען די קאַטעדרע פֿאַר דער חורבן־געשיכטע אין בר־אילן־אוניווערסיטעט אין רמת־גן. — ד׳ האָט פֿאַרעפֿנטלעכט פֿאָרשאַרבעטן וועגן פּסיכאָ־סאָציאָלאָגישע פּראָבלעמען פֿון דער שאריִת־הפליטה, פּאַטאָלאָגישע פֿראַגעס פֿון דער חורבן־תּקופֿה, וועגן געראַטעוועטע ייִדישע קינדער. ד׳ס אַרטיקלען האָבן זיך געדרוקט אין **אונזער וואָרט** (פּאַריז, רעדאַקטאָר), **פּאַריזער שריפֿטן** (1:1945), **טאָג־מ״זש** (נ״י), **אַלמאַנאַך פֿון די ייִדישע שרײַבער אין ישׂראל** (ת״א, 1962) און אין די מערסטע ייִדישע אויסג׳ אין דער וועלט, ווי אויך אין **דבֿר, דפּים רפֿואיים, ניבֿ הרפֿואָה** און אַנדערע העברעיִשע שריפֿטן. פֿאַרטראָטן אין ש. ניגערס **קידוש־השם** (נ״י, 1948). — ווערק: **קאַמף פֿאַרן געזונט אין געטאָ ווילנע.** פּאַריז־זשענעוו, אָזע, 1946. 78 זז׳ [אַרויס אויך אין פֿראַנצייזיש]; **ירושלים דליטאָ אין קאַמף און אומקום.** פּאַריז, 1948. 515 זז׳ [העבר׳ — 1950, 1952; פֿראַנצייזיש — 1950, 1962, 1972; באַקומען פּרס ישׂראל]; **בין הבתרים.** ירושלים, 1956. 141 ע׳; **פֿאַרברעכנס פֿון די נאַצי־וויסנשאַפֿטלער.** [ת״א] 1960 [ניט פּאַגינירט]; **אייראָפּע אָן קינדער.** ת״א, פּרץ, 1961. 406 זז׳ [אַרויס פֿריִער אין העבר׳ אין 1958]; **הירשקע גליק** (מאָנאָגראַפֿיע). פּאַריז, אונזער קיום, 96 זז׳; **ווײַסע נעכט און שוואַרצע טעג** (ייִדן־לאַגערן אין עסטאָניע). ירושלים, פּרץ, 1970. 440 זז׳ [העבר׳ א״ט **מחנות היהודים באסטוניה, 1942—1944.** ת״א, תש״ל]. אין שפּאַניש איז אַרויס ד׳ס אַן אַרבעט **דער ייִדישער אַנטינאַצישער ווידערשטאַנד** (ב״אַ, 1963). אין זײַנע לעצטע יאָרן האָט ד׳ געאַרבעט אויף צוויי פֿאָרשונגען: **דער אינטער־נאַציאָנאַלער קרייץ און זײַן באַציִונג צו ייִדן אין די געטאָס און לאַגערן און ייִדן וואָס**

**זיינען אַנטלאָפֿן פֿון אוישוויץ.** ביידע פֿאַרשונגען געבליבן ניט פֿאַרענדיקט.

ש. ניגער, טאָג, נ״י, אויג׳ 18, 1946; נ.י. גאָטליב, קענעדער אָדלער, אויג׳ 26, 1946; א.מ. פֿוקס, די צײַט, לאָנדאָן, ניסן תש״ח; ט. אַמסטער, אונזער שטימע, פּאַריז, אַפּריל 10, 1948; ד. קלעמענטינאָווסקי, פֿאַ״ש, נ״י, יולי 16, 1948; אַ. מוקדוני, מ״זש, נ״י, סעפּט׳ 5 1948; י. צינעמאַן, ציוניסטישע שטימע, פּאַריז, אָקט׳ 2, 1949; ר. אויערבאַך, גאָלדענע קייט, ת״א, 1957: 27; ב. קרוא, הבוקר, ת״א, כ״ו אייר, תשי״ח; מ. עובדיהו, הפועל הצעיר, ת״א, תשי״ח, גל׳ 40; ש. ראָזשאַנסקי, אידישע צײַטונג, ב״אַ, יוני 16, 1961; י. רימון, אונזער וואָרט, פּאַריז, אַפּריל 13, 1963; י. קאָרן, אונזער קיום, פּאַריז, יאַנ׳ 1964; לענעמאַן, ל., אידישע צײַטונג, ב״אַ, דעצ׳ 7 1964; ש. ביקל, דאָרטן, מערץ 7, 1965; מ. אונגערפֿעלד, הצופֿה, ת״א, מײַ 14, 1971; י. קאַפּלאַן, גאָלדענע קייט, ת״א, 1971: 72; ש. קאַנץ, לעצטע נײַעס, ת״א, מערץ 24, 1973; ר. רוס, ישׂראל שטימע, ת״א, מערץ 6, 1974; י. שמולעוויטש, פֿאָרווערטס, נ״י, מערץ 24, 1975; ל. ענגעלשטערן, ייִדישע צײַטונג, ת״א, אַפּריל 12, 1975. [די ביבליאָגראַפֿיע איז אַן אָפּקלײַב פֿון חסיה דוואָרזשעצקיס רשימה פֿון 156 איינסן אין ייִדיש, העברעיִש און אין אַנדערע לשונות].

ר.ג.

**דוואָרקין, י.** — **אַרבעט־בוך אַף נאַטור־וויסנשאַפֿט.** קיִעוו, קולטור־ליגע, 1926. [2 טיילן. מיט **י. בורטיאַנסקי** א״אַ]; **מאַטעמאַטישער אופֿגאַבער פֿאַרן דריטן לערניאָר.** מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1927. 120 זז׳ [2טע אויפֿל׳ — 1928]... פֿאַרן 4טן לערניאָר. דאָרטן, 1927 [2טע אויפֿל׳ — 1929]... פֿאַרן 5טן לערניאָר. כאַרקאָוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1929. 112 זז׳.

**דוואָרקין, מאיר** — פֿאַרטראָטן אין **אינ שאָטנ פֿונ טליִעס.**

****דוטשינסקי, אַבֿרהם** — (  ) — מחבר פֿון אַ ביכל לידער: **די מאַסקע.** וואַרשאַ, דפֿוס אַללאַפּין, תּרל״ח. 66 זז׳.

**דויטשער, יצחק** — (— לאָנדאָן, אויג׳ 21, 1967) — איבערגעז׳ פֿלאָראַן פֿעלזס בוך **משה קיסלינג.** פֿאַרטראָטן אין **אינ שאָטנ פֿונ טליִעס.**

**דוכאָווני, משה** — (— נ״י, נאָוו׳ 2, 1960)

**דוכאָוונע, לעאָן** — (שטעטל לעבן אָדעס, נאָוו׳ 15, 1899 — ב״אַ, פֿעב׳ 16, 1984)

****דונאַיעווסקי, ס.** — (  ) — מחבר פֿון **הײמישע מענטשן** (הומאָרעסקעס). בוקאַרעשט, 1939. 46 זז׳.

**דוניעץ, כאַצקל** — (1896—1937) — **וועגן דער מאַסן־אַרבעט אַף ייִדיש.** מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1929. 44 זז׳ [מיט גאַלבריַיך]; **אין קאַמף אויף צוויי פֿראָנטן.** מינסק, ווײַסרוסישע וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע, 1932. 16, 106 זז׳; **קעגן סאָציאַל־פֿאַשיסטישן „בונד“.** מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1932. 94 [2] זז׳; **פֿאַר מאַרקסיסטישער היסטאָריאָגראַפֿיע.** מינסק, ווײַסרוסישע וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע, 1932. 38 זז׳; **טעזיסן צום אַלפֿאַרבאַנדישן צוזאַמענפֿאָר פֿון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער.** מינסק, 1932 [מיט י. בראָנשטיין]; **אַפֿ ליטעראַרישע טעמעס.** מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג. 1934. 140 [2] זז׳. — **באַטייליקט אין פֿאַשיזירטער ייִדישיזם און זײַן וויסנשאַפֿט.** מינסק, ווײַסרוסישע וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע, 23, 121 [2] זז׳.

**דונסקי, שמשון** — (— מאָנטרעאָל, אָקט׳ 14, 1981) — אויסער זײַן איבערזעצן **מדרש איכה** (1956), שפּעטער אַרויס ד׳ס תּרגום־ייִדיש אויף די איבעריקע מגילות פֿון **מדרש רבה: שיר־השירים, רות, קהלת, מגילת אסתּר.** פֿאַר דעם תּרגום באַקומען דעם מאַנגער־פּריז.

****דושאַצקי, חיים** — (— 1942) — אויטאָר פֿון לידערבוך **קאָרנצוויט,** 1930־1933. כאַרקאָוו־קיִעוו,

אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1934. 72 זז׳. פֿאַרטראַטן אין **ליטקאַמיזג** (כאַרקאָוו־קיִעוו, 1933).

דזשאַקלין, שׂרה — (— נ״י, אָקט׳ 30, 1975.

דזשיאַלאָווסקי, מאיר — (מערץ 20, 1899 — 1943)

**דזשייקאָבס, שׂרה — ( ) — אויטאָרין פֿון **געקליבענע שריפֿטען און דראַמע**. נ״י, 1955. 121 זז׳.

**דיאַמאַנט, דוד — ( ) — מחבר פֿון **ייִדן אין שפּאַנישן קריג, 1936—1939**. וואַרשע־פּאַריז, 1967, ייִדיש בוך. 544 זז׳.

דיאַמאַנט, הערשל — (דאָרף וועליקי לוג, וואָלין, יולי 15, 1911 — יוני 23, 1941) — געלערנט אין זשיטאָמירער ייִדישער אַרבעטשול. פֿון 1935 אין קיִעוו, וווּ געענדיקט פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט און געאַרבעט ווי אַ לערער. אַן אָפּקלײַב פֿון ד״ס לידער איז אַרויס אין רוסיש (1936) און אוקראַיִניש (1959). ד״ס 8 לידער זײַנען געדרוקט אין **ייִדישע קולטור** (נ״י, 6:1981).

סאָוועטיש היימלאַנד, לעקסיקאָן; אינפֿאָרמאַציע פֿון ד״ס ברודער משה אין ישׂראל.

דיאַמאַנט, זײַנוול — (— נ״י, יוני 26, 1963)

דיאַמאַנט, שלמה — **אַ ייִד צווישן פּויערים.** פּיעסע. לאָדזש, ייִדיש בוך, 1948. 64 זז׳.

**דייוויס, דוד — (טערניווקע, אוקראַיִנע, אויג׳ 1884 —) — אָריגינעלער נאָמען — יאַמפּאָלסקי. געלערנט אין חדר און קלויז. 1900 אַריבער קיין נעמיראָוו, אוקראַיִנע, און 1905 עמיגרירט קיין אַטלאַנטאַ (אַמעריקע). אין בוכפֿאָרעם: **אין גאַנג פֿון די יאָרן**. זכרונות פֿון ביידע זײַטן ים. ת״א, נײַ לעבן, 1974. 240 זז׳.

**דייוויס, נתן־שמואל — (פּיאַטראַ־ניאַמץ, רומעניע, 1893 —) — געלערנט אין חדר, שפּעטער אַריבער קיין באַקוי (רומעניע). עמיגרירט קיין נ״י, וווּ געאַרבעט אין אַ שאַפּ. דערנאָך אַוועק קיין מעקסיקע און די לעצטע יאָרן געלעבט אין מיאַמי־ביטש. אַקטיוו אין פֿרײַלאַנד־ליגע. אין בוכפֿאָרעם: **די געשיכטע פֿון אַ לעבן**. מעקסיקע־מיאַמי־ביטש, 1963. 202 זז׳. [זע 541].

דײַטש, מאַטעס — (— ל״א, פֿעב׳ 16, 1966) — **צום נאָענטסטן שטערן — ייִדיש**. געזאַמלטע לידער און פּאָעמעס. ת״א, פּרץ, 1959. 358 זז׳; **יעקבֿ גלאַטשטיין** [ת״א] 1963. 66 זז׳; **לעצטע לידער**. ת״א, המנורה, 1966. 75 זז׳.

*דײַמאַנדשטיין, באָרים — **פֿיער איין אַקטערס**. נ״י, 1919. 80 זז׳; **אין קינדער וועלט**. נ״י [1927]. 93 זז׳; **אין די שטורעם טעג**. דראַמאַ. נ״י, 1930. 63 זז׳; **איבער אונזער קראַפֿט**. טאַהאָנגאָ, 1951. 128 זז׳; **געזאַמלטע דראַמען**. דאָרטן, 1951. 96 זז׳; **דער וואולקאַנען אינזל**. באַאַרבעט פֿון ענגליש. דאָרטן, 1951. 94 זז׳; **דער רוף אין זיך**. ראָמאַן. טאַהאָנגאָ, 1951. 76 זז׳; **ווילנע (דרײַ דורות). די לײַדן און ליבעס פֿון ברוכן**. טאַהאָנגאָ, ליטעראַרישע העפֿטן, 1952. 96 זז׳. **זאַנגען פֿון מײַן פֿעלד**. דאָרטן, 1955. 80 זז׳; **אַנטאָלאָגיע פֿון ענגלישע און אַמעריקאַנישע פּאָעטן**. דאָרטן, 1957. 40 זז׳; **דואַליזם**. לידער־זאַמלונג, 1910־1959. דאָרטן, 1959. 128 זז׳; **נײַע געזאַמלטע שריפֿטן**. דאָרטן, 1960. 184 זז׳; **פֿון פֿריסטן פֿרילינג ביזן שפּעטסטן ווינטער**. לידער־זאַמלונג אין ייִדיש,

עבֿרית, ענגליש. צפֿת, ליטעראַרישע העפֿטן, 1965. 159 זז׳; **אַ טאַטע פֿון נישט זײַנע קינדער**. סאָציאַלע דראַמע. דאָרטן, 1969. 95 זז׳.

**דײַקסעל, שמואל — (קעשענעוו, דעצ׳ 1886 — נ״י מײַ 16, 1975) — דערציילער. געלערנט אין חדר און אין דער קרוניש־ייִדישער פֿאָלקשול. געפֿירט רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע אין אָדעס, ניקאָלײַעוו א״אַ שטעט. 1911 אַוועק קיין אַמעריקע, געאַרבעט בײַ שנײַדערײַ און דערנאָך בײַ קייראָפּראַקטיק אין נ״י. — תּחילת געשריבן אין רוסישע צײַטונגען, שפּעטער אַריבער צו ייִדיש. דעביוטירט מיט אַ דערציילונג אין **פֿאַ״ש**, דאָרטן ווײַטער געדרוקט, ווי אויך אין **צוקונפֿט**, **מאָרגן פֿרײַהייט**, **ייִדישע קולטור**, **זאַמלונגען** — נ״י, א״אַ. אין בוכפֿאָרעם: **די וועגן אין נעבל**. דערציילונגען. ערשטער באַנד. נ״י, פֿונקען, 1923. 254 זז׳; **אַזיאַטישע דערציילונגען**. צווייטער באַנד. דאָרטן, 1924. 256 זז׳; **זײַן מאַיעסטעט און אַנדערע נאָוועלן**. דריטער באַנד. נ״י, פֿרײַהייט, 1925. 253 זז׳; **דער צאָרן פֿון דער ערד**. אַ מאַסן־שפּיל. נ״י, פֿונקען, 1929. 95 זז׳; **10 איינאַקטערס**. פֿערטער באַנד. נ״י, פֿרײַהייט, 1935; **מײַנע לעבנס**. נאָוועלן און דערציילונגען. פֿינפֿטער באַנד [נ״י], סיגנאַל [1940]. 256 זז׳; **באַרג אַרויף**. דערציילונגען [זעקסטער באַנד נ״י, 1957] נ״י, בוך־קאָמיטעט, 1959. 281 זז׳.

„דײַקסלער צייכנט זיך אויס אַלס גוטער דערציילער וועגן טשיקאַווע מענטשן און שפּאַנענדיקע איבערלעבונגען. ער האָט ליב צו שילדערן דעם צער, די פּוסטקייט, וואָס נעמט זיך פֿון אַן אומגעלומפּערטן סדר־העולם, פֿון אַ שווערער און טונקעלער ביאָלאָגיש־פּסיכישער ירושה.״ (ז. רייזען)

ז. רייזען, 1.

**דילאָן, יחזקאל** — (פּעטערבורג, יולי 27, 1909—) קאָרעקטער נאָמען: דיליאָן.

**דימאָוו, אָסיפּ** — (— נ״י, פֿעב׳ 3, 1959).

**דימאַנשטיין, שמעון** — **דער פּרעזידיום פֿונעם צענטראַלן אויספֿיר־קאָמיטעט פֿון פֿססר וועגן דער ייִדישער אַווטאָנאָמער געגנט**. מאָסקווע, עמעס, 1936. 24 זז׳.

**דימענטשטיין, נחמן** — באַטייליקט אין **בלעטער 1940** (קאָוונע, 1940).

**דינגאָל, סאָלאָמאָן** — (— נ״י, יוני 12, 1961) — אונטערן פּסעוודּ׳ **ז. ראָזעס** געמאַכט איבערז׳ פֿון פּויליש און רוסיש: סט. פּשיבישעווסקיס **דאָס גליק**. 1908. 84 זז׳; ל. אַנדרעיעווס **פֿינסטערניש**. קונסט, 1909. 127 זז׳; וו. רײַמאָנטס **די לעצטע נאַכט**. קונסט, 1909. 37 זז׳; מ. אַרציבאַשעווס **אַ גליק**. קולטור, 1910. 16 זז׳; וו. ס. טורגעניעווס **קלאַראַ מיליטש**. קונסט, 1910. 88 זז׳ — אַלע לאָנדאָן.

**דינור, בן־ציון** — (— ירושלים, יולי 8, 1973)

**דינסקי, לייב** — (— נ״י, אויג׳ 29, 1976)

**דינעזאָן, יעקבֿ** — קאָרעקטער טיטל פֿון איבערגעז׳ בוך: **פּתגמים ומבֿטאים**.

**דיסענטשיק־סיני, אַריה** — (דעצ׳ 13, 1907 — ת״א, אויג׳ 13, 1978) — מיטרעד׳ פֿון די רעוויזיאָניסטישע ט״צ **הירדן** (1935־1936), **הבוקר** (1936—1948).

**דיסקאָנט, י.** — (— 1943)

**דיסקאָנט, [משה]** — (פּאַדוביסע, ליטע, 1888 — לאַגער שטוטהאָף)

**‏**דיקער, וויליאַם** — (    ) — אויטאָר פֿון **פֿוןביידע זײַטען ים**. דערצעהלונגען. נ״י, אידיש־ליטעראַרישע ביוראָ, 1937. 207 זז׳.

**‏**דיקשטיין, סאָל** — (סעקוראַן, בעסאַראַביע, נאָוו׳ 1890 — דעצ׳ 13, 1967) — געלערנט אין חדר. 1903 געקומען מיט עלטערן קיין פֿילאַדעלפֿיע און 1909 זיך באַזעצט אין נ״י. געשפּילט און אָנגעפֿירט מיט פֿאַרשיידענע טעאַטערס און וואַנדער־טרופּעס אין אַמעריקע. אָנגעשריבן די פּיעסעס: **מזל־טובֿ, יידעלעך, חסידישע יענקעס, די גרויסע שׂימחה, דאָס שטיפֿקינד פֿון פּוילן, דער גרויסער קיביצער** א״אַ, וואָס זײַנען געשפּילט געוואָרן דורך זײַן אייגענער טרופּע. געשריבן אַרטיקלען איבער טעאַטער אין **די אידישע וועלט** (פֿילאַדעלפֿיע).

ז. זילבערצווײַג, 1.

**דלוגאַטש, מאַני** — ערשטע אויפֿל׳ פֿון **דיא וועלט מסורה** — וואַרשאַ, 1881 (צענזור־דאַטע — 1884).

**דלוזשנאָווסקי, משה** — (— נ״י, יולי 30, 1977) — **ווי אַ בוים אין פֿעלד**. ראָמאַן. ב״אַ, יידבוך, 1958. 492 זז׳; **ווינטמילן**. נאָוועלעס. דאָרטן, 1963. 560 זז׳; **טירן און פֿענצטער** (דערציילונגען). דאָרטן, 1966. 288 זז׳. פֿון מערץ 1982 האָט אין **לעצטע נײַעס** זיך אָנגעהויבן דרוקן ד׳ס ראָמאַן **שטילקייט און שטורם**. באַקומען י. גלאַטשטיין־פּרעמיע אין 1976.

**‏**דלוזשנעווסקי, הענעך** — (יענדזשעיעוו, פּוילן, אָקט׳ 24, 1899 —) — אויפֿגעוואַקסן אין לאָדזש. געלערנט אין חדר. 1919 עמיגרירט קיין פּאַריז. געשריבן אַרטיקלען אין **נײַע פּרעסע** (פּאַריז, פֿון 1954) **אונזער וואָרט** (פּאַריז, פֿון 1965), **לעצטע נײַעס** (ת״א). אין בוכפֿאָרעם: **כּתבֿים פֿון יענדזשעיעוו — לאָדזש — פּאַריז**. פּאַריז, 1976. 303 זז׳.

**דמשק, שלמה** — (— לייקווווד, מײַ 28, 1963)

**‏**דן, חיים** — (האַראַכאָוו, וואָלין, נאָוו׳ 5, 1908—) — געלערנט אין חדר, דערנאָך אין „תרבות״־שול. זיך פֿאַרפֿולקומט אין ספּעציעלע קורסן פֿאַר פּויליש און בוכהאַלטעריע. אַקטיוו אין דער חלוצישער און קיבוצישער באַוועגונג. 1933 עולה געווען קיין א״י. אַרויסגעגעבן אָדער רעדאַקטירט העברעיִשע ביכער. שרײַבט מערסטנס עבֿרית. אין יידיש דעביוטירט אין אַ לוי׳קער יידישער צײַטשריפֿט. געשריבן אויך אין דער וועכנטלעכער יידיש־אויסג׳ **ידיעות** פֿון „החלוץ״ און ט״צ **דאָס וואָרט** — וואַרשע, אין מינכענער אויסג׳ פֿון דער שארית־הפּליטה אין דײַטשלאַנד. מיטרעד׳ די ערשטע נומערן פֿון **בדרך** (מילאַן, יידיש), אָרגאַן פֿון מרכּז הפּליטים אין איטאַליע.

**‏**דן, שמואל** — (פּולטוסק, פּוילן, פֿעב׳ 16, 1897 — נאָוו׳ 1972) — דיכטער. געלערנט אין חדר. 1914 געקומען קיין אַמעריקע. האָט געהאַט אַ שווער לעבן, אומגעוואַנדערט איבערן לאַנד, געטאָן פֿאַרשיידענע מלאָכות. אַוועק מיטן „יידישן לעגיאָן״ קיין א״י און שפּעטער געקומען צוריק. אָנגעשריבן אַ פּאָר לידער פֿאַר **די פֿעדער** און אויפֿגעהערט שרײַבן עטלעכע און צוואַנציק יאָר. אין די פֿופֿציקער יאָרן גענומען דרוקן לידער אין **יידישע קולטור, מאָרגן פֿרײַהייט, זאַמלונגען** — נ״י. אין בוכפֿאָרעם: **אין לאַסט פֿון טעג**. לידער און פּאָעמען. נ״י, איקוף, 1959. 144 זז׳.

מ. כּץ, מאָרגן פֿרײַהייט, נ״י, נאָוו׳ 29, 1959.

**דעכטיאַר, מאָטע** — קאָרעקטער טיטל פֿון סטאַוווסקיס בוך: **די סטאַניצע. סאָוועטישע ליטעראַטור** איז **בטעות** אָנגעגעבן אין ד׳ס ביכער: ד׳ איז נאָר באַטייליקט אין יענער ליטעראַרישער זאַמלונג.

****דעמבאָלעצקי, הינדע** — (שלעשין, קאַלישער געגענט, סעפט' 20, 1906 —) — שטאַמט פֿון אַ פֿרומער מישפּחה. 1936 עמיגרירט קיין אַרגענטינע און 1959 עולה געווען קיין ישׂראל. געדרוקט דערציילונגען אין **איקוף**, **די ייִדישע פֿרוי** — ב"א; **ייִדישע צײַטונג**, **ישׂראל שטימע** — ת"א. אין **ניב הקבֿוצה** (1968) זײַנען געדרוקט ד'ס 12 דערציילונגען, איבערגעז' פֿון י. אַחאי. — ווערק: **דער וועג צו זיך**. ראָמאַן. ת"א, פּרץ, 1975. 244 זז'; **שפּליטערס פֿון צײַטן**. אַ טאָגבוך פֿון 12טן ביז 18טן לעבנסיאָר. דאָרטן, 1981. 237 [2] זז'; **נאָענט און ווײַט** (דערציילונגען). דאָרטן, 1984. אָנגעשריבן צוויי דראַמעס, וואָס זײַנען געשפּילט געוואָרן אין איר שטעטל.

אַ. באַראַבאַן, ייִדישע צײַטונג, סעפט' 5, 1975; ש. וואָרזאָגער, ישׂראל שטימע, יאַנ' 5, 1982; י. פֿרידלענדער, לעצטע נײַעס, אַפּריל 30, 1982.

ר.ג.

**דעמבלין, בנימין** — (— מיאַמי, יאַנ' 27, 1976) — **צאַנקענדיקע ליכט**. ראָמאַן. נ"י, ציקאָ, 1958. 320 זז'; **אויף אייגענעם באַראַט**. ראָמאַן [בוך צוויי: **ערבֿ נאַכט**]. נ"י, ש. זימזון, 1961. 382 זז'; **אויף דרײַ קאָנטינענטן**. געקליבענע נאָוועלן. מעקסיקע, מענדעלסאָן־פֿאָנד, 1963. 411 זז'; **אין דער וועלט אַרײַן**. (בוך דרײַ: **ערבֿ נאַכט**). נ"י, ש. זימזון, 1965. 398 זז'; **אַ פֿרעמדע וועלט**. בוך פֿיר [פֿון **ערבֿ נאַכט**]; ת"א, ישׂראל־בוך, 1973. 123, 359 זז' — טאָפּלבאַנד. **אַ פֿרעמדע וועלט** איז געווען געדרוקט אין **פֿאָרווערטס** (מײַ 17 — אויג' 2, 1970) א"ט **אונטער פֿרעמדע הימלען**.

****דעניש, ען** — ( — ) — אויטאָרין פֿון **דער וועג צו שיינקייט**... פּראָבלעמען פֿון שיינקייט פֿאַר דער פֿרוי ... נ"י, נײַ־וועלט, 1937. 317 זז'.

**דענק, דוד** — (— נ"י, דעצ' 28, 1973) — **הינטער די קוליסן**. נ"י, וואָכנבלאַט, 1954. 187 זז'; **שוואַרץ אויף ווײַס** [וועגן מאָריס שוואַרץ]. נ"י, 1963. 445 זז'.

**דראַפּקין, ציליע** — **אין ווײַסן ווינט** [לידער און דערציילונגען]. נ"י, 1959. XI, 273 זז'.

****דרוביין, דוד** — (זלאַטאָפּאָל, אוקראַיִנע, 1883 — מאָנטרעאָל, אויג' 12, 1952) — געקומען קיין קאַנאַדע אין 1905. אַ צײַט געלעבט אין וויניפּעג, דערנאָך אין מאָנטרעאָל. געשריבן דערציילונגען, הומאָרעסקעס, מאָנאָלאָגן אין **קענעדער אָדלער**, ר. ברײַנינס **דער וועג**, **אידישער זשורנאַל**, **דאָס ייִדישע וואָרט** (וויניפּעג) א"אַ. אין בוכפֿאָרעם: **אַ שפּיגל פֿון לעבן**. מאָנטרעאָל, 1939. 103 זז'; **בילדער פֿון לעבן**. דאָרטן, 1943. 104 זז'.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**דרוזדובֿ, נחמן** — (— חולון, אַפּריל 7, 1963) — **אחד העם**. 2טע פֿאַרבעסערטע אויסגאַבע. ת"א, פּרץ, 1959. 228 זז'; **די ייִדן אין איטאַליע אין זייער גאָלדענער תּקופֿה**. דאָרטן 1961. 124 זז'.

****דרויאַנאָוו, מ.** — ( — ) — אויטאָר פֿון **קראָליק־צוכט אין דער ייִדישער קאָלעקטיווער ווירטשאַפֿט**. מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1930. 48 זז'; **האָדעוואַניע פֿון כאַזיירים**. דאָרטן, 1931. 54 [1] זז'; **די מעכאַניזירונג פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט**. מאָסקווע, עמעס, 1932. 114 [3] זז'; **וויאַזוי האָדעוועט קראָליקעס**. דאָרטן, 1933. 58 [5] זז'; **כאַזיירים־פֿערמעס**. דאָרטן, 1933. 83 [1] זז'; **וועגן בירעבידזשאַן**. מינסק, מ[עלוכע]־פֿ[אַרלאַג], 1934. 21 [1]ז'; **די ייִדישע אַווטאָנאָמע געגנט**. מאָסקווע, עמעס, 1934. 61 [3] זז'.

פּרסומים. אינדעקס.

***דרוקער, אירמאַ־ירמיהו** — (טשערנאָביל, אוקראַיִנע, דעצ׳ 15, 1906 — 1982) — לעצטע יאָרן אָפּטער מיטאַרבעטער פֿון **סאָוועטיש היימלאַנד**. — **שאָלעם־אַלייכעם** (ביאָגראַפֿישע פֿאַרצייכענונג). קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1939. 82 [2] זז׳. [מיט שלמה בילאָוו]; **שאָלעם־אַלייכעם** (קריטישע עטיודן). דאָרטן, 1939. 99 זז׳; **קלעזמער** (ראָמאַן). דאָרטן, 1940. 172 [1] זז׳ [נײַע אויפֿל׳ — מאָסקווע, 1976. 338 זז׳]; **דער זיידע מענדעלע**. וואַרשע, ייִדיש בוך, 1964. 139 זז׳; **ליטעראַרישע עסייען**. מאָסקווע, סאָוועטיש היימלאַנד, 1981. 62 [11] זז׳. פֿאַרטראָטן אין **אַלמאַנאַך פֿון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער**.

**דריז, יהושע** — (קראַסנע, אוקראַיִנע, 1908 — מאָסקווע, פֿעב׳ 14, 1971) — **די פֿערטע סטרונע**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1969. 222 זז׳. פֿאַרטראָטן אין **לידער וועגן סטאַלינען** (קיִעוו, 1937). פֿון ד׳ס ווערק זײַנען אין מאָסקווע געמאַכט געוואָרן עטלעכע פֿילמען.

****דרעליכמאַן, שמואל** — (רײַוויץ, פּוילן —) — אויטאָר פֿון **„שטיל ווי אין רײַוויץ"** (אויפֿן חורבן פֿון מײַן היים). בערגן־בעלזן, תש״ז. 46 זז׳. **אין פֿלאַמען**. לידער און דערציילונגען. ת״א, נײַ לעבן, 1967. 68 זז׳.

****דרעסנער, אַנאַ** — (קאָלאָמיי, גאַליציע, אָקט׳ 22, 1922 —) — באַקומען ייִדיש־נאַציאָנאַלע דערציִונג. געענדיקט ייִדיש־מלוכהשע מיטלשול אין 1941 און פֿילאָלאָגיע פֿון רוסישער ליטעראַטור אין פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אין 1946. רעפּאַטרייִרט קיין פּוילן און 1964 עולה געווען קיין ישׂראל. זיך געלערנט ייִדישע ליטעראַטור אין ירושלימער אוניווערסיטעט, שפּעטער דאָרטן לערערין פֿון ייִדישער ליטעראַטור. גרייט צו דיסערטאַציע: **די אַנטוויקלונג פֿונעם ראָמאַן בײַ שלום עליכמען**. פֿאַרנעמט זיך מיט פֿאָרשאַרבעט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און מיט איבערזעצונגען פֿון ייִדיש־שרײַבערס אויף פּויליש: ש. אַש, ח.נ. ביאַליק, ד. בערגעלסאָן, פּ. מאַרקיש, . ש. האַלקין, י. ל. פּרץ, שלום־עליכם א״אַ. אין בוכפֿאָרעם: י. ל. פּרץ, **אויסגעוויילטע שריפֿטן** (וואַרשע, 1958); שלום־עליכם, **גאַנץ טובֿיה דער מילכיקער** (וואַרשע, 1960).

# ה

**האַגער, ברוך** — (— ב״אַ, יוני 2, 1985) — **אין גאולה־אומרו.** ת״א, המנורה, 1969. 285 זז׳.

**האַדאַשעוויטש, ק.** — **צום סאָציאַליסטישן דאָרף.** הילפֿבוך פֿאַר געזעלשאַפֿט־קענטעניש פֿאַרן 4־טן לערניאָר. מאָסקווע־מינסק, צענטר־פֿאַרלאַג, 1930. 92 זז׳.

**האָדער, מ[שה]** — צונויפֿגעשטעלט **דאָוויד בערגעלסאָן אין שול.** מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1933. 248 זז׳ [מיט ד. קורלאַנד].

**האַכמאַן, אָשר־זעליק** — (— מערץ 12, 1966)

**האַכמאַן, חיים** — (ווערטוזשען, בעסאַראַביע, אָקט׳ 31, 1908 —) — געלערנט אין חדר, געענדיקט יידישע גימנאַזיע אין בעלץ און לערער־סעמינאַר אין קעשענעוו. באַשעפֿטיקט מיט פעדאַגאָגישער אַרבעט. בעתן צווייטן וועלטקריג מאָביליזירט אין אַ סאָוועטישן אַרבעט־באַטאַליאָן. 1973 עולה געוועזן קיין ישׂראל. — אָנגעהויבן שרײַבן אין **אונזער צײַט** (קעשענעוו, 1925—1933); **פֿאָלקסבלאַט, יידישע צײַטונג, בײַ זיך** — ת״א, ווי אויך אין **דבֿר, על המשמר, מאזנים.** אין בוכפֿאָרעם: **בין שיני הגלגל** (תשי״ב), **שקיעת מרחקים** (1980). באַקומען פֿיכמאַן־פּרעמיע.

**האַלאָוויץ, בעסי** — (— אַפּריל 22, 1968) — געשריבן אין דער לינקער יידיש־אַמעריקאַנער פּרעסע. אין בוכפֿאָרעם: **הומאָריסטישע מאָנאָלאָגן און קורצע ערציילונגען.** נ״י, 1959. 224 זז׳; **קוואַל פֿון הומאָר און סאַטירע.** מאָנאָלאָגן און דערציילונגען, געזאַמלטע פֿאָלקס־מעשׂהלעך און אַנעקדאָטן. [נ״י] 1961. 215 זז׳.

**האַלדעס, עוזר** — (קעשענעוו, 1900 — כאַרקאָוו, 1966) — געלערנט אין אַ באַרדיטשעווער קאַזיאָנער יידישער שול. געענדיקט רוסישע גימנאַזיע, שטודירט פֿילאָלאָגיע אין צווייטן מאָסקווער מלוכה־אוניווערסיטעט. פֿון 1919 לערער אין באַרדיטשעוו, קיִעוו, כאַרקאָוו. געשריבן אויך אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (וועגן שלום־עליכם, י. ל. פּרץ). פֿאַרטראָטן אין **אַלמאַנאַך פֿון יידישע סאָוועטישע שרײַבער.** 1948 אַרעסטירט, שפּעטער רעהאַביליטירט.

**האָלטמאַן, רחל** — זע: קירש־האָלטמאַן, רחל (ב׳ 8).

**האַלטער, מרדכי** — (— דפֿנה, ישׂראל, דעצ׳ 27, 1976)

**האַלטער, פּערל** — (— פּאַריז, דעצ׳ 30, 1974) — **יונגע טעג** (לידער). פּאַריז, 1962. 59 זז׳; **אויף יענער זײַט באַרג.** ת״א, פּרץ, 1968. 125 זז׳.

**האָללינגער, טשאַרלס** — ( ) — אַ וואָדעוויל־אַקטיאָר אין ניו־יאָרק. אויטאָר פֿון **פֿילען צום לאַכען.** נ״י, 1924. 120 זז׳. פּסעווד׳ פֿון שבתי זאַכאַצקי.

**האָללענדער, מ.** — ( ) — מיט־אַרבעטער פֿון **דאָס נײַע פֿאָלקסבלאַט** (בוקאַרעשט,

1892). אין **היזעץ** פֿאַרעפֿנטלעכט איבערזעצונגען פֿון העברעיִשער ליטעראַטור ווי אויך זײַן ראָמאַן **אײנע יודישע קאָלאָניע**.

י. קאַ.

**האַלמשטאָק, חיים** — (— 1942)

**האַלענדערסקי, חיים־לייב** — (— אַפּריל 7, 1940)

**האַלפּעריז, צמח־משה** — געשריבן אויך אין **חיפֿה־יאָרבוך פֿאַר ליטעראַטור און קונסט, ייִדישע צײַטונג** (ת״א). ביכער און בראָשורן אַרויסגעגעבן נאָר אין העבר׳. קאָרעקטער אַדאָפּטירטער נאָמען — צמריון.

****האַלפּערן, אסתּר־הדסה** — (1900 — ב״א, יאַנ׳ 1981 —) — עמיגרירט פֿון גאַליציע קיין ב״א. אַקטיוו אין פּועצ״ע און ייִדישן טעאַטער. ייִדיש־לערערין אין לערער־סעמינאַר אין ב״א. איבערגעז׳ ד״ר הערצלס **דערציילונגען און פֿעליעטאָנען**. ב״אַ, קיום, 1955. XV, 213 זז׳; **דאָס טאָגבוך פֿון אַנאַ פֿראַנק**. ב״אַ, קיום, 1955. XV. 213 זז׳.

****האַלפּערן, בער** — (דאַרשונישאָק, ליטע, 1902 — ווילנע, אָנהייב אָקט׳ 1984) דערציילער, פּובליציסט, דיפּלאָמירטער בוי־אינזשינער. ערשטע אַרטיקלען געדרוקט 1927 אין אַ פּאַריזער ייִדיש־קאָמוניסטיש וו״בל. געשריבן אין **נײַע פּרעסע** (פּאַריז), **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע) א״אַ. 1933—1936 מיטרעד׳ פֿון קאָמוניסטישן **אונזער פֿרײַנט** אין מאָנטעווידעאָ. פֿון 1936 אין סאָוועט־רוסלאַנד, געווען פֿאַרשיקט אויף סיביר. זינט 1965 פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען און אַרטיקלען אין **סאָוועטיש היימלאַנד**. לעצטע יאָרן געוווינט אין ווילנע. — אין בוכפֿאָרעם: **מײַן ייִכעס**. דערציילונגען און נאָוועלן. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1978. 278 זז׳; **שיר־האַשירים**[!]. ווילנע, 1983. פֿאַראַלעלע איבערזעצונגען אויף רוסיש דורך אי. דיאַקאָנאָוו און אויף ליטוויש דורך ס. געדאַ; **כעזשבן האָנעפּעס**. דערציילונגען. מאָסקווע, 1984. 371 זז׳. **אַלץ בלײַבט איבער דעם מענטשן**. מאָסקווע, סאָוועטיש היימלאַנד, 1985. 62 [1] זז׳.

נ. אַלבערט, אַלגעמיינער זשורנאַל, נ״י, 1985.

**האַלפּערן, לעאָן** — (— מאָנטעווידעאָ, פֿעב׳ 5, 1965)

**האַלפּערן, מאיר** — (— תּל־אָבֿיבֿ, אויג׳ 31, 1980) — אָפּגעדרוקט עטלעכע לידער אין **צוקונפֿט** (נ״י) און **לעצטע נײַעס** (ת״א). אין בוכפֿאָרעם: **אַ טיר צום דרויסן**. לידער. ת״א, 1982. 222 זז׳.

**האַלפּערן, מנשה** — **מעשה׳לאַך**. מאָסקווע, חבר, תּרע״ח; **זאַלבאַפּערט** [לידער, מיט מ. בראָדערזאָן א״אַ]. מאָסקוואַ, לעבען, 1918. 31 [1] זז׳.

****האַלפּערן, פֿרומע** — (— נ״י, 1966) — געקומען קיין אַמעריקע אין 1905. אין בוכפֿאָרעם: **געבענטשטע הענט**. דערציילונגען. נ״י, איקוף, 1963. 290 זז׳.

****האַלצמאַן, יוסף־דוד** — (   —   ) — אויטאָר פֿון **דער גײַסט און דער פּראָגרעס**. וואַרשע, 1912. 39 זז׳.

***האַלקין, שמואל** — (דעצ׳ 15, 1897 — מאָסקווע, סעפּט׳ 27, 1960) — **יאָנטעוו** (לידער). פֿון רוסיש לויט א. גוריאַן. מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג,

1929. 16 זז׳; **וו. לענין איז אונדז טײַער** (פּיעסע). דאָרטן, 1931. 38 [2] זז׳; **לידער**. מאָסקווע, עמעס, 1939. 122 [1] זז׳; **דאָס באַפרײַטע האַרץ** (לידער). דאָרטן, 1940. 29 [3] זז׳; **דאַוויד פֿון סאַסון** (אַרמענישער עפּאָס). דאָרטן, 1940. 24 זז׳ [מיט ש. ראָסין]; **מײַן אויצער**. לידער און באַלאַדעס. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1966. 299 זז׳; **פּיר פּיעסן**. דאָרטן, 1977. 390 זז׳. איבערז׳ אין העברעיִש: **משירת שמואל האַלקין** (ת״א, 1982). פֿאַרטראָטן אין **דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור, צום זיג, בירעבידזשאַן, רוף, קאָמיוג, פֿאַר דער בינע, לאָמיר זינגען, פֿאַרן הײמלאַנד אין שלאַכט! לענין און די קינדער, לידער וועגן דער רויטער אַרמײ**.

## האַמבורגער, יצחק — פּלא יועץ, אויך ווילנאָ, 1898. ביידע טיילן דערגייען ביז אות ח׳. קאָרעקטער נאָמען פֿון קוידענאָווערס מוסר־ספֿר — **קבֿ הישר**.

## האַמבורגער, עמנואל — (— לאָדזש, מײַ 15, 1931)

## האַמער־דזשאַקליו, שׂרה — זע: דזשאַקליו, שׂרה (ב׳ 2).

## **האַמפּעל, מרדכי — (בענדין, פּוילן, נאָוו׳ 15, 1905 — ת״א, דעצ׳ 15, 1982) — געלערנט אין חדר און „יבֿנה״־גימנאַזיע אין בענדין. טעטיק אין „השומר הצעיר״, שפּעטער אין „גורדוניה״. 1932 עולה געווען קיין א״י. זיך באַזעצט אין מגדיאל און פֿון 1949 אין ת״א. אָנגעהויבן שרײַבן אין בענדינער **זאַגלעמביער צײַטונג**. יאָרן לאַנג געדרוקט אין **הפּועל הצעיר, דבֿר, ידע עם, נײַע ישׂראל צײַטונג** (פֿון 1961 אויך מיטרעד׳), **יידישע צײַטונג** ת״א, **אויפֿגאַנג** (חולון) א״אַ. מיטרעד׳ די יזכור־ביכער **פּנקס בענדין** (1959), **פּנקס זאַגלעמביע**.

מיטגעאַרבעט אין ד. תּדהרס **אנציקלופּדיה לחלוצי הישובֿ ובוניו**.

ד. תּדהר, 15; נ. טענענבוים־בעקער, יידישע צײַטונג. ת״א, נאָוו׳ 21, 1975.

ר.ג.

## האָניג, ירחמיאל — (— יאַנ׳ 1977)

## האָניגבוים־פּאָמעראַנץ — זע: הערשפּעלד פּאָמעראַנץ, פּעסיע (ב׳ 3)

## **האָניגמאַן, בען — (וואַרשע, סעפּט׳ 1, 1923 —) — יידישער נאָמען — ברוך. געענדיקט די גמינע־שול אין 1937. בעת דער צווייטער וועלט־מילחמה פּליט אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווו פֿאַרשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער. אומגעקערט קיין וואַרשע און דאָרטן געענדיקט דרוקער־טעכניקום. 1959 עמיגרירט קיין אויסטראַליע. פֿון 1978 מיטאַרבעטער אין מעלבורנער וו״בל **אויסטראַלישע יידישע נײַס**. שרײַבט דאָרטן וועכנטלעך די לייט־אַרטיקלען א״פּ ב. ה—ן. דרוקט זיך אויך אין **מעלבורנער בלעטער**.

מ.א.

## **האָפּער, יחיאל — (וואַרשע, 1906 — יפֿו, אָקט׳ 25, 1972) — דערציילער, דיכטער, ליטעראַרישער עסייִסט. אויפֿגעהאָדעוועט אין אַ טיף־יידישער שטוב און געווען אַ קענער פֿון ש״ס און פּוסקים. פֿון פּראָפֿעסיע ד״ר־מעדיצין, אָבער ניט פּראַקטיקירט. מיטאַרבעטער, דערנאָך דירעקטאָר פֿון דעם צענטראַלן פּסיכאָ־היגיענישן באַראַטונג־צענטער פֿון „טאָז״ אין וואַרשע. בעת דער צווייטער וועלט־מילחמה אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווו געוואָרן פֿאַרשיקט אויפֿן ווייטן צפֿון. 1948 אין פּאַריז און פֿון 1951 אין ישׂראל. — אָנגעהויבן שרײַבן אין פּויליש, דערנאָך אַריבער צו יידיש. געשווייבן לידער, דערציילונגען, ליטעראַרישע עסייען, פּאָליעטאָנען

אין דער ייִדישער פּעריאָדיק פֿון פּוילן, פֿאַריז און ישׂראל. פֿאַרטראָטן אין מ. חלמישעס **מכּאן ומקרוב**, ש. מלצרס **זוגות**, מ. ראַוויטשעס **דאָס אַמאָליקע ייִדישע וואַרשע** (מאָנטרעאָל, 1966). באַקומען דעם מאַנגער־פּריז אין 1971. — ווערק: **לידער פֿון דער נאַכט**. פּאַריז, א.ב. צעראַטאַ, 1950. 62 זז׳; **אַ הויף אויף פּאָקאָרנאַ**. שטייגער־ראָמאַן. ת״א, פּרץ, 1959. 2 בב׳; **רב זלמן**. ת״א, פּרץ, 1960. 270 זז׳; **אַ הויף אויף מוראַנאָוו**. שטייגער־ראָמאַן. דאָרטן, 1962. 2 בב׳; **אַמאָל** [דערציילונגען]. דאָרטן, 1963. 261 זז׳; **מיט יענעם און מיט זיך**. ליטעראַרישע עסייען. דאָרטן, 1964—1976. 2 בב׳; **ר׳ תנחום**. דאָרטן, 1966. 218 זז׳ (העבר׳ דורך א. פּורת, ח. פּלג — ת״א, 1968); **אין ווײַסער פֿאַרפֿאַלנקייט**, פֿון אַ סאָוועטישן לאַגער. ראָמאַן. ת״א, המנורה, 1969. 418 זז׳; **לידער פֿון שפּיטאָל און לידער פֿון דער נאַכט**. דאָרטן, 1976. 203 זז׳ [מיט העבר׳ איבערז׳]; **איציק מאַנגער**. עסייען. דאָרטן, 1979. 139 [12] זז׳ [מיט העבר׳ איבערז׳ פֿון ח. קלעי]. — די צענטראַלע טעמע אין ה׳ס שאַפֿונג איז „דאָס ייִדישע לעבן אין וואַרשע אין די יאָרן פֿון פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה [...]. מיר האָבן אין זײַנע ביכער אַזאַ שפּע פֿון שטייגער־שילדערונג און אַזאַ רײַכקייט פֿון טיפּן און געשטאַלטן, וועלכע האָבן באַפֿעלקערט די ייִדנגאַס אין אַמאָליקן וואַרשע, דערפֿאַר זענען אין זיי אויך פֿאַראַן אַזוי פֿיל פּרטי־פּרטימדיקע באַשרײַבונגען פֿון וואַרשעווער גאַסן און פּלעצער, אַזוי פֿיל אויטענטישע געשעענישן פֿון יענער צײַט [...] די ברייטע פּאַנאָראַמע פֿון ייִדישע צווישנבאַציִונגען, די פֿאָלקלאָריריקייט פֿון ייִדישן טיפּאַזש און אַפֿילו די פֿאַרהעלטענישן צווישן דעם ייִד און זײַן גויישן שכן [...] חוץ שילדערונג פֿון שטייגער האָבן מיר אין זײַנע ווערק דעם סאַמע־סאַמע עיקר פֿון יעדער פּראָזע־שאַפֿונג, און דאָס איז: **מענטשן**, און נישט סתם אַזוי מענטשן, נאָר מענטשלעכע כאַראַקטערן און מענטשלעכע גורלות". (י. יאַנאַסאָוויטש). יחיאל האָפּער איז „דער דיכטער פֿון דינעם אומעט און פֿון „לידער פֿון דער נאַכט"; דער לאַנג־אָטעמדיקער און אויסנאַמלעך בילדערישער ראָמאַנען־שרײַבער, וואָס זייער הינטערגרונט זענען „וואַרשעווער הייף" און דער ליטעראַטור־עסייִסט, וואָס גרונטעוועט טיף און בויט אָריגינעל". (מלך ראַוויטש)

מ. ראַוויטש, מײַן לעקסיקאָן, 3. זז׳ 157־158; י. ח. בילעצקי, דבֿר, ת״א, כ״ב אלול, תשכ״ט; ל. פֿאָגעלמאַן, פֿאָרווערטס, יוני 15, 1969; וו. קופּער, די פּרעסע, ב״א, דעצ׳ 27, 1969; ד. סדן, אַבֿני מפֿתּן, כרך ב׳. ת״א, 1970. ע׳ 247 — 264; א. אויערבאַך, טאָג־מ״זש, נ״י, יולי 12, 1970; ש. ראָזשאַנסקי, אידישע צײַטונג, ב״אַ, יולי 12, 1970; מ. מיכלסון, הדואר, נ״י, ג׳ אדר, תשל״ב; ג. קרסל, משא (דבֿר), ת״א, כ״ו חשוון, תשל״ג; מ. חלמיש, על המשמר, כ״ו חשוון, תשל״ג; י. הירשהויט, צוקונפֿט, נ״י, פֿעב׳ 1973; י. יאַנאַסאָוויטש, פּנימער און נעמען, 2. ב״א, 1977. זז׳ 97 — 109.

ר.ג.

***האָפּשטיין, דוד** — (— אויג׳ 12, 1952) — **שטאַם־אַזכּאָרע** [לידער]. מאָסקווע, שול און בוך, 1924. 15 זז׳ [מיט אַ. קושניראָוו]; **אַרבעטשול**. כרעסטאָמאַטיע פֿאַרן צווייטן לערניאָר. קיִעוו, קולטור־ליגע, 1928. 295, 4 זז׳ [2טע אויפֿל׳ — 1929]. ... פֿאַרן דריטן לערניאָר. דאָרטן, 1928. 320 זז׳ [2טע אויפֿל׳ — 1929] ... פֿאַרן פֿערטן לערניאָר. דאָרטן, 1928. 358 זז׳ [אַלע טיילן מיט י. יאַכינסאָן, א. ספּיוואַק]; **פֿאַר קינדער** [לידער]. קיִעוו־כאַרקאָוו, אוקרמעלוכנאַצמינדפֿאַרלאַג, 1935. 52 זז׳; **געקליבענע לידער**. כאַרקאָוו, קינדער־פֿאַרלאַג, 1936. 71 [2] זז׳; **געקליבענע לידער**. קיִעוו, 1937. 225 [2] זז׳; **ביראָבידזשאַן** [לידער]. קיִעוו, אוקרמעלוכנאַצמינדפֿאַרלאַג, 1938. 6 זז׳; **לידער און פּאָעמעס**. קיִעוו, מעלוכישער ליטעראַרישער פֿאַרלאַג, 1939. 209 [6] זז׳; **געקליבענע לידער**. דאָרטן, 1940. 238 [2] זז׳; **די הילצערנע לעפֿל**. קינדער־מײַסע. דאָרטן, 1940. 14 [1] זז׳; **געקליבענע ווערק**. (לידער פֿאַר די יאָרן 1912—1944). מאָסקווע, עמעס, 1948. 383 [1] זז׳; [מיט איזי כאַריק און איציק פֿעפֿער] — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**. לידער. ב״אַ, ליפּשיץ־פֿאָנד, 1962. 266 זז׳; **געקליבענע ווערק**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1968. 375 זז׳; **לידער און פּאָעמעס**. ת״א, ישׂראל־בוך, 1977. 2בב׳; און אין העברעיִש: **זכרון דמי הבֿאתי**. ת״א, רשפֿים, 1984. — איבערזעצונגען: נ. פּ. אַראַיעוו, **בראַק אינ גיסעריי**. 44 זז׳; וו. ווינישעווסקאַ, **הונגער**. 26 זז׳; נ. טאָקינאַגאַ, **די גאַס אָן זונ**. 193 זז׳ — אַלע כאַרקאָוו, 1933; ז. ש. מאָליער, **דער בירגער — דער אַדלמאַנ**. כאַרקאָוו, 1934. 107 זז׳; אַ. כווילי̄אַ, **טאַראַס שעווטשענקאָ**. 144 זז׳; ד. פֿירמאַנאָוו, **טשאַפּאַיעוו**. 204 זז׳; וו. קוזמיטש, **פֿליגל**. 447 זז׳; ל. רובינשטיין,

אַ דערציילונג וועגן 47 סאָלדאַטן. 182 זז׳ — אַלע קיִעוו, 1935; ע. ק. באָמאַרשע, דער משוגענער טאָג אָדער פֿיגאַראָס כאַסענע. כאַרקאָוו, 1937. 174 זז׳ [דורך אַרויסגעפֿאַלענער שורה אויף קאָלום 61, ב׳ 3, איז דער בײַטיטל צוגעשריבן צו איוואַן אַנדרעיענקאָ]. — פֿאַרטראָטן אין רוף, אַף באַריקאַדן, בירעבידזשאַנ, אין פֿײַערדיקן דויער, אָקטיאַבער־זאַמלונג, אַלמאַנאַך פֿונ ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, דעקלאַמאַטער פֿונ ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, דעקלאַמאַטער פֿונ דער סאָוועטישער ייִדישער ליטערטאַטור, לידער וועגנ סטאַלינען, פֿאַר דער בינע, פֿאַרנ היימלאַנד אינ שלאַכט! קאָמיוג, צום זיג, שלאַכטנ, לאָמיר זינגענ, קאָמסאָמאָליע, לענינ און די קינדער, שלום־עליכם־זאַמלונג (קיִעוו, 1919), יוגנט (כאַרקאָוו, 1922), לידער, (ריגע, 1941).

פרסומים. אינדעקס; י. ליפֿשיץ, מ. אַלטשולער, בריוו, זז׳ 172—177.

**האָפּשטיין, וועלי (וועלוול) — (קאָראָסטישעוו, אוקראַיִנע, 1892 — מאָסקווע, סעפּט׳ 2, 1971) — ברודער פֿון דוד ה׳. געלערנט אין חדר און רוסיש בײַ אַ לערער. נאָך 1918 זיך באַזעצט אין מאָסקווע. שטודירט אין דאָרטיקן ברי־אינסטיטוט. אַ סך יאָרן קאָרעקטאָר אין „עמעס"־פֿאַרלאַג. — איבערגעז׳ אויף ייִדיש פֿון פּושקינען, לערמאָנטאָוון, נעקראַסאָוון, שעווטשענקאָן און פֿון דער מאָדערנער רוסישער ליטעראַטור. צוזאַמען מיט דוד ה׳ איבערגעז׳ דעם קאָבזאַר פֿון טאַראַס שעווטשענקאָ. ה׳ס איבערזעצונגען פֿון דוד האָפּשטיין און שמואל האַלקין זײַנען אַרײַן איז זייערע רוסישע זאַמלונגען.

אינפֿאָרמאַציע פֿון פֿייגע האָפּשטיין, תל־אָבֿיבֿ.

**האַקען, ווערא — (אַדעס, מײַ 18, 1912 —) — 1922 זיך באַזעצט אין טשערנאָוויץ. געענדיקט גימנאַזיע און טעאַטער־סעמינאַר. פֿון 1938 רעזשיסאָרין אין קליינקונסט־טעאַטערס אין בוקאַרעשט, מינכן (1948—1950) און ניו־יאָרקער „פֿאָלקסבינע". 1951 געקומען קיין אַמעריקע. געשריבן דערציילונגען, לידער, עסייען, מעמואַריסטיק אין צוקונפֿט (נ"י), אויפֿן שוועל (נ"י), לעצטע נײַעס (ת"א). תּחילת געשריבן רוסיש, דערנאָך דײַטש. פֿאַרטראָטן אין די אַנטאָלאָגיעס דינה רויטקאָפּ (ת"א, 1978) קובי וואָהל — דער מעטעאָר (ת"א, 1980) און אין עמנואל האַקענס ניגונים צו ייִדישער דיכטונג (ת"א, 1973, 1977. 2 בב׳). טייל ה׳ס לידער ווערן געזונגען אויף קאָנצערטן, אין טעאַטערס, ראַדיאָ. — אין בוכפֿאָרעם: קינדער־יאָרן, יוגנט־יאָרן מיט אליעזר שטיינבאַרג. ת"א, פּרץ, 1969. 51 זז׳.

**האַקען, עמנואל — (רימאַלעוו, גאַליציע, מערץ 29, 1909 —) — קאָמפּאָזיטאָר. ד"ר־טיטל אין מעדיצין באַקומען אין פּראַג אין 1934. קאָמפּאָנירט מוזיק צו אַ סך לידער פֿון ייִדישע דיכטערס. אין די דרײַסיקער יאָרן אין רומעניע, שפּעטער אין די ייִדישע פּליטים־לאַגערן אין דײַטשלאַנד און פֿון 1951 אין אַמעריקע. ה׳ס מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס ווערן גענוצט אויף קאָנצערטן און ראַדיאָ אין ישׂראל, אַמעריקע און קאַנאַדע. — אין בוכפֿאָרעם: ניגונים צו ייִדישער דיכטונג. [ת"א], הוצאת אור־תּו, 1973—1977. 2 בב׳. אַ דריטער באַנד גרייט צום דרוק. „די פּאָעטישע געשטאַלטן פֿון זײַן שאַפֿן זײַנען רײַך און פֿאַרשיידנאַרטיק: פֿון מאַנגערס טרובאַדור און האַלפּערנס דאָרפֿס־יונג — ביז צו די פֿאָלקסמאָטיוון אָדער גאָר לוצקיס ריטמען." (נחמה ליפֿשיץ)

**האָראָוויץ, יצחק — (יעפֿורעני, רומעניע, יולי 23, 1893 — נ"י, מערץ 21, 1961) — געלעבט אין יאַס ביז 1909 און דעמאָלט עמיגרירט קיין אַמעריקע. געאַרבעט אין שאַפּ און גלײַכצײַטיק זיך געלערנט. זינט 1912 פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין פֿאַ"ש, פֿאָרווערטס, די וואָך, די פֿעדער, די צווײַג, קינדער־זשורנאַל — אַלע נ"י. רעד׳ די פֿרײַע מוזע (1913), חודשניק דער וועגעטאַריער (1916), די וועגעטאַרישע וועלט (1921) — נ"י. זיך באַטייליקט אין זשורנאַל דער נאַטוריסט און וועגעטאַריער (נ"י, 1920). אין די צוואַנציקער יאָרן אַריבער קיין ל"אַ, ווו

אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל **דער מערבֿ**. — אין בוכפֿאָרעם: **וועגן משה נאַדיר**. קריטישע פֿאָלעמיק (ברוקלין, אַליין, 1919). 32 זז׳; **דאָס קול פֿון די שטומע**. טעאַטער־שטיק [נ״י, 1920]. 95 זז׳ — וועגן וועגעטאַריזם; **פּרנסה־געבער**. נ״י, 18 זז׳; **דער שניי מענטש**. נ״י, אַרבעטער־רינג, 1928. 15 זז׳; **וואָס מיר זײַנען בלײַבן מיר** (איינאַקטער). ווילנע, נײַע ייִדישע פֿאָלקסשול, 1928. 15 זז׳; **ווען דער לערער איז ניטאָ**. דאָרטן, 1928. 16 זז׳; **טעג און נעכט מיט פּאַנאיט איסטראַטי**. נ״י, 1940. 172 זז׳; **מײַן טאַטנס קרעטשמע**. נ״י, מתּנות [1953]. 220 זז׳. איבערגעז׳ קאַליל גיבראַן, **דער נבֿיא** (וואַרשע־נ״י, 1929). פּסעווד׳ — דאַנילאָ, וועריטאַס, א. ה־ץ.

ז. רייזען, 1.

**האָראָוויץ, נאָרבערט** — (— נ״י, נאָוו׳ 24, 1983) — אין די פֿופֿציקער יאָרן פֿאַרעפֿנטלעכט אין **פֿאָרווערטס** (נ״י) אַ סעריע אַרטיקלען א״ט **איך קום פֿון יענער וועלט** — וועגן זײַנע איבערלעבענישן אין סאָוועטישע אַרבעט־לאַגערן.

**האָראָוויץ, נפֿתּלי** — **חסידות און עטיק**. ברוקלין, אום, תּשכ״ה. קסד׳ זז׳.

**האָרן, יוסף** — **אַרום ייִדישער ליטעראַטור און ייִדישע שרײַבער**. ב״א, 1973. 220 זז׳. שרײַבט אַרטיקלען פֿאַרן **אַלגעמיינער זשורנאַל** (נ״י). מיטאַרבעטער פֿון ב׳ 8 **לעקסיקאָן** און **לעקסיקאָן פֿון ייִדיש־שרײַבערס**.

**האַרענדאָרף, שמואל־יעקבֿ** — (— לאָנ־דאָן, אַרום מײַ 1969) — פֿאַרעפֿנטלעכט אַ גרעסערע אַרבעט וועגן ייִדישן טעאַטער אין מערבֿ־ און צענטראַל־אייראָפּע אין **ייִדישער טעאַטער אין אייראָפּע צווישן ביידע וועלט־מלחמות** (נ״י, 1971, ב׳ 2).

**האַרצמאַן מאָטל** — (1908—1943) — **כ׳האָב ליב דיך, לעבן**. קיִעוו, אוקרמעלוכנאַצמינדפֿאַרלאַג, 1937. 28 [1] זז׳; **לידער**. דאָרטן, 1941. 58 זז׳; **געזאַנג און שווערד**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1970. 135 זז׳. איבערגעז׳ א. אירקוטאָווס **דער הער בערגער גיט אָן אין דעמיסיע**. כאַרקאָוו, 1932. 64 זז׳. — פֿאַרטראַטן אין **אַלמאַנאַכ פֿון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, בירעבידזשאַנ, קאָמסאָמאָליע, שלאַכטנ, פּיאָנערישע לידער** (מינסק, 1934).

**הובערמאַן, אַהרן — (דזשעוויצע, פּוילן, 15 מײַ 1912 — פּאַריז, 13 יוני 1983) — געלערנט אין חדר, מלוכהשער פֿאָלקשול און אין אָפּאַטשנער ישיבֿה. עטלעכע יאָר געלעבט אין לאָדזש. בײַם אויסבראָך פֿון צווייטן וועלטקריג אַנטלאָפֿן קיין סאָוועט־רוסלאַנד, ווו דורכגעמאַכט תּפֿיסות און לאַגערן. זיך אומגעקערט קיין פּוילן און יאָרן שפּעטער זיך באַזעצט אין פּאַריז. זינט 1963 מיטגעאַרבעט אין ט״צ **אונזער וואָרט** (פּאַריז). אין בוכפֿאָרעם: **כראָניק** פֿון אונדזער צײַט. פּאַריז, 1981.

**הובערמאַן, אײַזיק** — (פּעלשטין, פּאָדאָליע, 1906 — 1966) — **אַ שטיבל באַם טײַך**. פּאָעמע. קיִעוו, אוקרמעלוכנאַצמינדפֿאַרלאַג, 1939, 60 [2] זז׳. ניט־געדרוקטע געשפּילטע פּיעסן: **אַ גאַסט פֿון יענער וועלט** (1940), **דער פֿאַכדן** (1943), **גליקלעכע באַגעגענישן** (1947).

**הובערמאַן, חיה** — (     ) — נאָך דער צווייטער וועלט־מילחמה געלעבט אין פּאַריז. אין בוכפֿאָרעם: **צוריקגעמישטע בלעטלעך**. זכרונות. פּאַריז, 1981. 118 זז׳ [ניט געזען].

**הוטנער, אליהו — (וויטעבסק, ווײַס־רוסלאַנד, 1879 — מאָנטרעאָל, סעפּט׳ 19, 1958) — געלערנט אין חדר און ישיבֿות. אַרומגעפֿאָרן ווי אַ מגיד איבער פֿאַרשיידענע לענדער. פֿון 1926 אין

מאָנטרעאָל. זינט 1928 געדרוקט אַרטיקלען און פֿעליעטאָנען אין **קענעדער אָדלער, טאָג־מ״זש א״אַ.** אין בוכפֿאָרעם: — **משיח בן דוד.** 1929. 125 זז׳; **אין וואָס באַשטייט דאָס גליק פֿון אונזער אידיש פֿאָלק.** 1931. 39 זז׳; **התועים.** 1934. 64 זז׳; **נפֿילים.** 1937. 64 זז׳; **אַנעקדאָטען און פֿאָלקס מעשׂיות.** 1943. 64 זז׳; **וואָס איז פֿאָרט אַ איד?** 1950. 64 זז׳; **הומאָר, סאַטירע. קיבעץ.** 1953. 64 זז׳; **רעדעס און דרשות.** 1956. 64 זז׳ — אַלע מאָנטרעאָל, ייִדיש.

ח.ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**הורוויץ, חיים** — (— קליוולאַנד, פֿעב׳ 21, 1969)

**הורוויץ, חיים הכּהן** — **ענף חיים.** אין טייל פֿון די 6 חלקים דאָ אונטערטיטל: „עם **תּוספֿות חיים,** תּורה ומוסר ומידות אײַנגעוויקלט״. חלק ב׳. דאַטירט: ירושלים, תּרפ״ה, ה׳ס העבר׳ **תּוספֿות חיים** — ירושלים, תּרפ״ו.

**הורוויץ, מ׳איר** — (— נ״י יולי 28, 1983)

****הורוויץ, משה** — (בריסק, 1909 — ירושלים, נאָוו׳ 27, 1971) — 1926 געקומען ווי אַ חלוץ קיין א״י. פֿון 1952 ביז 1970 רעדאַקטאָר פֿון **פֿאָלק און ציון** (ירושלים), צווייוואָכנשריפֿט, דערנאָך חודשניק פֿון דער ייִדישער אַגענץ. דאָרטן געשריבן אַלע לייט־אַרטיקלען.

ע.ל.

**הורוויץ־זאַלקעס, שעיה־שלמה** — (— נ״י, מײַ 17, 1960)

**היבעל, בן־ציון** — (— נ״י אויג׳ 22, 1974)

**הייבלום, שמחה־יוסף** — **געלעכטער מיט אַ טרער.** הומאָרעסקעס. ת״א, פּרץ, 1982. 272 זז׳; **אייגענע מענטשן.** דאָרטן, 1984. 252 זז׳.

**הײַזלער, קלמן** — (— נ״י, יאַנ׳ 6, 1966)

****הייליק, שמעון** — (לאָדזש, 1917 —) — בן־הרבֿ. געלערנט אין חדר און ישיבֿה. 1938־1935 תּלמיד פֿון „מכון למדע״ אין וואַרשע, שפּעטער שטודירט מאָלערײַ אין אַ פּאַריזער קונסטשול. זינט 1946 אין קאַנאַדע, לערער און דערנאָך מנהל פֿון י.ל. פּרץ שולן אין וויניפּעג און קאַלגאַרי. אָנגעהויבן שרײַבן אין **די פּרעסע** (ב״אַ, ווו געלעבט אַ פּאָר יאָר בעתן צווייטן וועלטקריג). פֿאַרעפֿנטלעכט רײַזעבילדער און פּעדאַגאָגישע אַרטיקלען אין **צוקונפֿט** (נ״י), **דער וועג** (מעקסיקע), **קענעדער אָדלער** א״אַ. — אין בוכפֿאָרעם: **וועגן פּסיכאָלאָגישע און פּעדאַגאָגישע פּראָבלעמען אין דער שול.** וויניפּעג, 1951. 32 זז׳; **בלימעלעך** (פֿאַרן ערשטן און צווייטן לערנקלאַס). דאָרטן, 1955. 48 זז׳; **דאָס לעבעדיקע וואָרט** (לערנבוך). דאָרטן, 1974. 396 זז.׳

ח.ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**הייליקמאַן טוביה** — (1870—1948)

**הײַלפּערין, פֿאַלק** — **יודישע מעשׂיות.** מאָסקווע־פּעטראָגראַד, קלעצקין, 1917, 2 העפֿטן (23, 14 זז׳); **למד וו׳ניק** [פּיעסע]. יעקאַטערינאָסלאַוו, נאַטור און מענש [1919]. 24 זז׳.

**היימאַן, אליעזר** — **שריפֿטן.** ת״א, איגוד יוצאי ליטאָ [1972]. 192 זז׳.

**הילקאָוויץ, ב.** — **קעטעטן און קראָהנען אָדער שוואַרצע קונסט.** אַ ראָמאַן פֿון א.ע. בראָכפֿאָגעל, פֿרײַ בעאַרבייטעט... נ״י [אָ״י].

**הימעלפֿאַרב, הערשל** — (— נ״י, יאַנ׳ 19, 1964)

****הינדעס, א.** — ( — ) — אויטאָר פֿון **טאָמער איז דאָס** [דאָז?] **אַ גאָט...** [פֿעליעטאָנען]. כאַרקאָוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1929. 16 זז׳; **אין רויש פֿון טאָג.** פעליעטאָנען. כאַרקאָוו, ליטעראַטור און קונסט, 1931. 269 [3] זז׳; **אָט דאָס הייסט בלאָף.** קאָמעדיע. קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1937. 13 [1] זז׳; **פֿעליעטאָנען און פֿאַרצייכענונגען.** דאָרטן, 1939. 267 זז׳; **פּראַסקאָוויאַ גוסיאַטניקאָוואַ,** דעפּוטאַט פֿון אויבעררראַט פֿונ פֿססר. דאָרטן. 1939. 24 זז׳.

פרסומים. אינדעקס.

****הינדעס, לייבל** — (ביאַליסטאָק, מײַ 25, 1882 —) — געלערנט אין חדר און רוסישער פֿאָלקשול. 1905 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געוווינט מערסטנס אין באָסטאָן. אין בוכפֿאָרעם: **פֿאָל דיוועך — אַ מאָל און הײַנט.** באָסטאָן. 1959. 205 זז׳; **מײַנע קינדער־יאָרן אויף די פּיאַסקעס.** זכרונות פֿון מײַן היים־שטאָט ביאַליסטאָק [באָסטאָן]. 1963. 121 זז׳.

**הירש, ה.** — (— דעצ׳ 2, 1931)

**הירשאונגע, אליעזר** — **טרוים און פֿאַר־ווירקלעכונג.** זיכרונות, פֿאַרצייכנונגען און באַמערקונגען וועגן דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין פּוילן. ת״א, 1964. 120 [2] זז׳.

**הירשאָוויץ, אַבֿרהם־אליעזר** — קאָרעקטע טיטלען: **אוצר מנהגי ישורין** און **אוצר שלם למנהגי ישׂראל.**

**הירשאָוויץ, יצחק־אײַזיק** — קאָרעקט: **דער אידישער לעבען,** טעלז.

**הירשביין־שומיאַטשער, אסתּר,** — זע: שומיאַטשער, אסתּר (ב׳ 8).

**הירשהאָרן, יהושע** — (— מאָנטרעאָל, מײַ 15, 1969).

**הירשהויט, יחיאל** — (— נ״י, מערץ 20, 1983) — **דער ניגון פֿון נעכטן.** ת״א, פּרץ, 1978. 254 זז׳; **אין גאַנג פֿון דער געשיכטע.** מאָנאָגראַפֿיעס. ת״א, וועלטראַט פֿאַר יידיש, 1984. 335 זז׳. 1982 געדרוקט המשכימווײַז אין **פֿאָרווערטס** (נ״י) די נאָוועלע **דער ריטמײַסטער.** ה׳ס **פֿינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק** אַרויס אין ענגליש (1983).

**הירשענזאָהן, י.** — קאָרעקטער נאָמען פֿון איין ליד: **אָדם וחוה.**

****הירשפּרונג, מנחם** — (דוקלע, גאַליציע, יולי 13, 1912 —) באַקומען סמיכה אין 1937. בעתן צווייטן וועלטקריג זיך דערשלאָגן 1941 קיין מאָנטרעאָל, ווו געווען ראָש בית־דין. אין בוכפֿאָרעם: **פֿון נאַצישן יאָמער טאָל.** מאָנטרעאָל, 1945. 249 זז׳.

ת. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**הירשפֿעלד, זלמן־לייב** — פֿון 1964 אין ישׂראל. טעטיק אין „הבימה״ א״אַ טעאַטערס.

**הירשפֿעלד, משה** — (— 1929).

**הירשקאָן, צבֿי** — **עטיודן**. ערשטער באַנד: **פֿון דערוויַיטנס**. קיִעוו, אידישער פֿאָלקס־פֿאַרלאַג [1919]. 144 [5] זז׳.

**העלבערג, מנחם** — (פּינסק, 1905 — סלאָנים, מערץ 1926,15) — 1917 אַריבער קיין סלאָנים, וויַיסרוסלאַנד. דאָס געדרוקטע ליד אין 1918 איז **ניט** ה׳ס.

אינפֿאָרמאַציע פֿון ה׳ס שוועסטער נחמה ראַפּאַלאָוויטש אין ת״א.

**העלד, אַדאָלף** — (— נ״י, מיַי 1969,14)

****העלד, משה** — (יאַס, רומעניע, מערץ 1901,31 —) — געלערנט אין חדר, ישיבֿה און רומענישן ליציי. שטודירט מעדיצין אין יאַס און איטאַליע, פּראַקטיקירט ווי אַ דאָקטער זינט 1927. אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. 1976 אָנגעהויבן דרוקן אַרטיקלען, זיכרונות און דערציילונגען אין **נײַע פּרעסע** (פּאַריז), **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע), **בוקאַרעשטער שריפֿטן**, **מאָרגן פֿרײַהייט** (נ״י). אין בוכפֿאָרעם: **פֿון דער רויטער בריק אין דער וועלט אַרויס**. דערציילונגען. בוקאַרעשט, קריטעריאָן, 1980. 178 [2] זז׳.

יוליאַן שוואַרץ, נײַע פּרעסע, פּאַריז, מערץ 1971,31; י. קאַרא, מאָרגן פֿרײַהייט, נ״י, יוני 1981,14.

****העליר, מרים** — ( — ) — מחברטע פֿון **אויגן דריידן**. לידער. נ״י, רמים, 1963. 200 זז׳.

**העללער, זעליג** — (— שיקאַגאָ, מיַי 14, 1969) — **אין מלכות פֿון דורות**. סאָנעטן; **געקליבענע לידער**. נ״י, שולזינגער, 1969. 2 בב׳.

**העלמאַנד, א.** — **אַ זאַמלונג פֿון פּיאָנערישע לידער** מיט נאָטן. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1927. 32 זז׳ [מיט ז. וויטענזאָן].

**העלמאַנד, מ[שה]** — (1907—1973) — **פֿעלדער זינגען**. קיִעוו, 1939.

**העלמאַנד, שמואל** — קאַרעקטער טיטל: **יוגנט אין לאַנד**. פֿאַרטראָטן אין לידער־זאַמלונג **קעפּ**.

**העלער, בינם** — **נײַע לידער**. ת״א, פּרץ, 1964. 157 זז׳; **דור און דויער**. ת״א, המנורה, 1967. 171 זז׳; **אַ בוים אין אָוונט**. ת״א, פּרץ, 1971. 155 זז׳; **אין וואַרשעווער געטאָ איז חודש ניסן**. דאַרטן. 1973. 157 זז׳; **ביחידות**. דאַרטן, תשל״ה. 94 זז׳; **דאָס צוגעזאָגטע וואָרט**. דאַרטן, 1980. 109 זז׳; **זיי וועלן אויפֿשטיין**. לידער. ת״א, פּרץ, 1984. 152 זז׳. — פֿאַרטראָטן אין **לעבן און קאַמף, צום זיג**.

**העלער, ליפּע** — (דוקאָר, וויַיסרוסלאַנד, 1915 —) — דיכטער. אָריגינעלער נאָמען — קאַהאַן. געענדיקט מיטלשול און ליטעראַרישן פּאַקולטעט פֿון מינסקער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. לערער פֿון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור. פֿון 1952 אין סמאָלענסק. — 1928 דעביוטירט מיט לידער אין **יונגער לענינעץ** און **יונגער אַרבעטער**, שפּעטער געדרוקט אין זש׳ **שטערן** (מינסק) און ט״צ **אָקטיאַבער** (מינסק). נאָך אַ לענגערן איבעררײַס פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין **סאָוועטיש היימלאַנד** און **בירעבידזשאַנער שטערן**. ווערק: **געבורט** [לידער, מינסק], מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1943. 66 [2]זז׳.

**העמלין, אײַזיק** — (— ת״א, פֿעב׳ 1967,16).

**הענדלין, אַבֿרהם־לייב** — (— נ״י, מיַי 1980,22)

**הענדלעס, בנימין־זאבֿ** — (— ירושלים, 1970) — קאָרעקט: הענדעלעס. **עם התורה.** אייביגקייטס און צײַט פּראָבלעמען. נ״י, תשכ״א. 408, 48 זז׳ (ייִדיש, ענגליש).

**הענדעל, מיכאל** — (— ת״א, דעצ׳ 1965,28)

**העניש, מאיר** — (— ת״א, פֿעב׳ 12, 1970)

**העסטעריז, י[וסף]** — (פּאָלעסיע, 1886 — ירושלים. 1974)

**העפּטערמאַן, אַבֿרהם** — (— ניו־העיוון, יולי 15, 1981) — **אַזוי לעבן ייִדן.** רבנים, ראַבאַיס און סתּם ייִדן אין אַמעריקאַנער כּתרילעווקע. ת״א, המנורה, 1963. 382 זז׳.

**הער, מאיר** — איבערז׳ פֿון וו. א. לענינס **קאַרל מאַרקס** [ניט פֿון לענין־מאַרקס]. אומגעבראַכט אין סאָוועט־רוסלאַנד בעת די „רייניקונגען״ אין מיטן די דרײַסיקער יאָרן.

**הערבסט, מרדכי** — **באַטראַכטונגען פֿון דער נאָענט.** ב״אַ, 1961. 167 זז׳; **אויף אייגענע וועגן.** ב״אַ, 1966. 226 זז׳; **אין גײַסט פֿון דורות.** ב״אַ, 1968. 203 זז׳; **אין אויסגעבענקטן לאַנד.** ירושלים, 1976. 264 זז׳.

**הערבערט, לעאָן מ.** — **געזאַמלטע לידער און איבערזעצונגען.** ת״א, 1960. 191 זז׳.

**הערץ, יוסף** — **אסתּר אָדער די בעלאָהנטע טוגענד** איז פֿון די זעלטענע מקורות פֿון בײַערישן ייִדיש. 22 זז׳. (ניט 128). 128 זז׳ איז **צוזאַמען** מיטן **אַנהאַנג,** געדיכטע פֿערשיעדענען אינהאַלז. ערשטע אויסג׳ — פֿירטה, 1827. 92 זז׳. דאָ ייִדישע אויסג׳ — ווין, 1849. 105 זז׳. **לעצטנס אַרויס** The language of Herz's Esther. ... edited by Robert M. Copeland and Nathan Suskind. University Alabama Press [2976] XIV, 439p.

**הערץ, יעקבֿ־שלום** — רעד׳ **דורות בונדיסטן.** נ״י, 1956—1968. 3 בב׳, מיטרעד׳ **די געשיכטע פֿון בונד.** נ״י, 1960—1984. 5 בב׳.

** **הערשבערג, אַבֿרהם מרדכי** — (1916 — נ״י, סעפּט׳ 10, 1985) — רבֿ אין שיקאַגאָ און אַנדערע שטעט אין אַמעריקע, פֿון 1963 רבֿ אין מעקסיקע־שטאָט. פּרעז׳ פֿון „מרכּז הרבנים״ פֿון לאַטײַן־אַמעריקע. מחבר פֿון **גײַסטיקע שטראַלן,** באַנד 1. מעקסיקע, 1967. 207 זז׳.

**הערשבערג, הענעך** — (— נ״י, מײַ 1974,2)

**הערשפֿעלד־פּאָמעראַנץ, פּעסי** — (— שיקאַגאָ, אויג׳ 8, 1978) — **פֿון אַלע מײַנע לידער.** [חיפֿה], פֿ״ג „חיפֿה״, 1969. 203 זז׳.

**הערשענבוים, י[שׂראל]** —

**העשעל, אַבֿרהם־יהושע** — (נ״י, דעצ׳ 1972,25) — **קאָצק, אין געראַנגל פֿאַר אמתדיקייט.** ת״א, המנורה, 1973. 2 בב׳. *I asked for wonder:* a spiritual anthology. Edited by S.H. Dresner. New York, 1984; *The Circle of the Baal Shem Tov.* Studies on Hasidism. Chicago, 1985. [זע 542].

**העשעלעס, ירמיה — (גליניאַני, גאַליציע, פּעב׳ 27, 1910 —) — געלערנט אין חדר, פּאָלקשול און 1930 געענדיקט ייִדישע גימנאַזיע אין לעמבערג. אין די דרײַסיקער יאָרן שטודירט מעדיצין אין די אוניווערסיטעטן פֿון פּראָג און פּיזאַ. סוף 1938 עמיגרירט קיין אַמעריקע. — 1936 דעביוטירט אין **לעמבערגער טאָגבלאַט** מיט פֿראַגמענטן פֿון ראָמאַן **יאָסל דעמבנערס צוגאַנג**. שטענדיקער מיטאַרבעטער אין **טאָג־מ״זש**, ווו געשריבן אַרטיקלען, לידער, רעצענזיעס וועגן ביכער, טעאַטער און קונסט, ווי אויך דעם ראָמאַן **גיטאַלע די ציגאַנקע** (1950־1951) און די לענגערע נאָוועלע **וועלוול פּאַראַגראַף**. געדרוקט אויך אין ניו־יאָרקער **צוקונפֿט, געצעלטן**, אַבאַ גאָרדינס **שריפֿטן, די פֿעדער, ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, גאָלדענע קייט** (ת״א) א״אַ. מיטרעד׳ **ווײַטער** (נ״י, 1952 — יאַנ׳ 1958). — אין בוכפֿאָרעם: **סאָנעטן פֿון תוהו ובֿוהו**. נ״י, אייגנוועג, 1957. 192 זז׳; **לידער**. דאָרטן, 1963. 188 זז׳. — אין די סאָנעטן „איז ערגעץ־ווו פֿאַרשוווּנדן די פֿיגור פֿון אַ דיכטער אַ זונדערלינג און עס האָט זיך באַוויזן אַ פֿיל־געשטאַלטיקער פּאָעט מיט אַלערליי שטימונגען, נאָקטראַכטעניש, וואָס קומען צום אויסדרוק אין לידער פֿון ליבע און פֿון סאַטירע, אין געזאַנגען מיט אַ פֿאָלקסטימלעכן ניגון און אין אידילישע געמעלן [... אָבער] זײַן פּאָעטישן כּוח ווײַזט דער דיכטער העשעלעס אַרויס [...] דווקא אין די לידער פֿון געדאַנקלעכער ליריק [...] ה׳ס צווייט בוך **לידער** איז אָן אַן ערך וואַרעמער, ליריש־אינטענסיווער [...] פּראָזאָדיש און שפּראַכלעך רחבֿותדיקער״. (ש. ביקל)

ש. ביקל, שרײַבער פֿון מײַן דור, 2. ת״א, 1965. זז׳ 117־127; אַ. פּאַט, ליכט און שאָטן. נ״י, 1967. זז׳ 61־68; י. גלאַטשטיין, אין דער וועלט מיט ייִדיש. נ״י, 1972. זז׳ 120־124.

# וו

**וואָגלער, אלחנן** — (— פּאַריז, מערץ 17, 1969)

**וואָהל, קובי** — (קימפּולונג, אויג׳ 31, 1911 — דעצ׳ 27, 1935) — **דער מעטעאָר**. זכרונות, אָפּשאַצונגען, לידער, בריוו [חיפֿה, 1980]. 120, 93 זז׳ (ייִדיש, דײַטש).

**וואָהלגעלערנטער, יעקבֿ־יצחק** — (— טאָראָנטאָ, מײַ 30, 1966)

**וואָהלמאַן, ישׂראל־מאיר** — **חסדי אָבֿות**, געדרוקט מיטן טעקסט. ווילנאָ, תּרמ״ו. 136 זז׳.

**וואָהלמאַן־שעראַטשעק** — (1899 — ת״א, מערץ 10, 1982) — מיט איר מאַן דוד אַרויסגעגעבן די ווערטערביכער **העברעיִש־פּויליש** (ת״א, 1958, 2 בב׳) און **פּויליש־העברעיִש** (ת״א, 1975, 3 בב׳).

**וואַהרמאַן, ע. ג.** — (  ) — מחבר פֿון **דער פלוצליכער גליק**. ראָמאַן. ווילנאָ, תּרנ״ג. 106 זז׳.

**וואולף דער למד־וואָוואָניק** — (טיסמעניץ, גאַליציע, סעפּט׳ 11, 1854 — בערלין־שטעגליץ, נאָוו׳ 25, 1916)

ג. קרסל, 2, א״נ פּולק־לוקי, חיים זאבֿ, ידידיה־תּיאופֿיל, מיט אַ ריי אויפֿקלערונגען און תּיקונים; ש. בלאָנד, „טיסמעניץ״. ת״א, 1974. זז׳ 32־33.

**וואַטענבורג, אליהו** — (— מאָסקווע, אויג׳ 12, 1952)

**וואָלאָברינסקי, אַהרן** — (— 1937) — **די היסטאָרישע לערע פֿון קאַרל מאַרקס.** מינסק, ווײַסרוסישע וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע, 1934. 82 [2] זז׳. מיטרעד׳ **ייִדן אין ווססר.** מינסק, 1929. 152 [2] זז׳, אַרויסגעגעבן דורכן אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור בײַ דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע.

**וואַלד, בנימין** — (— נ״י, יוני 17, 1969)

**וואַלד, פּנחס** — (— ב״אַ, אויג׳ 25, 1966) — **געשטאַלטן פֿון ייִדישן וועלט־פֿאָלק.** ב״אַ, ייִדבוך, 1966. 428 זז׳; **אַרגענטינע.** פֿון מײַנע רײַזעס. דאָרטן, 1966. 380 זז׳.

****וואַלדמאַן, אַבֿרהם** — ( — ) — אויטאָר פֿון **אַרויס פֿון זומפּ** [א״נ אַבראַמאָוו]. ריאָ, אָרגאַניזאַציאָנס־ביוראָ פֿון די לינקע „פּויעלע־ציאָן״ אין בראַזיל, 1935. 50 זז׳ (לויט יצחק רײַזמאַן, איז עס וו׳ס פּסעווד׳).

**וואַלדמאַן, משה** — **הונדערט יאָר שמעון דובנאָוו.** פּאַריז, 1961; **גאַנג אַרויף צו ירושלים.** פּאָעמע. 1976. 24 זז׳; **איינער פֿון מאָנפּאַרנאַס.** מאָנאָגראַפֿיע וועגן קינסטלער ז. שרעטער. פּאַריז, 1976. 108 זז׳; **פֿון אַלע ווײַטן.** לידער. [פּאַריז] לייוויק־פֿאַרלאַג, 1980. 366 זז׳. צונויפֿגעשטעלט און רעד׳ זמ״ב **ה. לייוויק.** פּאַריז, 1963. 124 זז׳; זאַמלונג לידער **אַריה שמרי — לזכרון.** פּאַריז, 1979. 6 זז׳; **פֿאַרפֿרוירענע שטערן — כּוכבים שקפֿאו.** ת״א, ברק, 1985. 55 זז׳ — געקליבענע לידער. העברעיִשע איבערז׳ — ק.א. ברתּיני. מאַנגער־פּרעמיע אין 1983. [זע 543].

**וואָלינסקי, אָסיף** — (— נ״י, מערץ, 1973)

****וואָלערשטיין, א. ח.** — ( ) — ביז סוף 1939 געלעבט אין קאָוונע. גורל אומבאַקאַנט. אויטאָר פֿון **די גרונט־יסודות פֿון דער דאָפּלטער בוכפֿירונג.** לערנבוך. ערשטער קונטרס. [ווילקאָווישקי] 1935. 42 זז׳; **לאָמיר רעכענען.** רעכנבוך. קאָונאַס, ג. גוטמאַן, 1939. 142 זז׳.

****וואָלפּיאַנסקי, נחמיה** — (שטעטל בײַ דרוזגעניק, ווילנער געגנט, 1871 — ווירבאַלן, ליטע, יוני 10, 1937) — פֿון צײַט צו צײַט פֿאַרעפֿנטלעכט פֿעליעטאָנען און לידער אין **אידישע שטימע, פֿאָלקסבלאַט** א״אַ קאָוונער צײַטונגען. געדרוקט שאַך־אויפֿגאַבעס אין **אידישע שטימע** און שאַכזשורנאַלן. אָנגעשריבן אַ בוך וועגן אַ נײַער טעאָריע אין מוזיק. צוגעגרייט אַ זאַמלונג **משלים און פּתגמים פֿון תּנ״ך, תּלמוד און אַנדערע מקורות,** פֿרײַ איבערגעזעצט אין גראַמען. אַלע וו׳ס שריפֿטן זײַנען פֿאַרלאָרן געגאַנגען, אויסער אַ טייל פֿון די **משלים** (ביז אות ח׳), אַרויס פֿאָטאָגראַפֿירט פֿון כּתבֿ־יד, מיט אַ הקדמה פֿון ד. סדן, מיט וו׳ס ייִדישער איבערז׳ פֿון ח. נ. ביאַליקס „בין נהר פּרת ונהר חידקל״ און עטלעכע שאַך־אויפֿגאַבעס [ירושלים], [8] 48, [9] זז׳. פּסעווד׳ — וואָפּסי, נ. וואָלסקי, לינק.

ר.ג.

****וואָלפֿע, דוד־אלימלך** — (קיידאַן, ליטע, סעפּט׳ 7, 1908 —) — דיכטער, ליטעראַרישער עסייִסט. געלערנט אין חדר, העברעיִשער פֿאָלקשול און „תּרבות״־גימנאַזיע. 1930 עולה געווען קיין א״י. 1937 געקומען צוריק קיין ליטע, וווּ דורכגעמאַכט סלאַבאָדקער געטאָ און שפּעטער דאַכאַו־לאַגער. פֿון 1945 מיט דער שארית־הפּליטה אין מינכן און 1951 אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפֿריקע, וווּ ער איז אַקטיוו אין ייִדישער קולטור־אַרבעט. — געשריבן לידער, דערציילונגען, פּובליציסטיק און ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען אין די מינכענער **אונזער**

**וועג, דאָס וואָרט, ייִדישע צײַטונג, באַפרײַאונג, אונזער וועלט, פֿון לעצטן חורבן; גאָלדענע קייט** (ת״א), **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג**. 1955—1970 רעד׳ **דרום־אַפֿריקע** און דאָרטן פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סך אַרטיקלען, לידער און דערציילונגען. געשריבן אויך אויף העברעיִש. — אין בוכפֿאָרעם: **אַ וואָלקן און אַ וועג**. לידער־און פּאָעמעס־אויפֿקלײַב. יאָהאַנעסבורג, קאַיאָר, 1978. 450 זז׳; **אַ וואָרט אין זײַן צײַט**. דאָרטן, 1984. 450, VIII זז׳; מיט **אַבֿרהם סוצקעווער איבער זײַן לידערוועלט**. מאָנאָגראַפֿיע. יאָהאַנעסבורג, קאַיאָר, 1985. 240 זז׳. פּסעווד׳ — ד. א., דאָוו, ד. אלימלך, ד. הפליט, ש. בערלינער, שוליק, בן־משה, ד. וואָל, רזילי. אַ צווייטער, ווייניק באַניצטער, ערשטער נאָמען: הפּיילאַט.

ל. גודמאַן, אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג, יאָהאַנעסבורג, אָקט׳ 9, 18, 1978; ש. איזבאַן, אונזער וואָרט, פּאַריז, יאַנ׳ 5, 1980; ש. קאַנץ, לעצטע נײַעס, ת״א, מײַ 2, 1980; י. אָקרוטני, ישׂראל שטימע, ת״א, 14, 28 יולי, 1981; ה. אָשעראָוויטש, גאָלדענע קייט, 1982: 100; S. Rappaport, SA Jewish Times, JHB, Spt. 27, 1978; S. B. Ludman, The Citizen, JHB, Nov. 25, 1978; A. Knox, The Star, July 24, 1979.

## **וואָלף, איסר — (באַקוי, מאָלדעווע, 1882—1950) —

עולה געוועזן קיין ישׂראל. באַקומען טראַדיציאָנעלן חינוך. סוחר. אין בוכפֿאָרעם: **רעפֿלעקסן איבער אידנטום און אידישקייט**. באַקוי [פֿאַר 1931]; **שירים בעבֿרית ויהודית**. באַקוי [פֿאַר 1931]. אַרויסגעגעבן היסטאָרישע דערציילונגען אין העברעיִש א״ט **שׂיחת אַחים**. צוויי טײַלן. דריטער טייל געבליבן אין כּ״י.

י.קאַ.

## וואָלף, חיים — **דרײַ עסייען**. ב״אַ, 1969. 263 זז׳.

## וואָלף, יוסף — (— בערלין, אָקט׳ 13 [?], 1974) —

קאָרעקט: ווולף. באַגאַנגען זעלבסמאָרד. אַרויסגעגעבן בײַ 20 ביכער אויף דײַטש, כּמעט אַלע פֿאָרשונגען וועגן חורבן־אייראָפּע. זאָל האָבן פּובליקירט אין קראָקע אַ בוך **פּסיכישע פּאָרטרעטן**, וואָס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו זען.

## וואָלף־שטיין, דאָרע — (1888 —) — זינט 1942 אין ל״אַ. אויטאָרין פֿון **לידער און בילדער**. ל״אַ, 1947.

## וואָלפֿינגער, פּערל — אמתער נאָמען — פֿייגע־רחל בראַנטווײַן.

## **וואָלפֿסאָן, מ. — ( — ) — מחבר פֿון **די עקאָנאָמישע פֿאָרמען פֿונעם ראַטנפֿאַרבאַנד**.

מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1925. 159 זז׳; **פּאָליטאיקאָנאָמיע פֿאַר פּאַרטשולן**. ערשטער טייל. קיִעוו, קולטור־ליגע, 1926. 234 זז׳.

## **וואָלפֿסהויט־דינקעס, מרדכי —

(פּשעמישל, גאַליציע, סעפּט׳ 6, 1919 —) — באַקומען רעליגיעזע דערציִונג. טעטיק אין פּוע״צ. דורכגעמאַכט געטאָ און לאַגער. פֿון 1945 אין פּאַריז. שנײַדער. אַרויסגעגעבן (מיט ב. שלעווין) **פּאַריזער העפֿטן** (1968—1973). דאָרטן געשריבן איבער פּאָליטישע פּראָבלעמען. אין בוכפֿאָרעם: **שאַד־מאַט — דער נס פֿון מײַן לעבן**. פֿון פּשעמישל ביז טערעזיענשטאַט. פּאַריז, 1975. 199 זז׳ (1982 אַרויס אין פֿראַנצייזיש).

ש. קאַנץ, לעצטע נײַעס, ת״א, אָקט׳ 17, 1975; י. קאָרנהענדלער, אונזער וועג, פּאַריז, אַפּריל 6, 1976; ב. פֿרענקעל, אונזער שטימע, פּאַריז, דעצ׳ 12, 1976; מ. קויפֿמאַן, די פּרעסע, ב״אַ, יולי 21, 1978.

## וואָלקאָוויטש, שמואל — (ת״א, פֿעב׳ 13, 1980)

## וואָלקענשטיין, דוד — (— קיִעוו, 1960) —

**האַר־הונגער**. דראַמאַטישע פּאָעמע אין פֿיר אַקטן, נאָך

ל. אַנדרייעוו. קיִעוו, קאָמוניסטישע פֿאָן, 1922. 49 [1] זז׳. — פֿאַרטראָטן אין **שלאַכטג**, זאַמלונג **1905**. באַטייליקט אין **אוקראַיִנע**.

י. ליפֿשיץ, מ. אַלטשולער, בריוו. זז׳ 175—190.

**וואַסערמאַן, ליובאַ** — (סלאָוועטיטש, פּוילן, דעצ׳ 5, 1907 — קעשענעוו, 1975) — געדרוקט לידער אין צײַטונג **בירעבידזשאַנער שטערן**. פֿאַרטראָטן אין זאַמלונג **בירעבידזשאַן** (מאָסקווע, 1936).

**וואַסערמאַן, לייב** — **מײַנע מעת־לעתן**. נ״י, 1966. 156 זז׳.

**וואַסערמאַן, שלמה — (דאָרף לעבן כעלם, פּוילן, מערץ 15, 1898 — נ״י, מײַ 2, 1984) — געלעבט אין כעלם, געאַרבעט בײַ שנײַדערײַ. 1922 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געדרוקט דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן אין **מאָרגן פֿרײַהייט**, **יידישע קולטור**, **זאַמלונגען** — נ״י. אין בוכפֿאָרעם: **היימישע מענטשן**. נ״י, איקוף 1948. 207 זז׳; **מענטשן אין מײַן לעבן**. דאָרטן, 1967. 308 זז׳.

**וואַסערמאַן, שניאור** — (— ב״אַ, מײַ 19, 1982) — **צום מענטש**. לידער און פּאָעמעס. ב״אַ, 1962. **פֿון מײַן לײַב און לעבן** (לידער און פּאָעמעס). ב״אַ, 1972. 235 זז׳; **ווינטער־בלומען**. לידער און פּאָעמעס. ב״אַ, 1976. 123 זז׳.

**וואַסערשטרום, י.** — (   —   ) — אויטאָר פֿון **די פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס אויפֿן וועג פֿון סאָציאַליזם**. וואַרשע, ייִדיש בוך, 1953. 47 זז׳; **נאַטור און מענטש**. צונויפֿגעשטעלט און באַאַרבעט. דאָרטן, 1956. 265[1] זז׳. איבערגעז׳ ה. רילסקי, **ערנסט טעלמאַן**. וואַרשע, 1954. 68 זז׳.

**וואַפּניאַרסקי, ש. מ.** — (   —   ) — אויטאָר פֿון **די ייִדישע האָרעפּאַשנע פֿרוי אין דער סאָציאַליסטישער איבערבויונג**. כאַרקאָוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1931. איבערגעז׳ א. פֿאָגעל, **קאַמף פֿון די אַרבעטערנס אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער**. כאַרקאָוו, 1932.

**וואַקס, שמאי** — (ראָדעם, פּוילן, אַפּריל 20, 1912 — האַנטינגטאָן ביטש, קאַליפֿאָרניע, יולי 1, 1975) — געלערנט אין חדר. געענדיקט ראָדעמער גימנאַזיע „חובֿבֿי דעת״ אין 1929, שפּעטער שטודירט אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט. דורכגעמאַכט געטאָ און קאַצעט. אין פּליטים־לאַגער שטוטגאַרט רעדאַקטירט די אויסג׳ **אויף דער פֿרײַ** (1947, 66 זז׳). 1948 עמיגרירט קיין ל״אַ. אין בוכפֿאָרעם: **מײַן טרויער ליד**. [ל״אַ, 1968]. 104 זז׳, 13 זז׳ ענגליש.

**וואַקסמאַן, מאיר** — (— מיאַמי־ביטש, מערץ 7, 1969)

**וואַקסער, מנשה** — (יאַנ׳ 1, 1897 — נ״י, יולי 11, 1968) — געהאַט אַ גרויסע ייִדישע בוכהאַנדלונג אין נ״י, וווהין ער האָט עמיגרירט פֿון אוקראַיִנע אָנהייב דרײַסיקער יאָרן. אויטאָר פֿון **דאָס משפּחה־לעבן בײַ אידן אין אַמעריקע**. נ״י, 1939. 39 זז׳; **דאָס לעבן פֿון אַ ייִדישן דיכטער** [וועגן י. ל. פּרץ]. ווילנע, 1939.

**וואָראָבייטשיק, אַהרן** — (1895? — 1941) — קינדער־שרײַבער, ליטעראַטור־פֿאָרשער. לערער פֿון ייִדישער ליטעראַטור אין ליטע, שפּעטער אין כאַרקאָוו און אין אַדעסער ייִדישן פּעדאַגאָגישן טעכניקום. ווערק: **קינדער־דערציילונגען**. כאַרקאָוו, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1925. 58 זז׳; **פֿאַרוואָס און ביזוואַנען**. קינדער־מײַסע. דאָרטן, 1926. 14 [1] זז׳; **שנייעלעך־כאַווערטעס** (קינדער־מאַיסע). דאָרטן, 1927. [6] זז׳. פֿאַרעפֿנטלעכט וויכטיקע מאַטעריאַלן

וועגן מענדעלע מוכר ספֿרים און שלום־עליכם (אין **מענדעלע און זײַן צײַט**. מאָסקווע, 1940; זאַמלונג **שאָלעם־אַלייכעם**. קיִעוו, 1940).

ס״ה — לעקסיקאָן; פרסומים. אינדעקס.

**וואָראָטיצקי, ח.** — (דאָרף בורמאַק, גראָדנער גוב׳ —) — עמיגרירט קיין אַמעריקע אין 1921. געווען אַ כּלי־זמר אויף אונטערנעמונגען. אין די דרײַסיקער יאָרן אָנגעהויבן שרײַבן סאַטירישע לידער אין **פֿאָ״ש, פֿעדער, מ״זש א״אַ**. אין בוכפֿאָרעם: **אין גערויש פֿון ביימער**. לידער. נ״י, 1971. 176 זז׳. פסעווד׳ — יאַט־עבעדאַם. שרײַבט זיך אויך וואָראָטינסקי.

**וואָרזאָגער, חיים־ברוך** — אין בוכפֿאָרעם: **60 טעג אין מדינת ישׂראל**. ת״א, פּרץ, 1965. 183 זז׳.

**וואָרזאָגער, שלמה** — פֿון 1949 אין ישׂראל. — **ברויט**. ראָמאַן. ת״א, פּרץ, 1960. 180 זז׳; **זאַמד**. ראָמאַן. דאָרט, 1963. 260 זז׳; **גורלות**. ראָמאַן. ת״א, המנורה, 1967. 198 זז׳; **יאָרן**. נאָוועלע און לידער. ת״א, פּרץ, 1973. 172 זז׳; **דאָ גייט אויף די זון**. לידער. דאָרטן, 1975. 198 זז׳. **הי. פֿיר נאָוועלן**. דאָרטן, 1982. 211 זז׳; **9 ספּורים**. מיִידיש: מ. יונגמן (ירושלים, תּשל״ט); **אַזוי צו זאָגן**. ת״א, פּרץ, 1985. 367 זז׳ — עסייען וועגן יִידישע שרײַבערס.

****וואָרטמאַן, מיליע** — (בוטשאַטש, גאַליציע, 1902 —) — געענדיקט אַספּיראַנטור אין יִידישן אָפּטייל פֿון שפּראַך און ליטעראַטור בײַם מאָסקווער מעלוכעשן פעדאַגאָגישן אינסטיטוט. ווערק: **פּערעצ מאַרקיש**. מאָסקווע, עמעס, 1937. 189 זז׳. צונויפֿגעשטעלט (מיט ש. קליטעניק) זמ״ב **מאַקסים גאָרקי**. מאָסקווע, 1932. 109 [1] זז׳ און **צו דער מעטאָדאָלאָגיע פֿונעם ליטעראַטור־לימעד אינ** **שול**. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1933. 53 [2] זז׳.

פרסומים. אינדעקס.

**וואַרשאַ, אַבֿרהם** — (— מיאַמי־ביטש, פֿעב׳ 22, 1974)

**וואַרשאַווסקי, דובֿ־בער** — (סעפּט׳ 15, 1904 — שיקאַגאָ, נאָוו׳ 14, 1983) אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט **שיקאַגער צײַט־שריפֿט** (1950—1951). — אין בוכפֿאָרעם: **אין שפּיגל פֿון צײַט**. נ״י 1986. 320 זז׳.

**וואַרשאַווסקי, חיים** — ט״צ **דאָס וואָרט** איז געווען דער אָרגאַן פֿון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין ליטע (ניט פֿון די פֿאָלקסבענק).

**וואַרשאַווסקי, עוזר** — (— אַפּריל 15, 1898 — אוישוויץ, אָקט׳ 1944) — **שמוגלערס**. [ב״א] ליפּשיץ־פֿאָנד [1969]. 315 זז׳.

**ווהייט, שמואל** — (— לאָנדאָן, 1971)

****ווזעק, שמעון** — (סלוזשעווע, פּוילן, יאַנ׳ 24, 1895 —) געלערנט אין חדר, געווען אַ משורר בײַ חזנים אין פּוילישע שטעט. געאַרבעט ווי אַ קוילן־גרעבער אין עססען, דײַטשלאַנד, און 1938 פֿאַרשלעפּט געוואָרן דורך די דײַטשן קיין זבאָנשין, פּוילן. 1939 געקומען קיין ראָטשעסטער, ווו געאַרבעט בײַ שנײַדערײַ. — דעביוטירט 1915 מיט אַ ליד אין **מאָמענט** (וואַרשע), אָבער ערשט זינט 1953 אָנגעהויבן פֿאַרעפֿנטלעכן זײַנע לידער אין אַ ריי צ״ש: **פֿאָ״ש, בטחון, אונדזער אייגן וואָרט, אויפֿסנײַ, זײַן**

— נ״י; **דרום־אַפֿריקע א״אַ.** איבערגעז׳ לידער פֿון עלזאַ לאַסקער־שילער און נעלי סאַקס.

עלווי [ז. לעווי], דרום־אַפֿריקע, מײַ־יוני, 1980.

## וויגאָדסקי, ישׂראל — (— דזשוירזי סיטי, אָנהייב מײַ 1972)

## **וויגדער, ליטמאַן — (פֿאָדעלוי, רומעניע, מערץ 7, 1901 — בוקאַרעשט, אָקט׳ 17, 1972)

— געענדיקט מיטלשול און 1925 דעם עלעקטראָ־טעכנישן אינסטיטוט אין יאַס. בעתן צווייטן וועלטקריג דורכגעמאַכט לאַגערן. פֿון 1948 אין בוקאַרעשט. רעדאַקטירט **איקוף־בלעטער** (בוקאַרעשט) און מיטגעאַרבעט אין **קולטור־וועגווײַזער** (בוקאַרעשט). איבערגעז׳ אויף יידיש **לידער** (בוקאַרעשט, 1966) פֿון רומענישן דיכטער טודאָר אַרגעזי. באַטייליקט אין זמ״ב **אויפֿשטײַג** (בוקאַרעשט, 1964).

י. קאַרא, פֿאָלקס־שטימע, וואַרשע, נאָוו׳ 19, 1966.

י.קאַ.

## **וויגדער־לעווין, גאָלדע — (פֿאָדעלוי, רומעניע, אויג׳ 17, 1917 —)

— שוועסטער פֿון די דרײַ ברידער־שרײַבערס שוואַרץ. 1932 אַריבער קיין טשערנאָוויץ. 1935 געענדיקט „סעמינאַר פֿאַר יידישער ליטעראַטור און שפּראַך־קענטעניש". יידישע לערערין ביז 1963, דערנאָך לערערין פֿאַר רומענישע לימודים. פֿון 1976 אין טאָראָנטאָ. 1948—1958 צונויפֿגעשטעלט און איבערגעז׳ שולביכער, ווי אויך פּיעסן פֿאַרן יידישן מלוכה־טעאַטער אין בוקאַרעשט. זינט 1950 געדרוקט קינדערלידער און רעפּאָרטאַזשן אין די **איקוף־בלעטער** (בוקאַרעשט). — צונויפֿגעשטעלט און איבערגעזעצט (1949—1950, אין רומענישן מלוכע־פֿאַרלאַג): **יידישע שפּראַך; אַריטמעטיק. פֿאַרן צווייטן קלאַס; געשיכטע און געאָגראַפֿיע פֿון רומעניע; געשיכטע פֿון אַלטערטום; געשיכטע פֿון רומעניע; הײַנטצײַטיקע געשיכטע. — יידישע שפּראַך.** גראַמאַטיק און אָרטאָגראַפֿיע. פֿאַרן ערשטן עלעמענטאַר־קלאַס [בוקאַרעשט]. מלוכע־פֿאַרלאַג, 1954. 64 זז׳... פֿאַרן צווייטן עלעמענטאַר־קלאַס... 1957. 102 זז׳; **אַריטמעטיק** פֿאַרן ערשטן קלאַס. דאָרטן. 1958. 152 זז׳... פֿאַרן 2טן קלאַס... 1958. 246 זז׳.

י. קאַרא, יאָרן יונגע און ווײַניקער יונגע. בוקאַרעשט, 1980. ז׳ 214; ש. רובינגער, בוקאַרעשטער שריפֿטן, נומ׳ 6, ז׳ 122.

## **ווידאַנס, דניאל און עמיל — (כווײַדאַן, ליטע, 1907, עמיל — אַרום 1910*)

— דער איינצלנער פֿאַל אין דער יידישער מאָדערנער ליטעראַטור, ווו צוויי ברידער האָבן געשריבן צוזאַמען זייערע ביכער. פֿאָטער רבֿ. בעתן גירוש־ליטע אין 1915 פֿאַרוואָגלט געוואָרן מיט זייערע עלטערן קיין רוסלאַנד. 1922 צוריקגעקערט קיין ליטע. דניאל האָט שטודירט אין די קונסטשולן פֿון קאָוונע און פּאַריז. געוועזן מאָלער און סקולפּטאָר. עמיל האָט געענדיקט יורידישן פֿאַקולטעט אין פּאַריזער אוניווערסיטעט. נאַצישע אָקופּאַציע אין פּאַריז דורכגעמאַכט אין אַ באַהעלטעניש. געוווינט עטלעכע יאָר אין נ״י און 1956—1963 אין מאָנטרעאָל. זייערע ביכער: **גרויזאַמע יאָרן.** וואַרשע, קולטור־ליגע, 1933. 256 זז׳; **אַ שטאָט אין דער ליטע.** ראָמאַן. נ״י, 1950. 221 זז׳; **ירושלים.** היסטאָרישער ראָמאַן. נ״י, 1953. 242 זז׳. ש. דובנאָוו האָט געשריבן, אַז „די **גרויזאַמע יאָרן** זײַנען אַן אומפֿאַרגעסלעך ווערק, פֿול מיט בילדער, וואָס קריצן זיך אײַן אין זכּרון".

* לויט ח.ל. פֿוקס, 100 יאָר יידישע און העברעיִשע ליטעראַטור אין קאַנאַדע (מאָנטרעאָל, 1980. ז׳ 104), זאָל דער פֿאַמיליע־נאָמען פֿון דניאלן (און ממילא פֿון עמילן) זײַן כווײַדאַנאַס. מיר זײַנען משער, אַז דאָ איז אַרויס אַ פּוטעניגע פֿון קליינטשיקן שטעטל אין ליטע כווײַדאַן, פֿון וואַנען די ווידאַנסעס שטאַמען.

## ווידערמאַן, חנה — **אַלטע היים און קינדער יאָרן.** דעראינערונגען, מאָנאָלאָגן, הומאָרעסקעס, דערציילונגען. מאָנטרעאָל, 1960. 144 זז׳.

**וויזעל, אלי** — י. עלבערג איבערגעז׳ וו׳ס **פֿאַרטאָג** (ת״א, 1973). שרײַבט אין **אַלגעמיינער זשורנאַל** (נ״י).

**וויזענפֿעלד, לעאָן** — **צעריסענע נשמות.** לעבענס־בילד אין 4 אַקטען. וויען־ברין, 1919. 56 זז׳.

**וויטיעס, משה** — (— נ״י, אַפּריל 11, 1963)

**ווײדענפֿעלד, יודל** — (בורדזושען, מאָלדעווע, יוני 22, 1884 — בוקאַרעשט, סעפּט׳ 20, 1966) — אין **בוקאַרעשטער שריפֿטן** (1982) דאָ אַ דראַמאַטיזאַציע פֿון וו׳ס דערציילונג **אין אַ טויטן מאַרק־טאָג.**

**ווײכערט, מיכאל** — (— ת״א, מערץ 11, 1967) — **זכרונות.** ת״א, המנורה, 1960—1970. 4 בב׳; **יידישע אַליינהילף, 1939—1945.** דאָרטן, 1962. 420 זז׳; **טרופּע טאַנענצאַפּ. אַ גאָלדפֿאַדען־שפּיל.** דאָרטן, 1966. 82 זז׳.

**ווײַנאַפּעל, לייזער** — (אַפּריל 1, 1907 — פּאַריז, יולי 31, 1981)

**ווײַנבערג, יהודה** — (— ברוקלין, אַפּריל 1, 1971)

**ווײַנבערג, יוסף** — (סטריזשעוו, גאַליציע —) — **אַ טרער און אַ תּפֿילה.** פּאַריז, 1980. 164 זז׳ (העבר׳ — 1981, שפּאַניש — 1982, פֿראַנצייזיש — 1984); **דאָס תּבֿואה־קינד.** ראָמאַן. ת״א, לייוויק־פֿאַרלאַג, 1982. 360 זז׳ (העבר׳ — **ילדת הקמה**).

**ווײַנבערג, יצחק** — (— וואַרשע, יולי 19, 1941)

****ווײַנגאַרטן, יצחק** — (ביאַלע־פּאָדלאַסקע, פּוילן, מערץ 15, 1908 — בת־ים, נאָוו׳ 9, 1984) — געענדיקט תּרבות־שול אין ראַפּאַלאָווקע, אוקראַיִנע. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועטישע לאַגערן. 1946 געקומען קיין פּאַריז, וווּ מיטגעאַרבעט אין ט״צ **אונזער וואָרט**. 1974 עולה געווען קיין ישׂראל. געדרוקט אַרטיקלען און פּאָעמעס אין **לעצטע נײַעס** (ת״א), **חשבון** (ל״אַ), אין ענגלישן **מידסטרים** א״אַ. — אין בוכפֿאָרעם: **פֿון בוג ביז פּיעטשאָראַ** [א״פּ י. יחיאלס]. ת״א, 1968. 217 זז׳ — מילחמה־איבערלעבענישן. [העבר׳ א״נ **בין שני נהרות.** 1977]; **גורלו של אדם** [ראָמאַן]. ת״א, 1979 — העברעיִשע איבערזעצונג פֿון פּינחס לנדר.

ש. שווייצער, אַרבעטער־וואָרט, פּאַריז, דעצ׳ 16, 1966; ש. ק[אַנץ], לעצטע נײַעס, ת״א, יולי 24, 1981.

ר.ג.

**ווײַנגאַרטן, ירחמיאל** — (— ת״א, מערץ 1982)

**ווײַנגער, מרדכי** — **וואָס, ווי אַזוי און באַ וועמען קלײַבן און פֿאַרשרײַבן** [מינסק, 1925. 13 זז׳]; **פֿאָרשט יידישע דיאַלעקטן.** מינסק, אינסטיטוט פֿאַר ווײַסרוסישער קולטור, 1925. 15 זז׳.

****ווײַנהויז, נאָטע** — **צוהילף די קינדער־קאָרקרײַזן און רעדקאָלעגיעס.** מינסק, 1926. 32 זז׳; **אינטערנאַציאָנאַליזירט.** אָן אַגיטפּיעסע ... מאָסקווע־מינסק, צענטרפֿאַרלאַג, 1930. 34 זז׳ [מיט מ. דובראָוויצקי]; **אַסינבוי** [דערציילונג]. דאָרטן, 1930. 29 [1] זז׳; **ניקאָלײַ שטשאָרס.** געזאַמלט, איבערזעצט און ליטעראַריש באַאַרבעט. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1936. 51 [1] זז׳. — צונויפֿגעשטעלט: **זאַמלונג פֿון פּיאָנערישע דערציילונגען.**

דאָרטן, 1927. 85 [1] זז׳; **רויטע אַרמיי.** דאָרטן, 1932. 120 זז׳; [מיט ב. סאָלץ] **יאָמים נוראָים.** מינסק, 1926. 27 זז׳. — קאָרעקטע באַשרײַבונג פֿון **פֿיזקולטור** איז: ל. צײטלין, **פֿיזקולטור אין שטעטל.** רעדאַגירט פֿון נ. ווײַנהויז. מינסק, 1927. 28 זז׳.

**ווײַנטרויב, אַהרן־וואָלף,** — זע: אשכּולי, אַהרן־זאבֿ.

**ווײַנטרויב, חיים** — משה־יעקבֿ איז זײַן פּאָטערס נאָמען.

***ווײַנינגער־פֿריד. מ.** — קאָרעקט: ווײַנינגער, פֿריד. 1962 באַקומען מאַגיסטער־דיפּלאָם אין פּסיכיאַטרישער סאָציאַליער אַרבעט פֿון וויין סטייט־אוניווערסיטעט, דעטראָיט. עולה געווען קיין ישׂראל אין 1968. — געשריבן אין **גאָלדענע קייט, לעצטע נײַעס, בײַ זיך** — ישׂראל. — **בײַם פּרוט, לאַ פּלאַטאַ און ירדן.** לידער און סאָנעטן, [ת״א] פּרץ, 1966. 155 זז׳ [בימקאָ־פּריז]; **אין גרויסן דרויסן.** לידער. דאָרטן, 1974. 219 זז׳; **אותיות, ווערטער, סטראָפֿן.** לידער [ת״א] לייוויק־פֿ״ג, 1981. 140 זז׳. איבערגעז׳ ראָזע אויסלענדערס לידער **שאָטנס אין שפּיגל.** דאָרטן, 1981. — וו׳ס ערשטער פֿריִערדיקער נאָמען: משה פֿרידמאַן. [זע 543].

**ווײַנער, לאַזאַר** — (— נ״י, יאַנ׳ 10, 1982)

**ווײַנער, נחום** — (— ראָזאַריאָ, אַרגענטינע, נאָוו׳ 11, 1978)

***ווײַנערמאַן, כאַנע** — (לוגין, אוקראַינע, 1902—) — געענדיקט אַדעסער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. לידערביכער: **פּישקע,** קיִעוו, קולטור־ליגע, 1931. 16 [1] זז׳; **ערד באַנײַטע.** קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1932. 32 זז׳; **נאַכט.** דאָרטן, 1933. 32 זז׳; **אין לעבנ פֿאַרליבט.** דאָרטן, 1940. 80 זז׳. — פֿאַרטראָטן אין **פֿאַר דער בינע, קאָמיוג, קאָמסאָמאָליע, שלאַכטנ.**

**ווײַנרויך, הערשל** — (יאַנ׳ 5, 1903 — נ״י, מײַ 21, 1983) — **קאָמיסאַרן.** ב״א, פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן, 1962. 2 בב׳; **ווען די זון פֿאַרגייט און די מוזע ווייִנט.** נ״י [1982]. 156 זז׳.

**ווײַנריב, בעריש** — (— פֿילאַדעלפֿיע, יולי 1982)

**ווײַנרײַך, אוריאל** — (— נ״י, מערץ 30, 1967) — **מאָדערן ענגליש־ייִדיש, ייִדיש־ענגליש ווערטערבוך.** נ״י, ייִוואָ, 1968. ט״ז, 789, מ״ג זז׳ (נײַע אויפֿל — 1977).

**ווײַנרײַך, מאַקס** — (— נ״י, יאַנ׳ 29, 1969) — **געשיכטע פֿון דער ייִדישער שפּראַך.** באַגריפֿן, פֿאַקטן, מעטאָדן. נ״י, ייִוואָ, 1973. 4 בב׳ (אַרויס אויך אין ענגליש).

****ווײַנשטיין, בעריש** — (ריישע, גאַליציע, מערץ 18, 1905 — נ״י, סעפּט׳ 27, 1967) — דיכטער. שטאַמט פֿון אַ חסידישער מישפּחה. געלערנט אין חדר און בעת דער ערשטער וועלט־מילחמה אין אַ דײַטשישער פֿאָלקשול אין רײַכנבערג. 1923 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געלערנט אין ניו־יאָרקער ייִדישן לערער־סעמינאַר און אויף ענגלישע אָוונטקורסן. — דעביוטירט מיט אַ ליד אין **צוזאַמען** (נ״י, 1927). באַטייליקט אין **גלאָבוס** (וואַרשע), **צוקונפֿט, אָפּאַטאָשו־לייוויקס זאַמלביכער, טאָג, מ״זש, סבֿיבֿה, אידישער קעמפֿער** א״אַ — נ״י, **גאָלדענע קייט** (ישׂראל). מיטרעד׳ זמ״ב **המשך** (נ״י)

און אַרויסגעגעבן זאַמלהעפֿטן **אַפּקלײַב** (נ״י, 9 נומ׳, 1950—1959). באַקומען פּרעמיעס א״נ פֿון מ.ל. האַלפּערן (1949), לאַניאַ בימקאָ (1956), צבי קעסל (1966). — אין בוכפֿאָרעם: **ברוכוואַרג.** נ״י, 1936. 95 [1] זז׳; **רײַשע.** פּאָעמע. נ״י, איגנאַטאָוו־פֿאָנד, 1947. 315 זז׳ (העבר׳ — תּשי״א); **לידער און פּאָעמען.** נ״י, 1949. 225 זז׳; **אַמעריקע.** פּאָעמעס. נ״י, ציקאָ, 1955. 215 זז׳; **אין דוד המלכס גיטער.** פּאָעמע. ת״א, פּרץ, 1960. 225 זז׳; **באַשערטע לידער.** נ״י, ציקאָ, 1965. 328 זז׳; **האַמעריאַדע.** פּאָעמע; **הומרידה.** פּואימה. עבֿרית: נפֿתּלי גינתון. ת״א, פּרץ, 1965. 93 זז׳; **מלכּהס באַלאַדע.** עבֿרית: חיים רבינזון. ת״א, המנורה, 1968. 75 זז׳.

א. טאַבאַטשניק, גאָלדענע קייט, ת״א, 1955: 22; י. באַטאָשאַנסקי, אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער, ב״אַ, אַפּריל 1955; אַ. מוקדוני, קענעדער אָדלער, מײַ 18, 1956; ש. ביקל, טאָג־מ״זש, יוני 24, 1956; אַ. לעיעלעס, דאָרטן, מערץ 1, 1958; אַבֿרהם שולמאַן פֿאָרווערטס, יאַנ׳ 1, 1961; ש. ד. זינגער, אונזער וועג, נ״י, יאַנ׳־פֿעב׳ 1961; י. עמיאָט, פֿאַ״ש, נ״י, פֿעב׳ 1, 1961; א. אויערבאַך, טאָג־מ״זש, פֿעב׳ 10, 1961; י. אָקרוטני, אידישע צײַטונג, ב״אַ, מײַ 28, 1965; מ. דלוזשנאָווסקי, קענעדער אָדלער, נאָוו׳ 7, 1965; י. יאַנאַסאָוויטש, די פּרעסע, ב״אַ, נאָוו׳ 20, 1965; י. חריף, דאָרט, סעפּט׳ 14, 1966; י. צ. שאַרגעל, ישׂראל שטימע, ת״א, ל׳ ניסן, תּשכ״ו; בעריש וויַינשטיין־יובֿל־בוך. ת״א, 1967. 283 זז׳; מ. גראָס־צימערמאַן, סבֿיבֿה, נ״י, טבֿת תּשכ״ז; י. גלאַטשטיין, אויף גרייטע טעמעס. ת״א, 1967. זז׳ 123־127; ש. ד. זינגער, צוקונפֿט, נ״י, אָקט׳ 1967; ב. פֿרענקעל, אונזער שטימע, פּאַריז, אָקט׳ 7, 1967; ד. סדן, אַבֿני מפֿתּן, ב׳, ת״א, 1970. ע׳ 156־166: י. יאַנאַסאָוויטש, פּנימער און נעמען, ב׳ 1. ב״א, 1971. זז׳ 99־104.

**וויַינשטיין, ישׂראל** — יולי 1942 אַרעסטירט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מאַכט, פֿאַרשיקט אין די לאַגערן פֿון אירקוטסק, סיביר. דאָרטן געשטאָרבן סוף 1941 (לויט ק.א. ברתּיני, וואָס איז צוזאַמען מיט ו׳ אַהין פֿאַרשיקט געוואָרן).

****וויַינשטיין, רחל** — (ראַקיטנע, ווײַס־רוסלאַנד, סעפּט׳ 10, 1916 —) — באַקומען רעליגיעזן חינוך. 1947 עמיגרירט קיין אַמעריקע. אויטאָרין פֿון **דער וועג צוריק.** נ״י, 1972. 254 זז׳. אַרויס אין ענגליש א״ט *The way back*. וווינט אין ברוקלין.

****וויַינשענקער, יצחק** — (דאָרף טערעבנע, בעסאַראַביע, 1914 — מאָנטעווידעאָ, דעצ׳ 1, 1978) געלערנט אין „תּרבות״־שול אין יעדינעץ, דערנאָך אין טשערנאָוויצער ייִדישן לערער־סעמינאַר. 1939 עמיגרירט קיין באָליוויע און 1944 זיך באַזעצט אין מאָנטעווידעאָ. לערער אין מאָנטעווידעער ייִדישער מיטלשול. — פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען אין פֿאַר־שיידענע צײַטשריפֿטן, בעיקר אין **פֿאָלקסבלאַט, הײַנט, דער מאָמענט** — מאָנטעווידעאָ. אין בוכ־פֿאָרעם: **פֿאַר אַלט־נײַע התחייבותן.** מאָנטעווידעאָ, זריִעה, 1948. 69 זז׳; **פשוט מתוך ליבשאַפֿט.** דאָרטן, 1955. 72 זז׳; **בויערס און מיטבויערס פֿון ייִדישן ישובֿ אין אורוגווײַ.** דאָרטן, 1957. 280 זז׳; **אורוגוואַרצלען.** דאָרטן, 1969. 207 זז׳. איבערגעז׳ מ. קאַרפּס **טראַנסניסטריע** (ב״אַ, 1950).

****ווײַס, יוסף** — (וואַרשע, 1891 — לאָס אַנדזשעלעס, 1979) — עמיגרירט קיין אַמעריקע אין 1914. געאַרבעט בײַ שנײַדערײַ. געלעבט אין נ״י, שפּעטער אין ל״אַ. אין בוכפֿאָרעם: **אונדזער וועלט.** דערציילונגען. נ״י, איקוף, 1957. 302 זז׳; **זון און וואָלקנס.** דערציילונגען. ל״אַ, 1962. 273 זז׳; **אין לויף פֿון יאָרן** [דערציילונגען]. וואַרשע, ייִדיש בוך, 1967. 387 [1] זז׳.

****ווײַס, רות** — (טשערנאָוויץ, מײַ 13, 1936—) — מיט עלטערן געקומען קיין מאָנטרעאָל סוף 30ער יאָרן. דאָרטן געענדיקט די ייִדישע פֿאָלקשול, שטודירט אין מ״ק־גיל־ און קאָלאָמביע־אוניווערסיטעטן. באַקומען ד״ר־דיפּלאָם פֿאַר דיסערטאַציע „שלומיאל ווי אַ העלד אין דער ייִדישער און ענגלישער נאָוועלע״. פּראָפֿ פֿון ייִדישער ליטעראַטור אין פֿאַרשיידענע אוניווערסיטעטן. שרײַבט קריטיש־פֿאָרשערישע אַרטיקלען אין **גאָלדענע קייט** (ת״א) א״אַ ייִדישע און ענגלישע צײַטשריפֿטן. איבערגעז׳ אויף ענגליש ח. גראַדעס **דער שולהויף**, י. מ. ווײַסענבערגס **דאָס שטעטל**, א. סוצקעווערס **לידער** א״אַ.

**ווײַס, שמואל־צבֿי** — (— ירושלים, מײַ 20, 1949)

**ווײַסבאַרד, מאַרק** — (לעמבערג, 1903—) — אין די צוואַנציקער יאָרן געדרוקט עקספּרעסיאָניסטישע דערציילונגען אין לעמבערגער **דער מאָרגן**. געהערט צו דער לעמבערגער גרופּע שרײַבערס שודריך, באַמזע, רחל אויערבאַך. אומגעקומען מיט די ייִדן אין לוצק, וואָלין, בעתן צווייטן וועלטקריג.

**ווײַסבוים, אַבֿרהם** — (— מעקסיקע, 1970)

**ווײַסבלאַט, ש.** — זע: ביאָגר׳ פֿון **ענדערוועלט** (ב׳ 7).

**ווײַסבערג, אַהרן** — (   ) — מחבר פֿון **אַ פֿאַר ווערטער צו אידען אין די ערשטע טעג פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע**. פּאָגראָבישטשע [1918?].

**ווײַסבראָד, אַבֿרהם** — (נאָוו׳ 21, 1907 — לייקוואָוד, סעפּט׳ 1, 1980)

**ווײַסליץ, יעקבֿ** — (— מעלבורן, אויג׳ 24, 1966)

**ווײַסמאַן, אַהרן** — (— ת״א, פֿעב׳ 16, 1974)

**ווײַסמאַן, ברוך** — (— באַיאַרקע, לעבן קיִעוו, 1966) — לערער אין קיִעווער ייִדישע שולן אין די צוואַנציקער יאָרן. געשריבן אַטעיִסטישע אַרטיקלען אין ייִדיש־סאָוועטישער פּרעסע. 1933 אַריבער קיין ביראָ־בידזשאַן. אין די פֿערציקער יאָרן געוואָרן רעליגיעז. 1952—1956 געפֿירט אַ טאָגבוך אין העברעיִש. טיילן פֿון טאָגבוך זײַנען געדרוקט געוואָרן אין דער ישׂראל־פּרעסע און אויך אין בוכפֿאָרעם. 1957 פֿאַרמישפּט געוואָרן אויף פֿינף יאָר תּפֿיסה. נאָך דער באַפֿרײַונג אין 1960 זיך באַזעצט אין באַיאַרקע, לעבן קיִעוו.

י. ליפֿשיץ, מ. אַלטשולער, בריוו. אינדעקס.

**ווײַסמאַן, גבֿריאל** — איבער דרײַסיק יאָר רעד׳ פֿאַר ליטעראַטור און קונסט אין **לעבנס־פֿראַגן** (ת״א). רעדאַקטירט: **אין שאָטן פֿון טרעבלינקע**, ש. פּאָליאַקעוויטש (1957); **פּנקס סאָכאַטשעוו** (1962); **צו אַ נײַ לעבן**, צבֿי עטקעס (1965); **אין אונדזערע טעג**, חווה סלוצקא־קעסטין (1966) — אַלע ת״א. — אין בוכפֿאָרעם: **פֿון פּראָפּילן**. עסייען. ת״א, פֿרײַנד, 1978. 240 זז׳; **ישׂראל קינסטלער**. עסייען. דאָרטן, 1979. 240 זז׳.

**ווײַסמאַן, משה** — (— ל״א, יאַנ׳ 11, 1971) — **אַ האַלבער יאָרהונדערט אין אַמעריקע**. ת״א, פּרץ, 1960. 212 זז׳.

**ווײַסמאַן, שלמה** — (— מאָנטרעאָל, אַפּריל 8, 1985) — 1961 אַרויס אין מאָנטרעאָל **שלמה ווײַסמאַן־בוך**. 384 זז׳ ייִדיש, 80 זז׳ ענגליש.

**ווײַסענבערג־אַקסעלראָד, פּערל** — (זשעלעכאָוו, פּוילן, נאָוו׳ 1, 1914 —) — טאָכטער פֿון י. מ. ווײַסענבערג און פֿרוי פֿון ז. אַקסעלראָד. פֿון 1920 אין וואַרשע. סוף 1939 אַנטלאָפֿן קיין ווײַסרוסלאַנד. נאָך דער מילחמה אין פּוילן, דײַטשלאַנד, שוועדן און זעקס יאָר אין ישׂראל. 1954 עמיגרירט קיין קאַנאַדע. 1938 דעבױטירט גלײַכצײַטיק אין די וואַרשעווער **הײַנט** און **פֿאָלקס־צײַטונג**. 1940 געאַרבעט אין **ביאַליסטאָקער שטערן**. געשריבן אַרטיקלען, זכרונות, דערציילונגען, לידער אין **נײַ וועלט**,

**לעבנס־פֿראַגן, גאָלדענע קייט, דאָס וואָרט** — ת״א; **צוקונפֿט, סבֿיבֿה, מאָרגן־פֿרײַהייט** נ״י; **אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער** — ב״אַ; **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע); **קענעדער אָדלער**. רעד׳ **דאָס נײַע ייִדישע וואָרט** (וויניפּעג). וו׳ס גרעסערע דערציילונג **די וואַך פֿון זיבן** איז איבערגעז׳ געוואָרן א״ט **משמר השבֿעה** (שבֿטים, ת״א, תשי״ג, זז׳ 177—235). בוך גרייט צום דרוק: **י.מ. ווײַסענבערג, זײַן לעבן און שאַפֿן**

י. ראַפּאָפּאָרט, היימיש, ת״א, מײַ 15, 1960.

**ווייץ, אַבֿרהם** — (— פּאַריז, יוני 24, 1980) — **די לעצטע געטאָ** [ראָמאַן]. ב״אַ, ייִדבוך, 1961. 347 זז׳; **דער קאַרשנבוים**. נאָוועלן. פּאַריז, 1961. 59 זז׳; **בעל־שם־טובֿ מאָטיוון און אַנדערע דערציילונגען**. פּאַריז, 1977. 237 זז׳.

****ווייצענפֿעלד, שעפּסל** — (ווילנע, 1896 —) — געלערנט אין ייִדישער אַרבעטער־אוניווערסיטעט. 1921 אַוועק קיין סאָוועט־רוסלאַנד. 1925 געענדיקט מאָסקווער מײַרעוו־אוניווערסיטעט. געאַרבעט אין הויפּטביוראָ פֿון יעווסעקציע. פֿון 1926 רעד׳ פֿון **דער ייִדישער פּויער** און שפּעטער פֿון **דאָס סאָציאַליסטישע דאָרף**. געדרוקט אַרטיקלען אין **עמעס** און **שטערן**. ווערק: **דער דאָרפֿראַט און די דורכויסיקע קאָלעקטיוויזאַציע**. מאָסקווע־מינסק, צענטרפֿאַרלאַג, 1930. 20 זז׳.

****ווילאַ, חיים־יעקבֿ** — (אונגערן, 1891 — ירושלים, אָקט׳ 1, 1970) — 1919 עמיגרירט קיין אַרגענטינע. אין בוכפֿאָרעם: **ארץ יהודה**. ב״אַ, 1939. 8 זז׳; **נײַע וועגן**. ב״אַ, תש״ג. 103 זז׳; **האָט אַרגענטינער ייִדישער ישובֿ טאַקע אַזאַ פּנים?** ב״אַ, סעדיעה, 1955. 18 זז׳.

****וויליאַמאָווסקי, משה** — ( ) — מחבר פֿון אַ קאָמעדיע אין איין אַקט: **באָטענס — קנעפּלאַך**. נ״י, 1912. 16 זז׳.

****ווילסקער, לייב** — ( ) — אויטאָר פֿון **אַנטדעקטע אויצרעס** (נאָטיצן פֿון אַ ליטעראַטור־פֿאָרשער). העפֿט 1, מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1981. 59 זז׳; העפֿט 2, 1985. 63 זז׳.

****ווילענסקאַ, אסתּר** — (ווילנע, יוני 8, 1918 — ת״א, נאָוו׳ 8, 1975) — אַדאָפּטירטער נאָמען פֿון נאָוואַק. געענדיקט „תּרבות״־גימנאַזיע אין ווילנע. געקומען קיין א״י אין 1938. געקראָגן איר B. A. אין פֿילאָסאָפֿיע און סאָציאָלאָגיע (1970) און M. A. אין געשיכטע (1975) אין העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים. פֿון 1940 אַקטיוו און אָנפֿירעריש אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין א״י־ישׂראל און רעד׳ איר אָרגאַן **קול העם** (ת״א). געשריבן טעאָרעטישע, פּאָליטישע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע אַרטיקלען אין העברעיִשע ביכער און בראָשורן. געדרוקט אויך אין **מאָרגן פֿרײַהייט** (נ״י), **וואָכנבלאַט** (טאָראָנטאָ), **נײַע פּרעסע** (פּאַריז). — ביכער אין ייִדיש: **דער גרויסער פּויערים־אויפֿשטאַנד אין דײַטשלאַנד, פֿאָרגייער פֿון סאָציאַלע רעוואָלוציעס**. ת״א, 1972. 158 זז׳; **וואָס איז פֿאָרגעקומען אין מק״י?** ת״א, 1973. 30 זז׳; **סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל און קאָמאינטערן, 1889—1923**. ת״א, פּרץ, 1975. 152 זז׳.

**ווילענקין, לייזער** — פֿון 1971 אין ישׂראל. — **געראַנגל**. ירושלים, 1973. 399 זז׳.

****ווילק, אַבֿרהם** — (קאָברין, מײַ 1, 1913 —) — זשורנאַליסט. אמתער נאָמען — אַרטור הערמאַן. געענדיקט פּוילישע גימנאַזיע. 1934 גראַדויִרט פֿון יורידישן פֿאַקולטעט אין זשענעווער אוניווערסיטעט. אָנגעהויבן זשורנאַליסטישע אַרבעט מיט קאָרעס־

פּאָנדענציעס פֿון זשענעווע פֿאַרן **מאָמענט** (וואַרשע) און פֿון 1936 אויך פֿאַר ייִטאַ (ייִדישע טעלעגראַפֿן־אַגענטור). נאָך דער צווייטער וועלט־מילחמה צוריקגעקומען קיין פּוילן, געאַרבעט אין פּוילישן ראַדיאָ. פֿון 1967 אין נ״י. מיטאַרבעטער פֿון **פֿאָרווערטס**, וווּ געשריבן וועגן קאָמוניזם און אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען.

****ווילקין, דוד** — (ריגע, יוני 9, 1909 — קייפּטאָון, מײַ 6, 1982) — געלערנט אין ריגער ייִדיש־העברעיִשער גימנאַזיע. שטודירט עלעקטריע־אינזשינער אין פּאַריז. 1929 עמיגרירט קיין דרום־אַפֿריקע . געשריבן לידער אין **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג, יום־טובֿ בלעטער, דרום־אַפֿריקע,** וווּ פֿאַרעפֿנטלעכט אויך ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען. אין בוכפֿאָרעם: **שטימונג־לידער.** יאָהאַנעסבורג, קאַיאָר, 1975. 141 זז׳.

****ווינאָגראַד, לודוויג** — (באַרדיטשעוו, פֿעב׳ 17, 1895 — מיאַמי־ביטש, דעצ׳ 25, 1980) — 1898 מישפּחה אַריבער קיין לאָדזש, וווּ געענדיקט אַ האַנדלשול. פֿון 1912 אַקטיוו אין „בונד״. דורכגעמאַכט לאָדזשער געטאָ. 1947 זיך באַזעצט אין ב״אַ און 1972 — אין מיאַמי־ביטש. 1957 אָנגעהויבן דרוקן אַרטיקלען אין **אונזער גערדאַנק** (ב״אַ, שפּעטער מיטרעד׳). באַטייליקט אין **אונזער צײַט** (נ״י), **לעבנס־פֿראַגן** (ת״א), **פֿאָרויס** (מעקסיקע), **די פּרעסע און אידישע צײַטונג** — ב״אַ. ווערק: **מײַן לעבנס וועג.** לאָדזש, מילחמה־יאָרן, שוועדן, אַרגענטינע. מיאַמי־ביטש, 1978. 394 זז׳.

****ווינאָגראַד, מאָריס** — ( שעדלעץ, פּוילן, דעצ׳ 5, 1906 — נ״י, יוני 12, 1973) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. 1924 עמיגרירט קיין נ״י. געווען בײַ 20 יאָר רעד׳ פֿון דער אילוסטרירטער בײַלאַגע פֿון **פֿאָרווערטס** (נ״י). געדרוקט לידער אין **פֿאָרווערטס, פֿאַ״ש, די פֿעדער** — נ״י. אין בוכפֿאָרעם: **מײַנע יאָרן** [לידער]. נ״י, פֿעדער, 1925. 36 זז׳; **דער גילדענער קוש.** נ״י, צווײַגן, [יאָר?]. 15 זז׳; **טאַנץ, געזאַנג און פּײַן.** נ״י, אויפֿקום, 1929. 63 זז׳.

**ווינטשעווסקי, מאָריס** — פֿאַרטראָטן אין **דער אַרבעטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור, מוט, שלאַכטן.**

**ווינעצקי, יוסף** — (— מעקסיקע, נאָוו׳ 7, 1964)

**וויסאָצקי, איזידאָר** — (— נ״י, יוני 12, 1970)

****וויקטים [וויקטים?], ס.** — ( — ) — אויטאָר פֿון **צו שפּעט.** איינאַקטער. קראָקאָוו, 1918 (2טע אויפֿל׳ — בערלין־קאָוונע, 1921). געשריבן אין **קונסט־רינג** (קראָקאָוו, 1919).

****וויקער, יעקבֿ** — (ווילנע, 1881 — שיקאַגאָ, סעפּט׳ 12, 1957) — זשורנאַליסט. פֿון 1900 געלעבט אין לאָנדאָן און דרום־אַפֿריקע און 1906 אַוועק קיין קאַנאַדע. אַ צײַט רעד׳ **קאַנאַדער איד** און **דאָס ייִדישע וואָרט** — וויניפּעג. לאַנגע יאָרן מיטאַרבעטער פֿון **קענעדער אָדלער** און באַטייליקט אין **אידישער זשורנאַל** (טאָראָנטאָ). פֿון 1928 וויצע־רעד׳ פֿון **שיקאַגער קוריער.**

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**ווישניצער־בערנשטיין, רחל** — (מינסק, 1892 —)

**וולאַדאָווער, מאָטל** — (— גבעתיים, מערץ 5, 1983) — אָריגינעלער נאָמען — ווײַסבראָט. פֿון 1964 אין ישׂראל.

**וועוויאָרקע, אַבֿרהם** — **אין שטורעם** (אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור און טעאַטער). כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1932. 148 [2] זז׳; **דראַמאַטישע שריפֿטן** [כאַרקאָוו]. ליטעראַטור און קונסט [1933]. 404 זז׳; **אַ כאַלעם אין אַ זומער־נאַכט.** קאָמעדיע אין דריי אַקטן. דאָרטן, 1934. 80 זז׳. צונויפֿגעשטעלט **דער שלאָגלער האָט דאָס וואָרט.** כאַרקאָוו־קיִעוו, ליטעראַטור און קונסט, 1932. 7, 236 זז׳. — פֿאַרטראָטן אין **שלאַכטן, אַלמאַנאַך פֿון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, דער וועג פֿון פֿאַראַט.**

**וועלטמאַן, ב. — ( )** — מחבר פֿון **שער און אײַזן** (פּיעסע אין דריי אַקטן). מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1930. 67 [1] זז׳.

**וועלנער, פּנחס** — (— קאָפּענהאַגען, פֿעב׳ 16, 1965) — **אין יענע טעג.** ב״אַ, פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן, 1958. 233 זז׳.

**וועלעדניצקי, אַבֿרהם** — (— קיִעוו, אָקט׳ 19, 1959) — 1951 אַרעסטירט און פֿאַרשיקט, 1955 רעהאַביליטירט. — **מיט דעם יונגן קלאַס** [לידער]. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1932. 60 [2] זז׳; **אַ טראָפּן אין לויטערן ים.** לידער. ת״א, פּרץ 1977. 79 זז׳.

****וועגנראָווסקי, גרשון** — (דלוגאָשאָדלע, פּוילן, יוני 5, 1917 —) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. דורכגעמאַכט געטאָ, שפּעטער אין שארית־הפּליטה־לאַגערן פֿון דײַטשלאַנד. 1949 געקומען קיין נ״י, געאַרבעט אין אַ פֿאַבריק. ווערק: **שטערן אין דער נאַכט.** נ״י, 1980. 314 זז׳ — דערציילונגען־זיכרונות וועגן זײַן שטעטל.

***וועגדראָף, זלמן** — ( — מאָסקווע, אָקט׳ 1, 1972) — **אונדזער גאַס.** דערציילונגען. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1967. 559 זז׳. — אַ רײ פֿון וו׳ס פֿריִערדיקע ביכלעך: **בײַם גרינעם טישל, גענעכטיגט אין סוכּה, מרדכי און סקאָבעלעוו, צאַלע דער בעל־חשבון, צמח דרעהקאָפּ, דער אָדעסער קראַסאַוועץ, דערלעבט, איבער די קשיות, אַ ענדיק אויף פּסח, אַ סוכּה אויפֿן בוידעם, פֿריִהער און שפּעטער** — אַלע אין וואַרשע. איבערזעצונגען: ר. קיפּלינג, **דאָס העלפֿאַנט־קינד.** פּעטראָגראַד, 1917 און **ווי אַזוי דער קעמל האָט געקראָגן אַ הויקער.** דאָרטן, 1917; ל. ב. כאַווקינאַ, **ווי אַזוי מענטשן האָבן זיך אויסגעלערנט בויען הײַזער.** קיִעוו, 1919; אָ. ווײַלד, **דער גליקלעכער פּרינץ.** מאָסקווע, 1921. 18 זז׳.

****וועם, וויליאַם — ( )** — אַנאַרכיסטישער טוער אין לאָנדאָן. מחבר פֿון **עליזעע רעקלו איבער אַנאַרכיזמוס... איבערזעצט און אײַנגעלייטעט...** לאָנדאָן, 1898. אויך אַרויסגעגעבן און איבערגעז׳ **די מענשליכע זעעלע אונטער דעם פֿרײַען סאָציאַליזמוס.**

**וועפּרינסקי ראַשעל** — (— נ״י, יולי 1, 1981 — [1982?]) — **די פּאַליטרע.** לידער. ת״א, פּרץ, 1964. 125 זז׳; **דאָס קרייצן פֿון די הענט** (אויטאָ־ביאָגראַפֿישער ראָמאַן). דאָרטן, 1971. 254 זז׳; **צום איינציקן שטערן.** דאָרטן, תשל״א. 62 זז׳; **נאַכטפֿײַערן.** דאָרטן, 1976. 56 זז׳; **לידער.** דאָרטן, 1979. 42 זז׳.

****וועקסלער, ישׂראל — ( )** — שטאַמט פֿון גאַלאַץ, רומעניע. 1881 פֿאַרעפֿנטלעכט אין **היועץ** (בוקאַרעשט) די איבערזעצונג פֿון די ראָמאַנען **אַן אמתדיק יודיש הערץ,** אין 1882 — **העינריק מאַראַלעס, דער יודישער רעגירער.** מען קען אָננעמען, אַז וו׳ איז דער אַנאָנימער אויטאָר פֿון אַנדערע איבערגעזעצטע ראָמאַנען אין **היועץ,** וואָס זײַנען שפּעטער געדרוקט געוואָרן אין ביכלעך פֿון זעלביקן זאַץ דורך **דיא יודישע ביבליאָטהעק: די דראַמען פֿון פּאַריז, יוד, קריסט און משומד, דעם קעניגס געשעפֿטס־פֿיהרער, דניאל מאַנטורעאַנו**

(12 העפטלעך), **די ישועה אָדער מרדכי צמח** (5 העפטלעך), **דער לעבעדיגער מת** א"אַ — אַלע אין 1880.

י.קאַ.

**ווערבליון, עליע** — (— ת"א, נאָוו' 3, 1982) — פון 1962 אין ישׂראל. געדרוקט לידער אין **היימיש** (ת"א), **ירושלימער אַלמאַנאַך**. — **לירישער טאָגבוך** [לידער]. מאָנטעווידעאָ, ווערבע, 1960. 142 זז'; **אין לאַנגן טאָג (לירישער טאָגבוך,** 2). ת"א, ווערבע, 1980. 154 [3] זז'. קאָרעקט: **די מעמואַרן פון אונטשטערן** (ב' 3).

**ווערבער, שׂפרה** — **וווּנד אין בלי.** לידער. ת"א, פרץ, 1968. 94 זז'; **אויף גראָז און ליים.** לידער. דאָרטן, 1976. 103 זז'; **זכּרון אין שפּיגל.** לידער. דאָרטן, 1984. 120 זז'.

*ווערגעליס, אַרן — (ליובאַר, אוקראַינע —) **אַזוי לעבן מיר.** דאָקומענטאַלע נאָוועלן, פאַרצייכענונגען, רעפּאָרטאַזש. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1964. 485 [1] זז'; **אויג אויף אויג.** לידער און פּאָעמעס. [נ"י], איקוף, 1969. 329 זז'; **פון אַלעף ביז טאָף.** לידער און געזאַנגען. מאָסקווע, דאָרטן, 1970. 358 זז'; **רייזעס.** דאָרטן, 1976. 454 זז'. רעדאַקטירט: **האָריזאָנטן.** דאָרטן, 1965. 533 זז'. — פאַרטראָטן אין **קאָמיוג**, זאַמלונג **אָשער שוואַרצמאַן.** פון 1961 הויפּט־רעד' פון **סאָוועטיש היימלאַנד.**

**ווערטהיימער, מעטאַ — (   ) —** רביצין. שטאַמט פון מאַראַמאָרעש. געלעבט עטלעכע יאָר אין א"י, שפּעטער אין פילאַדעלפיע. אַרויסגעגעבן **מײַן רײַזע קיין מדינת ישׂראל** [ירושלים, 1954?]. 199 זז'.

**וועריטע, מ. — (   ) —** אויטאָר פון **מיר קריגערישע אַפּיקאָרסים** (אַנטירעליגיעזע שמועסן). כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפאַרלאַג, 1932. 73 [2] זז'. (דאָס בוך איז בטעות אַרײַן אין ביאָגר' פון **ס.** וועריטע.)

**וועריטע, ס. [שמואל]*** — (קאָלאָניע דאָמבראָווענייו, מאָלדעווע, יאַנ' 10, 1901 —) — **בעסאַראַבער ערד** [דערציילונגען]. קיִעוו, אוקר־מעלוכענאַצמינדפאַרלאַג, 1941. 58 זז'; **זאָל ברענען.** ראָמאַן. דאָרטן, 1941. באַטייליקט אין ליטעראַרישן זמ"ב **היימלאַנד.** (מאָסקווע, 1943). 1977 געלעבט אין זאַפּאָראָזשיע (אוקראַינע).

* לויט ד"ר ח. שמערוק (בריוו פון 11טן מערץ, 1982), איז עס **ניט** קיין פּסעוודאָנים. ער האָט ס. וועריטעס אַ בריוו פון 1977.

**וורדי, דוד** — (— ת"א, אויג' 9, 1973)

**וילה, חיים־יעקב,** — זע: ווילאַ.

# ז

*זאַבאַרע, נאַטאַן — (ראָגאַטשעוו, וואָלין, דעצ׳ 27, 1908 — קיִעוו, פֿעב׳ 19, 1975) — **מענטשן און צײַטן**. פֿאַרצייכענונגען. קיִעוו, אוקרמעלוכע־נאַצמינדפֿאַרלאַג, 1938. 22 [2] זז׳; **דער פֿאָטער**. ראָמאַן. דאָרטן, 1940. 518 זז׳; **גאַלגאַל האַכויזער**. ראָמאַן. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1979. 469 זז׳. אַ ריי ראָמאַנען פֿאַרעפֿנטלעכט אין **סאָוועטיש היימלאַנד: אַ פֿאַשעטע מאַמע** (1967: 9, 10, 11); **ס׳איז נאָך גרויס דער טאָג** (1972: 9, 10); **אונטער דער הייסער זון פֿון פּראָוואַנס** (1973: 9, 10); **אינמיטן העלן באַטאָג** (1975: 1, 2, 3 און 1977: 7). דאָרטן געדרוקט אויך גרעסערע דערציילונגען.

**זאַבלודאָווסקי, דוד — (נעזבודקאַ־מיכאַלעווע, פּוילן, 1892 — מעקסיקע, 1973) — געלערנט אין חדר מתוקן אין ביאַליסטאָק, וווּהין די משפּחה איז אַריבער אין 1899. 1925 עמיגרירט קיין מעקסיקע. געדרוקט זיכרונות, גראַמלידער און באַשרייבונגען פֿון אימיגראַנטן־לעבן אין די אָרטיקע ייִדישע אויסג׳. שטענדיקער מיטאַרבעטער אין **ביאַליסטאָקער לעבן**, אָרגאַן פֿון די ביאַליסטאָקער אין אַמעריקע. אין בוכפֿאָרעם: **פֿאַרגאַנגענע יאָרן**. זיכרונות. מעקסיקע, ייִדיש לשון [1969]. 399 זז׳.

**זאַבלודאָווסקי, שמואל — (ביאַליסטאָק, אַרום 1898 — מעקסיקע, יולי 1, 1971) — זון פֿון חיים־צבֿי ז׳. 1933 עמיגרירט קיין מעקסיקע, ווו געענדיקט דענטיסטיק. לערער אין י. ל. פּרץ־שול. אָנגעהויבן שרײַבן לידער און סקיצן אין די צײַטונגען פֿון ביאַליסטאָק און ווילנע, שפּעטער געדרוקט אַ סך אַרטיקלען אין **די שטימע**(מעקסיקע). אין בוכפֿאָרעם: **צען קינדער־פֿאָרשטעלונגען** [מעקסיקע] פּרץ־שול, 1972. 140 זז׳ [מיט וועליע זאַבלודאָווסקי].

צוגעגרייט צום דרוק **חורבן סוכאָוואָליע** פֿון שׂמחה לאַזאַר. מעקסיקע, 1947.

זאַטאָרסקי, הענעך — (— ב״אַ, נאָוו׳ 7, 1970)

זאַכאַריאַש, יוסף־יהודה — (מעקסיקע, דעצ׳ 27, 1968)

**זאַכאַריאַש, ש. — ( — ) — לעבט אין וואַרשע. אויטאָר פֿון **יוסף לעוואַרטאָווסקי**. דער קעמפֿער און רעוואָלוציאָנער... וואַרשע, ייִדיש בוך, 1953. 53 זז׳; **די קאָמוניסטישע באַוועגונג צווישן דער ייִדישער אַרבעטנדיקער באַפֿעלקערונג אין פּוילן**. דאָרטן, 1954. 187 זז׳; **מענטשן פֿון ק.פּ.פּ.**: דוד ריכטער, משה גרינבאום, שמואל מערעטיק. דאָרטן, 1964. 114 זז׳.

זאַכער, אַבֿרהם־שמואל — (— מאָנטרעאָל, מײַ 26, 1970)

**זאַלאָוויץ, נחמן — (— ביאַליסטאָק, אויג׳ 1892 — נ״י מערץ 1, 1971) — יונג געקומען קיין אַמעריקע און דאָרטן געקראָגן זײַן ייִדישע און אַלגעמיינע דערציִונג. איבער פֿופֿציק יאָר געווען שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון **מ״זש** און דערנאָך פֿון **פֿאָרווערטס**, ווו ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט פּאָפּולער־באַלערנדיקע אַרטיקלען, וואָס האָבן באַרײַכערט דאָס וויסן פֿון די לייענערס.

ה. ראָגאָף, דער גײַסט פֿון „פֿאָרווערטס״. נ״י, 1954; פֿאָרווערטס, נ״י, מערץ 3, 1971.

זאַלאָטאָריעוו, מאיר — (— שיקאַגאָ, נאָוו׳ 16, 1965)

**זאַלמאַן, מ.** [פּסעוודי?] — מחבר פֿון **דער ערשטער שטראַהל.** לעהרבוך איסצולערנען זיך לייענען און שרײַבען יודיש. קאָוונע, 1912. 28 זז׳.

**זאָלף, פֿאַלעק** — (— וויניפּעג, אַפּריל 20, 1961)

**זאַלצבערג, יוסף־ברוך** — (לאַגאָוו, פּוילן, נאָוו׳ 5, 1902 — ) — פֿון 1913 אין טאָראָנטאָ. באַקומען ייִדישע און אַלגעמיינע דערציִונג. אין די יונגע יאָרן אַקטיוו בײַ לינקע פּוע״צ, זינט 1926 אָנפֿירעריש אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, וואָס ער האָט פֿאַרלאָזן אין 1956. 1943—1955 מיטגליד פֿון אָנטאַריער פּאַרלאַמענט. אָנגעהויבן שרײַבן וועגן יוגנט־פּראָבלעמען און געזעלשאַפֿטלעכע עניינים אין זײַן רעדאַקטירטער חודש־שריפֿט **אונזער יוגענד** (טאָראָנטאָ, 1919) א״אַ אויסג׳ פֿון די לינקע פּוע״צ און דערנאָך אין דער קאָמוניסטישער פּעריאָדיק: **דער קאַמף, דער וועג, וואָכנבלאַט** — טאָראָנטאָ, **מאָרגן־פֿרײַהייט** (נ״י) א״אַ. באַטייליקט אויך אין **קענעדער אָדלער** (א״פּ יוסף־באָרוך) און אין **אידישער זשורנאַל** (וויניפּעג), ווו פֿאַרעפֿנטלעכט אויך דערציילונגען און געפֿירט אַ רובריק „וואָר־אײַן און וואָר־אויס״.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**זאַלצמאַן, משה** — (זאַמאָשטש, פּוילן, אָקט׳ 9, 1908 — [redacted]) — געלערנט אין חדר. אַ שנײַדער. תּחילת אין „יוגנט־בונד״, שפּעטער אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. געזעסן אין טורמעס פֿון פּוילן, פֿראַנקרײַך, וווּהין געקומען אין 1929. דעלעגירט געוואָרן קיין סאָוועט־רוסלאַנד אין 1933, דאָרטן אַרעסטירט געוואָרן 1937 פֿאַר „שפּיאָנאַזש״ און פֿאַרמישפּט אויף צען יאָר פֿאַרשיקונג אין אַ סיבירער לאַגער. 1947 באַפֿרײַט און 1956 רעהאַביליטירט. פֿון 1959 אין פּאַריז, שפּעטער אין ישׂראל. אין בוכפֿאָרעם: **און מען האָט מיך רעהאַביליטירט.** ת״א, ישׂראל־בוך, 1970. 315 [איבערגעז׳ אויף העברעיִש, פֿראַנצייזיש]; **יוסף עפּשטיין** (קאָלאָנעל זשיל). פּאַריז, 1980. 71 [6] זז׳; **די גרויסע ענדערונג אין ייִדישן לעבן אין פֿראַנקרײַך** (פֿון דער זעקסטאָגיקער מילחמה ביז 1980). ת״א, ישׂראל־בוך, 1981. 157 זז׳; **בעלאַ שאַפּיראָ, די פּאָפּולערע פֿרויען־געשטאַלט.** פּאַריז, 1983. 71 זז׳.

ר.ג.

**זאַמאָשטשין, פּלטיאל** — פֿאַרטראָטן אין **פֿאַרגעסענע לידער** (מאָסקווע, 1939).

**זאַנדבערג, ישעיה** — (אָקט׳ 16, 1891 — בריסל, נאָוו׳ 17, 1972) — זינט סוף 1919 אין בעלגיע.* **דער שונא אין די מויערן** [דערציילונגען]. ת״א, פּרץ, 1963. 190 זז׳ [השׂונא בתוך החומות. העבר׳ — ש. אײַזנשטאַדט. ת״א, 1966]; **פֿונקען אין דער נאַכט.** ת״א, אויפֿקום, 1965. 186 זז׳; **קלאַנגען.** דאָרטן, 1968. 124 זז׳; **אַ פֿלאַש אויפֿן וואַסער.** דאָרטן, 1971. 212 זז׳.

* „זינט 1958 אין ישׂראל״ [ב׳ 3] פֿאַלט אַרויס. אַזוי לויט עזריה דאָברושקעס אין בריסל (1984), אין נאָמען פֿון ז׳ס טאָכטער לילי.

**זאַנענבערג, יצחק־העניך** — **דער פֿײַנער קלוגער רוימישער קעניג; מען פֿיהרט צוויי יודען הענגען.** טייל 1. לאָדז, תּרפּ״ו. 24 זז׳ [אַנאָנים, אָבער קלאָר, אַז ז׳ איז דער מחבר].

**זאַנשטיין הערשל** — (טערעספּאָל, פּוילן — ) — אויטאָר פֿון **דער משפּט פֿון לעבן און טויט.** ת״א, 1973. 239 זז׳. — זיכרונות־שילדערונגען פֿון זײַן שטעטל פֿאַר און נאָכן חורבן.

**זאַנשטיין, יעקבֿ** — **יונגער ווינטער** [לידער]. וואַרשע, ייִדיש בוך, 1964. 144 זז׳.

**זאַנשטיין, משה** — (— ירושלים, אויג׳ 27, 1960)

**זאַסלאַווסקי, דוד** — (— נ״י, סוף מערץ 1965)

***זאַק, אַבֿרהם** — (— ב״אַ, מײַ 22, 1980) — **אויף פֿרעמדער ערד** (לידער און פּאָעמעס). ב״אַ, קולטור־קאָנגרעס, 1962. 113 זז׳; **אין אָנהייב פֿון אַ פֿרילינג** (קאַפּיטלעך זיכרונות). ב״אַ, פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן, 1962. 322 זז׳; **אויף וועגן פֿון גורל.** דערציילונגען. ב״אַ, דאָרטן 1964. 220 זז׳; **אין קיניגרײַך פֿון ייִדישן וואָרט** (עסייען און דערמאָנונגען). ב״אַ, 1966. 236 זז׳; **פֿון הייסן אַש** (לידער און פּאָעמעס). ב״אַ, 1967. 155 זז׳; **געוועזן אַ ייִדיש פּוילן** (עסייען און דערמאָנונגען). ב״אַ, 1968. 279 זז׳; **אויף שטילע וועגן** (לידער און פּאָעמעס). ב״אַ, קולטור־קאָנגרעס, 1971. 131 זז׳; **אין אָפּשײַן פֿון דורות** (עסייען און דערמאָנונגען). דאָרטן, 1973. 280 זז׳; **אונטער די פֿליגל פֿון טויט; פּאָניע גנבֿ.** ת״א, 1982. — צונויפֿגעשטעלט: **חורבן.** אַנטאָלאָגיע. ב״אַ, מוסטערווערק, 1970. 429 זז׳; **פּליטים צווישן פֿײַערן** (ב״אַ, 1971); **אויסגעוואָרצלטע און אײַנגעוואָרצלטע** (ב״אַ, 1971). 1978 אַרויס **אַבֿרהם זאַק יובֿל־בוך.** ב״אַ, 324 זז׳.

**זאַק, בנימין־גוטעל** — (— מאָנטרעאָל, מײַ 2, 1967)

**זאַק, שעפּטל** — (— נ״י, יולי 25, 1981)

**זאַקאַליק, דוד** — קאָרעקטער זשורנאַל־טיטל: **אין גאַנג.** — **אין שטורעם.** ב״אַ, פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן, 1963. 255 זז׳; **אין דער פֿרעמד.** ת״א, פּרץ, 1968. 202 זז׳; **אין וועג אויף צוריק.** ראָמאַן. ת״א, המנורה 1975. 247 זז׳.

**זאַקאַליק, מנחם** — (— ת״א, אַפּריל 1980)

**זאַקהיים, מאיר־צבֿי** — (— שיקאַגאָ, אויג׳ 23, 1960)

**זאַקוסקי, אַהרן** — **מדינת ישראל און דער וואַטיקאַן.** ב״אַ, קולטור־קאָנגרעס, 1974. 47 זז׳; **צאָרנדיק, סאַטיריש און ליריש.** דאָרטן, 1976. 79 זז׳.

**זאַקס,** — זע אויך:סאַקס.

**זאַקס, יואל־דובֿ** — קאָרעקט: אומגעקומען אין רײַנער וועלדל, לעבן טעלז, ליטע.

****זאַקס, ישׂראל** — (     ) — שטאַמט פֿון רוסלאַנד. געלעבט אַ קורצע צײַט אין א״י און סוף צוואַנציקער יאָרן זיך באַזעצט אין מעלבורן. אַרויסגעגעבן די בראָשור **דער אויפֿקום פֿון מדינת ישׂראל און די ירידה פֿון היגע ציוניסטישע מנהיגים.** מעלבורן, 1949. 40 זז׳. לויטן מחבר, אַרויסגעגעבן אויך די בראָשורן: **ציוניזם, טעריטאָריאַליזם מיט אַ טראָפּן בונדיזם; די פֿאַרבאָרגענע סודות פֿון אַרום דעם רעליף־פֿאָנד.**

**זאַקש, ש. י.** — (— סינסינעטי, אָקט׳ 13, 1966)

**זאַריצקי, דוד** — (— ישׂראל, 1978)

**זאַרעצקי, אײַזיק** — **גראַמאַטיק און אָרטאָגראַפֿיע.** ערשטער טייל. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1934. 100 זז׳ [נײַע אויפֿל׳ — דאָרטן, 1935, 1936, 1937, 1938; די 2 אויפֿל׳ פֿון 1940 (קאָוונע, קיִעווע־לוואָוו) מיט חיים לויצקער]: ... צווייטער טייל. דריטע אויפֿלאַגע.

דאָרטן, 1935. 132 [3] זז׳ [נײַע אויפֿל׳ — דאָרטן, 1936, 1937, 1938]. — רעד׳ פֿון **סינטאַקסישער אופֿגאַבער פֿאַר שולן פֿון העכערן טיפּ.** מאָסקווע־מינסק, צענטרפֿאַרלאַג, 1931. 165 זז׳.

**זאַרעצקי, הינדע** — (יולי 14, 1899 —) — **דער פֿערטער ניגון.** נ״י, 1960. 256 זז׳; **און ער האָט געזונגען.** נ״י, 1968. 177 זז׳; **דער אויסגעחלומטער ניגון.** נ״י, 1973. 128 זז׳; **צו די ברעגן פֿון תּל־אָבֿיבֿ.** נ״י, ברידער שולזינגער, 1979. 64 זז׳.

**זאַרעצקי, מרדכי** — די **קלייניקע חכמים** איז אַ בוך פֿון וו. לונקעוויטש (ב׳ 3).

**זוהר, יצחק — (סאָטשעווע, אוקראַיִנע, יאַנ׳ 31, 1906 —) — געלערנט אין חדרים און בײַם שטאָטישן רבֿ. געווען מיט די איבערגעשיקטע קיין טראַנסניסטריע. נאָך דער מילחמה געלעבט אין פֿראַנקרײַך. אין בוכפֿאָרעם: **מוזיקאַלישע דראַמעס.** פּאַריז 2 בב׳; אין העברעיִש: **בריבֿ אַחים נפֿלה יהודה און בחוצות ירושלים** (2 בב׳, 1982). געבליבן אין כּתבֿ־יד די דראַמעס: **דרײַ קידושין פֿינגערלעך, מאָטל דער יורד, קיבוץ חלומות, משה העס א״אַ.**

ע.ל.

**זויבערבלאַט, י.** — ( — ) — מחבר פֿון **דיא אשת איש**, איין אינטערעסאַנטער ראָמאַן אין צווייא טהייל. וואַרשאָ, בדפוס האַחים שולדבערג, תּרנ״ה [געזען נאָר ערשטן טייל, 128 זז׳].

**זינגלער, דוד** — (— סאַסאָוו, פּוילן, זומער 1932)

**זינגלער, משה** — (— תּ״א, מיטן מערץ, 1985) — דער מאַנוסקריפּט פֿון **די קייזערלעכע די נאַסטיע** איז פֿאַרברענט געוואָרן אין אַ וואַרשעווער דרוקערײַ סוף 1939. נאָך 1945 געשריבן אַ סך אַרטיקלען אין צײַטונגען פֿון ישׂראל און די תּפֿוצות, באַזונדערס אין **אונזער וואָרט** (פּאַריז) און ט״צ **הײַנט** (מאָנטעווידעאָ), ווו פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סעריע פֿון 32 אַרטיקלען וועגן ירושלים א״ט **פֿון דוד המלך ביז דוד בן־גוריון.** אין בוכפֿאָרעם: **טיפֿע וואָרצלען פֿון סאַסאָוו ביז ירושלים.** ירושלים, תּשמ״א. 439 זז׳.

**זיגעל, דוד** — (— אָקט׳ 4, 1892 — חיפֿה, אַפּריל 23, 1962)

**זיגעלבוים פּײַוול־לייב** — **די אוהאַמאַס.** ראָמאַן פֿון דרום־אַפֿריקע. [תּ״א] פּרץ [1971]. 220 זז׳; **דער כּוח צו שטאַרבן.** מישפּחה־בוך. דאָרטן, 1976. 379 זז׳; **משיח פֿון רמלה.** תּ״א, קיום, 1980. 230 זז׳.

**זיגעלבוים, ראובֿן — (קראַסניסטאָוו, פּוילן, יאַנ׳ 30, 1913 —) ערשטע קינדער־יאָרן אין כעלם, שפּעטער אין וואַרשע. געשפּילט אין וואַרשעווער „יונג־טעאַטער״ און ביאַליסטאָקער מלוכה־טעאַטער (1939). צווייטע וועלט־מילחמה איבערגעלעבט אין סאָוועט־רוסלאַנד. 1945 געקומען קיין ארץ־ישׂראל און פֿון 1953 אין יאָהאַנעסבורג. פֿון דעמאָלט פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען און אַרטיקלען אויף ליטעראַרישע טעמעס אין **דרום־אַפֿריקע**, ווו ער איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער, **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג** און פֿון צײַט צו צײַט אין **אונזער וואָרט** (פּאַריז), **פֿאָרויס** (מעקסיקע), **היימיש.** (תּ״א).

**זיוו, יב״א** — שטעטל: שאַט. קאָרעקט: טעלזער (ניט טילזיטער) ישיבֿה.

**זיטנער, שלמה** — פֿון 1969 אין בת־ים. — **די משפּחה און אַנדערע דערציילונגען.** תּ״א, נײַ לעבן, 1969. 253 זז׳; **צווישן ווענט און אַנדערע דערציילונגען.** דאָרטן, 1974. 208 זז׳.

זײַדמאַן, הלל — די סדרה פֿון דער וואָך. נ״י, בעל האַרבאַר פּאָבל. , 1965 —

**זײַדמאַן, חיים — (האַרלוי, רומעניע, סעפּט׳ 26, 1898 —) — פֿון 1920 בוכהאַלטער אין בוקאַרעשט. נאָכן צווייטן וועלטקריג איינער פֿון די גרינדערס פֿון „איקוף״. פֿון 1964 רעד׳ פֿון ייִדיש־אָפּטייל פֿון בוקאַרעשטער דרײַ־שפּראַכיקער צײַטשריפֿט. 1970 זיך באַזעצט אין ירושלים. ז׳ס 1957 איבערגעזעצטע נאָוועלן פֿון פּרצן אויף רומעניש זײַנען אַרויס אָן זײַן נאָמען אין 1974, ווען ער איז שוין געווען אין ישׂראל. אין בוכפֿאָרעם: דער חוב פֿון זכּרון. מײַן מאָלדעווויש שטעטל האַרלוי. מיט הקדמה פֿון ד. סדן. ירושלים, 1982. 398 [2] ז׳.

י.קאָ.

**זײַדמאַן, י. — ( ) — מחבר פֿון לידער. באָסטאָן [—192]. 16 ז׳; לידער. דאָרטן [—194]. 15 ז׳.

זייפֿערט, משה — קאָרעקטער טיטל: אַהבֿה בתּענוגים. (ב׳ 3).

זילבערבערג, ישׂראל — (— פּיערלייַן, ניו־דזשוירזי, אָקט׳ 15, 1981) — רעד׳ [מיט י. מאַרק] אַנטאָלאָגיע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור פֿאַר יוגנט. נ״י, קולטור־קאָנגרעס, 1969—1976. 2 טײלן [טייל I, אויפֿל׳ 2 — 1974; טייל 2 — פֿון חיים בעז]. — דענעמאַרק. דענישע און דעניש־ייִדישע פּער־זענלעכקייטן. ת״א, המנורה, 1967. 175 ז׳; מענטש און פֿאָלק. דאָרטן, 1967. 501 ז׳.

**זילבערבערג, מיכאל — (— לאָנדאָן, אָקט׳ 23, 1971) — דורכגעמאַכט וואַרשעווער געטאָ. אַרום 1947 עמיגרירט קיין לאָנדאָן, וווּ געווען לעקטאָר איבער ייִדישער געשיכטע און ליטעראַטור. געשריבן זשורנאַליסטישע אַרטיקלען אין לשון און לעבן (לאָנדאָן), פֿאָרווערטס (נ״י), וווּ אָפּגעדרוקט אַ טאָגבוך וועגן לעבן און לײַדן פֿון ייִדן אין פּוילן. אַרויס אין ענגליש א״ט *A Warsaw Diary 1939-1945* (London, 1969), ווי אויך אין העברעיִש און האָלענדיש. צוזאַמען מיט מ. צאַנין צוגעגרייט צום דרוק בריוו פֿון שלום אַש. בת־ים, 1980.

זילבערבערג, נפֿתּלי — (דעצ׳ 4, 1896 —) — דער רעגן־בויגן פֿון אַ זשורנאַליסט, טאָג־אײַן טאָג־אויס. פּאַריז, 1978. 509 ז׳. איבערגעז׳ אויף ייִדיש פֿלאָריאַן סאָקאָלאָווס מײַן פֿאָטער (ת״א, 1972).

זילבערבערג, צבֿי — (— ת״א, מערץ 6, 1971) — געאַרבעט אין ט״צ הבוקר (ת״א). מיטרעד׳ פֿון פּוילישן נאָוויני קוריער (ת״א).

**זילבערבערג, רות — (האָראָדענקע, פּוילן, אָקט׳ 12, 1910 —) — שטודירט פֿאַרמאַציע אין לעמבערגער אוניווערסיטעט. געאַרבעט ווי פֿאַרמאַצעווט אין פֿאַביאַניץ (פּוילן). בעתן צווייטן וועלטקריג אין לאָדזשער געטאָ, דערנאָך אין אוישוויץ. פֿון 1949 אין מאָנטרעאָל. אין בוכפֿאָרעם: לאָמיר זינגען ייִדיש [לידער, דראַמקעס]. מאָנטרעאָל, 1984. 153 ז׳ [מאַשינשריפֿט, נאָטן].

זילבערט, מאָריס — (נאָוואָגראַד, 1885 —) — בן־הרבֿ. 1904 עמיגרירט קיין אַמעריקע. תּחילת בונדיסט, שפּעטער פּוע״צ. רעדאַקציע־מיטאַרבעטער פֿון שיקאַגער קוריער.

זילבערמאַן, חיים — (אויג׳ 6, 1907 —1974?) — ברויט געזאַלצנס. דערציילונג. כאַרקאָוו, ליטעראַטור און קונסט, 1932. 93 [1] ז׳; די

**קאָמעטע**. ראָמאַן. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1976. 230 [1] זז'. ז'ס **דער אויפשטאַנד אין אונטערערד** איז 1967 אַרויס אין רוסיש.

**זילבערצווייַג, זלמן** — (— ל"אַ, יולי 25, 1972) — **לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער**. נ"י, אַלישבֿע, 1931—1969. 6 בב'; **האַנטבוך פון יידישן טעאַטער**. מעקסיקע, 1970. 195 זז'. איבערגעז' י. א. פּרעדראַ, **דאָקטאָר רובינשטיין**. פּעטריקאָוו.

**זילבערשטיין, אָשר** — (— ל"אַ, יאַנ' 17, 1973)

**זילבערשטיין, י. — (   ) — מחבר פון **ווער איז אַ אמת'ער יוד?** אָדעס 1911. 16 זז'; **אַ נבֿיא גלייך ווי משה**. אָדעסאַ, 1911. 16 זז'.

**זילבערשטיין, יעקבֿ־הערש** — (— ווינ־פּעג, אַפּריל 19, 1977)

**זימאַן, הענריק — (דאָרף קורדימקסטיי, ליטע, 1910 — ווילנע, יולי 15, 1985) — געענדיקט ביאַלאָגישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט. 1930—1940 לערער אין ווילקאָמירער און קאָוונער יידישע גימנאַזיעס. זינט 1933 אַקטיוו קאָמוניסטיש. רעד' קאָוונער **עמעס**. געשריבן אין **סאָוועטיש היימלאַנד**. אין בוכפאָרעם: **די סאָוועטישע יידן — פּאַטריאָטן פון זייער סאָציאַליסטיש היימלאַנד**. מאָסקווע, סאָוועטיש היימלאַנד, 1984. 62 [1] זז'.

**זימילעס, שלמה — (1896 —) — מחבר פון **די זון אונטער וואָלקנס**. ת"א, אור [1976]. 110 זז' — לידער און צייטנאָטיצן.

**זימלין, לוי־ראובֿן — (   ) — מחבר פון **בין הזמנים**. וואַרשע, 1904 [וועגן מלמדים אין שטעטל].

**זינגער, בערנאַרד** — (— לאָנדאָן, יוני 29, 1966)

**זינגער, יהושע** — (— טאָראָנטאָ, סעפּט' 16, 1952)

**זינגער, יעקבֿ** — (— ל"אַ, מיי 9, 1963) — **דראַמאַטישע שריפטן**. ת"א, פּרץ, 1960 [פּאַגינאַציע פאַרשיידן]; **דער יונגער דזשייקאָבס**. ראָמאַן. ת"א, המנורה, 1963. 513 זז'.

**זינגער, ישׂראל־יהושע** — **שטאָל און אייַזן**. ראָמאַן. נ"י, מתנות, 1964. 268 זז'.

**זינגער, לעוו** — **דאָס אויפגעריכטע פאָלק** (די סאָציאַל־עקאָנאָמישע איבערגעשטאַלטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אינ פסר). מאָסקווע, עמעס, 1948. 80 זז'.

**זינגער, מענדל** — (— חיפה, סעפּט' 10, 1976)

**זינגער, שמואל־דוד** — (— נ"י, נאָוו' 20, 1973)

**זיסמאַן, טאַניע — (אָדעס, אַפּריל 30, 1897 — פּאַריז, יאַנ' 8, 1983) — דיכטערין. געענדיקט רוסישע גימנאַזיע. זיך געלערנט מוזיק. 1922 אויסגעוואַנדערט קיין רומעניע און זיך באַזעצט אין

בריטשעווע. געלעבט פֿון געבן פּיאַנאָ־לעקציעס. 1924 עמיגרירט קיין פּאַריז. געשריבן לידער פֿריִער, אָבער אָנגעהויבן זיי דרוקן ערשט פֿון 1953 אין **פּאַריזער צײַטשריפֿט, נײַע פּרעסע, אונזער אייניקייט, אונזער קיום** — פּאַריז; **יידישע קולטור** (נ״י), **גאָלדענע קייט** (ת״א), **פּאַריזער העפֿטן**. געשריבן אויך אַרטיקלען וועגן קונסט און ביכער־קריטיק. — אין בוכפֿאָרעם: **לידער**. פּאַריז, 1961—1977. 2 טיילן. וועגן ערשטן באַנד לידער שרײַבט י. גלאַטשטיין: „אין אירע אײַנגעגעבענע לידער פֿאַרמאָגט זי אַ פּערזענלעכן טאָן און אַפֿילו אַ פֿאַרנעם, וואָס גייט אַריבער דעם שמאָלן קאָקעטישן טאָן פֿון די דורכשניט פֿרויען־לידער אין אונדזער פּאָעזיע״.

ר. קאָפּע, אונזער וואָרט, פּאַריז, סעפּט׳ 10, 1977; יהודית קאַלמאַן, נײַע פּרעסע, פּאַריז, אָקט׳ 15, 1977; י. גלאַטשטיין, פּראָסט און פּשוט, נ״י, 1978. זז׳׳ 271־277. ר. קאָפּע, אינטים מיטן בוך, 2. פּאַריז, 1983. זז׳ 115־120.

**זיפּער, יעקבֿ** — (— אַפּריל 15, 1983) — רעד׳ **פּנקס טישיוויץ**. ת״א, 1970. 324 זז׳ און [מיט ח. שפּילבערג] **קאַנאַדער יידישער זאַמלבוך**. מאָנטרעאָל, 1982. 499, 172 (ענגליש) זז׳. ווערק: **צווישן טײַכן און וואַסערן**. מאָנטרעאָל, 1961. 428 זז׳; **איך בין ווידער אין מײַן חרובֿער היים געקומען**. דאָרטן, תשכ״ו. 80 זז׳; **אין די געצעלטן פֿון אַבֿרהם**. דאָרטן, 1973. 156 זז׳; **פֿון נעכטן און הײַנט**. דאָרטן, 1978. 347 זז׳; **אַרײַנבליקן אין ייִדיש־ליטעראַרישן שאַפֿן**. דאָרטן, 1983. 329 זז׳.

**זלאָטניק, ישעיה** — (זשיכלין, פּוילן, מײַ 20, 1893 — מערץ 21, 1943)

גנזים, ת״א, תשל״ג: 81, ע׳ 479.

**זעווין, שלמה־יוסף** — (— ירושלים, פֿעב׳ 27, 1978)

**זעלדאָוו, משה** — **וואָס מישעל דערציילט**. פּאַריז, אויפֿסנײַ, 1960. 124 זז׳.

**זעלדין, יאַשע** — — **קאָלווירטישע בינע** [אײנאַקטערס] מאָסקווע, עמעס, 1932. 23 [1] זז׳ [מיט א. גאָרדאָן]; **צו אונדזערע פֿרײַנט וועגג אונדזערע פֿײַנט**. פּלאַקאַט צו די וואַלן [לידער]. דאָרטן, 1939. 14 זז׳; **יאַם־לידער**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1973. 92 זז׳. — פֿאַרטראָטן אין **דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, פֿאַר דער בינע, פֿאַרן היימלאַנד אין שלאַכט!** [דאָס איז אַ זמ״ב, ניט ז׳ס אַ בוך.]

****זעלווין, ל.** — ( — ) — פֿאָלקסדיכטער. ז׳ס לידער געפֿינען זיך אין די זאַמלונגען **די רויטע פֿאָהן** (לאָנדאָן, אויג׳ 1903) **פֿרײַהייט** (זשענעוו, דעצ׳ 1905), **די פֿרײַע האַרפֿע** (ווילנע, 1907). איין מאָל א״נ ל. לעווין. ביאָגראַפֿישע פּרטים ניט באַקאַנט.

א. פֿאָרשער [י. מלאָטעק], פֿאָרווערטס, נ״י, נאָוו׳ 17, 1974.

**זעלטשען, שמעון־מרדכי** — (— וויניפּעג, דעצ׳ 29, 1960)

****זעליטש, יהודה** — (וויטעקע, ווײַסרוסלאַנד, 1892 — פֿילאַדעלפֿיע, אָקט׳ 1, 1973) — אָריגינעלער נאָמען — זעליטשענקאָ. געלערנט אין חדר. 1913 עמיגרירט קיין פֿילאַדעלפֿיע. 1927 גראַדויִרט ווי אַן אַדוואָקאַט פֿון פּענסילווייניע־אוניווערסיטעט. זינט 1913 געשריבן אַרטיקלען אין **טאָג, גרויסער קונדס** א״אַ יידישע אויסג׳ אין נ״י. צוואַנציק יאָר פֿאַרעפֿנטלעכט שאַרפֿע פּאָלעמישע אַרטיקלען איבער קולטור־פּאָליטישע טעמעס אין **אויפֿן שוועל** (נ״י) א״פּ א. ראַסקין. אַקטיוו אין דער פֿרײַלאַנד־באַוועגונג. אַרויסגעגעבן *Soviet Administration of Criminal Law* (1931).

ידיעות פֿון ייִוואָ, נ״י, האַרבסט 1973.

**זעלמאַנאָווסקי, פּרץ — (בריסק דליטאָ, סעפּט' 10, 1897 — פּאַלאַנגע, ליטע, יוני 22, 1970) — זשורנאַליסט. באַקומען רעליגיעזן חינוך, שפּעטער שטודירט יוריספּרודענץ. בעתן בירגערקריג אין רוסלאַנד געלעבט אין מאָסקווע, פֿון 1924 אין סווערדלאָווסק, וווּ געווען לעקטאָר אין אַ הויכשול. — לאַנגע יאָרן קאָרעספּאָנדענט פֿון **עמעס**, שפּעטער אויך פֿון **אייניקייט** — מאָסקווע. באַשריבן אין דער יידישער פּרעסע זײַנע באַגעגענישן מיט באַרימטע פּערזענלעכקייטן: ח. נ. ביאַליק, שלום אַש, ש. אַנ־סקי, פּרץ מאַרקיש, דוד האָפֿשטיין, דער נסתּר א"אַ. פֿאַרעפֿנטלעכט עטלעכע בראָשורן אין רוסיש (וועגן ווירטשאַפֿטלעכע ענײַנים).

י. ליובאָמירסקי, מאָרגן פֿרייַהייט, נ"י, סעפּט' 25, 1967.

**זעלצער, חיים — (קעשענעוו, אויג' 2, 1913 —) — געלערנט אין חדר, דערנאָך אין העברעיִשער גימנאַזיע. פֿאַרענדיקט קעשענעווער קונסטשול און שטודירט מאָלערײַ אין בוקאַרעשטער קונסט־אַקאַדעמיע. אַקטיוו אין לינקע קרײַזן. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועט־רוסלאַנד. פֿון 1948 אין טשערנאָוויץ און 1973 עולה געווען קיין ישׂראל, וווּ געווען לערער. — דעביוטירט מיט לידער אין **אָנזאָג** (קעשענעוו, 1931). שפּעטער געשריבן אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע), **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע), **נײַע פּרעסע** (פּאַריז), **יידישקייט** (לאָנדאָן), **דרום־אַפֿריקע** (יאָהאַנעסבורג), **גאָלדענע קייט**, **בײַ זיך**, **לעצטע נײַעס** א"אַ ישׂראל־יידישע אויסג'. פֿאַרטראַכטן אין אַנטאָלאָגיע **ערבֿות ברוח** (ת"א, 1981). געשריבן אויך אין רוסיש. — אין בוכפֿאָרעם לידער און באַלאַדן: **דו און רוינען**. ת"א, המנורה, 1975. 174 [2] זז'; **פֿון היימישן ברונעם**. ת"א, ישׂראל־בוך, 1976. 153 [7] זז'; **אין גרינעם טאָל**. ת"א, פּרץ, 1978. 153 [5] זז'; **שאָטנס אין מדבר**. ת"א, ישׂראל־בוך, 1979. 123 [5] זז'; **זיבן פֿון איין שיף**. דאָרטן, 1982. 93 [3] זז'. האָט פֿאַרעפֿנטלעכט פֿאָלקישע באַלאַדן אויף דער טעמע פֿון כעלמער מעשׂיות. — „חיים זעלצער האָט זיך ממש בין־לילה אַנטפּלעקט פֿאַר אונדז ווי אַ קרעפֿטיקער אידיאָמאַטיש־שטייגערישער דיכטער, וועלכער שעפּט פֿון די מַים־חיימדיקע פֿאָלקסקוואַלן." (י. יאַקיר).

ש. קאַנץ, בײַ זיך, ת"א, 1975: 5; י. צ. שאַרגעל, פֿון אָנהויב אָן. ת"א, 1977. זז' 239־244; נ. גריס, אויפֿן שוועל, נ"י, יאַנ'־מערץ 1980; י. ח. בילצקי, בקהל חכמים — אני, אתה וחלם. ת"א, 1981. ע' 24־27, 134־135 א"אַ. [זע 537].

**זעמבאָ, אַבֿרהם — (— נ"י, 1971).

**זעצער, שמואל־צבֿי — (זוויהיל, וואָלין, אָקט' 1876 — חולון, אָקט' 14, 1962) — געלערנט אין חדר און בית־מדרש. געווען פּריוואַט־לערער אין זשיטאָמיר, שפּעטער אַריבער קיין וואַרשע. ציוניסטיש אַקטיוו. 1912 עמיגרירט קיין אַמעריקע. 1961 זיך באַזעצט אין חולון. — דעביוטירט מיט אַ סעריע עסייען איבער דער העברעיִשער און אַלגעמיינער ליטעראַטור אין ד. פֿרישמאַנס **הדור**. לאַנגע יאָרן מיטאַרבעטער אין נ. סאָקאָלאָווס **הצפֿירה**. אין נ"י אַרויסגעגעבן **התּחיה** (1913־1914) און די העפֿטן **אהלים** (1942—1951, 16 נומ'). בכלל געשריבן אַ סך העברעיִש, אָבער נאָך מערער אויף יידיש: אין **דיא יודישע צוקונפֿט** (לאָנדאָן—נ"י, 1904־1905), **דיא יודישע פֿאַמיליע** (לאָנדאָן, 1927), **דער וועג**, **טעלעגראַף**, **דאָס יודישע פֿאָלק**, **אונזער לעבען**, **הײַנט** — וואַרשע, פֿון סוף צוואַנציקער יאָרן מיטגעאַרבעט פּעריאָדיש אין **מ"זש** (נ"י). אין נ"י אַרויסגעגעבן **דאָס וואָרט**, „אַ זשורנאַל פֿון אידישען אינהאַלט און אידישען טאָן". (דעצ' 7, 1921 — אָנהייב 1925. תּחילת אַ וו"בל, פֿון 1922 — אַ חודשניק). פֿון 1934 אַרויסגעגעבן **וואָרט־ביבליאָטעק** — גאַנצע 175 נומערן. אויסער אַרטיקלען איבער יידישקייט, העברעיִשע און יידישע שרײַבערס און ליטעראַטור, האָט ז' דאָרטן געדרוקט קאַפּיטלען פֿון זײַן **זוהר־**איבערזעצונג — דער ערשטער פּרוּוו צו געבן אויף יידיש אַ וועריטלעכע איבערז' פֿון דעם גרונטווערק פֿון קבלה. געשריבן פּובליציסטישע און ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען, פֿעליעטאָנען, שטודיעס איבער יידישער געשיכטע, חסידות, ביאָגראַפֿיעס פֿון יידישע גדולים און אַ ריי איבערזעצונגען אויף יידיש. — אין

בוכפֿאָרעם: **אבן עזרא** (ביאָגראַפֿיע). וואַרשע, ביכער פֿאַר אַלע; **יהודה הלוי** [אָ״י]. 9 [1] זז׳; **ר׳ יהודה הלוי; לאַסאַל.** וואַרשע, ביכער פֿאַר אַלע, 1907. 77 זז׳; **ר׳ ישׂראל בעל־שם־טובֿ.** זײַן לעבען, לעהרע און ווירקען [נ״י, 1919]. 2 בב׳ אין 1. „פֿינפֿטע אויפֿלאַגע״; **צו דער ענטשטעהונג פֿון קריסטענטום.** נ״י, 1922. 220 זז׳; **פֿיגורן.** עסייען. נ״י, פֿײַערבערג, תּרפּ״ח. 211 זז׳; **די נסיעה פֿון רבי נחמן בראַסלאַווער קיין ארץ־ישׂראל,** לויט דעם **שבֿחי הר״ן.** נ״י, דאָרטן, תּרפּ״ח. 128 זז׳; **מדת הרחמים.** פֿראַגמענטען איבער אידישער עטיק לויט תּלמוד, מדרש, רמב״ם און זוהר. דאָרטן, 1928. 107 זז׳; **ספּורי מעשׂיות.** וואונדער מעשׂיות פֿון רבי נחמן בראַסלאַווער ... לויט פֿאַרשיידענע טעקסטען אין העברעאיש און אידיש... דאָרטן, תּרפּ״ט. 342 [2] זז׳; **די וויכטיקסטע פֿיגורן און מאָמענטן אין דער יידישער געשיכטע.** נ״י, וואָרט־ביבליאָטעק, 1941—1954. 6 בב׳. — איבערזעצונגען: יהודה שטיינבערג, **חסידישע מעשׂה׳ליך און ערצעהלונגען.** וואַרשע, ב. שימין, 1910. 105, 72, XVIII זז׳; **אויסגעוועהלטע שריפֿטען פֿון אחד־העם.** וואַרשע, 1911 (אַרויס נאָר 1 ב׳); **דאָן קיכאָט** פֿון סערוואַנטעס (געקירצט, נאָר 1 ב׳); מאַפּאַסאַנס **ערצעהלונגען; מדרש רבה** אויף חמשה חומשי תּורה. נ״י, 1953.

**זרובבֿל, יעקבֿ** — (— תּ״א, יוני 2, 1967) — **25 יאָר פּועלי ציון וועלט־פֿאַרבאַנד.** שיקאַגע, 1933. 31 זז׳; **עלי חיים** (תּ״א, 1960), איבערזעצונג פֿון ז׳ס **בלעטער פֿון אַ לעבן; אין טעג פֿון מלחמה און רעוואָלוציע.** תּ״א, פּרץ, 1966 357 זז׳; **געשטאַלטן.** דאָרטן, 1967. 461 זז׳. צו ז׳ס 75 יאָר אַרויס **ספֿר זרובבֿל** (תּ״א, 1967).

**זרחי, ישעיה — (ווילקאָמיר, ליטע, יוני 4, 1903 —) — אָריגינעלער נאָמען — זאַרקין. געענדיקט יידישע גימנאַזיע אין ווילקאָמיר. פֿון 1920 אין קאַנאַדע — מאָנטרעאָל, טאָראָנטאָ, וואַנקוווער. אַקטיוו אין די יידיש־לינקע קרײַזן און געשריבן אין זייער פּרעסע: **דער קאַמף, דער וועג, וואָכנבלאַט** (אַלע טאָראָנטאָ) א״אַ. אין בוכפֿאָרעם: **זכרונות — די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין ליטע און קאַנאַדע.** באַנד 1: אין דער אַלטער היים. טאָראָנטאָ, וואָכנבלאַט, 1973. 181 [7] זז׳.

**זשיווו, י.** — **עקאָנאָמישע געאָגראַפֿיע.** כרעסטאָמאַטיע. ערשטער טייל. מאָסקווע. צענטרפֿאַרלאַג, 1928. 258 זז׳ [מיט א. בראַכמאַן].

**זשיטלאָווסקי, חיים** — קאָרעקט (ב׳ 3, שפּאַלט 687): הלאמיים ומתנגדיהם.

נ. מײַזיל, ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, צו זײַן הונדערטסטן געבוירן־יאָר. נ״י, 1965. 127 זז׳.

**זשיטניצקי, ל.** — (— ב״א יאַנ׳ 24, 1967)

**זשיכלינסקי, רייזל** — **שווײַגנדיקע טירן.** לידער [נ״י] 1962. 191 זז׳; **די נאָוועמבער־זון** [נ״י] 1977. 103 זז׳.

**זשיץ, ג. — ( — ) — 1935—1937 הויפּט־רעדאַקטאָר פֿון **דער שטערן** (כאַרקאָוו). ביבליאָגראַפֿירט **די יידישע ביכער־פּראָדוקציע פֿון אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג,** אין **סאָוועטישע ליטעראַטור** (קיִעוו, 1940:4).

**זשעלעניעץ, יואל** — (— מאָנטעווידעאָ, מײַ 3, 1985)

# ח

**חאָמסקי, יצחק** — (— נ״י, יולי 4, 1984)

**חדש, ישׂראל** — (— מערץ 12, 1941 — ת״א, יולי 4, 1972) — געלערנט אין דער ייִדישער גימנאַזיע אין אוטיאַן, ליטע. טעטיק בײַ די אומלעגאַלע לינקע פוע״צ. אַנטלאָפֿן קיין פּוילן, געלעבט אין וואַרשע און 1936 עולה געווען קיין ישׂראל. 1946 געגרינדעט דעם פֿאַרלאַג „נײַ לעבן״. אָפּקלײַב פֿון ח׳ס אַרטיקלען און אָפּשאַצונגען וועגן אים אין **אָנדענק־בוך פֿון ישׂראל חדש ז״ל**. (ת״א, 1973. 263 זז׳).

**חורגין, גרשון** — (— נ״י, אַפּריל 11, 1978)

**חזן** — זע אויך: כאַזאַן.

**חייט, אַהרן** — ווערק: **ישׂראל, פֿאָלק און לאַנד פֿון לעגענדאַרן אמת** (אײַנדרוקן פֿון אַ באַזוך). נ״י, 1968. 100 זז׳; **פֿון כל טוב**. אָפּקלײַב פֿון געדרוקטן וואָרט, אין שורה און פֿערז... [נ״י, 1970]. 5, 102 זז׳; **קריינדעלע**. דער גורל׳דיקער יאָר. צײַטלעכער ראָמאַן וועגן געראַנגל פֿון דעם רוסישן אידנטום פֿאַר פֿרײַער עליה צו מדינת ישׂראל. ת״א, 1978. ח׳, 140 זז׳. — [חייט אַהרן און חייט א. זײַנען איין מענטש (ב׳ 3)].

**חיימסאָן, מלכה** — איבערזעצונגען: ס. מעטש, **מײַן רײַזע צום וואַסערפֿאַל ניאַגראַ**. ווילנע, 1927. 14 זז׳; **די דיסטל**. ווילנע, 1928. 24 זז׳.

**חיימסקי, משה** — זע: כאַימסקי, משה (ב׳ 4).

**חיין, לייבל** — (— חיפֿה, יולי 10, 1974) — אָריגינעלער נאָמען — שמעון־ראובֿן וואָראָבייטשיק. ווערק: **גאַנג**. ארץ־ישׂראל, מדינת ישׂראל, עמך ישׂראל. ת״א, פּרץ, 1962 251 זז׳; **באַצאָלט**. דערציילונגען. דאָרטן, 1966. 256 זז׳; **אָנגעגליטע ערד**. דערציילונגען. דאָרטן, 1970. 337 זז׳; **אין טיגל**. ראָמאַן פֿון ישׂראל־לעבן. דאָרטן, 1974. 271 זז׳.

**חיניץ** — זע אויך: כיניץ.

**חיניץ, נחום** — (— אַפּריל, 24, 1981)

**חכם, משה** — (— נ״י, סעפּט׳ 24, 1964)

**חמיץ, מענדל** — (— נ״י,1965)

**חסיד, מרדכי** — **דורות שרײַען מיך אַריבער**. מאָנטרעאָל, 1969. 141 זז׳; **אַ שאָטן טראָגט מײַן קרוין**. דאָרטן, 1975. 149 [2] זז׳.

**חפֿץ, וולאַדימיר** — (— נ״י, אַרום יוני 1970)

**חפֿץ, לייב** — (— אַבֿיחיל, ישׂראל, פֿעב׳ 23, 1977)

**חפֿץ־טוזמאַן, מלכה** — **שאָטנס פֿון געדענקען**. לידער. ת״א, המנורה, 1965. 90 זז׳; **בלעטלעך פֿאַלן ניט**. לידער. ת״א, ישׂראל־בוך, 1972. 76 זז׳; **אונטער דײַן צייכן**. לידער. דאָרטן, 1974. 115 זז׳; **הײַנט איז אייביק**. לידער. דאָרטן, 1977. 147 זז׳.

**חרטינער, מאיר** — (— ירושלים, יולי 18, 1972)

****חריף־אָסטרי, יוסף** — (דאָרף פּעט־קאָוויצע, פּוילן, 1901 — קיבוץ צרעה, פֿעב׳ 11, 1980) — מיט מישפּחה אַריבער קיין סאָסנאָוויץ, ווו באַקומען יידישע און אַלגעמיינע דערציִונג. 1934 עולה געווען קיין ישׂראל, זיך באַזעצט אין ירושלים, שפּעטער אין קיבוץ צרעה. אַקטיוו אין לינקע פּוע״צ. — געשריבן מיניאַטורן און רעפּאָרטאַזשן אין **נײַוועלט** א״א ישׂראל־אויסג׳. אין בוכפֿאָרעם: **אויף ראַנדן פֿון טעג.** מיניאַטורן. ת״א, פּרץ, 1969. 431 זז׳; **ירושלים נאָענט און ווײַט.** מיניאַטורן. דאָרטן, 1982. 244 זז׳.

י. עמיאָט, פֿאָרווערטס, נ״י, יאַנ׳ 17, 1971; א. לוסטיגמאַן, ישׂראל־שטימע, ת״א, מערץ 19, 1980; ז. טאַבאַכאָוויטש, דרום־אַפֿריקע, מערץ־אַפּריל 1980; ש. שווייצער, שורות פּועלי־ציון. ת״א, 1981. 571־573 זז״.

**חרמיץ, אלקנה** — **קאַשמאַרן.** זכרונות פֿון די אַמאָליקע יאָרן, 1939—1945. סאַן־פּאולאָ, נײַער מאָמענט, 1975. 326 זז׳. פֿאַרטראַטן אין ש. ראָזשאַנסקיס **קאַצעטלערס אין דער יידישער ליטעראַטור** (ב״אַ, 1982).

ש. קאַנץ, לעצטע נײַעס, ת״א, יוני 11, 1976; י. שמולעוויטש, אונזער וואָרט, פּאַריז, אויג׳ 19, 1976; ב. פֿרענקעל, אונזער שטימע, פּאַריז, דעצ׳ 1976; ז. א. בערביטשעס, דער וועג, מעקסיקע, פֿעב׳ 17, 1978; ל. שאַליט, אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג, יאָהאַנעסבורג, מײַ 16, 1980.

**חריץ, מאיר** — זע: כאַראַץ, מאיר.

# ט

**טאַבאַטשינסקי, בנימין** — (— נ״י, אויג׳ 6, 1967)

**טאַבאַטשניק, אַבֿרהם־בער** — (— נ״י, יוני 13, 1970) — **דער מענטש אין חלום** [וועגן מ. שטיקער]. נ״י, 1962. 46 זז׳; **דיכטער און דיכטונג** [עסייען]. נ״י, 1965. 511 זז׳.

**טאַבאַטשניק, דוד** — (אויג׳ 12, 1909 —) — זינט 1929 אין פּתח־תּקוה.

***טאַבאַטשניק, מענדל** — (— יאָהאַנעס־בורג, נאָוו׳ 20, 1975) — **מענטש און זײַן אַרום.** לידער און פּאָעמעס. יאָהאַנעסבורג, קאַיאָר, 1963. 340 זז׳; **אין שפּעטע שעהן** [לידער]. דאָרטן, 1965. 170 זז׳; **איך לאַך מיט אײַך צו 70.** דאָרטן [1965]. 237 זז׳; **קלמן בולאָן.** ראָמאַן פֿון יידישן לעבן. דאָרטן, 1968—1970. 3 בב׳; **שטאַפּלען אין מײַן לעבנס־וועג.** זיכרונות. דאָרטן [1973]. 2 בב׳.

***טאַבאַטשניקאָוו, כאַסקל** — (באָסלעוו, אוקראַיִנע, יוני 26, 1913 —) — דרוקט זיך אין **סאָוועטיש היימלאַנד.** — ווערק: **אַ שטעטל באַם דניעפּער** [דערציילונגען]. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקר־מעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1930. 207 [1] זז׳; **דער ערשטער שניי** [דערציילונגען]. קיִעוו, דאָרטן, 1939. 292 [2] זז׳; **באַרשעווער מאָטיוון.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1975. 412 זז׳. די שורות: „1919—1920 געדינט אין דער רויטער אַרמיי, אָנטייל גענומען אין סאָוועטיש־פּוילישן קריג״ (ב׳ 4) פֿאַלן אַרויס.

טאַבאַקמאַן, ישׂראל — (— נתניה, יאַנ׳ 1, 1983) — **אין בעלגיע אויף צו מאָרגנס נאָכן חורבן.** ת״א, רינגעלבלום־אינסטיטוט, 1969. 117 זז׳.

טאַבאַקשנײַדער, משה־יצחק — (— ב״אַ, נאָוו׳ 20, 1976)

**טאָביאַש, פּישל — (מישעניץ, פוילן, יולי 2, 1909 —) — זשורנאַליסט. עמיגרירט קיין אורוגווײַ אין 1935. פֿון 1935 מיטגעאַרבעט אין ט״צ **אונזער פֿרײַנט, אונזער לעבן, אינגאַנג** א״אַ לינקע אויסג׳ אין אורוגווײַ. פסעווד׳ — אַ גייער.

ש.ס.

טאָדרים, יצחק — אַנולירן, ניט געווען אַזאַ.

טאַלאַלײַ, לייב — פֿאַרטראָטן אין **באַפֿרײַטע בריִדער, סאָוועטישע ווײַסרוסלאַנד.**

טאַלאַלײַעווסקי, מאָטל — (מאָכנאַטשקי, אוקראַיִנע, 1908 — קיִעוו, סעפּט׳ 22, 1978) — קאָרעקטער בוכטיטל: **געסלעך און גאַסן** [לידער]. כאַרקאָוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1930. 188 זז׳. — **אין לעבן פֿאַרליבט.** לירישע לידער. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1978. 133 זז׳. פֿאַרעפֿנטלעכט עטלעכע ראָמאַנען אין **סאָוועטיש היימלאַנד: הייסע הערצער** (1970: 11־12); **געקניפּט און געבונדן** (1974: 11־12); **דער מאַמעס בוך** (1977: 3־5). באַטייליקט אין **היימלאַנד** (מאָסקווע, 1943). פֿאַרטראָטן אין **צום זיג, אַלמאַנאַך פֿון ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, ליטקאָמיוג, שלאַכטן, קאָמסאָ־מאָליע.**

טאָלמאַטש, חיים — (— מאָנטרעאָל, אויג׳ 27, 1971)

טאַלמי, לעאָן — (— אויג׳ 12, 1952, אומגעבראַכט) — פֿאַרטראָטן אין **בירעבידזשאַן.**

*טאַמבור, וואָלף — (אייבערעריִנע, רומעניע, מערץ 29, 1915 —) — געווען טעטיק אין פּועלי אַגודת־ישׂראל, שפּעטער אַריבער צו די לינקע. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועט־רוסלאַנד. געדרוקט דערציילונגען, לידער, איבערזעצונגען אין **ייִנג מאַראַמאָראָש, אונזער לעבן** — סיגעט, **איקוף־בלעטער, צײַטשריפֿט־כּתבֿ־עת** (בוקאַרעשט), **בוקאַרעשטער שריפֿטן** (אין לעצטע צוויי מיטרעד׳); **לעצטע נײַעס** (ת״א), **אונזער וואָרט** (פּאַריז), **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע) א״אַ. — ווערק: **מײַן היים.** דערציילונגען. סיגעט, 1940. 96 זז׳; **משה, אַ מעשׂה ווי אין חומש.** סיגעט, 1948. 32 זז׳; **מאַראַמאָרעשאַנער.** דערציילונגען. בוקאַרעשט, קריטעריאָן, 1975. 316 זז׳; **לעבעדיקע מתים.** דאָרטן, 1976. 304 זז׳; **ייִדיש־פּרעסע אין רומעניע.** דאָרטן, 1977 352 זז׳; **קרעלן פֿון טוי.** דערציילונגען און מיניאַטורן. דאָרטן, 1978. 343 זז׳; **האַרבסט מיט זון.** דאָרטן, 1980. 241 זז׳; **שיר המעלות** (טרעפּנגעזאַנג). ראָמאַן. דאָרטן 1982. 320 זז׳. **הערט אַ מעשׂה.** דערציילונגען. דאָרטן, 1985. 318 זז׳. פסעווד׳ — איש תם, בנימין ז. גאַנז, וו. זעליקאָוויטש, וו. זעליקסאָן.

ש. ביקל, רומעניע. ב״אַ, 1961. זז׳ 408־409; ש. שטערן, ייִדישע קולטור, נ״י, 1:1978; י. קאַראַ, גאָלדענע קייט, ת״א, 99:1979.

**טאָפּ, שמואל־חיים — (נאָווידוואָר, פּוילן, מערץ 7, 1904 —) — געלערנט אין חדר, רוסישער שול און פּוילישן לערער־סעמינאַר אין וואַרשע. פֿון 1918 טעטיק אין „בונד". בעת דער צווייטער וועלט־מילחמה אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. 1946 צוריק אין פּוילן און 1950 געקומען קיין ישׂראל. — 1930 דעביוטירט מיט אַ ליד אין **פֿאָלקס־צײַטונג** (וואַרשע). געדרוקט לידער און רעפּאָרטאַזשן אין **וואָכנשריפֿט פֿאַר ליטעראַטור און קונסט, פֿאָרויס, דאָס נײַע לעבן, פֿאָלקס־שטימע** — וואַרשע, **אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער** (ב״אַ), **אונזער שטימע,**

**אונזער וואָרט** — פּאַריז, **צוקונפֿט** (נ״י), **לעצטע נײַעס, בײַ זיך, גאָלדענע קייט** — ת״א, א״אַ. געדרוקט אויך אין פּויליש. פֿאַרטראַטן אין **אַלמאַנאַך פֿון די ייִדישע שרײַבער אין ישׂראל** (ת״א, 1967). — לידערביכער: **אין הויז פֿון חלומות**. ת״א, המנורה, 1967. 76 [2] זז׳; **באַשערטקייט**. ת״א, פּרץ, 1978. 94 [2] זז׳; **שטערן פֿאַלן**. ת״א, לייוויק־פֿאַרלאַג, 1982. 118 [2] זז׳. פּסעוודי׳ — סאַשאַ טאָפּ.

א. וואָלף־יאַסני, לעצטע נײַעס, יולי 14, 1967; א. באַראַבאַן, ייִדישע צײַטונג, ת״א, אָקט׳ 13, 1967; ש. קאַנץ, לעצטע נײַעס, ת״א, יאַנ׳ 20, 1978; אַ. ליס, פֿאָלק, וועלט און מדינה, מערץ־אַפּריל 1980; י. פֿרידלענדער, לעצטע נײַעס, ת״א, אָקט׳ 30, 1981; ח. זעלצער, לעבנס־פֿראַגן, ת״א, יאַנ׳־פֿעב׳ 1982.

ר.ג.

## טאַף, א. ל.

**טאַף, א. ל.** — פֿאַרטראַטן אין **לעבן און קאַמף**.

## טאַראַנט, דבֿורה

**טאַראַנט, דבֿורה** — **מײַן ייִדיש בוך**, איינס. 6טע אויפֿל׳, נ״י, 1961.

## טאַרטאַקאָווער, אַריה

**טאַרטאַקאָווער, אַריה** — (— ירושלים, נאָוו׳ 20, 1982)

## טאַרנאָפּאָלסקי, אלחנן

**טאַרנאָפּאָלסקי, אלחנן** — פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ליד אין וו״בל **ישׂראליק** (לעמבערג, 4:1875).

## **טהאָן, ה.

****טהאָן, ה.** — (  ) — אויטאָר פֿון **דאָס אידישע לאַנד און די אידישע פֿרוי**. ירושלים, —193. 31 זז׳.

## **טהאָרן, אַהרן

****טהאָרן, אַהרן** — (לאָדזש, דעצ׳ 26, 1904 —) — געלערנט אין חדר, ישיבֿה און פּריוואַט אַלגעמיינע לימודים. 1925 עמיגרירט קיין פּאַריז, 1930 — קיין קאַנאַדע און 1940 — קיין נ״י. — דעביוטירט אין **משחית** (וו״בל, לאָדזש). געדרוקט איבערגעזעצטע פֿראַנצייזישע דערציילונגען אין **נײַער פֿאָלקסבלאַט** (לאָדזש), אַנאַרכיסטישע אַרטיקלען אין **דאָס פֿרײַע וואָרט** (ב״א), **דער פֿרײַער געדאַנק** (פּאַריז), **פּראָבלעמען** (ת״א), **פֿאַ״ש** (נ״י), וווּ געווען געהילף־רעדאַקטאָר (1951—1955) און רעדאַקטאָר (1975—1977). אויף סאָציאַל־עקאָנאָמישע טעמעס געשריבן אין **פֿאָרווערטס, טאָג־מ״זש, גערעכטיגקייט, צוקונפֿט, אונזער צײַט, אויפֿן שוועל** — נ״י. איבערגעז׳ פֿון דײַטש איין באַנד פֿון ר. ראָקערס **די יוגנט פֿון אַ רעבעל** (ב״א, 1965—1971). פּסעוודי׳ — פּ.קאָנסטאַן, וו. קאַרטלאַנדט, א. ט. העספּיאַנער. [זע 543].

## טובֿ, ז[אַנוול], ל.

**טובֿ, ז[אַנוול], ל.** — אַקטיוו בײַ לינקע פּוע״צ אין ליטע, זייער פֿאַרשטייער אין קאָוונער קהילה (1922). אומגעקומען בעתן נאַצי־חורבן מיט זײַנע צוויי זין.

ליטע, 2. ת״א, 1965, שפּאַלט 144.

## טווערסקי, אַבֿרהם־אליעזר

**טווערסקי, אַבֿרהם־אליעזר** — (— ישׂראל, שבֿט תשכ״ט)

## טווערסקי, יוחנן

**טווערסקי, יוחנן** — (— באָסטאָן, נאָוו׳ 1967)

## **טוזמאַן, צדוק

****טוזמאַן, צדוק** — (לוהין, פּאָלעסיע, 1906—1941, אויפֿן פֿראָנט) — דיכטער, זשורנאַליסט. מיטרעד׳ אין **יונגע גוואַרדיע** און ט״צ **שטערן** (מינסק). געשריבן לידער אין **יונגוואַלד** (מאָסקווע, 1925). באַטייליקט אין **לענין און די קינדער** (כאַרקאָוו־קיִעוו, 1934). ווערק: [מיט י. קאָטליאַר] **צען לידער**. כאַרקאָוו, 1927.

## טוטשינסקי, בנימין

**טוטשינסקי, בנימין** — (— קעשענעוו, 1972) — פֿאַרטראַטן אין אַנטאָלאָגיע **ערבֿות ברוח** (ת״א, 1981).

**טוטשינסקי, סאָניע** — **ווערעטענעס** [לידער]. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכעגאַצמינד־פאַרלאַג, 1934. 79 זז׳.

**טוביש, יעקבֿ־שמואל** — (— נ״י, פעב׳ 2, 1975) — **צוויי מאָל ח״י**. 36 ייִדישע לימעריקס. נ״י, 1962. 68 זז׳; **חסידים דערציילן**. ל״א, 1971. 1 ב׳ [מאַשינשריפט. מער ניט אַרויס] **סאָנעטן פון אַ מאַמען**. ת״א, פרץ, 1973. 75 זז׳.

**טויבענהויז, אפרים** — (— חיפה, מערץ 27, 1983) — אין ט׳ס **על מזבח המדע** (1964) איז דאָ אַ רשימה פון זײַנע שריפטן (670 איינסן).

**טונקעל, יוסף** — **די רויטע הגדה**. אָדעסאַ, דפוס נ. האַלפערין, 1917. 16 זז׳; **דער פורים־בער**. אַ קינדער־שפיל. אָדעס, בלימעלאַך, 1919. 22 זז׳.

****טוראָק, רחל** — (ראַמאַנאָוו, ווײַסרוסלאַנד, 1898 — קייפּטאָון, יולי 13, 1981) — עמיגרירט פון לעטלאַנד קיין דרום־אַפריקע אין 1934. — אין בוכפאָרעם: **לידער פון רחל טוראָק**. יאָהאַנעסבורג, קאַיאָר, 1984. 50 זז׳.

ל. קאַראַבעלניק, „דרום־אַפריקע", אָקט׳ 1984

****טורגעל, צבֿי** — ( ) — לעבט אין ישׂראל. אויטאָר פון **פון מײַדאַנעק ביז סועץ**. לידער. ת״א, נײַ־לעבן, 1972. 127 זז׳.

****טורניאַנסקי, חוה** — (מעקסיקע, יולי 21, 1937 —) — געלערנט אין פאָלקשול און מיטלשול און 1955 אין ירושלימער „בית מדרש למורי הגולה". 1957 עולה געוועזן קיין ישׂראל. 1958—1974 זיך געלערנט ייִדיש, ייִדישע ליטעראַטור און געשיכטע אין העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים, ווו 1974 באַקומען ד״ר־טיטל אין פילאָסאָפיע. זינט דעמאָלט דאָצענט אין ייִדיש־אָפּטייל פון ירושלימער אוניווערסיטעט. רעדאַקטירט **פון אונדזער ייִדישער ליטעראַטור**, לייענבוך פאַרן לימוד פון ייִדיש. ת״א, וועלטראַט פאַר ייִדיש, 1980 (2טע אויפל׳—1983). געשריבן אַ ריי פאָרשערישע אַרבעטן וועגן ייִדיש און דער ייִדישער ליטעראַטור, ס׳רובֿ אין העברעיִש: די גילגולים פון פּרצעס **מאָניש** (**גאָלדענע קייט**, 52:1965); איבערזעצונגען און באַאַרבעטונגען פון **צאינה וראינה**(**ספר דבֿ סדן**, ירושלים, תשל״ז); היצירה הדו־לשונית באַשכנז (**דברי הקונגרס העולמי השישי למדעי היהדות**, ד׳, תש״ב); ה׳ בענטשערל׳ והזמירות ביידיש (**עלי ספר**, י׳, תשמ״ב); שתי שירות אפיות ביידיש על ספר יהושע (**תרביץ**, נ״י, תשמ״ב); סוצקעווער און אַלטיִידיש (**ייחוס פון ליד**, לכבוד אבֿרהם סוצקעווער, ת״א, 1983); צרור איגרות ביידיש מירושלים, משנות השישים של המאה השש־עשׂרה (**שלם**, ד׳, תשמ״ד) — און אַ ריי אַנדערע.

**טורנער, חיים** — (— דעצ׳ 27, 1953) — 1933 אַוועק קיין פראַנקרײַך און 1935 קיין א״י. 1949 אין מוניציפּאַלן ראַט פון **גבֿעתיים**.

****טורעצקי, ל.** — ( ) — **לידער און פּאָעמען**. ת״א [1970] 78 [1] זז׳; **פּאָעזיע**. ישׂראל, 1981 [ניט געזען]. פאַרקירצטער נאָמען — ל. טור.

**טורקאָוו, יאָנאַס** — 1966 עולה געוועזן קיין ישׂראל. רעד׳ (מיט א. מאַנגער, מ. פּערענסאָן) **ייִדיש טעאַטער אין אייראָפּע צווישן ביידע וועלט־מלחמות**. נ״י, קולטור קאָנגרעס, 1968. 515 זז׳. — **היה היתה וארשה יהודית**. ת״א, תרבות וחינוך, 1969. 298 ע׳ (איבערגעז׳ י. זמורה); **אַלאַ גאָלאָמב־גרינבערג**. ת״א, תש״ל. 85 זז׳; **דער סוף פון אילוזיעס**. ת״א, המנורה, 1972. 298 זז׳ (העבר׳ א״ט **סופן של אשליות**, ש. שנהודס איבערז׳); **ילדי הגיטו —**

**גיבורי התהילה, 1939—1945.** ת״א, 1982. 142 ע׳ (איבערגעז׳ פֿון כתבֿ־יד דורך י. אוסטרידן). באַקומען מאַנגער־פּרעמיע.

**טורקאָוו, זיגמונט** — (— ת״א, יאַנ׳ 21, 1970) — **די איבערגעריסענע תקופֿה.** פֿראַגמענטן פֿון מײַן לעבן. ב״אַ, פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן. 1961. 466 זז׳.

**טורקאָוו, מאַרק** — (— ב״אַ, אַפּריל 29, 1983)

**טורקאָוו־גרודבערג, יצחק־בער** — זע: גרודבערג־טורקאָוו.

**טיבערג, יהודה** — (— נ״י, סעפּט׳ 4, 1984)

****טייטלבוים, דאָרע** — (בריסק דליטאָ, דעצ׳ 17, 1914 —) — דיכטערין. שטאַמט פֿון אָרעמער מישפּחה. 1932 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געאַרבעט אין שאַפּ און זיך געלערנט אויף אָוונטקורסן. לערערין אין די אָרדן־שולן. 1950 אַריבער קיין פֿראַנקרײַך און פֿון 1972 אין ישׂראל. — זינט 1940 פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין **מאָרגן פֿרײַהייט, ייִדישע קולטור, נײַ לעבן** — נ״י; לידער, דערציילונגען און איבערזעצונגען פֿון פֿראַנצייזיש אין **בײַ זיך, ישׂראל שטימע, לעצטע נײַעס, פֿרײַ ישׂראל** א״אַ — ישׂראל. איבערז׳ פֿון ט׳ס לידער דרוקן זיך אין העברעיִשע, ענגלישע און פֿראַנצייזישע צײַטונגען. — אין בוכפֿאָרעם: **אין מיטן וועלט.** לידער. נ״י, איקוף, 1944. 127 זז׳; **הימל און ערד.** לידער, נ״י, אידישער דיכטער־קלוב, 1947. 151 זז׳; **מיטן פּנים צום לעבן.** רײַזע אײַנדרוקן. פּאַריז, אויפֿסנײַ, 1952. 245 זז׳; **מיט אויגן אָפֿענע.** ב״אַ, איקוף, 1955. 180 זז׳; **די באַלאַדע פֿון ליטל ראַק.** פּאַריז, אויפֿסנײַ, 1959. 67 זז׳ [איבערגעז׳ אויף רוסיש, מאָסקווע, 1960; אויף פֿראַנצייזיש, ליאָן, 1961]; **אויפֿן וועג צום מענטש.** וואַרשע, ייִדיש בוך, 1965. 215 זז׳; **גזזאַנג פֿון זינקזאַמד־דור.** ת״א, ישׂראל־בוך, 1973. 140 זז׳; [איבערגעז׳ פֿראַנצייזיש]; **בײַם טויער פֿון מעת־לעתן.** לידער. דאָרטן, 1979. 91 זז׳. **ערבֿ באַגינען.** לידער און פּאָעמען. דאָרטן, 1985. 112 זז׳. אין איבערזעצונגען: *Le Vent me parle Yiddish* פֿון ייִדיש: שאַרל דאָבזשינסקי (פּאַריז, 1964); **מכמרות בטרם שחר.** לידער. פֿון ייִדיש: אַ. שלונסקי (ת״א, 1973). — „דאָרע טייטלבוים פּאָעטיזירט בקול רם. און איר דיכטונג איז ניט בלויז וויזיע און פֿאַנטאַסטישע היפּערבאָליק פֿון דעם, וואָס עס איז, נאָר אויך פֿון דעם, וואָס דאַרף, לויט איר מיינונג, ערשט זײַן. דער דיאַלאָג צווישן איצט און עבֿר איז דיקטירט פֿון עטישן אימפּעראַטיוו און ער איז דעריבער נישט בלויז שילדערונג, נאָר אויך מאָנונג און מוסר״ (ד. ספֿאַרד). „אַן עשירות פֿון פֿאַרבן און קלאַנגען... הויכע אידייען, קאָליר־פֿולע געשטאַלטן; אַן אַרײַנבליק אין דעם אוראַלטן, אין דעם נאָענטן נעכטן, אין דעם קאָמפּליצירטן הײַנט און אין דעם ליכטיקן מאָרגן״. (ב. גרין).

ב. גרין, פֿרײַ ישׂראל, ת״א, נאָוו׳ 21, 1973; א. ב. יפֿה, על המשמר, ת״א, יאַנ׳ 11, 1974; רבֿקה כהן, ידיעות אַחרונות, ת״א, מײַ 26, 1974; א. בלאַט, מעריבֿ, ת״א, יולי 12, 1974; ב, גרין, ישׂראל שטימע, ת״א, מערץ 5, 1980; ח. זעלצער, לעצטע נײַעס, ת״א, אַפּריל 11, 1980; ד, ספֿאַרד, ייִדישע קולטור, נ״י, יאַנ׳־פֿעב׳ 1981; פֿעב׳ 1982.

****טײַטש, יעקבֿ** — (1905—1975) — אויטאָר פֿון **דערציילונגען פֿאַר קינדער.** מאָסקווע, עמעס, 1933. 78 [2] זז׳; **די נײַע מאַשין.** דאָרטן, 1935. 78 [1] זז׳.

**טײַטש, משה** — פֿאַרטראָטן אין **לאָמיר זינגען, דער אַרבעטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור.**

י. ליפֿשיץ, מ. אַלטשולער, בריוו. זז׳ 193־230.

**טײַערשטיין, יצחק** — **געפּאַקט און געמאָזלט.** וואַרשע, אַ. גיטלין [1929 ?]. 336 זז׳.

**טײַף, משה** — (— מאָסקווע, דעצ' 27, 1966) — געוועזן אַרעסטירט אין 1937 און 1949, שפּעטער רעהאַביליטירט. — פֿאַרטראָטן אין **קעפּ**, ס. פּאָלאָנסקיס **10 פּיאָנערישע לידער** (מינסק, 1929). — **אויסדערוויילטס**. לידער, פּאָעמען, באַלאַדעס. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1965. 156 זז'; **לידער, באַלאַדעס, פּאָעמעס**. דאָרטן, 1985. 63 זז'.

****טיקיטין־פֿרײַטאָג, תּהילה** — ( ) — ייִדישער פּאָרנאָמען — טילצע. שטאַמט פֿון ביאַליסטאָק. געקומען קיין ווילנע און דאָרטן זיך פֿאַרנומען מיט ייִדישע קינדער־גנבֿים, „קעשעניקעס", און געפּרוּווט זיי מאַכן פֿאַר אָרנטלעכע מענטשן. האָט געהאַט גרויס הצלחה, מיט דער צײַט אויפֿגעשטעלט אַן אינסטיטוציע צו העלפֿן מאָראַליש־דעפֿעקטיווע קינדער. ט' דערציילט וועגן דעם אין איר בוך **מיטן פֿאַרוואָרלאָזטן קינד**. ת"א, פּרץ, 1967. 183 (העבר' — **עם הילד העזוב**).

א. גאָלאָמב, טאָג, נ"י, דעצ' 26, 1970.

**טכורש, כּתריאל־פֿישל** — (— ת"א, סעפּט' 20, 1979)

**טעלעסין, זיאַמע** — (יולי 15, 1909* —) — פֿון 1971 אין ישׂראל. — **נאָענט צום האַרצן**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1965 [רוסיש, איבערגעז' פֿון ייִדיש]; **אַף מײַנע אַכסלעס**. לידער, באַלאַדעס, פּאָעמעס. דאָרטן, 1968. 250 זז'; **געוויין פֿון זכּרון**. ת"א, פּרץ, 1972. 253 זז'; **קמץ־אלף־אָ**. ירושלים, קולטור־געזעלשאַפֿט, 1980. 207 זז'. פֿאַרטראָטן אין **די באַפֿרײַטע ברידער**.

* לויט ט' גופֿא. דאַטעס אין האָריזאָנטן (מאָסקווע, 1965) און באַנד 4 לעקסיקאָן — פֿאַלש.

**טעלער, יהודה־לייב** — (— נ"י, מײַ 3, 1972) — **דורך ייִדישן געמיט**. לידער. ת"א, ישׂראל־בוך, 1975. 250 זז' [זז' 223־250 — אָפּשאַצונגען].

**טעמפּעל, מענדל** — **די שדים־אָזיערע און אַנדערע דערציילונגען**. וואַרשע, ייִדיש בוך, 1962. 170 זז'.

****טענער, מאַקס** — (בילקאַמין, גאַליציע, מערץ 3, 1871 —) — געלערנט אין חדר. געטאָן פֿאַרשיידענע מלאָכות. 1889 עמיגרירט קיין אַמעריקע. אין בוכפֿאָרעם: **צוויי וועלטן** (18 יאָר אין אייראָפּע, 48 יאָר אין אַמעריקע). נ"י, 1937. 166 זז'.

**טענענבוים, יוסף־לייב** — (— נ"י, דעצ' 10, 1961)

***טענענבוים, שיִע** — **דער שׂר פֿון לעבן**. אויטאָביאָגראַפֿיש, באַנד צוויי. נ"י, 1963. 320 זז'; **אײַזיק אַשמדאַי**. אויטאָביאָגראַפֿיש, באַנד דרײַ. נ"י, 1965. 416 זז'; **איובֿ פֿון לעמבערג**. זכרונות און דערציילונגען. נ"י, 1967. 416 זז'; **געשטאַלטן בײַם שרײַב־טיש**. זכרונות וועגן שרײַבער און מאָלער אין ניו־יאָרק, 1938—1968. נ"י, 1969. 416 זז'; **הונגער צום וואָרט**. מיניאַטורן. נ"י, 1971. 416 זז'; **דער לעצטער עדות**. דערציילונגען. נ"י, ציקאָ [1972]. 320 זז'; **אין דעם קייסערס ווײַנשענק**. דאָרטן [1973]. 320 זז'; **אוצרות אין דער פֿינצטערניש**. עסייען, זכרונות און נאָטיצן. דאָרטן [1974]. 320 זז'; **די סעודה פֿון וואָרט**. מיניאַטורן. נ"י, [1976]. 416 זז'; **אַ לאַק פֿון מאַידאַנעק**. דערציילונגען. נ"י, ציקאָ [1978]. 416 זז'; **ער וועט צוריקקומען פֿון אוישוויץ**. עסייען, דערציילונגען. דאָרטן, 1981. 512 זז'; **פֿון אַש און פֿײַער איז דײַן קרוין**. עסייען, דערציילונגען, זכרונות. דאָרטן, 1984. 511 זז'.

**טענענבוים־אַרזי, אַבֿרהם** — (— ת"א, 1970)

****טענענבוים־בעקער, נינאַ** — (וואַרשע, פֿעב' 27, 1914 —) — באַקומען טראַדיציאָנעלן חינוך.

פֿאַרענדיקט מיטלשול, שטודירט געשיכטע און סאָציאָלאָגיע אין װאַרשעװער אוניװערסיטעט און באַקומען דעם מאַגיסטער־טיטל. בעתן צװייטן װעלטקריג אין אַ סיבירער לאַגער. 1946 צוריק קיין װאַרשע, 1948 עמיגרירט קיין אַרגענטינע און פֿון 1972 אין ישׂראל. — 1936 אָנגעהויבן דרוקן אין ייִדיש־פּױלישע צײַטונגען, שפּעטער אַרטיקלען װעגן ליטעראַטור און חורבן אין **די פּרעסע, אידישע צײַטונג, דװוקא** — ב״אַ, **לעצטע נײַעס, ייִדישע צײַטונג** — ת״א, **גשר** (ירושלים) א״אַ. — אין בוכפֿאָרעם: **מרדכי טענענבױם־טאַמאַראָף, דער העלד פֿון די געטאָס**. ת״א, נײַ לעבן, 1978. 2 בב׳ (אין העברעיִש, דורך פֿאַרשיידענע איבערזעצערס, ת״א, 1980; אַ פֿריִערדיקע אויסג׳ אין העבר׳ — ירושלים, 1974); **ילדי השואה** (ת״א, תשמ״ד) — אַ באַאַרבעטונג פֿון עלף טאָגביכער און זיכרונות פֿון קינדער און יוגנטלעכע, אָנגעשריבענע בעת אָדער קורץ נאָכן חורבן, איבערגעז׳ דורך צבֿי ישיב. — אין אַרגענטינע אַרױסגעגעבן אַ בוך א״פּ בת־חיים.

ד. לוין, גשר, ירושלים, אויג׳ 1974; א. באַראַבאַן, ייִדישע צײַטונג, ת״א, אויג׳ 16, 1974; אַ. טרטקובֿר, דבֿר, ת״א, סעפּט׳ 11, 1974; מ. גולדשטיין, הד החינוך, ת״א, אָקט׳ 17. 1974; ש. יאדלעס [ש. קאַנץ], לעצטע נײַעס, ת״א, אויג׳ 15, 1975; י. שמולעװיטש, פֿאָרװערטס, נ״י, סעפּט׳ 8, 1978.

**טענענבלאַט, שמואל — (גאַליציע, 1935 — װאַרשע, נאָװ׳ 1, 1982) — בעתן צװייטן װעלטקריג אַנטלאָפֿן קיין סאָװעט־רוסלאַנד. נאָך דעם צוריקגעקומען קיין פּױלן. געענדיקט מיטלשול און שטודירט פֿילאָסאָפֿיע אויפֿן װאַרשעװער אוניװערסיטעט. געװוען רעדאַקטאָר פֿון **פֿאָלקס־שטימע** (װאַרשע).

טענענהאָלץ, אליהו — (— ל״אַ, יולי 24, 1971)

**טענצער, לייב — (  —  ) — לערער אין ייִדישע שולן אין מאָנטרעאָל. אויטאָר פֿון **מעשׂהלעך פֿאַר קינדער**. מאָנטרעאָל, ייִדישע שול, תש״ל. 36 זז׳.

**טענצער, שלמה — (נײַ־סאַנז, גאַליציע, אָקט׳ 21, 1900 — ) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. בעתן צװייטן װעלטקריג פֿאַרשיקט געװאָרן קיין סאָװעט־רוסלאַנד. 1946 צוריק קיין פּױלן און 1947 געקומען קיין אַמעריקע. געלעבט אין נ״י. אין בוכפֿאָרעם: **מײַן לעבענס בעשרײַבונג, 1900—1957**. ערשטער באַנד [נ״י, 1972]. 285 זז׳ [מאַשינשריפֿט].

טער, יעקבֿ — **דיא נײַע אַריסטאָקראַטען אָדער דיא פֿערצװייפֿעלטע עלטערן**. פֿרײַ איבערזעצט פֿון העברעאישען. ניו־יאָרק, פֿערלאַג מאיר חינסקי [ניט געזען].

**טערדימאַן, אַלעקסאַנדער — (סטאַני־שעשטי, רומעניע, 1894 — ) — דיכטער, זשורנאַליסט. מיטאַרבעטער פֿון פֿאַרשיידענע ייִדישע צײַטונגען און זשורנאַלן. איבערגעזעצט אויף רומעניש אַ סך ייִדישע דיכטערס — א. רייזען, ד. איינהאָרן, ש. פֿרוג, מאָריס ראָזענפֿעלד, יהואָש, י. גראָפּער א״אַ.

י.קאַ.

טערקעל, בצלאל — **די זון פֿאַרגייט ביי אַמו־דאַריאַ**. פֿונעם פּליטים־לעבן אין ראַטנפֿאַרבאַנד. ב״אַ, פֿאַרבאַנד פֿון פּױלישע ייִדן, 1963. 379 זז׳.

**טערקעלטויב, י. ל. — (  ) — (  ) — 1939 מאָביליזירט געװאָרן אין פּױלישן מיליטער. איבערגעלעבט די מלחמה װי אַ פֿאַרשטעלטער פֿאָלקסדײַטש. אין בוכפֿאָרעם: **אין קאַמף פֿאַרן לעבן** (מײַנע איבערלעבונגען אַלס ייִד אויף אַרישע פּאַפּירן, 1939—1943). מינכען, 1949. 89 זז׳.

טקאַטש, מאיר־זימל — **מײַן האָב און גאָב**. געזאַמלטע פּערזן. ת״א, פּרץ, 1962—1963. 2 בב׳

(ב׳ 2 מיט ביבליאָגראַפֿיע פֿון י. ישורין); **עלטערפֿרוכט פֿון יוגנטצוויט.** ת״א, המנורה, 1971. 71 זז׳; **מײַן אַנטאָלאָגיע פֿון דער רוסישער פּאעזיע** ת״א, 1973. 128 זז׳; **אייגס און פֿרעמדס.** איבערדיכטונגען. נ״י, 1977. 63 [1] זז׳.

**טראַכטנבערג, וו. — ( ) — אויטאָר פֿון דעם קאָמיסאַרס פּאָטער [קאָמעדיע].** מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1925. 115 זז׳.

**טראַכטנבערג, יוסף** — (בריטשאַן, בעסאַראַביע, 1912 — אומגעקומען 1941 בײַ קאַמינעץ־פּאָדאָלסק)

**טראָצקי, אליהו** — (— נ״י, פֿעב׳ 6, 1969)

**טראָצקי, דוד** —

דאָדע טראָצקי. ת״א, 1965. 87 זז׳ — זײַנע אַרטיקלען מיט זיכרונות וועגן אים.

**טרונק, יחיאל־ישעיה — זכרונות, פֿאָלקס־מעשׂיות, לידער.** ב״אַ, 1980. 338 זז׳.

**טרונק, ישעיה** — (— נ״י, מערץ 28, 1981) — **לאָדזשער געטאָ, אַ היסטאָרישע און סאָציאָלאָגישע שטודיע.** נ״י [ייִוואָ], 1962. 528, XVII זז׳; **געשטאַלטן און געשעענישן. היסטאָרישע עסייען.** ב״אַ, פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן, 1962. 286 זז׳ [פֿאַרברייטערטע אויסג׳ — ת״א, 1983]; **שטודיעס אין ייִדישער געשיכטע אין פּוילן.** ב״אַ, ייִדבוך, 1963. 328 זז׳; **אינעווייניקסטע פֿאַרהעלטענישן אין די געטאָס אין מזרח־אייראָפּע אונטער נאַצישער הערשאַפֿט.** נ״י, 1967. 277 זז׳;

*Judenrats,* the Jewish Councils in Eastern Europe under Nazi Occupation. New York, [1972] XXXV 664p.

**טרום, אַלטער** — (— שטאָקהאָלם, יולי 27, 1974)

**טרײַנין, אי. — ( ) — אויטאָר פֿון פּראָלאָג.** ערשטער טייל. מאָסקווע, עמעס, 1935. 279 [1] זז׳.

**טרייסטער, לייזער** — (— נ״י, יאַנ׳ 22, 1981) — **די וויזיע בײַ דער ווײַסל.** ראָמאַן. נ״י, ציקאָ [1971]. 238 זז׳; **בײַ די טײַכן פֿון ניו־יאָרק.** ראָמאַן. נ״י, 1978. 345 [4] זז׳; **דער שליח פֿון אָבֿות־לאַנד.** ראָמאַן. ת״א, 1981. 509 זז׳. אין **פֿאָרווערטס** (1981) האָט זיך געדרוקט ט׳ס ראָמאַן פֿון קיבוץ־לעבן א״ט **אורי דער סאַברע.**

**טשאַרנעזאָן־שאַיאַק, גדליה** — (סעפּט׳ 9, 1905 — מעלבורן, סעפּט׳ 9, 1983) — **דער אָפּגאָט פֿון פֿײַער** (היסטאָרישער ראָמאַן). מעלבורן, 1977. 288 זז׳.

**טשובינסקי, ברוך** — (אַרום 1905 — נ״י, פֿעב׳ 16, 1976) — געשריבן אָפֿט אַרטיקלען אויף אַלגעמיינע און ליטעראַרישע טעמעס אין **פֿאַ״ש** (נ״י). איין יאָר (1959) איר רעדאַקטאָר. מיטאַרבעטער פֿון **לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור** (בב׳ 1־4) און **גרויסער ייִדישער ווערטערבוך** (נ״י, 1961 — ). איבערגעז׳ ר. ראָקערס **יוגנט פֿון אַ רעבעל** (ב״אַ, 1965. 287 זז׳). אין בוכפֿאָרעם: **חורבן לעוווערטאָוו.** פּאַריז, 1947. 118 זז׳.

**טשיזש, מאיר — (מאָנטעווידעאָ, פֿעב׳ 2, 1929 — אויג׳ 24, 1973) — זשורנאַליסט. אַלגעמיינע בילדונג. לאַנגע יאָרן רעד׳ פֿון ט״צ **אונזער פֿרײַנט** (מאָנטעווידעאָ). געשריבן אויך אין אַנדערע ייִדיש־לינקע אויסג׳ אין אורוגווײַ.

ש.ס.

**טשעכאַנאָווסקי, יונה** — (— רמת־גן, נאָוו׳ 3, 1979)

**טשעכעווער, שיִע — (טשעכעוו, פּוילן, יאַנ׳ 15, 1900 —) — אַדאָפּטירטער נאָמען פֿון יהושע גאָלדבערג. שטאַמט פֿון אָרעמער מישפּחה. דורכגעמאַכט געטאָ, מײַדאַנעק און פּאַרטיזאַנקע. 1945—1950 אין פּליטים־לאַגערן אין דײַטשלאַנד, שפּעטער אַוועק קיין אַמעריקע און 1970 קיין ישׂראל. אין בוכפֿאָרעם: **נשמה ליכט** (היים און חורבן), מיט הקדמה פֿון י. ח. בילעצקי. ת״א, נײַ־לעבן, 1979. 274 [1] זז׳ (1981 אין העבר׳ איבערז׳ דורך ז. לבנה, י. בעקערמאַן).

מ. צאַנין, לעצטע נײַעס, ת״א, אויג׳ 1, 1980; מ. אַבֿי־שלמה, על המשמר, ת״א, סעפּט׳ 18, 1981.

ר.ג.

**טשעמני, מלך** — **וווּנדער אין וואַנדער.** בלעטלעך פֿון מײַן טאָגבוך, סעפּטעמבער 1939 — סעפּטעמבער 1969. רמת־גן, אייגנס, 1971—1973. 2 בב׳.

**טשעמעריסקי, אַלעקסאַנדער** — (— 1936)

**טשערווינסקי־צורבֿא, ישׂראל** — (— רמת־גן, מײַ 10, 1964)

**טשערנאָוויטש, שמואל** — **פֿיר בריוו צו מײַנע ברידער אין גלות.** וואַרשע, קרן־היסוד, 1927. 64 זז׳.

**טשערנאָוועצקי, וועלוול** — (— ב״אַ, אָקט׳ 15, 1971)

**טשערניאָווסקי, שלמה** — (קאָוועל, וואָלין, 1909 — קיִעוו, אויג׳ 19, 1974) — אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1933. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער־ציקלען אין **סאָוועטיש היימלאַנד**. פֿאַרטראָטן אין **אַלמאַנאַכ פֿונ ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, ליטקאָמיוג**. אין בוכפֿאָרעם: **ליריק**. דאָרטן, 1940. 121 [2] זז׳.

סאָוועטיש היימלאַנד, לעקסיקאָן.

**טשערניאַק, יוסף** — (— נתניה, פֿעב׳ 1, 1975) — אין די זעכציקער יאָרן עולה געווען קיין ישׂראל.

**טשערניאַק, ליובע** — (1902—1970)

**טשערניכאָווסקי, ישעיה — ( ) — לאַנגע יאָרן העברעיִשער לערער אין נ״י. אין בוכפֿאָרעם: **לכּבֿוד יום־טובֿ**. געדאַנקען און אויסטײַטשונגען פֿון אַלע ימים טובֿים אין יאָר. ת״א, המנורה, 1966. 117 זז׳.

א. הפּטרמן, הדואר, נ״י, כ״ג שבֿט, תשכ״ז.

**טשערנים, יאַשאַ — (נאָוואָגראָד־וואָלינסק, 1909 — מאָסקווע, 1977) — געלערנט אין אַדעסער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. פֿון 1932 אין בירא־בידזשאַן, פּראָסקוראָוו, כאָטין, מאָסקווע. געשריבן פֿאַרצייכענונגען, דערציילונגען. לעצטע יאָרן רעדאַקציע־מיטאַרבעטער פֿון **סאָוועטיש**

**היימלאַנד** (מאָסקווע). אין בוכפֿאָרעם: **דער וועג קיין קוקאַן.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1984. 64 זז׳.

**טשערנער, פֿוליע** — שרײַבט דערציילונגען אין **ייִדישע קולטור** און **זאַמלונגען** — נ״י. 1978 געדרוקט אין **מאָרגן פֿרײַהייט** אַ ראָמאַן א״ט **טעג פֿון אונדזער לעבן.** פּסעווד׳ — אַ פֿאָדאָלער.

# י

**יאָאַכימאָוויטש, אַבֿרהם** — (— נ״י, אַפּריל 7, 1982) — **ייִדיש־רינגען.** נ״י, 1979. 32 זז׳.

****יאַבלאָקאָוו, הערמאַן** — (גראָדנע, אויג׳ 11, 1903 — ניו־יאָרק, אַפּריל 3, 1981) — אַקטיאָר. געלערנט אין „חדר מתוקן״ און ישיבֿה. יונג אַרײַנגעצויגן אין ייִדישן טעאַטער און זײַן גאַנץ לעבן פֿאַרבונדן מיט אַ ריי ייִדישע טעאַטער־טרופּעס. פֿון 1924 אין נ״י. האָט אָנגעשריבן לידער מיט מעלאָדיעס, דאָס באַקאַנטסטע פֿון זיי איז **פּאַפּיראָסן.** אין בוכפֿאָרעם: **אַרום דער וועלט מיט ייִדיש טעאַטער.** נ״י, שולזינגער, 1968. 2 בב׳.

**יאַבראָוו, גרשון** — (1941—1896)

****יאַוויץ, י. מ.** — ( — ) — מחבר פֿון **שבֿילי עולם אָדער די נײַע פֿאָלקס־וועלט־בעשרײַבונג.** רוסלאַנד, חינאַ, פּערסיען. 3 טיילן [וואַרשע?...] 120, 222, 164 זז׳.

****יאָזעליט, יעקבֿ־פּרץ** — (קאָוונע, אַפּריל 23, 1909 —) — געלערנט אין דער העברעיִשער גימנאַזיע אין קאָוונע. 1927 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געענדיקט „הרצליה״־סעמינאַר אין נ״י און געווען לערער אין פֿאַרשיידענע שטעט. פֿון 1972 אין ישׂראל. — 1927 אָנגעהויבן שרײַבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **אידישע שטימע** (קאָוונע). שפּעטער זיך געדרוקט אין **מ״זש, טאָג, וועקער** — נ״י, **ייִדישע צײַטונג, לעצטע נײַעס** — ת״א. געשריבן אויך אין נ״י־ער העבר׳ צײַטשריפֿטן.

****יאָלאָן, מרים** — (פּאָטאָקי, רוסלאַנד, אויג׳ 21, 1900 —) העברעיִשע דיכטערין. זינט 1920 אין א״י־ישׂראל. אָנגעהויבן שרײַבן אין רוסיש, אין ישׂראל אַריבער צו עבֿרית, דאָרטן אויך אָנגעהויבן פֿאַרעפֿנטלעכן לידער אין ייִדיש. זינט 1934 שרײַבט י׳ לידער און דערציילונגען פֿאַר קינדער און אַרויסגעגעבן אַ ריי העבר׳ קינדערביכער.

ג. קרסל, 2, אונטער ילן.

****יאָלים, מרדכי** — (באַרדיטשעוו, אָקט׳ 7, 1890 — ב״א, יאַנ׳ 12, 1969) — געלערנט אין חדר, שפּעטער אין דער אָרטיקער קאָמערצשול. פֿון 1910 עטלעכע יאָר אין פּאַריז, דערנאָך צוריק קיין רוסלאַנד. 1919 אַוועק קיין פּוילן און 1931 קיין אַרגענטינע. אָנגעהויבן שרײַבן אין רוסישע צײַטונגען און 1924 אַריבער אויף ייִדיש. באַטייליקט מיט לידער, אַרטיקלען און איבערז׳ אין **פֿאָלקס־צײַטונג** (וואַרשע), זאַלקינדס **אַרבייטער פֿרײַנד** (לאָנדאָן), **דער שפּיגעל, שריפֿטן, די נײַע צײַט, דווקא** (איבערזעצונגען), **די פּרעסע, די אידישע צײַטונג** — ב״א. אין בוכפֿאָרעם: **אויף וועגן פֿון עלענט**. לידער. ב״א, 1947. 24 זז׳.

**יאַנאָווסקי, פּייסי** — (— 1972) — 1931 געענדיקט לערערקורסן בײַם זשיטאָמירער פּעדאַגאָגישן טעכניקום און אַוועק קיין ביראָ־בידזשאַן. 1939—1946 אָפֿיציר אין רויטער אַרמיי. געדרוקט לידער אין **זײַ גרייט, יונגע גוואַרדיע, בירעבידזשאַנער שטערן, פֿאָרפּאָסט, סאָוועטיש היימלאַנד**. פֿאַרטראָטן אין **בירעבידזשאַן, קינדער־שאַפֿונג, האָריזאָנטן**.

**יאָנאַטהאַנזאָן, יהונתן** — (יולי 5, 1853 —)

מיניקעס יום טובֿ בלעטער, נ״י, אָקט׳ 1900.

****יאָנאַס, דאַוויד** — (יאַס, אַרום 1920 —) — לערער אין יאַס. אַרום 1950 עולה געווען קיין ישׂראל. אַרויסגעגעבן אַ רומענישע אַנטאָלאָגיע פֿון ייִדישן הומאָר (יאַס, 1947). מחבר פֿון ביכל **ביטערניש** (אָפּקלאַנגען). יאַס, 1945—1947 — לידער פֿון חורבן.

***יאַנאַסאָוויטש, יצחק** — זינט 1972 אין ישׂראל. — ווערק: **פּנימער און נעמען**. 1. ייִדישע פּראָזאַיִקערס נאָך דער צווייטער וועלט־מילחמה. 2. ייִדישע פּאָעטן. 3. עסייען, אָפּהאַנדלונגען, רעצענזיעס. ב״א־ת״א, 1974—1985 3 בב׳; **אויף יענער זײַט ווונדער**. ת״א, פּרץ, 1974. 154 זז׳; **אַן אויסרוף־צייכנס**. עסייען און פֿעליעטאָנען. ת״א, המנורה, 1975. 235 זז׳; **דאָס בשׂמים־ביקסל און** אַנדערע דערציילונגען. ת״א־ב״א, 1979. 243 זז׳; **אין פּרדס פֿון ייִדיש**. עסייען און אָפּהאַנדלונגען. ת״א, 1980. 151 זז׳; **אַבֿרהם סוצקעווער, זײַן ליד און זײַן פּראָזע**. ת״א, ישׂראל־בוך, 1981. 135 זז׳.

ג. סאַפּאָזשניקאָוו, יצחק יאַנאַסאָוויטש, דער פֿילזשאַנערדיקער שרײַבער. ב״א, 1982. 152 זז׳.

****יאַניטש, נחמה** — (נאַוואָרעדאָק, פּוילן, מײַ 15, 1898 — ירושלים) — 1914 עמיגרירט קיין גלאַזגאָו, ענגלאַנד. עטלעכע יאָר געלעבט אין לאָנדאָן און 1920 זיך באַזעצט אין דעטראָיט. דאָרטן געווען לערערין פֿון שפּראַכן און תּנ״ך. 1956 אַריבער קיין פֿלאָרידע און 1970 עולה געווען קיין ישׂראל. פֿון צײַט צו צײַט פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין פֿאָלקסטאָן אין **טאָג, מ״זש, פֿאָרווערטס, אידישער קעמפֿער** — נ״י. — אין בוכפֿאָרעם: **מײַן וועלטל**. ירושלים, מישפּחה, 1973. 111 זז׳. י״ס ליד **מײַן תּפֿילה**, דורך סידאָר בעלאַרסקיס זינגען, איז געוואָרן זייער פּאָפּולער.

איבערגעגעבן פֿון י״ס טאָכטער הדסה פּלאַט אין ירושלים.

****יאַניש, ריווע** — (לונע־וואָליע, גראָדנער קרײַז, יאַנ׳ 20, 1910 —) — געענדיקט צישאָ־שול אין שטעטל, ייִדישע הומאַניסטישע גימנאַזיע אין ווילנע.

1929 עמיגרירט קיין נ״י, ווו גראַדויִרט פֿון ייִדישן לערער־סעמינאַר. געדרוקט דערציילונגען אין **צוקונפֿט, וועקער** — נ״י, **פֿאָרויס** (מעקסיקע), **ישׂראל־שטימע** (ת״א). אין בוכפֿאָרעם: **געסט.** נ״י, ציקאָ, 164 זז׳ — „קאָלעקציע דערציילערישע רעפּאָרטאַזשן״ [וועגן איר מישפּחה און ישׂראל].

י. עמיאָט, פֿאָרווערטס, סעפּט׳ 22, 1968; י. זילבערבערג, קולטור און לעבן, נ״י, יאַנ־פֿעב׳ 1969.

**יאַנקעלעוויטש, יאַנקל** — **פֿאַרטראָטן אין דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, קאָמיוג, שלאַכטן.**

**יאָסאַדע, יעקבֿ** — נאָכן צווייטן וועלטקריג אָנגעהויבן שרײַבן אין ליטוויש (קריטיק, דערציילונגען, פּיעסן).

****יאַסנאָגראָדסקי, נתן** — (  ) — מוכר־ספֿרים. געלעבט אין באַרדיטשעוו. אין בוכפֿאָרעם: **דער ערשטער זיווג מן השמים (טראַגעדיע).** בערדיטשעוו, 1914. 44 זז׳.

****יאַסני, אַבֿרהם־וואָלף** — (זשעלעכאָוו, פּוילן, 1893 — ת״א, פֿעב׳ 5, 1968) — זשורנאַליסט, היסטאָריקער פֿון חורבן לאָדזש, ליטעראַרישער עסייִסט. אמתער נאָמען — ציפּערמאַן. יונגערהייט געקומען קיין לאָדזש, ווו געווען אַ טעקסטיל־אַרבעטער און זייער אַקטיוו אין „בונד״. סוף 1939 אַנטלאָפֿן צום סאָוועטישן ביאַליסטאָק, שפּעטער אַרעסטירט אין סטאַלין און פֿאַרשיקט געוואָרן אין אַ סאָוועטישן לאַגער. נאָכן באַפֿרײַט ווערן אַוועק 1946 קיין פּוילן און 1949 קיין ישׂראל, ווו ער האָט זיך דערנענטערט צום פּראָלעטאַרישן ציוניזם. — באַטייליקט מיט אַרטיקלען אין **לאָדזשער וועקער, פֿאָלקס־צײַטונג** (וואַרשע), **לעצטע נײַעס,** ווו רעד׳ די ליטעראַרישע זײַט און געשריבן רעצענזיעס און אָפּהאַנדלונגען איבער שרײַבערס און ביכער. — אין בוכפֿאָרעם: **געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש.** לאָדזש, 1937. 426 זז׳; **די אויסראָטונג פֿון לאָדזשער ייִדן.** ת״א, 1950. 72 זז׳; **די געשיכטע פֿון די ייִדן אין לאָדזש אין די יאָרן פֿון דער דײַטשער אויסראָטונג.** ת״א, המנורה, 1961—1966. 2 בב׳.

מ. דוואָרזשעצקי, לעצטע נײַעס, ת״א, סעפּט׳ 15, 1967; נ. בלומענטאַל, לעבנס פֿראַגן, ת״א, נאָוו׳־דעצ׳ 1967; ל. ווינאָגראַד, די פּרעסע ב״אַ, פֿעב׳ 5, 1970; ח. ל. פֿוקס, לאָדזש של מעלה. ת״א, 1972. זז׳ 163־165.

ר.ג.

**יאָסעלאָוויץ, יהודה־לייב** — ריכטיקער טיטל: **הנודד**(ב׳ 4).

****יאַפּין־כּיץ, רוחמה־עלקע** — (נ״י, קבֿורה ירושלים, דעצ׳ 1, 1966) — געקומען יונג קיין אַמעריקע. רביצין. אַקטיוו אין „הפּועל המזרחי״. פֿון צײַט צו צײַט געשריבן אַרטיקלען אין פּאַרטיי־אויסג׳ און לידער אין **אַמעריקאַנער** (נ״י). אין בוכפֿאָרעם: **געזאַמעלטע שריפֿטן.** לידער און אָפּשאַצונגען. 92 זז׳ ייִדיש, 108 ענגליש

ב. צ. גאָלדבערג, טאָג־מ״זש, נ״י, אָקט׳ 13, 1969.

**יאָפֿע** — זע אויך: יפֿה.

**יאָפֿע, יודאַ א.** — (— ריווערדייל, סעפּט׳ 16, 1966)

**יאַקובאָוויטש, אַבֿרהם־לייב** — (— ת״א, יאַנ׳ 29, 1964) — געמאַכט אַ פּראָבע־איבערזעצונג פֿון תנ״ך (אַרויס נאָר **בראשית** אין פֿאַרלאַג „השחר״, וואַרשע).

**יאַקובאָוויטש, יהודה** — (לאָדזש, 1891 — פּאַריז, 1965)

***יאַקיר, יאַנקל** — (פּערליץ, בעסאַראַביע, דעצ׳ 22, 1908 — נתניה, יאַנ׳ 25, 1980) — 1972 געקומען קיין ישׂראל. געדרוקט דערציילונגען און לידער אין **טשערנאָוויצער בלעטער, ליטעראַרישע בלעטער** (וואַרשע), **צוקונפט, ייִדישע קולטור, מאָרגן פֿרײַהייט, קולטור און לעבן** — נ״י; **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע), **דרום־אַפֿריקע** און אין די ישׂראלדיקע **אונדזער היים, בײַ זיך, ישׂראל־שטימע, לעצטע נײַעס, פֿאָלקסבלאַט, ירושלימער אַלמאַנאַך**. פֿאַרטראָטן אין זמ״ב **צוזאַמען** (ת״א, 1974). — ווערק: **אַ שליטן מיט ישובֿניקעס און אַנדערע דערציילונגען**. ת״א, פּרץ, 1974. 234 (1) זז׳; **געשיכטעס און פּאָרטרעטן** [מיט 12 אַרטיקלען וועגן אים]. ת״א, אַלמנה מאַניע און זון שלום, 1981. 202 זז׳. איבערגעז׳ אויף מאָלדאַוויש שלום־עליכמס **בלאָנדזשענדע שטערן** און צוויי אַנדערע ביכער: **די לבֿנה פֿירט די שטערן** (איבערגעז׳ אויף העברעיִש, 1975) און **שלום־עליכם אין אונגען**. — י׳ס טעכטערל **בלימעלע** (1935 — קעשענעוו, פֿעב׳ 19, 1971) האָט פֿאַרעפֿנטלעכט פֿיר זאַמלונגען דערציילונגען אין רוסיש, אוקראַיִניש און מאָלדאַוויש. י׳ האָט אַ טייל דערציילונגען איבערגעז׳ און עס פֿאַרעפֿנטלעכט אין **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע) און **סאָוועטיש היימלאַנד**, און אַ גאַנצע זאַמלונג איז אַרויס א״ט **די ווײַסע ציג מיט די זילבערנע גלעקעלעך**. ת״א, המנורה, 1976. 378 [3] זז׳.

**יאַרמאָלינסקי, אַבֿרהם** — (— נ״י, סעפּט׳ 28, 1975)

****יאַרמוש, אַבעל** — (קויל, פּוילן, 1893 — — 1923 אַריבער קיין קאַליש (גאַליציע), 1939 אויסגעוואַנדערט קיין באָליוויע. דעביוטירט 1915 אין הומאָריסטישן וו״בל **דער פֿרײַער פֿויגל** (וואַרשע). געשריבן הומאָרעסקעס, טעאַטער־רעצענזיעס, ליטעראַרישע אַרטיקלען אין **אונזער עקספּרעס** (וואַרשע), וו״בל **קאַלישער לעבן, קאַלישער וואָך, דער וועג** (מעקסיקע), **דאָס ייִדישע וואָרט** (טשילע). **אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער** (ב״אַ), **הײַנט** (אורוגווײַ) און פֿון 1941 שטענדיקער מיט־אַרבעטער אין **די פּרעסע** (ב״אַ). אין בוכפֿאָרעם: **פֿון צוויי היימען**. בילדער און פֿעליעטאָנען. ב״אַ, 1965. 140 זז׳.

****יאַרמוש, יעקבֿ** — (קויל, פּוילן, דעצ׳ 24, 1895 —) געלערנט אין חדר. געאַרבעט בײַ שנײַדערײַ אין קאַליש און 1939 עמיגרירט קיין לאַ פּאַז, באָליוויע. 1923—1939 געשריבן אין **קאַלישער וואָך** און **קאַלישער לעבן**, שפּעטער אין **די פּרעסע, אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער** — ב״אַ, **נײַער מאָמענט** (סאַן פּאולאָ), **יום־טובֿ בלעטער** (יאָהאַנעסבורג), **מעקסיקאַנער לעבן** א״אַ. 1940—1950 געווען ייִטאַ־קאָרעספּאָנדענט אין באָליוויע. פּסעווד׳ — אב־יאַר, בן־יעקבֿ.

**יאַשונסקי, יוסף — ווי אַזוי וועלען צוגעהן די וואַלען צום יודישען צוזאַמענפֿאָר?** פּעטראָגראַד, 1917. 20 זז׳ [א״פּ בן־חיים].

**יאַשונסקי, סימע** — (קאָוואַרסק, ליטע, פֿעב׳ 6, 1925 —) — 1944—1970 געלעבט אין קאָוונע. 1972 עולה געווען קיין ישׂראל. פֿאַרטראָטן מיט אירע געטאָ־לידער אין מ. יעלין־ד. געלפּערנס **פּאַרטיזאַנער פֿון קאָוונער געטאָ** (מאָסקווע, 1948); י. קאַפּלאַנס **פֿון לעצטן חורבן** (מינכן, 1948, נומ׳ 10); צ. בראַון־ד. לוינס **תולדותיה של מחתרת** (ירושלים, 1962). אין בוכפֿאָרעם: **לײַדן, קאַמף, פֿרײַהייט** [לידער]. ת״א, 1985. 53 זז׳ — טייל לידער מיט נאָטן. וווינט אין ת״א.

****ידידיה, בן־ציון** — (שעדלעץ, פּוילן, מערץ 11, 1884 — ת״א, פֿעב׳ 15, 1956) — געלערנט אין ישיבֿות, שפּעטער שטודירט טעאַטער־קונסט אין

בערלין. 1914 עולה געווען קיין א״י. געשריבן מערסטנס העברעיִש. אין ייִדיש פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען און עסייען וועגן ליטעראַטור און קונסט. איבערגעז׳ אויף עבֿרית אַ זאַמלונג דערציילונגען פֿון אַ. רייזען (1947), ד. פּינסקיס דראַמעס (1951) א״אַ.

ג. קרסל, 2.

ידידיה, שלום — (— ת״א, יוני 13, 1979)

יוד, נחום — (— נ״י, פֿעב׳ 19, 1966) — געבענטשטע שעה. לידער. נ״י, 1973. 720 זז׳ — זאַמלונג פֿון כמעט אַלע זײַנע לידער, פֿאַרעפֿנטלעכטע אין דער ייִדישער פּרעסע.

יודאָווין, משה — (— 1966)

יודיטש, פּסח — (— נ״י, דעצ׳ 25, 1967)

**יודין, אַבֿרהם — (באַראַנאָוויטש, ווײַס־רוסלאַנד, מײַ 10, 1906 —) — אָריגינעלער נאָמען — יודעלעוויטש. געלערנט אין חדר און ישיבֿה. 1927 עמיגרירט קיין ניו־יאָרק און דאָרטן געאַרבעט בײַ פֿאַרשיידענע מלאָכות. דעביוטירט מיט קאָרעספּאָנדענציעס אין וואַרשעווער הײַנט און מאָמענט. געשריבן אַרטיקלען אין פֿאָרווערטס, טאָג און עטלעכע צענדליק יאָר אין פֿרײַהייט, מאָרגן־פֿרײַהייט, דאָרטן געהאַט אַ וועכנטלעכע רובריק מיט אַ נאָדל — אָן אַ נאָדל און געווען רעד׳ פֿון דער אַרבעטער־זײַט.

יודיצקי, אַבֿרהם — פּאָליטאיוורע. קיִעוו, קולטור־ליגע, 1926. 232 [1] זז׳ [מיט ל. מישקאָווסקי, א. שפּראַך]; בורזשואַזיע און ייִדישער פּראָלעטאַריאַט אין ערשטער העלפֿט 19 י״ה. (קיִעוו), פּראָלעטאַר [1931?]. 120 זז׳.

יודסאָן, שלמה — (— נ״י, מערץ 9, 1970)

יודעלסאָן, אַהרן — פֿאַרטראָטן אין דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, אַטאַקע. — נאָך זײַן אַרעסט אין 1937 אומגעקומען אין אַ לאַגער.

יודעלעוויטש, יעקבֿ־שמואל — (— יאָהאַנעסבורג, יאַנ׳ 8, 1968)

יודעלעווסקי, מרדכי־מנחם — מנשה דער עלסטער גזלן פֿון אַמעריקאַ מיט אַ קאָמפּאַניע פֿון 10.000 מאַן. וואַרשוי, 1912. 16 זז׳.

**יוזינט, מאיר — (    ) — געלערנט אין סלאַבאָדקער ישיבֿה. דורכגעמאַכט געטאָ און קאַצעטן. נאָך דער מילחמה עמיגרירט קיין שיקאַגאָ. אין בוכפֿאָרעם: בלוטיגע לידער. שיקאַגאָ, 1947; נחמת מאיר. דאָרטן, 1957—1959. 2 בב׳; שירי מצר ותקוה. דאָרטן, 1962.

*יונג, הערש־לייב — (נאָוו׳ 17, 1892 — נ״י, פֿעב׳ 18, 1976) — העכער די וואָלקנס. לידער. ת״א, פּרץ, 1962. 434 זז׳; דורך ליכט און פֿינצטערניש. דאָרטן, 1967. 424 זז׳; איבער צעפֿלאַמטע האָריזאָנטן. דאָרטן, 1970. 404 זז׳; אין די אַסטראַל־ספֿירות. דאָרטן, 1974. 309 [4] זז׳; אויף זונזינק־שליאַך. דאָרטן, 1976. 239 זז׳.

*יונגמאַן, משה — (— טבעון, דעצ׳ 31, 1983) — ווײַסע טויערן. ת״א, פּרץ, 1964. 168 [3] זז׳;

**שמייכלען פֿון ארץ הקודש.** ת״א, המנורה, 1969. 166 [7] זז׳; **רעגן־בויגן צוקאָפּנס.** ת״א, ישׂראל־בוך, 1973. 123 [2] זז׳; **אין לאַנד פֿון אליהו הנבֿיא.** לידער און פּאָעמעס. דאָרטן, 1977. 147 [3] זז׳; **דעם טאַטנס פּרנסות.** ליד און באַלאַדע. דאָרטן, 1981. 75 [1] זז׳. **שטערן דערקענען דיך.** לידער. ת״א, פּרץ, 1985. 124 זז׳. — איבערגעזעצט: אַ. שלאָנסקיס **לידער** (1971); צבֿיה לובעטקינס **אין אומקום און אויפֿשטאַנד** (1980). פֿון ייִדיש אויף העברעיִש: **פּרוכת הקטיפֿה** פֿון ראָזאַ פּאַלאַטניק; י. וויַינבערג **דמעה ותפֿילה** (1981); נ. מיַיזילס **סוסיו של סבי** (1982). 1974 באַקומען די פּרעמיע פֿון ראש־הממשלה פֿאַר ליטעראַרישער שאַפֿונג אין ייִדיש, 1976 — די פּינסקי־פּרעמיע, 1982 — מענדעלע־פּרעמיע.

## יונגשטיין, משה — (— חיפֿה, סעפּט׳ 6, 1973)

## **יוניץ, וואָלף — (אירקוטסק, פֿעב׳ 29, 1908 — נ״י, מיַי 31, 1984) — אָריגינעלער נאָמען — האָכ־מאַן. פּאָעט, פֿאָלקלאָריסט, טעאַטראַל. זיך אויפֿגעהאָדעוועט אין ביאַליסטאָק און ביעלסק. געלערנט אין אַ חדר מתוקן, דיַיטשישער צוואַנגשול און ייִדישער פֿאָלקשול. דורכגעמאַכט שלאָסעריַי־און שמידעריַי־קורסן אין ביאַליסטאָקער האַנט־ווערקער־שול. געטאָן פֿאַרשיידענע פֿיזישע אַרבעטן. ווי אַ שיף־אַרבעטער פֿון 1928 אויסגעוועזן אַ וועלט. 1930 זיך באַזעצט אין נ״י. לערער פֿון ייִדיש אין ניו־יאָרקער בערליץ־שול (1964/65) און ייִדיש־אינסטרוקטאָר אין ראָטגערס־אוניווערסיטעט. — זינט 1948 געשריבן זשורנאַליסטישע, פֿאָלק־לאָריסטישע און שפּראַך־פֿאָרשערישע אַרטיקלען אין **טאָג, טאָג־מז״ש** און פֿון 1972 ביז 1980 אין **פֿאָרווערטס, פֿאַ״ש** — אַלע נ״י. וועגן שפּראַך־ענייַנים פֿאַרעפֿנטלעכט 227 אַרטיקלען אין **טאָג־מ״זש** (אויג׳ 28, 1966 — דעצ׳ 28, 1971); 423 אַרטיקלען אין **פֿאָרווערטס** (מערץ 27, 1972 — אויג׳ 1980) און אַ ווערטערבוך פֿון העברעיִשע ווערטער אין ייִדיש (**פֿאָרווערטס** (1979־1980). — מיט לידער דעביוטירט אין ט״צ **דאָס נייַע לעבן** (ביאַליסטאָק, פֿרילינג 1928). פֿאַרעפֿנטלעכט אַ פֿראַגמענט פֿון פּאָעמע **שאָסייען** אין **ווילנער טאָג.** אין **טאָג** (נ״י) איז געדרוקט י״ס ראָמאַן אין פּערזן (דעצ׳ 30, 1950 — יוני 17, 1951). 1943—1980 געדרוקט אַ צאָל לידער אין **צוקונפֿט** (נ״י, 1933), **אויפֿקום** (נ״י, 1935), **סיגנאַל** (נ״י, 1936), **ליטעראַרישע בלעטער** (וואַרשע, 1937), **ייִדישע קולטור** (נ״י, 1943), **גאָלדענע קייט** (ת״א, נומ׳ 5, 17, 20, 101, 105), **וויַיטער** (נ״י, 1955), **אַרבעטער־וואָרט** (פּאַריז), **די פּרעסע** (ב״אַ), **פֿרימאָרגן** (ריגע), **פֿרייַע אַרבעטער־שטימע, קינדער־זשורנאַל, קינדער־צייַטונג, יונגוואַרג** — נ״י, **קינדערפֿריַינד** (וואַרשע), **אַרגענטינער ביימעלעך.** — אין משך פֿון דריַיסיק יאָר געשריבן און באַאַרבעט אייַנאַקטערס, סצענעס, מאָנאָלאָגן און געזאַנג־נומערן פֿאַר כאָרן און טעאַטער־אַנסאַמבלען און געזאַנג־נומערן צו פּיעסן פֿון דראַמאַטישן רעפּערטואַר. צו י״ס עטלעכע צענדליק געזאַנגלידער האָבן מוזיקערס געשריבן מוזיק. געשפּילט אין אַ פּאָר דיַיטשישע אופֿאַ־פּילמען. אין בוכפֿאָרעם: **7 לידער.** ביאַליסטאָק, אַליין, 24 זז׳; **דער דרייצנטער שבֿט,** ראָמאַן אין פֿערזן. נ״י, יונגווילנע, 1956. 128 זז׳. רעדאַקטירט **אַלעף,** לאַבאַראַטאָרישער ליטעראַטור־זשורנאַל, נ״י, 1940. פּסעווד׳ — באַטקין, דינקין, י. וואָלף, ד״ר ס. פּ. וויַינערמאַן, ד״ר י. וואַלאַך, ד״ר י. וואָלפֿסאָן, י. ווילקין.

גאָלדענע קייט. ת״א, נומ׳ 101; דינה אַבראַמאָוויטש, פֿאָרווערטס, נ״י, יוני 15, 1984; ל. ראַן, ייִדישע קולטור, נ״י, 1984: 9/10, 1985: 2.

**יוסטמאַן, יהושע** — געוועזן מיטרעדאַקטאָר פֿון **מעריבֿ** (ת״א). הויפּט־פּסעוודאָנים — ה. יוסטוס.

## יונים, זאבֿ — (— ת״א, מיַי 12, 1965)

**יוקלסאָן, ראובֿן — (דאָרף נעביריוקע, וואָלין, יוני 3, 1885 — ל״אַ, אויג׳ 16, 1976 [סעפּט׳ 11?]) — זשורנאַליסט. געלערנט אין חדר, שפּעטער אַליין שטודירט העבר׳, רוסישע און ייִדישע ליטעראַטור. 1906 עמיגרירט קיין אַמעריקע, תּחילת געלעבט אין שיקאַגאָ און פֿון 1925 אין נ״י. געהערט צו

פּוע"צ און 1925 אַרײַן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. — זשורנאַליסטישע טעטיקייט אָנגעהויבן מיט אַרטיקלען אין **אידישער קעמפּער** (נ"י), דערנאָך אין **אידישע אַרבייטער וועלט** (שיקאַגאָ). פֿון 1926 שטענדיקער מיטאַרבעטער אין **פֿרײַהייט** (שפּעטער — **מאָרגן־פֿרײַהייט**). געשריבן פּאָליטיש־געזעל־שאַפֿטלעכע אַרטיקלען, ווי אויך וועגן ייִדישע און אַלגעמיינע טעאַטער־פּראָבלעמען. רעד' דעם אָרגאַן פֿון פֿראַטערנאַלן פֿאָלקס־אָרדן **אונזער וואָרט** (נ"י) און געווען רעד'־מיטגליד פֿון **סיגנאַל**. אין **זאַמלונגען** (נ"י) פֿאַרעפֿנטלעכט, אין אַ בעלעטריסטישער פֿאָרעם, זײַן לעבן־געשיכטע.

זילבערצווײַג, לעקסיקאָן, ב' 6; אַ. פּאָמעראַנץ, פּראָלעטפּען. קיִעוו, 1935. ז' 206.

**יוריס, אַבֿרהם־שמואל** — (— גדרה, 1971)

**יורמאַן, לעאָן** — פֿאַרטראָטן אין **אין שאָטן פֿון טליִעס**.

**יבֿין, הערש** — (— מײַ 10, 1891 — ירושלים, אַפּריל 13, 1970) — איבערגעז' אויף העברעיִש ש. אַשס **קידוש השם, מאָטקע גנבֿ, חיים לעדערערס צוריקקומען, די כּישוף־מאַכערין פֿון קאַסטיליען**.

ג. קרסל, 2.

**יכּנה"ז** — **דערציילונגען**. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1940. 28 [2] זז'; **דערציילונגען, 2. בריוו פֿון ליטע קיין אַמעריקע**. דאָרטן, 1941. 165 [1] זז'.

**יעווניִ, מ.** — קאָרעקטער טיטל פֿון שמואל יעווניס ספֿר: **נחלת עולמים** (ב' 4).

**יעזשאָר, שמעון** — (— מעקסיקע, דעצ' 15, 1963)

**יעלין, חיים** — (ווילקי, ליטע, אַפּריל 1912 — קאָוונע, אַפּריל 1944) — אַרויס אַן אָנדענקשריפֿט **חיים יעלין, דער געטאָ־קעמפֿער און שרײַבער**. ת"א, איגוד יוצאי ליטאָ, תשל"ו. 316 [8] זז' [דאָ אויך פֿון י'ס כּתבֿים; העבר' איבערזעצונג — 1980].

ש. קאַנץ, לעצטע נײַעס, ת"א, פֿעב' 6, 1976; ח. ליפֿשיץ, ישׂראל־שטימע, ת"א, אַפּריל 13, 1976; ד. מאַטיס, פֿאָרווערטס, נ"י, אַפּריל 18, 1976; ש. נוי, דבֿר, ת"א, מײַ 2, 1976; י. כּרוסט, מעריבֿ, ת"א, יולי 9, 1976.

**יעלין, מאיר** — (סרעדניק, ליטע, אָקט' 3, 1910 —) — זינט 1973 אין ישׂראל. זיך געדרוקט אין **היימלאַנד, סאָוועטיש היימלאַנד** — מאָסקווע. — **זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1972. 380 זז'; **דער פּרײַז פֿון יענעם ברויט**. דערציילונגען. [ת"א] פּרץ, 1977. 268 זז'; **בלוט און וואָפֿן**. ת"א, המנורה, 1978. 250 זז'; **די מיראַזשן פֿונעם אַמאָק־לויפֿער אָסקאַר גריק**. ת"א, לייוויק־פֿ"ג, 1981. 190 זז'; **באָרוועס איבער שניי**. דאָרטן, 1984. 253 זז'.

**יעלין, שלום** — זע: צוקער, יהודה־אַריה (ב' 7), ווו שלום יעלין ווערט אָנגעגעבן ווי אַ פּסעוודאָנים פֿון צוקערן.

**יעלינאָוויטש, דוד־לייזער** — נאָמען פֿון שטעטל: וואָלפּע.

**יעלענסקי, ברוך — (קאַווקאַז, 1888 — מיאַמי־ביטש, יוני 18, 1974) — געבוירן און אויפֿגעוואַקסן אויפֿן קאַווקאַז אין אַ ניט־ייִדישער סבֿיבֿה. אַקטיווער טוער אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד, שפּעטער אין אַמעריקע, ווו זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ. אין בוכפֿאָרעם: **אין סאָציאַלן שטורעם**. זיכרונות פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע, ב"א, 1967. 266 זז' (אין ענגליש: *The Struggle for Equality*).

פֿאַ"ש, נ"י, יולי 1974.

**יעפּרויקין, זלמן** — (— נ״י, אָקט׳ 1, 1966) — **אַ באַזוך אין סאָוועט־רוסלאַנד.** נ״י, אַרבעטער־רינג, 1962. 109 זז׳; **יידן גיבן זיך ניט אונטער.** דאָרטן, 1966. 245 זז׳.

****יערוזאַלימסקי, יעקבֿ** — ( ) — **זכרוי־נות און שריפֿטן פֿון אַ ביאַליסטאָקער.** ת״א, פּרץ, 1984. געלעבט אין ל״אַ. [זע 544].

***יערוסאַלימסקי, אַהרן** — (קיִעוו, 1902 —) — פֿאַרענדיקט ריאַזאַנער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט און אַספּיראַנטור פֿונעם מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט. דאָצענט. אין רעדקאָלעגיע פֿון **כוואַליעס** (וויטעבסק, 1920־1921), רעד׳ **די רויטע יוגנט** (קרעמענטשוג, 1921־1922), געשריבן אין **יונגוואַלד.** דרוקט אַ ריי יאָרן היסטאָרישע און סאָציאַל־פּאָליטישע אַרטיקלען אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע). — אין בוכפֿאָרעם: **פּאָליטאַלעפֿבייס פֿאַרן קאַמיוגיסט.** מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1925. 186 זז׳ [מיט ש. גאָלוביצקי, י. לעזמאַן]; **יונגער אַרבעטער היט אָפּ דײַן רעכט.** דאָרטן, 1928. 62 זז׳ [א״נ א. ירושלמי]; **אויף דער וואָך פֿון סאָציאַליסטישן פֿאָטערלאַנד.** מאָסקווע, שול און בוך, 1928. 78 [1] זז׳ [מיט ש. גאָלוביצקי]; **אונטער דער פֿאָן פֿון אינטערנאַציאָנאַליזם.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1983. 63 זז׳. — מיר נעמען אָן, אַז אַלע 4 ביכער זײַנען פֿון איין מחבר.

**יערוסאַלימסקי, ישעיה** — „און פֿון די מסכתות „אָבֿות״ — פֿאַלט אַרויס (ב׳ 4).

**יפֿה,** — זע אויך: יאָפֿע.

**יפֿה, יודל** — **אין גרויסן נעפּ־הויז** [דער־ציילונגען]. קיִעוו, קולטור־ליגע, 1929. 235 [1] זז׳; **דערציילונגען.** מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1935. 89 [3] זז׳; **אַלע וועלטן.** דערציילונגען. מאָסקווע, עמעס, 1938. 163 [2] זז׳; **גינגאָלד** [דערציילונג]. דאָרטן, 1940. 27 זז׳. — פֿאַרטראָטן אין **פֿאַר דער בינע, דער אַרבעטער אין דער יידישער ליטעראַטור, דער וועג פֿון פֿאַראַט.**

**יפֿה, יעקבֿ־שמואל** — (— חיפֿה, 1963)

**יפֿה, לייב־ח.** — (— קאָוונער געטאָ, 1941)

**יצחקי, שלמה** — (— ת״א, מערץ 10, 1966)

**ירדני, מרדכי** — (— מיאַמי־ביטש, אַפּריל 1, 1982) — **לעאָ ליאָוו.** נ״י, 1960. 135, 16 זז׳; **50 יאָר אידיש געזאַנג אין אַמעריקע.** נ״י, אידישער מוזיק־פֿאַרבאַנד, 1964. 236, 79 זז׳; **וואָרט און קלאַנג.** עסייען, עסייעטן. נ״י, 1979. 3 בב׳.

**ירושלימסקי, שמשון־דובֿ** — (— יולי 6, 1968)

****ירושלמי, אַבֿרהם** — (וואַרשע, דעצ׳ 7, 1904 —) — זשורנאַליסט. אָריגינעלער נאָמען — יעראָזאָלימסקי. 1924—1927 לערער אין די ציש״אָ־שולן אין פּוילן. 1928 עמיגרירט קיין אַרגענטינע. רעד׳ **דער רויטער שטערן** און פֿון 1935 די קאָמוניסטישע ט״צ **אונזער פֿרײַנט** (מאָנטעווידעאָ). אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ביז 1937. 1948 אַריבער צום ציוניסטישן אַרבעטער־לאַגער און 1958—195 רעד׳ די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע ב״ש **די נײַע צײַט** (ב״אַ). 1959 עולה געווען קיין ישׂראל און מיטרעד׳ די **יידישע צײַטונג** (ת״א). — אין בוכפֿאָרעם: **באַנקראָט פֿון די איזמען.** ת״א, נײַלעבן, תשל״ד. 361 זז׳. אין שפּאַניש: **קוואָ וואַדיס, מאָסקאַו?** (ב״אַ, 1958). פּסעוד׳ — י. אַדאַמסקי.

**ירושלמי, אליעזר** — (— חיפֿה, דעצ' 10, 1962. [זע 544].

****ירושלמי, יצחק** — (קאָנסטאַנטין, פּוילן, פּעב' 1907 —) — געלערנט אין חדר, ישיבֿה און שפּעטער אין גימנאַזיע. פֿון 1934 אין א״י־ישׂראל. מיטגליד פֿון „הגנה״. זינט 1930 באַטייליקט מיט לידער אין **נײַער פֿאָלקסבלאַט** (לאָדזש), **לאָדזשער טאַגעבלאַט, דער וועג** (מעקסיקע), **קענעדער אָדלער, לעצטע נײַעס, ייִדישע צײַטונג** — ת״א. אַ צאָל י״ס לידער, מיט זײַן אייגענער מוזיק, ווערן געזונגען: עקזאָדוס, ישׂראל, ירושלים א״אַ. פּסעווד' — יעראָז. אין בוכפֿאָרעם: **מײַן רחובֿות**. ת״א, 1969. 60 ז'; **6 מיליאָן — 6 טעג**. לידער־זאַמלונג. ת״א, נײַ־לעבן, 1970. 101 ז'.

ח. ל. פֿוקס, לאָדזש של מעלה. ת״א, 1972. ז' 123; צ. שטאַק, בני ייִדיש, נ״י, ניסן־אייר תשל״ג.

**ישורין, יעפּים** — (— נ״י, אָקט' 25, 1967) — **אַרבעטער־רינג בויער און טוער**. נ״י, 1962. 530 ז'; **אַרבעטער־רינג אין ראַנגלענישן און דערגרייכונגען, 1914—1964**. נ״י, 1964. 433, XXXI ז'.

**ישר, משה־מאיר** — (— מערץ 14 [פּעב' 16?], 1978)

# כּ

**כּהן, אידוב** — כ״ס **שיכחה ולקט** (ת״א, 1976) איז טײַלווײַז פֿריִער געדרוקט געוואָרן אין ייִדיש. מאַכט אַ סך איבערז' אויף העברעיִש פֿון ענגליש, פֿראַנצייזיש, דײַטש, רומעניש.

****כּהן, אלישיבֿ** — ( ) — פּסעוודאָנים (?) פֿון אַ סאַטמאַרער חסיד, וואָס וויל ניט אַרויסגעבן זײַן נאָמען פֿאַר „פֿרעמדע״. מחבר פֿון **ליכט שטראַלן**. אינטערעסאַנטע באַלערענדע דערציילונגען און לידער. נ״י, חרדישע שריפֿטן, תשכ״ט—תשל״ז. 10 בב'.

**כּהן, בערל** — 1967—1980 ביבליאָטעקאַר אין ניו־יאָרקער ייִדישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. רעד' די יזכור־ביכער סוּוואַלק(1961) שידלאָווצע (נ״י, 1974), לובאָמל, (ת״א, 1976), זוואָלין (נ״י, 1982). — **ספֿר הפרענומעראַנטן**. וועגווײַזער צו פרענומערירטע העברעאישע ספֿרים און זייערע חותמים פֿון 8,767 קהילות אין אייראָפּע און צפֿון־אַפֿריקע. נ״י, ביבליאָטעק פֿון ייִדיש־טעאָלאָגישן סעמינאַר, 1975. XX,384,XII ז'; **לעקסיקאָן פֿון ייִדיש־שרײַבערס**, מיט הוספֿות און תּיקונים צום **לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור**. נ״י, 1986. מיטרעד' פֿון **לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור**, ב' 8 (נ״י, 1981) מיט הונדערטער אייגענע געשריבענע ביאָגראַפֿיעס. — צוגעגרייט צום דרוק: ב. מעריז, **פֿון ראַקעוו ביז קלאָגע** (1969); י. בריקס, **די אַנטלויפֿערס; פֿון גסיסה צום לעבן** (1975); י. גלאַטשטיין, **פּראָסט און פּשוט** (1978); וו. שנײַדער, **ליטעראַרישע און היסטאָרישע עסייען** (1984); אַ. ליטווינאָווסקי, **פֿון אַ פֿאַרגאַנגענער וועלט** (1985); ד״ר ל. גאָלדשטיין, **פֿון קאָוונער געטאָ ביז דאַכאו** (1985); ד. ב. וואַרשאַווסקי, **אין שפּיגל פֿון צײַט**

(1986). געהאָלפֿן חיים גראַדען צוגרייטן צום דרוק זײַנע צוויי בענד **פּאָעמעס און עלעגיעס** (דערפֿון אַרויס אין 1986).

**כּהן, גאונה** — קאָרעקטער טיטל פֿון העבר׳ זשורנאַל: **הגה**. אַרויסגעגעבן מערערע העברעיִשע ביכער, ס׳רובֿ וועגן דיקדוק.

**כּהן, דוד** — (— קיבוץ אַלונים, אויג׳ 18, 1976) — קאָרעקטער נאָמען: קאַמײַ, ליטע. פּסעוודʼ — בן־החולות.

****כּהן, הלל** — (דאָרף דימיטריוּוקע, אוקראַיִנע, אָקט׳ 6, 1882 — לאָנדאָן, 1968) — שפּעטער אַריבער קיין יעליסאַוועטגראַד און יעקאַטערינאָסלאַוו. 1899 עמיגרירט קיין לאָנדאָן. אין בוכפֿאָרעם: **מײַנע זכרונות און מײַנע איבערלעבענישן**. לאָנדאָן, 1949. 125 זז׳ [פֿון ז׳ 50 — זיכרונות פֿון אַריה ליטווינאָווסקי].

***כּהן, יעקבֿ** — (— נ״י, דעצ׳ 1973) — **דער גורל פֿונעם ייִד ערבֿ חורבן**. ראָמאַן. ת״א, פּרץ, 1960. 157 זז׳; **אונטער די סאָוועטישע הימלען**. דאָרטן, 1961. 481 זז׳; **די משפּחה ערליך**. ראָמאַן. ת״א, נײַ לעבן, 1964. 227 זז׳; **אין פֿלאַם פֿון דאָרן** (פּאָעמעס און לידער). ת״א, המנורה, 1965. 103 זז׳; **בין השמשות** (לידער אין פּראָזע פֿערזן). דאָרטן, 1966. 127 זז׳; **דרײַ יאָר אין פּוילישן מיליטער**. מעמואַרן. דאָרטן, 1967. 174 זז׳; **זײַן און צוזאַמענזײַן** (עסייען). דאָרטן, 1968. 101 זז׳; **אין געראַנגל פֿון צײַט**. עסייען. ת״א, מאסף ישׂראל, 1970. 160 זז׳; **ווײַטן**. ת״א, נײַ לעבן, 1972. 96 זז׳; **מלכות ביאַלע** (אויטאָביאָגראַפֿישע דערציילונג). נ״י, 1973 — [מער ניט אַרויס].

**כּהן, משה**, 1881 — (— ירושלים, פֿעב׳ 7, 1952)

**כּהן, משה**, 1908 — (— סאַן־פּאולאָ, מערץ 1972)

**כּהן, צבֿי** — (— נ״י, אַפּריל 22, 1968) — **די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע**. ת״א, פּרץ, 1961. 2 בב׳.

**כּהנא, פּעסיע** — (— נ״י, סעפּט׳ 8, 1975)

**כּץ, אַלף** — (— נ״י, יאַנ׳ 22, 1969) — **די אמתע מתּנה**. אַ לייטער פֿון לידער, מעשׂיות און שפּיל. נ״י [1964]. 160 זז׳; **דער מאָרגנשטערן** [לידער, ת״א] פּרץ, 1975. 152 [4] זז׳ — גרויסער אַרײַנפֿיר פֿון יודל מאַרק.

****כּץ, אסתּר** — (1894 — ) — אויטאָרין פֿון **מאַריקס חלום**. מעשׂיות און לידער פֿאַר קינדער. נ״י, יונגוואַרג, 1953. 160 זז׳.

ב. גרין, פֿון דור צו דור. נ״י, 1971.

**כּ״ץ, בן־ציון** — **על עתונים ואנשים**. ת״א, 1983.

**כּץ, יחיאל בן־ציון** — (מלאַווע, יולי 7, 1905 — ת״א, יוני 14, 1961) — 1922 עולה געווען קיין א״י. מיטגרינדער פֿון „הבחרות הסוציאַליסטית״ און „הנוער העובֿד״. 1926—1932 אין שליחות פֿון „החלוץ״ אין פּוילן. 1931 אַרויסגעגעבן אַ ייִדישע צ״ש אין מלאַווע א״ט **מלאַווער נײַעס** (נאָוו׳ 1, 1931 — יולי 21, 1933. 38 נומ׳). 1933 זיך צוריקגעקערט קיין א״י. אַרויסגעגעבן **ילדים עזובים** (ת״א, 1939; 2טע אויפֿל׳ — 1962).

ר.ג.

**כּץ, יעקבֿ,** 1907 — (— חיפֿה, דעצ׳ 11, 1968)

**כּץ, מרדכי** — פֿון 1966 אין ישׂראל. וווינט אין רמת־גן.

**כּץ, משה,** 1885 —

משה כץ בוך. נ״י, 1963. 355 זז׳.

# כ

****כאַווער־פּאַווער** — (בערשאַד, פּאָדאָליע, נאָוו׳ 8, 1900 [יאַנ׳ 6, 1901] — ל״אַ, דעצ׳ 4, 1964) — פּסעווד׳ פֿון גרשון אײַנבינדער. געלערנט אין חדר און ישיבֿות. צוליב די פּאָגראָמען אַנטלאָפֿן 1921 קיין רומעניע און 1923 געקומען קיין אַמעריקע, ווו געווען לערער אין די ייִדישע שולן פֿון דער לינקער באַוועגונג. — דעביוטירט 1921 אין קעשענעווער **איד** מיט בילדער פֿון איבערגעלעבטע שרעק אין די פּאָגראָמען. האָט פֿאַרעפֿנטלעכט מעשׂהלעך און לידעלעך אין ניו־יאָרקער **קינדער לאַנד, קינדער־זשורנאַל,** ווי אויך בילדער און דערציילונגען אין **פֿרײַהייט, מאָרגן־פֿרײַהייט** (שטענדיקער מיטאַרבעטער). תּחילת געשריבן אַ סך פֿאַר קינדער, שפּעטער געדרוקט אַ ריי נאָוועלן און ראָמאַנען. — אין בוכפֿאָרעם: **כאַווער־פּאַווערס מעשׂהלעך.** נ״י, מתּנות, 1925. 2 בב׳; **פֿון יענער זײַט טײַך.** נ״י, חברים, 1930. 169 זז׳ (אויך מאָסקווע, 1930); **לאַבזיק.** נ״י, 1935—1937. 2 בב׳; **קלינטאָן סטריט.** ראָמאַן. נ״י, איד ביוראָ, 1937. 343 זז׳; **לעבנס אויף דער וואָגשאָל** (בילדער פֿון געריכט). [ל״א], 1944. 223 [1] זז׳; **וואָוויק,** מעשׂהלעך פֿון אַ בראָנזווילער הינטעלע. ל״אַ, 1947. 125 זז׳; **גיבורים פֿון דער נאַכט.** ראָמאַן. ל״אַ, 1950. 315 זז׳; **גרשון־מאיר דעם בלינדנס.** ל״אַ, 1958. 304 זז׳; **זאָג ניט קיינמאָל.** שפּיל. ל״אַ, 1953. 44 זז׳; **זלמן דער שוסטער.** ל״אַ, 1955. 246 זז׳; **גרשון אין אַמעריקע.** וואַרשע, ייִדיש בוך, 1963. 478 [1]זז׳; **בראָנזוויל** (ראָמאַן) און דראַמאַטישע שפּילן. ל״אַ, 1976. 238 זז׳. *Clinton Street and other stories.* Transl. Henry Goodman. New York [1974].

ז. רייזען, 2; אַ. פּאָמעראַנץ, פּראָלעטפּען. קיִעוו, 1935. ז׳ 208; ב. גרין, פֿון דור צו דור. נ״י, 1971. זז׳ 377־381.

****כאַזאַנאָוו, בערנאַרד** — (האָראָדאָק, ווײַסרוסלאַנד, אַרום 1890 —) — צו צען יאָר אַוועק

אַרבעטן בײַ שנײַדערײַ. געפֿירט רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אין אַ רײ שטעט פֿון רוסלאַנד. אַרעסטירט און אַנטלאָפֿן פֿון סיביר. געלעבט אין וויטעבסק, קורסק, יעקאַטערינאָסלאַוו. 1909 געקומען קיין אַמעריקע. אַרויסגעגעבן אַ בוך זיכרונות **טעג און יאָרן**, פֿונעם לעבן פֿון אַ ייִדישן אַרבעטער. נ״י, יובֿילײ־קאָמיטעט, 1956. 187 ז׳.

**כאַיִמסקי, משה** — (אָקט׳ 1, 1892 —) — 1976 געקומען קיין ישׂראל. פֿון צײַט צו צײַט געדרוקט אַרטיקלען און סאַטירעס אין **אונזער צײַט** (קעשענעוו), **די וואָך, אינזל** — בוקאַרעשט, **אויפֿגאַנג** (סיגעט־מאַרעמאַראָש), **לעצטע נײַעס** (ת״א). — **ערשטע וווּנדן** [דערציילונג]. קעשענעוו, 1921. 30 ז׳; **פֿון דור צו דור**. נאָכמלחמה־ראָמאַן און דאָס בלבול אויף ייִדישע דאָקטוירים... [קרית אַתאַ], 1978. 228 ז׳ [העבר׳ — 1981]; **סאַטירישע לידער**. דאָרטן, 1978. 28 [4] ז׳ — לעצטע צוויי א״פּ משה בר אַבא־זיס.

****כאַלאָדענקאָ, צבֿי** — (מאַנזיר, רומעניע, 1896 —) — געהאָלפֿן דעם טאַטן אין זײַן שמיד. אויטאָדידאַקט. ח.נ. ביאַליק האָט אין אַדעס געזען כ׳ס העפֿטן לידער און אים שטאַרק דערמוטיקט. זיך באַזעצט אין בענדער און דאָרטן געעפֿנט אַ „חדר מתוקן". נאָכן צווייטן וועלטקריג אַרעסטירט געוואָרן דורך די סאָוועטן פֿאַר „ציוניסטישער טעטיקייט" און פֿאַרשיקט אין וואָרקוטאַ־לאַגער, ווו ער איז אומגעקומען. געשריבן אַ סך לידער, אָבער געדרוקט זייער וויניק — אין ט״צ **אונזער צײַט** (קעשענעוו, 1922—1938) א״אַ ייִדיש־ליטעראַרישע זאַמלונגען.

י. אורמאַן, בעסאַראַבער ייִדן, ת״א, יאַנ׳ 1983.

**כאַלאָדענקאָ, שיפֿרה** — (דאָרף באַרטקאָוואַ רודניאַ, אוקראַיִנע, 1909 — מאָסקווע, יולי 1974) — **לעבן** [לידער]. קיִעוו, אוקרמעלוכנאַצמינדפֿאַרלאַג, 1937. 62 [2] ז׳; **לידער**. דאָרטן, 1940. 119 [1] ז׳; **דאָס וואָרט**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1974. 163 ז׳. פֿאַרטראָטן אין **צום זיג**, לידער־זאַמלונג **יונגנט** (כאַרקאָוו, 1922).

****כאַנאַכאָוויטש, ישׂראל־גרשון** — (פֿלאָצק, פּוילן, אָקט׳ 18, 1916 —) — געלערנט אין ייִדישער פֿאָלקשול און גימנאַזיע. 1947 עמיגרירט קיין פּאַריז און 1953 — קיין אַמעריקע. 1935—1938 קאָרעספּאָנדענט פֿון וואַרשעווער **מאָמענט**. 1937 אַרויסגעגעבן און רעד׳ דאָס וו״בל **פּלאָצקער לעבן**. שרײַבט אין **אַלגעמיינער זשורנאַל** (נ״י). פּסעוד׳ — ישׂראל־גרשון, גרשון באַטש, ג. פּלאָצקער.

**כאַנוקאָוו, לייוויק** — **ליטעראַרישע עסייען**. נ״י, איקוף, 1960. 333 ז׳; **קריזיס**. ראָמאַן. ת״א, 1963; **לעצטע שריפֿטן**. ת״א, פּרץ, 1966. 165 ז׳.

**כאַנין, נחום** — (— נ״י, אויג׳ 8, 1965)

**כאַצקעלעס, העלענאַ** — (קאָוונע, יולי 25, 1882 — קאָוונע, יאַנ׳ 26, 1973) — קאָרעקט: כאַצקעלס.

**כאָראָל, דבֿורה** — (— קיִעוו, מיטן 1982) — געשריבן אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע). — **די בין און דער האָן** [לידער]. מאָסקווע, עמעס, 1937. 16 ז׳; **אַעראָפּלאַנען** [לידער]. דאָרטן, 1938. 11 [2] ז׳; **יאָלקע** [ליד]. דאָרטן, 1938. 14 [2] ז׳; **אוטאָמאָביל** [לידער]. דאָרטן, 1939. 14 ז׳; **אין וואַלד** [ליד]. דאָרטן, 1940. 11 ז׳ — פֿאַרטראָטן אין **לאָמיר זינגען**.

***כאַראַץ, מאיר** — (דאָרף שורי, בעסאַראַביע, סעפּט׳ 23, 1912 —) — אויסגעוואַקסן אין מאַר־קולעשט, בעסאַראַביע. 1934 געקומען קיין

טשערנאָוויץ. דאָרטן געענדיקט לערער־סעמינאַר פֿאַר ייִדישער ליטעראַטור און שפּראַך־קענטעניש. 1949—1955 פֿאַרשיקט אין אַ סאָוועטישן לאַגער. צוריקגעפֿאָרן קיין טשערנאָוויץ. פֿון 1972 אין ירושלים. — 1961—1970 געדרוקט אַ סך לידער אין **סאָוועטיש היימלאַנד**. געשריבן אין פֿיל ייִדישע אויסג׳ פֿון ישׂראל, אין **צוקונפֿט**, **אויפֿן שוועל** — נ״י, **חשבון** (ל״אַ) א״אַ. רעד׳ (מיט י. קערלער) פֿון 1973 דעם **ישׂראל־אַלמאַנאַך**. — אין בוכפֿאָרעם: **אין פֿרעמדן גן־עדן**. ת״א, פּרץ, 1974. 335 [6] זז׳; **הימל און ערד**. ירושלים, אייגנס, 1974. [3] 283 זז׳; **לידער צו אייגענע**. ת״א, ישׂראל־בוך, 1975. 212 [4] זז׳; **שטערן אויפֿן הימל**. ירושלים, אייגנס, 1977. 239 זז׳; **דאָס פֿינפֿטע ראָד**. דאָרטן, 1978. 192 זז׳; **גרינער ווינטער** (לידער); **מאַרקולעשט** (פּאָעמע). ירושלים, 1982. 263 זז׳ (אין **גרינער ווינטער** זז׳ 227־263 — אָפּרופֿן אין דער פּרעסע און בריוו); **געקליבענע לידער און געציילטע פּאָעמעס**. ירושלים, אייגנס, 1983. 474 זז׳. 1975 באַקומען אַטראַן־פּרעמיע און 1976 — פֿיכמאַן־פּריז.

****כאַראַש, גאָסיע** — (ווישניעוויץ, וואָלין, אָקט׳ 12, 1909 —) — 1932 עמיגרירט קיין אַרגענ־טינע. 1955 דעביוטירט מיט אַ דערציילונג אין די **אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער** (ב״אַ). אין בוכפֿאָרעם: **צווישן צוויי אמתן**. דערציילונגען, מיניאַטורן, לידער, פּאָעמעס, פֿילם־סצענאַר. ב״אַ, 1971. 176 זז׳.

י.ה.

**כאַריק, איזי** — ש. ראָזשאַנסקיס רעד׳ **אויסקגעקליבענע שריפֿטן** [פֿון] דוד האָפֿשטיין, איזי כאַריק, איציק פֿעפֿער. ב״אַ, ליפֿשיץ־פֿאָנד, 1962; **מיט לײַב און לעבן**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1970. 286 זז׳. — פֿאַרטראָטן אין **בירעבידזשאַן, שלאַכטן, אַף באַריקאַדן, פֿאַר דער בינע, דער אַרבעטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור, דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור**.

**כאַרלאַש, יצחק** — (— נ״י, פֿעב׳ 18, 1973)

***כאַשטשעוואַצקי, משה** — (— דעצ׳ 17, 1943, אויפֿן פֿראָנט) — **אין שווערן גאַנג** [לידער]. כאַרקאָוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1929. 155 [3] זז׳; [מיט א. אַבטשוק] **אין קאַמף קעגן סאָנים** [דערציילונגען]. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1932. 28 זז׳; **טראָט פֿון טויזנטער** [לידער]. כאַרקאָוו, ליטעראַטור און קונסט, 1932. 254 [6] זז׳; **לענין** [פּאָעמע]. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1934. 146 [4] זז׳; **ראָט פֿראָנט!** [לידער]. דאָרטן, 1935. 100 [3] זז׳; **מײַן אַרבעט**. אָפּגעקליבענע לידער. דאָרטן, 1936. 327 [1] זז׳; [מיט פֿ. סיטאָ] **העראָיִק**. דראַמאַטישע פּאָעמעס. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינד־פֿאַרלאַג, 1936. 80 זז׳ [**טײַגע** איז אויך מיט פֿ. סיטאָ]; **לידער און פּאָעמעס, 1935—1938**. דאָרטן, 1939. 185 [1] זז׳; **היים און וועלט** [לידער]. דאָרטן, 1940. 118 [2] זז׳. — פֿאַרטראָטן, אין **רוף, אַף באַריקאַדן, אלמאַנאַך פֿון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, לידער וועגן סטאַלינען, לידער וועגן דער רויטער אַרמיי, פֿאַר דער בינע, שלאַכטן**.

****כוואַט, חנניה** — ( — ) — מחבר פֿון **הומאָריסטישע ערצעהלונגען**. וואַרשוי, 1912. 49 זז׳.

**כײַקין, דאָרע** — (אָקט׳ 8, 1913 —) — **לידער און באַלאַדעס**. קיִעוו, 1941; **פֿון אַלע מײַנע טעג**. לידער. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1975. 182 זז׳. פֿאַרטראָטן אין **אַלמאַנאַך פֿון די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער, קאָמסאָמאָליע**.

**כינאָי, מאַרק** — (— נ״י, 1968) — **פֿון צאַרישן און סאָוועטישן אונטערגרונט**. נ״י, וועקער, 1965. 274 זז׳.

**כיניטש, אליהו־חיים** — (— מעקסיקע, 1972)

**כיניץ,** — זע אויך: חיניץ.

****כיניץ, יהושע** — (לעניז, פוילן, אַרום 1892 —) — געלערנט אין חדר. עמיגרירט קיין אַמעריקע. געלעבט אין יאָנקערס (נ״י). מחבר פֿון **אַהרקע דער ליטוואַק** (ראָמאַן). נ״י, 1972. 393, IX זז׳.

**כענקין, מירע** — פֿאַרטראָטן אין **צום זיג, שלאַכטנ.**

**כראַבלאָווסקי, אלקנה** — (— ל״אַ, פֿעב׳ 13, 1965)

# ל

****לאַדסקי, מענדל** — (ווילקאָמיר, ליטע, 1899 — מאָנטרעאָל, יוני 5, 1968) — מאַגיסטער פֿון עקאָנאָמישע וויסנשאַפֿטן פֿון קאָוונער און בערלינער אוניווערסיטעטן. סוף דרײַסיקער יאָרן געלעבט אין יאָהאַנעסבורג, דערנאָך אין אויסטראַליע און פֿון 1949 אין מאָנטרעאָל. געשריבן אַרטיקלען אין דער ייִדישער פּרעסע פֿון קאָוונע, נ״י, ב״אַ, יאָהאַנעסבורג, מעלבורן און מאָנטרעאָל. אין בוכפֿאָרעם: **פֿון ווייִמאַרער דעמאָקראַטיע ביז היטלער־דיקטאַטור.** ווילקאָווישק, 1934. 64 זז׳ [דאָס בוך איז קאָנפֿיסקירט געוואָרן דורך דער ליטווישער מאַכט].

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**לאַזאַר, דוד** — (— ת״א, נאָוו׳ 27, 1974)

**לאַזאַראָוו, יהודה־לייב** — נאָמען פֿון שטעטל: וואָרנע.

**לאַזאַרסאָן, ירחמיאל** — (— נ״י, סעפּט׳ 23, 1964)

**לאַמפּעל, לאַזאַר** — (— נ״י, מײַ 25, 1965)

****לאַנג, אייב** — ( — ) — מחבר פֿון **אויפֿן וועג קיין בוענאָס אײַרעס (אונטער דער רויטער לאַמטערן).** מעלאָדראַמע אין 3 אַקטן. באַאַרבעט פֿון י. נאָזשיק. וואַרשע, פֿאָלקס־טעאַטער, 1931. 53 זז׳.

**לאַנג, הערי** — (— ל״אַ, יוני 22, 1970) — **פֿיר דורות**. נ״י, כּאַנין־פֿונדאַציע, 1974. 407 זז׳.

אַכציק יאָר ה. לאַנג. ל״אַ, 1968. 57, 89 זז׳.

****לאַנדאַ, הערמאַן** — (   ) — אויטאָר פֿון **יודיש־ענגלישעס לעהרבוך**. זעקסטע אויפֿלאַגע. לאָנדאָן, 1906. 24 זז׳ [מיט דזשאָזעף דזשייקאָבס].

****לאַנדאו, אלי** — (   ) — מחבר פֿון **ירושלים אויף אייביק**. ישׂראל, אות פּז, 1968. 168 זז׳.

**לאַנדאָן, מיכאל** — (— ת״א, נאָוו׳ 16, 1976) — אַרויסגעגעבן דרײַ אויטאָביאָגראַפֿישע ביכער: **מאבק חיי, אישים וזמנים, קסם המספרים**.

**לאַנדאָן, נחמה** — (— נ״י, מערץ 9, 1962)

****לאַנדוי, לעאָ** — (וועליטשקאַ, גאַליציע, אויג׳ 1, 1877 —) — געלערנט אין חדר און ישיבֿות, שפּעטער שטודירט אין די אוניווערסיטעטן פֿון בערלין, ציריך, פּאַריז און לאָנדאָן. 1904 באַקומען זײַן ד״ר־טיטל. ל׳ האָט זיך אַ סך פֿאַרנומען מיט פֿאָרשן די אַלטע ייִדישע ליטעראַטור. ל׳ס וואָגיקסטע אַרבעט אויף דעם געביט איז *Arthurian Legends or the Hebrew-German Rhymed Version of the Legend of King Arthur*. Leipzig, 1912. ל׳ס ייִדיש־פֿאָרשונגען ווערן אַ ביסל געמינערט דורך דעם, וואָס די ייִדישע טעקסטן זײַנען געבראַכט אין לאַטײַנישער טראַנסקריפּציע.

מ. ווײַנרײַך, שטאַפּלען. בערלין, 1923. ז׳ 182; מ. עריק, וועגן אַלט־ייִדישן ראָמאַן און נאָוועלע. וואַרשע, 1926.

**לאַנדינסקי, העלען** — **אין שפּיגל פֿון נעכטן** [זיכרונות]. נ״י, 1972. 192 זז׳.

****לאַנדמאַן, מאַניע** — (בערשאַד, 1920 —) — געענדיקט ייִדישע שול אין מאָסקווע. זינט 1976 שרײַבט זי זיכרונות וועגן ייִדיש־סאָוועטישע שרײַבערס: ש. האַלקין, מ. ליטוואַקאָוו, ל. קוויטקאָ, ד. בערגעלסאָן, א. פֿעפֿער, מ. גרוביאַן, ש. דריז א״אַ.

ס״ה, לעקסיקאָן

****לאַנדסמאַן, דבֿורה** — (   ) — רביצין. מחברטע פֿון **פֿרייד און לײַדן**. ת״א, המנורה, 1973. 400 זז׳.

****לאַנדערס, אַריה** — (אַרום 1900 —) — העברעיִשער לערער. געלעבט אין אַמעריקע, שפּעטער אין ישׂראל. מחבר פֿון **פּירוש אויף פּרקי אָבֿות**. ירושלים, 1968. זאָל האָבן אַרויסגעגעבן נאָך אַ בוך: **אידיש לעבן אין אַמעריקע** — ביידע ניט געזען.

****לאַניר, יעקבֿ** — (— ל״אַ, אַרום 1977) — געלעבט אַ סך יאָרן אין ל״א און געווען טעטיק אין לינקע קרײַזן. אויטאָר פֿון **צו ליכט און פֿרײַהייט**. לידער. ל״אַ, בוך־קאָמיטעט, 1965. 146 זז׳.

**לאַסאַווין, לייזער** — **אויסגעוואָרצלטע מענטשן און אַנדערע דערציילונגען**. ת״א, נײַ לעבן, 1965. 264 זז׳; **אין שטענדיקן געראַנגל**. ת״א, 1970. 320 זז׳; **אַ נאַכט אויפֿן ים כּנרת**. דערציילונגען. דאָרטן, 1980. 230 זז׳.

**לאַסטיק, שלמה** — **מײַן לייענבוך פֿאַרן פֿערטן קלאַס** [וואַרשע, 1961]. 267 זז׳.

****לאַססאָן, דוד** — (   ) — אויטאָר פֿון **צווישן מענטשן אָדער דער גײַסט פֿון דער צײַט**. מעלאָדראַמאַ. פֿילאַדעלפֿיאַ, 1909. 37 זז׳; **די וועלט אין לידער**. דאָרטן, 1927. 106 זז׳.

**לאַסקער, חיים** — באַטייליקט אין **סאָוועטישע ווײַסרוסלאַנד.**

**לאַפּאַטין, שלמה** — פּאַרטראָטן אין **אַלמאַנאַך פֿון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, בירעבידזשאַנג, ליטקאָמיוג, קאָמסאָמאָליע.**

***לאַצמאַן, יהושע** — (מערץ 2, 1906 — ראשון־לציון, מערץ 16, 1984)) — קאָרעקט: פּאָקראָי, בײַ פּאָנעוועזש. 1926 פֿאַרענדיקט העברעיִשן לערער־סעמינאַר אין קאָוונע. 1945 צוריקגעקומען פֿון אַלמאַ־אַטאַ קיין ליטע. פֿון 1948 עטלעכע יאָר אַרעסטירט. געשריבן אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע), **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע) און פֿון 1971, ווען געקומען קיין ישׂראל, אין **בײַ זיך** (ת״א). — אין בוכפֿאָרעם: **לידער און פּאָעמעס.** קאָונאַס, 1939; **תהילים־געזאַנגען.** ת״א, פּרץ, תשל״ט. 189 זז׳. זײַנע לעצטע צען יאָר געווען קראַנק.

**לאַקס, משה** — (פֿרומאָשיקאַ, מאָלדעווע, 1887 — בוקאַרעשט, נאָוו׳ 22, 1979) — **ליטעראַרישע פֿיגורן.** בוקאַרעשט, פֿאַרלאַג פֿאַר ליטעראַטור, 1969. 190 זז׳; **מעמואַריסטישע פֿעדער־שפּריצן.** דאָרטן, קריטעריאָן, 1973. 162 זז׳.

**לאַקעטש, משה,** וואַרשע — **גורל פֿון אַ קרײַז.** לידער. נ״י, ציקאָ, 1969. 139 זז׳; **מיט שטילן קול.** ת״א. פּרץ, 1975. 140 זז׳.

**לאָקער, בערל** — (— ירושלים, פֿעב׳ 2, 1972)

****לאָקער, לעאָן** — (פֿאָדאָלוי, רומעניע, דעצ׳ 22, 1896 —) — געלערנט אין חדר, רוסישער פֿאָלקשול און רעגירונג־גימנאַזיע אין יאַס. עמיגרירט קיין ענגלאַנד אין 1907. אָנגעשריבן אַ בוך **ראָמאַניזמען** (ניט געזען).

**לאָקער, מלכּה** — **ירושלים.** ת״א, פּרץ, 1967. 68 זז׳; **שאַרל באָדלער.** דאָרטן, 1970. 126 זז׳; **פֿאָל ווערלען.** דאָרטן, 1976. 99 זז׳.

**לאַקערמאַן, שמואל** — 1935 געקומען קיין א״י.

****לבֿ, שׂרה** — (קאָוונע —) — באַקומען טראַדיציאָנעלן ייִדישן חינוך. צאָן־טעכניקערין. דורכגעמאַכט געטאָ און קאַצעטן. 1948 עולה געווען קיין ישׂראל. אין בוכפֿאָרעם: **ערנסטע ליבעס.** ראָמאַן אין זעקס בילדער. ת״א, נײַ־לעבן, 1968. 471 זז׳ — אין בוך ווערן אָנגעגעבן ווי מחברים: שׂרה און מאיר.

**לבֿדי, שלמה** — (— שיקאַגאָ, מערץ 21, 1973)

****לבֿנון, צילע** — (וואַרשע, מײַ 30, 1906 — ת״א, דעצ׳ 13, 1974) — דערצויגן אין חסידישן גײַסט, אָבער שפּעטער געלערנט אין פּוילישער גימנאַזיע. 1938 עולה געווען קיין א״י. געדרוקט דערציילונגען אין **לעצטע נײַעס, ייִדישע צײַטונג** — ת״א, **אונזער שטימע** (פּאַריז). אין בוכפֿאָרעם: **מירעלע און אַנדערע דערציילונגען.** ת״א, 1972. 196 זז׳ (אין ש. שנהודס העבר׳ איבערז׳ — ת״א, 1974).

ש. ק[אַנץ], לעצטע נײַעס, ת״א, מײַ 5, 1972.

****להד, עזראַ** — (מינסק, מײַ 18, 1918 —) — אַדאָפּטירטער נאָמען פֿון לאַקערמאַן. געענדיקט ייִדישע רעאַל־גימנאַזיע אין ווילנע. 1935 עולה געווען קיין א״י. געווען אין דער „הגנה״, שפּעטער אָפֿיציר אין צה״ל. בעתן מיליטער־דינסט געשטודירט אין העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים. אַ סך יאָרן זיך אָפּגעגעבן מיט זאַמלען מאַטעריאַלן צו דער

געשיכטע פֿון יידישן טעאַטער און יידישער בדחנות. שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון **במה** (ת״א). דאָרטן געדרוקט אויך אַרבעטן, וואָס האָבן אַ שייכות צום יידישן טעאַטער און אַ גרעסערע פֿאָרשונג וועגן בדחנים (נומ׳ 95־96). אין די יאָרביכער **חיפֿה** געדרוקט: **יידיש טעאַטער אין ארץ־ישׂראל** (נומ׳ 2־3); **שלום־עליכם אויף דער העברעיִשער בינע** (נומ׳ 3־4)); **משה נאַדירס מלחמה קעגן שונד־טעאַטער** (נומ׳ 5). פֿאַרעפֿנטלעכט אַ גרויסע ביבליאָגראַפֿיע וועגן יידישן טעאַטער א״ט **אונדזער ליטעראַרישער רעפּערטואַר אין יידישן טעאַטער אין אייראָפּע צווישן ביידע וועלט־מלחמות** (נ״י, 1971, זז׳ 323—381). אין בוכפֿאָרעם: **מחזות פּורים; מחזות אַבֿרהם גולדפֿאַדן** — ביבליאָגראַפֿיע פֿון די געדרוקטע פּורים־שפּילן און גאָלדפֿאַדענס פּיעסעס אין יידיש. חיפֿה. 1970. 22 זז׳. מיטאַרבעטער אין דאָזיקן באַנד וועגן יידישן טעאַטער און בדחנות.

**לוביִן, חיים — (ברוסילאָוו, אוקראַיִנע, 1894 — לאָס אַנדזשעלעס, נאָוו׳ 22 1980) — געלערנט אין חדר, שפּעטער אַן עקסטערן. עמיגרירט קיין אַמעריקע אין 1941. געענדיקט דענטיסטיק אין שיקאַגאָ. פֿון 1960 אין ל״אַ. געשריבן וועגן יידישער קונסט אין **זאַמלונגען, יידישע קולטור** — נ״י, קאַנאַדער **וואָכנבלאַט**. 1974 אַרויסגעגעבן אַן ענגליש בוך וועגן יידישער קונסט.

**לובעלסקי, בנימין — (לובלין, דעצ׳ 21, 1909 —) — געענדיקט מיטלשול. 1929 עמיגרירט קיין בעלגיע. באַטייליקט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַנישן בירגער־קריג (1936—1939). 1939—1943 אינטערנירט אין פֿאַרשיידענע לאַגערן אין פֿראַנקרייך און צפֿון־אַפֿריקע. 1946 צוריק קיין פּוילן. שטודירט יוריספּרודענץ אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט. געאַרבעט אויף פֿאַרשיידענע פּאָסטנס פֿון דער פּוילישער רעגירונג. פֿון 1965 אין ישׂראל. אַבסאָלווירט דעם פֿאַקולטעט פֿאַר ביבליאָטעקערײַ בײַם ירושלימער העברעיִשן אוניווערסיטעט, ווו ער האָט געאַרבעט ביז 1979. — פֿון 1929 געשריבן אַרטיקלען אין **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע, זינט 1960), **ישׂראל שטימע** (ת״א, 1971), **ירושלימער אַלמאַנאַך** (1974, 1975). אין בוכפֿאָרעם: **יידן אין שפּאַנישן בירגערקריג** (1936—1939). ת״א, לייוויק־פּ״ג, 1984. 291 זז׳. גרייט בוך **פּוילישע יאָרן**.

**לודאָ, י. — (יאַס, אַפּריל 4, 1894 — בוקאַרעשט, מערץ 25, 1973) — יידיש־רומענישער ראָמאַניסט, וואָס האָט געמאַכט אַ סך איבערזעצונגען פֿון יידיש אויף רומעניש; מערסטנס פֿון שלום־עליכם: **דרײַ זענען מיר געזעסן** (בוקאַרעשט [נאָך 1930]); **מאַריענבאַד** (1941. 120 זז׳); **דער אוצר** (1945); **מיסטער גרין** (1948, איבערדרוק — 1950); **מאָטל פּייסי דעם חזנס** (1949. איבערדרוק — 1956. 156 זז׳); **געקליבענע ווערק**, I (1959. 663 זז׳); **טובֿיה דער מילכיקער** (1961. 264 זז׳); **געקליבענע ווערק**, IV (1966. 302 זז׳); **מנחם מענדל** (1970. 368 זז׳) — אַלע בוקאַרעשט; ש. אַנסקיס **דיבוק** (בוקאַרעשט, 1930 [?]. 110 זז׳); י. אָפּאַטאָשוס **אין פּוילישע וועלדער** (דאָרטן, 1945).

י. קאַ.

**לודען, יוסף — (וואַרשע, דעצ׳ 5, 1907 —) — ברודער פֿון ל׳ יצחק. ביז די „מאָסקווער פּראָצעסן" קאָמוניסטיש אַקטיוו. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה אין סאָוועט־רוסלאַנד. פֿון 1948 אין ישׂראל. זינט 1971 רעד׳ די אַנאַרכיסטישע צ״ש **פּראָבלעמען** (ת״א), ווו געדרוקט אַרטיקלען און רעצענזיעס. געשריבן אויך אין **פּאַריזער בלעטער, דרום־אַפֿריקע, אויפֿגאַנג** (חולון). — אין בוכפֿאָרעם: **רויך און לעגענדעס**. ת״א, 1964. 31 זז׳; **איבער צעבראָכענע בריקן**. ראָמאַן. ת״א, פּראָבלעמען, 1966. 237 זז׳; **ווי אַ זעגל אין שטורעם**. ראָמאַן. דאָרטן, 1972. 160 זז׳; **אויף די פּראָנטן פֿון לעבן**. דאָרטן, 1981. 360 זז׳; **פֿלאַמען**. לידער. דאָרטן, 1983. 78 זז׳; **אַ בליץ אין דער נאַכט**. לידער. ת״א, פּראָבלעמען, 1985. 98 זז׳. [זע 544].

י. פֿרידלענדער, מעריבֿ, ת״א, מערץ 25, 1966; מ. שטיינבערג, לעצטע נײַעס, ת״א, יאַנ׳ 8, 1982; ש. טענענבוים, פּראָבלעמען, ת״א, 1982, נומ׳ 122.

ר.ג.

**לודען, יצחק** — (אָקט׳ 22, 1924 —) — שטודירט קונסט־געשיכטע און פֿילאָסאָפֿיע אין תּל־אָבֿיבֿער אוניווערסיטעט. פֿאַרעפֿנטלעכט גרעסערע אַרבעטן וועגן קונסט אין **גזית** און **גאָלדענע קייט** — תּ״א. קונסט־קריטיקער פֿון **לעצטע נײַעס** (תּ״א) און האָט דאָרטן אַ שטענדיקע רובריק „וואָכעדיקס אויף שבת״. זינט 1971 רעד׳ פֿון **לעבנס־פֿראַגן.** (תּ״א). שרײַבט אויך אין **אונזער צײַט** (נ״י), **אונזער שטימע** (פּאַריז). איבערגעזעצט ח. חפֿרס **מיסדר הלוחמים א״ט קעמפֿער פֿאַראַד** (תּ״א, 1968). אַרויסגעגעבן **פֿון חלום צו שלום.** תּ״א, לעצטע נײַעס, 1979. 240 זז׳ — וועגן ישׂראל־עגיפּטישן שלום. גרייט צום דרוק: 1. עסייען וועגן קונסט. 2. רעפּאָרטאַזשן, שמועסן, באַגעגענישן.

ר.ג.

****הלוי, מאיר** — (— פּאַריז, אַפּריל 15, 1972) — דורכגעלעבט דעם חורבן־אייראָפּע. פֿון 1963 אין פּאַריז, רבֿ־הכּולל פֿון די ספֿרדים. פּראָפֿ׳ פֿון אָריענט־אַלישער געשיכטע אין סאָרבאָנע. — פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ריי וויסנשאַפֿטלעך־היסטאָרישע אַרבעטן וועגן יידיש און דער געשיכטע פֿון ייִדן אין רומעניע. געשריבן אין **די וואָך, אינזל** — בוקאַרעשט; **אויפֿגאַנג** (סיגעט), **אונזער וואָרט** (פּאַריז); מיטאַרבעטער פֿון **פֿילאָלאָגישע שריפֿטן, היסטאָרישע שריפֿטן** (ווילנע, 1929—1939), **ייִוואָ־בלעטער** (נ״י, 1956, 1966), **בלעטער פֿאַר געשיכטע** (וואַרשע, פֿון 1957 און ווײַטער). אַרויסגעגעבן צוויי פּנקסים פֿון מעץ (פֿון 17טן און 18טן י״ה) און פֿון זיבנבירגישע און בוקאַרעשטער פּנקסים. אַ ריי היסטאָרישע דאָקומענטן וועגן יידיש פֿאַרעפֿנטלעכט אין זײַן רעד׳ יאַרבוך **סיני** (1926—1933). געשריבן אַ סך וויסנשאַפֿטלעך־היסטאָרישע אַרבעטן אויף רומעניש, פֿראַנצייזיש, פּויליש.

O. Weininger, Grosse jüdische Biografie, 1925.

**לויטער, אפֿרים** — (— קיִעוו, 1963)

**לויצקער, חיים** — (קאָניעוו, אוקראַיִנע, 1898 — 1970) — אַרעסטירט 1948, דערנאָך רעהאַבי־ליטירט.

****לוסטגאַרטן, געצל** — (שעדלעץ, פּוילן, 1907 — תּ״א, יוני 14, 1969) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. קאַמאַשן־מאַכער, אַרײַנגעצויגן אין בונד", ווו ער איז געווען טעטיק זײַן גאַנץ לעבן. פֿון 1930 אין וואַרשע. בעתן צווייטן וועלטקריג פֿאַרכאַפּט געוואָרן אין סאָוועטישן ביאַליסטאָק, עטלעכע מאָל אַרעסטירט און פֿאַרשיקט דורך דער סאָוועטישער מאַכט. נאָך דער באַפֿרײַונג געקומען צוריק קיין פּוילן און 1948 אַוועק קיין ישׂראל. אין בוכפֿאָרעם: **אין וואַנדער און געראַנגל** (זיכרונות פֿון די יאָרן 1939—1968). תּ״א, 1968. 274 [4] זז׳.

מ. פֿרענקעל, אונזער שטימע, פּאַריז, יוני 28, 1969; ה. ק[עמפּינסקי], אונזער צײַט, נ״י, אָקט׳ 1969.

****לוסטיגמאַן, אַבֿרהם** — (קוטנע, פּויִלן, אַפּריל 4, 1910 —) — באַקומען רעליגיעזן חינוך, שפּעטער געלערנט אין פּוילישער גימנאַזיע. פֿון 1934 אין א״י־ישׂראל. געשאַפֿן אין ירושלים דעם ביכער־פֿאַרלאַג „אור לעם״. — 1925 אָנגעהויבן דרוקן דערציילונגען אין **קינדער וועלט** (וואַרשע), **גרינינקע ביימעלעך** (ווילנע). באַטייליקט מיט דערציילונגען, סקיצן, זיכרונות און אַראַבישע לעגענדעס אין העבר׳ אויסגאַבעס און אין **ציון יוגנט** (ירושלים), **וועלט־זשורנאַל, ייִדישע צײַטונג** — תּ״א. 1961 געשאַפֿן דאָס וו״בל **נײַע ישׂראל צײַטונג** (תּ״א) און 1972 (מיט אַנדערע) די צ״ש **אויפֿגאַנג** (חולון). פּסעוו׳ — לוי בן מנחם, בן מנחם, א. לוסטיג, א. מאַן, א. לוסי, ב. אילני, א. מ. שאנן א״אַ.

מ. האַמפּעל, יידישע צײַטונג, תּ״א, יולי 11, 1975.

ר.ג.

****לוריא, שלום** — (קיִעוו, אויג׳ 19, 1920 —) — זון פֿון זעליק קלמנאָוויטש. אַריבער מיט משפּחה קיין ווילנע אין 1928. געלערנט אין דער ייִדישער

רעאַל־גימנאַזיע. 1938 עולה געווען קיין א״י. פֿון 1941 אין קיבוץ מרחבֿיה. זינט 1974 לעקטאָר פֿון העברעיִשער ליטעראַטור אין חיפֿה־אוניווערסיטעט. ל׳ס ד״ר־דיסערטאַציע (ירושלים, 1977): **די פֿיגוראַטיווע שפּראַך אין מענדעלע מוכר־ספֿרימס צוויי־שפּראַכיקע ווערק.** געדרוקט ליטעראַריש־פֿאָרשערישע עסייען און אַרבעטן וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור, ס׳רוב אין העברעיִש: וועגן העבר׳ שרײַבער א. ב. יהושוע (**גאָלדענע קייט,** 90:1976); מענדעלע־דאָקומענטן (דאָרטן, 92:1977); דן מירון (דאָרטן, 108:1982); ש. י. אַבראַמאָוויטשעס פּערזן (**ייִדישע קולטור,** נ״י, 5:1983־6); משה קולבאַק (**שבֿות** 9:1982); א. סוצקעווער (**ייִחוס פֿון ליד,** ת״א, 1983: זז׳ 103—121); עלי שעכטמאַן (**שבֿות,** 10:1984, זז׳ 103־121). רעד׳ און איבערגעזעצט ערשטן נוסח פֿון מענדעלעס **דאָס קליינע מענטשעלע,** מיט אַ גרויסן אַרײַנפֿיר. חיפֿה, 1984. איבערגעז׳ יעקבֿ שטיינבערגס **די אומעטיקע ליבע (דפים למחקר בספֿרות,** 1, (חיפֿה, 1984, זז׳ 8־35) און זײַן גרויסע פּאָעמע **רוסלאַנד** (דאָרטן, 2, זז׳ 8־72). אין זײַן פֿאָטערס **יומן בגיטו וילנה** (ת״א, 1977) דאַ ל׳ס אַרײַנפֿיר: זליק קלמנוביץ, האיש ועולמו (זז׳ 9־59). גרייט צו דרײַ ביכער: וועגן מענדעלען, פּרץ מאַרקיש, אַהרן שטיינבערגס עסייען אין ייִדיש מיט אַ גרויסן אַרײַנפֿיר.

## **לוריע, אַבֿרהם — ( ) — אויטאָר פֿון **דער סאָד פֿון דער גרויסער פּיראַמידע.** מאָסקווע, עמעס, 1936. 183 זז׳.

## לוריע, הירש־שמואל — (— 1937)

## לוריע, משה — „ליקווידירט״ געוואָרן אין 1936.

עמעס, מאָסקווע, אויג׳ 24, 1936.

## לוריע, נאָטע — (יאַנ׳ 15, 1906 —) — **הימל און ערד.** ראָמאַן. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1965. 306 זז׳; **יאַם און הימל.** ראָמאַן, דערציילונגען און פֿאַרצייכענונגען. דאָרטן, 1978. 286 זז׳; **באַ אונדז אין אָדעס.** דאָרטן, 1980. 60 זז׳. — פֿאַרטראָטן אין **דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, קאָמיוג, שלאַכטנ.**

## לוריע, נח — (— 1960) — **אין וואַלד.** מאָסקווע סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1972. 365 זז׳. — פֿאַרטראָטן אין **דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, אַלמאַנאַך פֿון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, צום זיג, שלאַכטנ.**

## לי, מלכּה — (— נ״י, מערץ 22, 1976) — **אין ליכט פֿון דורות.** [ת״א] פּרץ, 1961. 215 זז׳; **אונטערן נוסענבוים.** דאָרטן, 1969. 108 זז׳; **מעשׂהלעך פֿאַר יאָסעלען.** דאָרטן, 1969. 105 זז׳.

## ליאָן ד׳אָר, הירש —

פּ. קאָן, דאָס ערשטע פּויליש־ייִדישע ווערטערבוך און זײַן מחבר לעווען לאַנד׳אָר. ווילנע, 1926.

## ליאָן ד׳אָר, לעווין אַבראַם — **בריוון־שטעלער** אַרויס אין 14 אויפֿל׳.

י. ריבֿקינד, דער קאַמף קעגן אַזאַרטשפּילן בײַ ייִדן. נ״י 1946. ז׳ 114.

## ליבאָ, אַלעקסאַנדער — (— ת״א, מײַ 20, 1970)

ל. קאַריסקי, אָנדענק־אויסגאַבע צום דריטן יאָרטאָג. ת״א, 1972. 75 זז׳.

## **ליבינזאָן, זלמן — (דובראָוונע, ווײַס־רוסלאַנד, 1918 —) — געענדיקט ייִדישן אָפּטייל פֿון מאָסקווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט א״נ פֿון לענין.

ד״ר פֿון פֿילאָלאָגישע וויסנשאַפֿטן. אויף ייִדיש אָנגעהויבן אין ט״צ **דער עמעס** (מאָסקווע). זינט 1979 דרוקט ל׳ ליטעראַטור־קריטישע און וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע). אין בוכפֿאָרעם: **אַ גילגול פֿון אַ ליד.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1985. 62 זז׳. וווינט אין גאָרקי.

הקדמה אין בוך.

## ליבערמאַן, אַבֿרהם־אַבא

— (— פּאַריז, אַפּריל(?) 1981) — דאָס איז דער אמתער נאָמען און לײַכטמאַן איז דער פּסעווד׳ (ב׳ 5).

## ליבערמאַן, אַבֿרהם־משה

— (— ריאָ, סעפּט׳ 4, 1970)

## ליבערמאַן, חיים,

1892 — געווען פֿאַר־שפּאַרט אין לענינגראַדער תּפֿיסה, שפּעטער פֿאַר־מישפּט געוואָרן אין טאַמבאַוו אויף דרײַ יאָר טורמע, אָבער אַ יאָר אַרום באַפֿרײַט. ל׳ס אַרבעט „דער אָפּשטאַם פֿון סידור און צו דער גענעאַלאָגיע פֿון סידורים״ — פֿאַלט אַרויס. — **אהל רחל.** חלק שני: אין פּרוזדור פֿון חסידות, ליטעראַריש־היסטאָרישע ענינים, אין פֿעלד פֿון ייִדיש־פֿאָרשונג. נ״י [1980]. 568 זז׳ (ערשטער און דריטער טייל אַרויס אין העברעיִש). וווינט אין ברוקלין.

## ליבערמאַן, חיים,

1899 — (— נ״י, מײַ 16, 1963) — **די מאַסקע און דאָס פּנים.** ב. צ. גאָלדבערג און זײַנע זינד קעגן די רוסישע אידן. נ״י, 1963. 64 זז׳.

## **ליבערמאַן, קאָפּל

— ( ) — אויטאָר פֿון **די געשיכטע פֿון יידן אין בעלגיע.** בריסל, 1932. 46 זז׳. „אינגיכן וועט דערשײַנען דריטער טייל״. [?]

## **לידסקי, יעקבֿ

— (סלאָנים, פּוילן, 1868 — ווילנע, יוני 1, 1921) — פֿאַרלעגער. געלערנט אין חדר און ישיבֿות. די יוגנט־יאָרן פֿאַרבראַכט אין מאָסקווע. אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, ווו ער האָט געפֿירט אַ ייִדיש־פֿאַרלעגערישע אַרבעט. 1899 זיך באַזעצט אין וואַרשע, דאָרטן געשאַפֿן דעם פֿאַרלאַג „פּראָגרעס״, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ סך פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע אויסג׳, אָריגינעלע און איבערגעזעצטע. האָט אויך דער ערשטער אַרויסגעגעבן די ווערק פֿון אַ. רייזען, ש. אַש א״אַ. אַרום 1911 איז געשאַפֿן געוואָרן דער סינדיקאַט „צענטראַל״ פֿון די פֿאַראייניקטע ייִדישע און העבר׳ פֿאַרלאַגן „פּראָגרעס״, „תּושיה״, ב. שימין, ש. שרעבערק און „השחר״ פֿון א. קאַפּלאַן. פֿון דעמאָלט איז ל׳ס פֿאַרלעגערישע טעטיקייט געווען פֿאַרבונדן מיט „צענטראַל״. שפּעטער אַליין געגרינדעט דעם פֿאַרלאַג „יודיש״, וואָס האָט פּובליקירט עטלעכע צענדליק גרעסערע ווערק.

ז. רייזען, 2.

## ליובאָמירסקי, יהושע

— (יוני 16, 1884 — מאָסקווע, אויג׳ 22, 1977) — **אַף די לעבנסוועגן.** פֿאַרצייכענונגען. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1976. 246 זז׳.

## ליובאַשיצקי, אַהרן

— (אויג׳ 22, 1874 — יולי 26, 1942)

## ליוושין, ה[ירש־צבֿי]

— (מײַ 9, 1909, קאָוונע —) — געלערנט אין ווילנער „חדר מסודר״, שפּעטער אין ווילקאָמירער פּריוואַטער פֿאָלקשול פֿון קאָלטון. 1926 געענדיקט העברעיִשע רעאַל־גימנאַזיע אין קאָוונע און 1935 דעם מעדיצינישן פֿאַקולטעט פֿון דאָרטיקן אוניווערסיטעט. 1974 עולה געווען פֿון קאָוונע קיין ישׂראל. — אין **דער הויז־דאָקטאָר** נאָך אַרויס: **כירורגישע קראַנקייטן און מאָזלען און קינדערשאַנט** קײַכהוסטן. לעבט אין ירושלים.

**ליוושין, יוסף** — (דיסנע, ווילנער געגנט, 1879 — קאָוונע, אַפּריל 20, 1937) — איבערגעז׳ ליטווישע לעגענדעס אויף ייִדיש. געשריבן נאָוועלן פֿון ייִדישן לעבן. געדרוקט וועגן גירוש־ווילקאָמיר אין **ווילנער זאַמלבוך**, (ב׳ 2. ווילנע, 1918). פֿאַרפֿאַסט די פּיעסעס **די מגפֿה** און *Aleksoto stebuklas* (אַלעקסאָטער נס). פּסעווד׳ — בן־ליפּמאַן.

**ליומקעס, איסאַק** — איבערגעז׳ ר. קיפּלינגס **ריקי־טריקי־טאָווי** (קיִעוו, 1924).

****ליזען, אַלעקסאַנדער** — (הײַדײַקי, פּראָסקוראָווער געגנט, 1911 —) — קינדהייט און יוגנט אין שטעטעלע קופּעל. ווי אַן עקסטערן פֿאַרענדיקט דעם עקאָנאָמישן אינסטיטוט אין לעמבערג. פֿון 1959 געדרוקט נאָוועלן, דערציילונגען און ראָמאַנען — אַלע אין רוסישע און אוקראַיִנישע אויסג׳. אויף ייִדיש אָנגעהויבן שרײַבן פֿון 1970 אין **סאָוועטיש היימלאַנד**. אין בוכפֿאָרעם: **נאָכעמקע עסרעג**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1981. 383 זז׳.

סאָוועטיש היימלאַנד, לעקסיקאָן.

**ליטוואַקאָוו, משה** — (1880 —)

י. ליפֿשיץ, מ. אַלטשולער. בריוו, זז׳ 233־239.

**ליטווין, מרדכי** — (סעפּט׳ 6, 1906 —) באַקומען ייִדיש־וועלטלעכע דערציִונג. שטודירט הומאַניסטישע וויסנשאַפֿטן אין בערלינער אוניווערסיטעט. געלעבט אַ ריי יאָרן אין דײַטשלאַנד און 1934—1937 געזעסן אין נאַצישע תּפֿיסות. 1958 אַוועק פֿון די קאָמוניסטישע קרײַזן. רעדאַקטירט **פּאַריזער צײַטשריפֿט** (1954—1958). געשריבן אין **אונזער קיום, אונזער וואָרט**. פֿאַרעפֿנטלעכט אין **גאָלדענע קייט** (ת״א) עסייען וועגן פֿראַנצייזישע פּאָעטן און איבערזעצונגען פֿון זייערע ווערק, ווי אויך וועגן ייִדישע פּאָעטן. אין בוכפֿאָרעם: **פֿראַנצייזישע פּאָעזיע**. איבערזעצונגען און קאָמענטאַרן. פּאַריז, אונזער קיום, 1968. 42, 462 זז׳. — 1973 באַקומען מאַנגער־פּרעמיע. אין דער זשורי־רעזאָלוציע ווערט צ״אַ געזאָגט: „מ. ליטווין האָט פֿאַר אונדז געשאַפֿן אַן אילוזיע, אַז מיר האָבן צו טאָן נישט מיט איבערזעצונג־פֿאַכמענערישקייט, נאָר מיט מקור, אָריגינאַל, אַ ייִדיש־יצירה בפֿני עצמה״. — די פּסעוודאָנימען מ. וואַלדער, מ. דינקעס פֿאַלן אַרויס (ב׳ 5).

****ליטווינאָווסקי, אַריה** — (נאָוואָ פּראַגאַ, אוקראַיִנע, אַפּריל 22, 1860 — ניו־הייוון, פֿעב׳ 11, 1937) — פֿאַרקירצט נאָמען אויף ליטווין. געלערנט אין חדר און ישיבֿה. אַריבער מיט משפּחה קיין יעליסאַוועטגראַד, ווו דורכגעמאַכט דעם ערשטן גרויסן פּאָגראָם אין רוסלאַנד (אַפּריל 22, 1881). 1924 עמיגרירט קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין ניו־הייוון. אין בוכפֿאָרעם: **פֿון פֿאַרלאָפֿענע צײַטן**. נ״י, 1985. 88, 116 זז׳. ייִדיש און ענגליש. איין טייל פֿון הלל כּהנס **מײַנע זכרונות און מײַנע איבערלעבענישן**. לאָנדאָן, 1949 [זז׳ 59־125].

**ליטינסקי, מנחם־נחום** — אַרויסגעגעבן אין פֿערזן **דער פֿאַלשער משיח** (1875).

**ליטמאַן־געלטמאַן** — זע: פֿריילעך, ש.

****לייב, אַבֿרהם־מרדכי** — (לאָדזש, יולי 20, 1898 —) — טראַדיציאָנעלע דערציִונג. געלערנט אין אַ רוסישער שול, שטודירט און געקענט אַ ריי אייראָפּעיִשע לשונות. 1922 געקומען קיין אַמעריקע. לערער פֿון אַרבעטער־רינג־שולן, דערנאָך פֿון די „אָרדן״־שולן. געשריבן קינדער־מעשׂהלעך אין **גרינינקע ביימעלעך** (ווילנע), שפּעטער אין **יונג־וואַרג, פּראָלעטאַרישע דערציאונג** — נ״י, **אַרגענטינער ביימעלעך**. פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סך קינדער־פּיעסעס, וואָס טייל פֿון זיי זײַנען געשפּילט געוואָרן

און אַ צאָל זײַנען אויך געדרוקט: **מיר פֿאָרן אין אַרטעף־טעאַטער.** נ״י, 1931. 5 זז׳; **קאָלעקטיװ (מאָרגן פֿרײַהייט,** נ״י, יאַנ׳ 8, 1933); **אין די גאַסן צו די מאַסן** (דאָרטן, יוני 18, 1933); **צו גאַסט.** נ״י, רויטע פֿעדים, 1934. 16 זז׳; **דער קלוגער ריכטער (יונגוואַרג,** נ״י, מײַ 1939); **יידן פֿון אַמעריקע** [פֿון ענגליש] (דאָרטן, נאָװ׳, דעצ׳ 1939); **אַ סוד** (דאָרטן, יאַנ׳ 1945.

ז. זילבערצווײַג, 6.

## **לייבאָוויטש, אליעזר — (פּאָשוויטין, ליטע, מערץ 15, 1906 — חולון, מײַ 17, 1982) — געלערנט אין שאַוולער העברעיִשער גימנאַזיע און 1926—1927 אין קאָוונער „תּרבות״ לערער־סעמינאַר. 1927 עמיגרירט קיין דרום־אַפֿריקע. געלעבט אין יאָהאַנעסבורג, דערנאָך אין פּאָרט־עליזאַבעט. 1966 עולה געוועזן קיין ישׂראל. געשריבן אַרטיקלען און לידער אין **דרום־אַפֿריקע, אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג, ישׂראל שטימע** (ת״א). 1971—1973 מיטרעד׳ פֿון **אויפֿגאַנג** (חולון).

ז. ל[עווי], דרום־אַפֿריקע, אַפּריל־יוני 1984.

## לייבאָוויטש, חיים — (— עליזאַבעט סיטי, 1967)

## לייבאָוויטש, שמואל — (— יוני 16, 1976)

## לייבל, דניאל — (— ירושלים, פֿעב׳ 20, 1967)

## לייוויק, ה. — **עסייען און רעדעס.** נ״י, קולטור־קאָנגרעס, 1963. 451 זז׳; **ניט געדרוקטע דראַמעס.** ב״אַ, קולטור־קאָנגרעס, 1973. 320 זז׳.

**ה. לייוויק זאַמלבוך.** פּאַריז, קולטור־קאָנגרעס, 1963. 123 זז׳; י. ח. בילצקי, הדראַמטורגיה החזיונית של ה. לייוויק. ת״א, תשל״ט. 310 זז׳.

## לייזעראָוויטש, יעקבֿ, 1893 — (— אַפּריל 25, 1967)

## **ליימענזאָן־ענגעלשטערן, רות — (ווילנע, יולי 12, 1915 — ניו־יאָרק, יולי 12, 1955) — געלערנט אין אַ יידיש־פּוילישער גימנאַזיע. דורכגעמאַכט ווילנער געטאָ און זיך געראַטעוועט אין אַ באַהעלטעניש בײַ אַ פּויער. סוף 1949 געקומען קיין נ״י. דערציילט אירע איבערלעבענישן אין **פֿאַרשריבן אין אַ שײַער,** 15טער מײַ 1944 — 19טער יולי 1944. [ת״א] הקיבוץ המאוחד, 1973. 134 זז׳ [צוגעגרייט צום דרוק — י. רודניצקי].

י. קאָרנהענדלער, ישׂראל שטימע, ת״א, פֿעב׳ 5, 1975.

## ליין, משה — (וואַרשע, דעצ׳ 1901 —) — אָריגי־נעלער נאָמען — לאַנקער. געענדיקט עקאָנאָמישן פֿאַקולטעט פֿון וואַרשעווער אוניווערסיטעט. אָפֿיציר אין דער פּוילישער אַרמײ. נאָכן צווייטן וועלטקריג אויסגעוואַנדערט קיין אויסטראַליע. אין בוכפֿאָרעם: **זעקס מיליאָן און — איינער...** מײַנע איבער־לעבונגען אין פּוילן. [מעלבורן, 1973]. 160 זז׳.

## לייסטנער, דן — נאָמען פֿון שטאָט: קאָלבושעוו.

## **לייקאָוויטש, חיים — (קאָוונע, יוני 17, 1904 — ירושלים, אָקט׳ 1, 1974) — געלערנט אין חדר, ישיבֿה און העברעיִשער גימנאַזיע. שטודירט אין קאָוונער אוניווערסיטעט און אין טעאַטער־אַקאַדעמיע. בעתן צווייטן וועלטקריג אין דער רויטער אַרמײ. נאָך דער מילחמה אין ווילנע און פֿון 1957 אין וואַרשע. 1960 עולה געוועזן קיין ישׂראל. — געשריבן וועגן טעאַטער און קונסט אין **קאָוונער טאָג** (1926), שפּעטער אין **אידישע שטימע, פֿאָלקסבלאַט** — קאָוונע, **אייניקייט** (מאָסקווע), **פֿאָלקס־שטימע, יידישע שריפֿטן** — וואַרשע, **במה** (ת״א). האָט אַ גרעסערע אַרבעט וועגן יידישן טעאַטער אין

באַלטיקום אין **יידישער טעאַטער אין אייראָפּע צווישן ביידע מלחמות** (נ״י, 1971). רעדאַקטאָר פֿון **ליטע**, ב׳ 2 (ת״א, 1965).

## **לייקין, שמואל־בער — (פּאָבאַלאָוו, מינסקער גוב׳, אָקט׳ 7, 1896 — דעטראָיט, אַפּריל 11, 1979)

— ערשטער נאָמען אויף ענגליש — בענדזשאַמין. געלערנט אין חדר און ישיבֿה. 1914 עמיגרירט קיין אַמעריקע. סוחר אין דעטראָיט, קעמדען, באַלטימאָר. אין בוכפֿאָרעם: **זכרונות פֿון אַ פּראַקטישן בעל־חלומות**. מײַן לעבן און מײַנע טעטיקייטן אין דעם יידיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן במשך פֿון אַ האַלבן יאָרהונדערט. דעטראָיט, 1970. 287 זז׳. ל׳ס טאָכטער יהודית לייקין־עלקין איז די אויטאָרין פֿון דרײַ ענגלישע ביכער, איינס וועגן די יידן אין לאַטײַן־אַמעריקע.

א. גאָלאָמב, דער וועג, מעקסיקע, אַפּריל 24, 1970; מ. חלמיש, על המשמר, ת״א, ז׳ טבֿת, תשל״א.

## ליכט, דוד — (— יולי 31, 1975)

## ליכטענשטיין, זלמן — (— נ״י, סעפּט׳ 5, 1978)

## ליכטענשטיין, ישׂראל —

ישׂראל ליכטענשטיין געדענקבוך. מעקסיקע, 1967. 231 זז׳.

## ליכטשטיין, משה־חיים — (— פּאַריז, 1961?)

— **די בלויע שעה** [לידער]. פּאַריז, 1962. 62 זז׳.

## **לינקאָווסקי, יואל — (פּרושענע, פּוילן, 1904 — ב״אַ, מיטן 1984)

— אָנהייב צוואַנציקער יאָרן עמיגרירט קיין אַרגענטינע. איבער 10 יאָר געוועזן רעד׳ פֿון 2־וואָכנבלאַט **אונזער לעבן** (ב״אַ). צוליב דער ניטלעגאַלקייט פֿון דער אויסג׳ איז ניט אָנגעגעבן געוואָרן דער אמתער נאָמען פֿון רעדאַקטאָר און געגאַנגען אונטער זײַן פּסעווד׳ י. שוואַרץ.

י.ה.

## ליס, אַבֿרהם — **אין זכות פֿון וואָרט**. ת״א, פּרץ, 1969. 331 [2]; **אין דער מחיצה פֿון שאַפֿער**. דאָרטן, 1978. 270 זז׳. **שמועסן בכתבֿ**. דאָרטן, 1985. 240 זז׳.

רעדאַקטירט: **ד״ר י. רובין־רבֿקאי**, אָפּשאַצונגען און זיכרונות. ת״א, 1963; **זלמן שזר — נשׂיא וסופֿר**. ת״א, 1969; **ספֿר ראובֿן רובינשטיין**. ת״א, 1971 — אַלע יידיש און העברעיִש. צוגעגרייט צום דרוק: **זלמן שזר**, אָפּשאַצונגען און עסייען. ת״א, 1976. 1980 באַקומען פּרס ראש הממשלה און 1984 — אַטראַן־פּרעמיע.

## ליס, יהודה — (— ירושלים, נאָוו׳ 17, 1967)

## ליסאַק, מלכה — (— 1965) — **סטראַטאָנאַווטן**. מאָסקווע, 1935.

## ליסט, נחמן — (— ת״א, נאָוו׳ 11, 1977)

## ליעסין, אַבֿרהם —

י. ח. בילצקי, אַבֿרהם ליסין. משורר, מסאי, עורך. ת״א, 1981. 29 זז׳.

## ליפּינער, אליהו — (כאָטין, בעסאַראַביע —)

— אויסגעוואַנדערט קיין בראַזיל אין 1935. רעד׳ פֿון **סאַן פּאולער יידישע צײַטונג**. — 1969 גראַדויִרט ווי אַן אַדוואָקאַט אויך אין ישׂראל. דרוקט פֿאַרשאַרבעטן אין די ישׂראלדיקע **בײַ זיך, גאָלדענע קייט, גשר א״אַ**. — **אידעאָלאָגיע פֿון יידישן אַלף־בית**. ב״אַ, ייִוואָ, 1967. 596 [4] זז׳; **צווישן מאַראַנעטום און שמד**.

, ת״א, פּרץ, 1973. 491 [3] זז׳. אין פּאָרטוגעזיש: **קורצע געשיכטע פֿון ייִדן אין בראַזיל** (1962); **אַנוסים אין די צפֿון־פּראָווינצן** (1969); **די הייליקע אינקוויזיציע: טעראָר און שפּראַך** (1977); **די ייִדן־תּקופֿה לויט די קיניגלעכע דעקרעטן** (1982). באַקומען מאַנגער־פּרעמיע.

**ליפּסקי, יצחק** — (— ב״א, אַרום אַפּריל־מײַ 1981)

**ליפּסקער, וואָלף־זאבֿ** — 1943 אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

**ליפּצין, סאָל** — 1962 זיך באַזעצט אין ירושלים. ביז 1964 פּראָפֿ׳ אין חיפֿהער טכניון און 1968—1974 אין אַמעריקאַנער קאַלעדזש אין ירושלים. געשריבן אַ ריי נײַע ביכער וועגן ייִדישער ליטעראַטור: Flowering of Yiddish Literature. 1963. 246p.; Maturing of Yiddish Literature. 1970; History of Yiddish Literature. 1972. 521 p. — All New York; Einführung in die Jiddische Literature. Stuttgart, 1978. 180 p.

**ליפּצין, סעם** — (— נ״י, סעפּט׳ 22, 1980) — **מיט אַ פֿריילעך פּנים**. וואַרשע, ייִדיש בוך, 1963. 235 זז׳; **זינגען מיר פֿאַר שלום**. 150 לידער צום זינגען. נ״י, 1965. 96 זז׳; **מײַן גאָרטן**. דערציילונגען, הומאָרעסקעס, קאַמפּסלידער... [נ״י, איקוף, 1969]. 378 זז׳.

**ליפּשיץ יעקבֿ הלוי** — **זכרון יעקבֿ** איז אַרויס אין דרײַ טיילן. פֿראַנקפֿורט־קאָוונע, 1920—1930.

**ליפּשיץ נחמיה** — (— יאַנ׳ 8, 1954) — **חשבון הנפֿש**. לידער נ״י, גלייס־ביי, בוך־קאָמיטעט, 1981. 140, X זז׳.

**ליפּשיץ, ראובֿן** — (— שיקאַגאָ, מײַ 1, 1975) פֿון 1963 אין שיקאַגאָ.

**ליפּשיץ, אפֿרים־דובֿ** — (פּינסק, יוני 3, 1868 — דאַנציג, פֿעב׳ 1925)

**ליפּשיץ, יהושע־מרדכי** —

תּיקונים זע: ב. כהן, ייִדישע שפּראַך, נ״י, 1968, ב׳ 1:28.

**ליפּשיץ, יוסף**, 1894 — (— נ״י, אָקט׳ 16, 1964)

****ליפּשיץ, יוסף** — (באַראַנאָוויטש, ווײַס־רוסלאַנד, דעצ׳ 23, 1902 — יאָהאַנעסבורג, אויג׳ 3, 1976) — עמיגרירט קיין דרום־אַפֿריקע אין 1927. געווען אַ גרויסער נדבֿן פֿאַר ייִדיש־שאַפֿונגען. דורך זײַן ליפּשיץ־פֿאָנד בײַם ייִוואָ איז געשאַפֿן געוואָרן דער גרויס־פֿאַרנעמיקער פּראָיעקט פֿון **מוסטערוועק פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור**. פֿון 1957 ביז 1979 זײַנען דורכן פֿאָנד אַרויסגעגעבן געוואָרן 79 ביכער אין בוענאָס־אײַרעס [איבעריקע בענד ביז נומ׳ 100 דורך אַ צווייטן מנדבֿ].

****ליפּשיץ, יחזקאל** — (ראָדעם, פּוילן, אויג׳ 16, 1902 — ) — היסטאָריקער. געלערנט אין חדר, רוסיש־ייִדישער פֿאָלקשול, פּראָגימנאַזיע. 1923 עמיגרירט קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין נ״י. ערשטע יאָרן געאַרבעט אין אַ שוכפֿאַבריק. געלערנט אין ניו־סקול און 1926 געענדיקט די לערערקורסן פֿון אַרבעטער־רינג. 1930—1950 — מיט אַן איבעררײַס פֿון די פֿיר מלחמה־יאָרן — לערער אין די שלום־עליכם פֿאָלקשולן און מיטלשול. 1955—1963 לערער פֿון ייִדישער געשיכטע אין ייִדישן לערער־סעמינאַר. 1954—1973 אַרכיוויסט פֿון ייִוואָ. פֿאַרבונדן מיטן ייִוואָ זינט דער גרינדונג פֿון אַמאָפּטייל אין נ״י. — אָנגעהויבן שרײַבן 1920 אין **ראַדאָמער**

וואַכנבלאַט. זינט דעמאָלט באַטייליקט אין **פּנקס** (ייִוואָ), **אויפֿקום**, **ליטעראַרישע בלעטער**, (וואַרשע), **ייִוואָ־בלעטער**, **צוקונפֿט**, **פֿאַ״ש**, **קולטור און דערציאונג**, **פּנקס** (קולטור־קאָנגרעס) — נ״י; **גאָלדענע קייט** (ת״א), **ציון** (ירושלים) **מאסף** (ת״א) *American Jewish Historical Quarterly*, *American Jewish Archives*. באַטייליקט אין **געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג** (נ״י, 1943—1946. 2 בב׳). פֿאַרעפֿנטלעכט גרעסערע אַרבעטן: בדחנים און לצים ביי ייִדן (**אַרכיוו** פֿאַר דער געשיכטע פֿון ייִדישן טעאַטער און דראַמע. ווילנע, 1930); די ערשטע רוסיש־ייִדישע מאַסן־עמיגראַציע און די אַמעריקאַנער ייִדן (**ייִוואָ־בלעטער**, 1932); די אַמעריקאַנער אינטערווענצן וועגן די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אין די 80ער יאָרן (**היסטאָרישע שריפֿטן**, ב׳ 2. ווילנע, 1937); אַ ניט־איינגעגעבענער פּרווו פֿון אַ מאַסן־עמיגראַציע קיין אַמעריקע (**יאָרבוך** I, אַמאַפּטייל, נ״י, 1938); קאַטאָליקן און ייִדן אין אַמעריקע (**אידישער קעמפֿער**, נ״י, ראָש־השנה תשי״ד); הפוגרומים בפולין 1918—1919, ועדת מורגנטאו ומשרד החוץ האמריקאני (**ציון**, ירושלים, תשי״ח־תשי״ט). אַ גרויסע השפּעה אויף ל׳ס גייסטיקער אַנטוויקלונג האָט געהאַט זיין לערער ד״ר י. שאַצקי. — אין בוכפֿאָרעם: **דורות דערציילן** (מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פֿון ייִדן אין מיטלאַלטער און אין דער נייער צייט). נ״י, מתּנות, תש״ד. 404 זז׳; **מאָריס ראָזענפֿעלדס בריוו**. ב״אַ, ייִוואָ, 1955. 185 זז׳; **ביבליאָגראַפֿיע** פֿון אַמעריקאַנער און קאַנאַדער ייִדישע זכרונות און אויטאָביאָגראַפֿיעס אויף ייִדיש, העברעיִש און ענגליש. נ״י, ייִוואָ, 1970. 75 [2] זז׳; [מיט מ. אַלטשולער] **בריוו פֿון ייִדישע סאָוועטישע שרייבערס**. ירושלים, העברעיִשער אוניווערסיטעט, תש״ם. 499 זז׳. — פּסעוווד׳ — י. שאַמעס, אַ פֿריינד, קולמוס.

ה. ראָגאָף, פֿאָרווערטס, אָקט׳ 5, 1930; ל. קרישטאָל, דאָרטן, מערץ 12, 1939; י. באָטאָשאַנסקי, די פּרעסע, ב״אַ, יוני 12, 1944; י. שאַצקי, ייִוואָ־בלעטער, נ״י, 1946; י. גלאַטשטיין, אידישער קעמפּער. נ״י, נאָוו׳ 2, 1956; אַ. מוקדוני, טאָג־מ״זש, נאָוו׳ 18, 1956; נ. ב. מינקאָוו, צוקונפֿט, נ״י, אָקט׳ 1956; ש. סוסקאָוויטש, דוקא, ב״אַ, יולי־סעפּט׳ 1959; דער לעבעדיגער [ח. גוטמאַן], טאָג, אָקט׳ 25, 1959; אַ. צייטלין, טאָג־מ״זש. אַפּריל 6, 1962; א. לעיעלעס, דאָרטן, יוני 10, 1962; א. אַלמי, פֿאַ״ש, נ״י, יוני 15, 1962; ש. ביקל, דאָרטן, מערץ 14, 1964.
H. Parzen, J.W.B. Circle, N.Y., Jan. 1945

****ליפּשיץ, מאַניע** — (סאָקאָלקע, פּוילן, 1906 — ) — פֿון 1912 ביז 1920 אין **ביאַליסטאָק**, דערנאָך אין מינסק, וווּ זי איז אַריינגענומען געוואָרן אין אַ קינדערהיים. ביז 1926 געלעבט אין וויטעבסק און זיך געלערנט אין דאָרטיקן ייִדישן פּעדאַגאָגישן טעכניקום. 1926 געקומען קיין מאָנטרעאָל און שפּעטער קיין טאָראָנטאָ, וווּ געווען לערערין אין שולן פֿון פֿאָלקס־אָרדן. 1956 איבערגעריסן מיט די לינקע. — אָנגעהויבן שרייבן אין קינדער־זשורנאַל **קאָמונאַר** (וויטעבסק 23, 1922). געדרוקט אונטער איר מיידלשן נאָמען מאַרגאָלע קאָנטאַראָוויטש. אין בוכפֿאָרעם: **בלעטלעך פֿון אַ שטורמישער צייט**. [טאָראָנטאָ], 1977. 176 זז׳.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

****ליפּשיץ, מיכל־אליעזר** — ( — ) — מחבר פֿון **גאָט, דער מענטש און די ערד**. פֿילאַדעלפֿיע [1919]. 172 זז׳.

**ליפּשיץ, מענדל** — **לידער**. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1934. 113 [3] זז׳; **יונגע יאָרן** (פּאָעמע). דאָרטן, 1935. 71 [1] זז׳; **באַ זיך אין דער היים**. געוויילטע לידער. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1967. 167 זז׳; **אַ זון מיט אַ רעגן**. דאָרטן, 1977. 174 זז׳.

**ליפּשיץ, מרדכי** — (— חולון, אויג׳ 15, 1969) — פֿון 1956 לערער אין חולון.

****ליפּשיץ, שיפֿרה** — (זעמבראָווע, פּוילן, 1898 — ) — געלעבט אין וואַרשע, וווּ געטאָן פֿאַרשיידענע אַרבעטן. טעטיק ביי פּוע״צ, דערנאָך אין

דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. 1923 אַנטלאָפֿן קיין סאָוועט־רוסלאַנד. דאָרטן געענדיקט לערער־אינסטיטוט און זיך פֿאַרנומען מיט לערעריי. 1934 אַוועק קיין ביראָ־בידזשאַן. פֿאַר „נאַציאָנאַליזם" פֿאַרשיקט געוואָרן 1937 אין אַ לאַגער. 1971 געקומען קיין ישׂראל. — אין בוכפֿאָרעם: **חלומות און ווירקלעכקייט** (ביראָ־בידזשאַן און אַרבעטס־לאַגערן). ת"א, אייגנס, תש"ם. 225 זז'; **נשים במחנות־עבֿודה בבֿרית־המועצות** (ת"א, 1984. איבערגעז' פֿון ייִדיש).

י. שמולעוויטש, פֿאָרווערטס, פֿעב' 13, 1981.

**ליפּשיץ־גרעען, ר. — (     ) — מחבר פֿון **לעבעדיק עמך**... בערגן־בעלזן. 1946. 32 זז'; **צו זינגען און צו זאָגן**. מינכען, 1949. 80 זז' — מיט נאָטן פֿון פֿאַרשיידענע קאָמפּאָזיטאָרן.

ליקערמאַן, משה — (— ת"א, 1939)

לעבענסאַרט, אַבֿרהם — קאָרעקטער נאָמען פֿון העבר' זש' — **המצפּה**.

לעבענסבוים, ראָזע, — זע: מאַרגאָלין, אַננאַ.

לעדער, צבֿי־שׂמחה — (— וואַשינגטאָן, פֿעב' 28, 1973)

לעהרער, דוד — (— נ"י, מײַ 31, 1973)

לעהרער, לייבוש — (— נ"י, סעפּט' 17, 1964) — **סימבאָל און תּוך**. נ"י, 1965. 33, 31 זז' [ייִדיש, ענגליש]; **אין גײַסט פֿון טראַדיציע**. ת"א, פּרץ, 1966. 523 זז'.

לעהרער, ליפּע — (— נ"י, אויג' 16, 1963)

לזכרון ליפּע לעהרער. נ"י, תשכ"ד.

לעוו, אַבֿרהם — ( — גבֿעת השלשה, פֿעב' 22, 1970) — **אין קלעם**. ת"א, המנורה, 1967. 186 זז'; **בלעטער פֿון קיבוץ**. ת"א, פּרץ, 1971. 330 זז'.

לעוו, זיסקינד — פֿון 1931 אין מינסק. 1937 אַרעסטירט געוואָרן און אומגעקומען אין אַ לאַגער.

**לעוו, יעקבֿ — (פּלאָנסק, פּוילן, אויג' 22, 1906 — ת"א, מײַ 24, 1981) — געלערנט אין חדר, שפּעטער אין אַ פּוילישער פֿאָלקשול. 1929 אויסגעוואַנדערט קיין בעלגיע. אַקטיווער בונדיסט. זײַנע לעצטע יאָרן געלעבט אין ישׂראל. געשריבן אַרטיקלען אין **דער וועג** (מעקסיקע), **אונזער שטימע** (פּאַריז), **לעבנס־פֿראַגן**, **ייִדישע צײַטונג** — ת"א, **אונזער צײַט** (נ"י).

**לעוו, ישׂראל־יוסף — (     ) — מחבר פֿון ספֿר **ילקוט יוסף**, געקליבענע מאַמרים פֿון תּלמוד, מדרשים, ילקוט... מיט קורצע ערקלעהרונגען... לאָנדאָן, תש"ז. חלק א', ב'.

לעוו, מישע — (יולי 3, 1917* —) **קימאַט אַ לעגענדע**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1973. 406 זז'; **דער מישפּעט נאָכן אורטייל**. דאָרטן, 1980. 152 זז'.

סאָוועטיש היימלאַנד, לעקסיקאָן — 1915.

**לעוו, שיין — (וואַרשע, 1895 — ) — 1911 עמיגרירט קיין אַמעריקע. דעביוטירט 1916 מיט אַ ליד אין פֿאַ"ש (נ"י). זינט דעמאָלט געדרוקט לידער אין

ט״צ **די אידישע וועלט** (פֿילאַדעלפֿיע), אין די זשורנאַלן **1925, 1926, אין זיך, אונזער בוך, יידישע קולטור, זאַמלונגען, הײַנטיקע לידער** — נ״י, **שיקאַגע, סאָוועטיש היימלאַנד** א״אַ. געדרוקט אויך דערציילונגען און קריטישע אַרטיקלען איבער פּאָעזיע און קונסט. געווען אויך אַ מאָלער און באַקאַנט אין דער קונסטוועלט א״נ לעוו לאַנדוי. געהאַט מערערע קונסט־אויסשטעלונגען און זײַנע בילדער געפֿינען זיך אין אַ ריי מוזייען און פּריוואַטע קאָלעקציעס. אין בוכפֿאָרעם: **מעטראָפּאָליע** [לידער]. נ״י, 1929.

יִדישע קולטור, נ״י, יוני, 1970.

****לעוו, שׂמחה** — (וואַרשע (?), אַרום 1896 — נ״י, דעצ׳ 30, 1974) — קאַדיע מאָלאָדאָווסקיס מאַן. פֿון 1920 געווען עטלעכע יאָר אין קיִעוו, דערנאָך אין וואַרשע. 1935 עמיגרירט קיין אַמעריקע און געווינט אין נ״י. געשריבן ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען אין **סבֿיבֿה** (נ״י). אין בוכפֿאָרעם: **פּרקים יידישע געשיכטע**. סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַוועגונגען בײַ יידן אין פּוילן און רוסלאַנד פֿון 1897 ביז 1914. ברוקלין־נ״י, שולזינגער, 1941. 216 זז׳.

****לעווי, זלמן** — (פּלונגיאַן, ליטע, מערץ 20, 1907 — ) — געלערנט אין די ישיבֿות פֿון פּאָנעוועזש און טעלז. 1927 עמיגרירט קיין יאָהאַנעסבורג. 1928 אָנגעהויבן שיקן קאָרעספּאָנדענציעס אין קאָוונער **אידישע שטימע**. באַטייליקט מיט פּאָליטישע אַרטיקלען און עסייען אין יאָהאַנעסבורגער **פּראָלעטאַרישע שטימע** און **געזערד־וואָרט**. 1937 אַוועק פֿון די לינקע צום יידיש־נאַציאָנאַלן לאַגער. 1948—1970 רעדאַקציע־מיטגליד פֿון **דרום־אַפֿריקע** און זינט יולי 1970 — רעדאַקטאָר. אַ סך געשריבן אין **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג**. באַטייליקט אין **צוקונפֿט** א״אַ זשורנאַלן.

**לעווי־ליסנער, חיה־הינדע** — (ביאַלאַ־טשעוו, פּוילן, יאַנ׳ 14, 1912 — ת״א, אויג׳ 29, 1968) — **אין פֿײַער און רויך**. ת״א, 1966. 180 זז׳. — אין ישׂראל אַריבער ביסלעכווײַז צו העברעיִש. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין העבר׳ צײַטונגען און ביכער: **שלום, שלום לעולם** (1958), **במחיצתו של יאַנוש קורצ׳אַק** (1965).

****לעוויט, מאָריס** — (האָמעל, ווײַסרוסלאַנד, 1881 — נ״י, אַרום 1946) — 1905 עמיגרירט קיין אַמעריקע. פּראַקטיקירט ווי אַ צאַנדאָקטער אין נ״י. אין בוכפֿאָרעם: **דראַמען און איינאַקטערס**. נ״י, זאַטש בוך קאָ., 1927; **14 פּראָלעטאַרישע איינאַקטערס**. נ״י [אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן, 1929]. 176 זז׳; **צוויי איינאַקטערס**. נ״י, א. בידערמאַן, 1928. 64 זז׳; **צווישן כוואַליעס**, אין 4 טיילן: גרעסערע דערציילונגען, מלחמה־בילדער, איינאַקטערס און מאָנאָלאָגן, זכרונות, הומאָרעסקעס. נ״י, בוך־קאָמיטעט, 1948. 288 זז׳.

**לעוויטאַן, מיכל** — (1882—1938) — נאָכן אַרעסט אין 1936 אומגעקומען אין אַ לאַגער.

**לעוויטאַן, שלום־יצחק** — נאָמען פֿון שטעטל: אייראַגאָלע.

**לעווין, איסר** — **נעקאָמע** [פּיעסע]. מינסק, 1941.

**לעווין, באָלעסלאַוו** — **יידישער דראָבערער און מאַרטירער אין לאַטײַן־אַמעריקע**. ב״אַ, קולטור־קאָנגרעס, 1968. 281 זז׳.

****לעווין, בערל** — (יעליסאַוועטגראַד, רוסלאַנד, סעפּט׳ 9, 1890 — נ״י, יולי 23, 1973) — געלערנט אין חדר. שפּעטער אַריבער קיין אַדעס. 1907 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געשריבן וועגן

ייִדישן טעאַטער און אַ לאַנגע צײַט געווען פֿאַרוואַלטער פֿון „פֿאָלקס־בינע" אין נ"י. אין בוכפֿאָרעם: **זכרונות דערציילן**. נ"י, 1967. 204 זז'.

פֿערציק יאָר פֿאָלקסבינע. נ"י, 1950. ז' 60.

**לעווין, גרשון — איבערלעבענישן**. ווילנע, 1931. 234 זז'.

****לעווין, דבֿ** — (קאָוונע, יאַנ' 27, 1925 —) — היסטאָריקער. געלערנט אין העבר' פֿאָלקשול און גימנאַזיע. געווען אין קאָוונער געטאָ און פּאַרטיזאַנקע. פֿון 1945 אין א"י־ישׂראל. שטודירט סאָציאָלאָגיע אין ירושלימער אוניווערסיטעט. 1971 באַקומען ד"ר־טיטל. זינט 1972 לעקטאָר אין „מכון ליהדות זמננו" פֿון אוניווערסיטעט אין ירושלים, וויסנשאַפֿטלעכער מיטאַרבעטער פֿון „יד ושם". — 1939 דעביוטירט אין וו"בל **יונגטוואָרט** (בײַלאַגע פֿון קאָוונער ט"צ **דאָס וואָרט**), שפּעטער געדרוקט היסטאָרישע אַרבעטן און קריטיק אין **ידיעות יד ושם, פֿאָלק און ציון** — ירושלים, **אונזער וואָרט** (פּאַריז), **ייוואָ־בלעטער** (נ"י), **ילקוט מורשת** (ת"א) און אַנדערע העבר' צײַטשריפֿטן. פֿאַרעפֿנטלעכט גרעסערע געשיכטלעכע אַרבעטן, בעיקר אויף דער חורבן־טעמע, אין ייִדיש און מערסטנס אין העברעיִש: צווישן האַמער און סערפּ (**ייוואָ־בלעטער**, נ"י, XLVI, זז' 78־91); ירושלים דליטאָ (יהודי וילנה תּחת השלטון הסובייטי). **גלעד**, ג', ת"א, 1976); יהודי בסראַביה בשלטון הסובייטי (**שבות**, ת"א, 1976). יהודים אסטוניים בברית־המועצות (**יד ושם**; ירושלים, 1976) א"אַ. ביכער אין עבֿרית: **תּולדותיה של מחתּרת** (ירושלים, 1962); **לוחמים ועומדים על נפֿשם** (ירושלים, 1975); **עם הגבֿ אל הקיר** (ירושלים, 1978); **בין הפּטיש והמגל** (ירושלים, 1983). *Lithuaninan Jewry's armed resistance to the Nazis.* N.Y., 1985 — Translated by Dina Cohen and Moshe Kohn. — פּסעוו' — ד.ל., ל.ד., קובֿנאי, קאָוונער, ליטוואַק, בר־לוי.

ש. גינוסר, על המשמר, ת"א, מערץ 19, 1961; ש. חולבסקי, ילקוט מורשה, ת"א, 1975: י"ט; ח. שוחט, ייִדישע קולטור, נ"י, 1976: 8; מי ומי בישׂראל, 1982.

****לעווין, דוד** — (זשידיק, ליטע, 1863? — קאָוונע, אָקט' 29, 1941) — זון פֿון זשידיקער רבֿ שלמה לעווינבערג. געלערנט אין חדר און ישיבֿות. געלעבט אין קאָוונע, פּרנס אין קהילה און זייער אַקטיוו אין פֿאַרשיידענע מוסדות, באַזונדערס אין דער שטאָטישער תּלמוד־תּורה. אומגעקומען אין דער „גרויסער אַקציע" פֿון סלאַבאָדקער געטאָ. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג געשריבן אונטער פֿאַרשיידענע פּסעוודאָנימען אין ייִדישע צײַטונגען פֿון וואַרשע און ווילנע, אַרויסטרעטנדיק קעגן ציוניזם און בכלל קעגן וועלטלעכקייט. מיטאַרבעטער פֿון אָרטאָדאָקסישן **דער אידישער לעבען** (קאָוונע, 1921 — וו"בל; 1922—1923 — ט"צ; פֿון 1924, מיט גרויסע הפּסקות, וו"בל), ווו פֿאַרעפֿנטלעכט זײַנע פּאָפּולערע פֿעליעטאָנען (א"פּ דב"ש), אָפֿט אין פֿײַן־געגראַמטע פֿערזן.

י. ק.

**לעווין, חיים** — (1907 — לענינגראַד, 1942) — געלעבט אין האָמעל, מינסק, ביראָ־בידזשאַן, אַדעס, לענינגראַד. פֿאַרטראָטן אין **בירעבידזשאַן**.

ש. גאָרדאָן, סאָוועטיש היימלאַנד, 6:1978.

**לעווין, חנה** — נאָוואָ מאָסקאָווסק, אוקראַיִנע, מײַ 16, 1900 — כאַרקאָוו, יאַנ' 19, 1969) — **קליינקײַטן** [לידער]. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקערמעלוכענאַצמינד־פֿאַרלאַג, 1933. 239 [1] זז'; **די ייִנגערע פֿון מיר** [לידער]. דאָרטן, 1934. 175 [1] זז'.

**לעווין, יהודה־לייב** — (— ירושלים, דעצ' 20, 1978)

****לעווין, יוסף** — (אַרום 1870 —) — אויפֿגעצויגן אין זלאַטאָפּאָל, אוקראַיִנע. געלערנט אין חדר. פֿון פֿאַך אַ שנײַדער. האַרט פֿאַרן ערשטן וועלטקריג געקומען קיין אַמעריקע. **אין בוכפֿאָרעם:**

**פֿון דער חתונה.** לעבענס־באַשרײַבונג. ברוקלין, 1932. 167 זז׳; **פֿון נאָך דער חתונה.** נ״י, 1933. 184 זז׳.

**לעווין, יצחק — צו דער געשיכטע פֿון אַגודת ישׂראל.** נ״י, אָרטאָדאָקסישע ביבליאָטעק, תשכ״ד. 158 זז׳.

****לעווין, ישׂראל־מרדכי** — (וואַרשע, יולי 18, 1903 —) — באַקומען מיטעלע בילדונג. געווען אינסטרוקטאָר אין „אָרט". אין צווייטן וועלטקריג אַ פּליט אין רוסלאַנד און פֿאַרשיקט אין אַ לאַגער. 1950 געקומען קיין אויסטראַליע. מיטאַרבעטער פֿון **מעלבורנער בלעטער.** אין בוכפֿאָרעם: **טריבע הימלען.** לידער און פּאָעמעס. מעלבורן 1962. 197 זז׳; **די סאַגע פֿון די זעקס טעג.** פּאָעמע. דאָרטן, 1974. 134 זז׳.

מ.א.

****לעווין, לייבו** — (קימפּעלינג, בוקאָווינע, מײַ 5, 1914 — הרצליה, פֿעב׳ 7, 1983) — קאָמפּאָזיטאָר. פֿון 1919 אין טשערנאָוויץ. דאָרטן געלערנט אין לערער־סעמינאַר. 1942 פֿאַרמישפּט געוואָרן אויף 15 יאָר. פֿון 1972 אין ישׂראל. איבערגעז׳ פֿון דײַטש **פֿינף לידער** פֿון דער יונג־אומגעקומענער דיכטערין זעלמאַ מערבאום־אײַזינגער (ת״א, 1977) און 1978 אירע אַ זאַמלונג **לידער** (88 זז׳). אַרויסגעגעבן **אין דער וועלט פֿון געזאַנגען — בעולם הזמר.** ת״א, 1980. 99 [4] זז׳ — אין ייִדיש און העברעיִש מיט ל׳ס ניגונים. איבערגעז׳ אויך פֿון רומעניש און רוסיש.

ח. גינינגער, די וואָך, בוקאַרעשט, יאַנ׳ 31, 1935; י. געלמאַן, אַרײַנפֿיר צו „אין דער וועלט פֿון געזאַנגען"; מ. ווינקלר, על המשמר, יולי 31, פּ. ווײַנינגער, לעצטע נײַעס, ת״א, מערץ 4, 1983; לייבו לוין, שטריכן צו דער געשטאַלט פֿון אַ וואָרטקינסטלער. צונויפֿגעשטעלט שירא לוין. ת״א, 1981.

ר.ג.

**לעווין, לייזער** — (— יגור, ישׂראל, 1967)

**לעווין, לילקע** — (— לאַגער דינאַוועריק, לעטלאַנד, 1945)

****לעווין, משה** — (ווילנע, 1900 [?] — ) — אויטאָר פֿון **פֿון ווילנע קיין יאָהאַנעסבורג.** יאָהאַנעסבורג, 1966. 178 זז׳.

**לעווין משה־אלימלך** — (— פּיטסבורג, 1933)

**לעווין, נחום** — (1908—1952) — אַרעסטירט אין 1949, שפּעטער אומגעקומען אין אַ לאַגער.

**לעווין, ס. ד.** — (— נ״י, דעצ׳ 31, 1977) — **קאַפּיטלען פֿון מײַן לעבן.** זכרונות. נ״י, 1971. 288 זז׳.

**לעווין, פּנחס** — (— ירושלים, אייר תש״ם)

**לעווין, שלום** — (— נ״י, פֿעב׳ 3, 1968)

**לעווין, שמואל־חיים** — **צווישן צוויי תהומען.** ב״אַ, 1950—1970. 3 בב׳; **צוריק אין דער היים.** נ״י, שולזינגער, 1980. 262 זז׳.

****לעווין־עפּשטיין, לוי** — (ווילקאָווישק, ליטע, 1866 —) — פֿאַרלעגער. 1880 אַריבער קיין וואַרשע און 1886 איבערגענומען, מיט זײַן ברודער אליהו־זאבֿ, זייער פֿאָטערס פֿאַרלאַג א״נ „ברידער לעווין־עפּשטיין". אויסער רומל־ספֿרים אויך אַרויסגעגעבן וועלטלעכע ייִדישע ביכער. פֿון 1890 האָט לוי אַליין געפֿירט דעם פֿאַרלאַג און 1914 געגרינדעט די ייִדישע „אוניווערסאַל־ביבליאָטעק" לויטן מוסטער פֿון די „רעקלאַם"־אויסג׳ אין דײַטשלאַנד און

פֿאַרעפֿנטלעכט איבערז׳ פֿון דזשעק לאָנדאָן, באַלזאַק, היינע, ל.נ. טאָלסטאָי, פֿרידריך העבעל — ס״ה 9 ביכלעך. 1920 זיך באַטייליקט אין דער פּובליקאַציע פֿון וו״בל **אילוסטרירטע וועלט** (וואַרשע). 1921—1923 אַנטוויקלט אַ באַזונדערס גרויס־פֿאַרלעגערישע טעטיקייט און אַרויסגעגעבן אַ ריי אָריגינעלע און איבערגעז׳ ביכער. — לויס ברודער, אליהו־זאבֿ, (ווילקאָווישק, יולי 22, 1863 — יולי 18, 1932) האָט 1890 זיך באַזעצט אין רחובֿות, א״י. 1932 אַרויסגעגעבן בוך **זכרונותי**.

ז. רייזען, 2; קרסל, 2.

**לעווין־שאַצקעס, יצחק** — (— נ״י, דעצ׳ 15, 1963)

**לעווינזאָן, יצחק־בער** — אַ טייל פֿון **הפּקר־וועלט** איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין שלום־עליכמס **פֿאָלקס־ביבליאָטהעק**. פֿאַרעפֿנטלעכט האָט עס ב. נאַטאַנזאָהן, וואָס האָט שפּעטער אַרויסגעגעבן די גאַנצע **הפּקר־וועלט**.

מ. זהרי, משנתו הלאומית של יצחק בר לוינזון. ירושלים, 1983.

**לעווינסאָן־סײַמאָן** — זע: שפּיטאַלני, זרח.

****לעווינסקי, בערל** — (רייגראַד, פּוילן, אָקט׳ 8, 1908 — יאָהאַנעסבורג, אָקט׳ 18, 1978) — עמיגרירט קיין דרום־אַפֿריקע מיטן די צוואַנציקער יאָרן. געלעבט אין בלומפֿאָנטיין און יאָהאַנעסבורג. געשריבן דערציילונגען, קריטיק און רעפּאָרטאַזשן אין **דרום־אַפֿריקע**. מיטרעד׳ די צײַטשריפֿט **באַגינען** (3 נומערן).

ד.וו.

**לעווינסקי, יום־טובֿ** — (— ת״א, סוף פֿעב׳ 1973)

**לעווינסקי, יצחק הלוי** — ערשטע אויפֿל׳ פֿון **דיא ערשטע ליעבע** — וואַרשאַ, 1881. 69 זז׳.

****לעווענטער, יצחק** — (ראָהאַטין, גאַליציע, אַרום 1902 —) — געלעבט אין לעמבערג, שפּעטער אין ווין, וווּ געענדיקט ד״ר־מעדיצין. עמיגרירט קיין נ״י און דאָרטן פּראַקטיקירט. אין בוכפֿאָרעם: **דויער און טרערן**. זכרונות און לידער. ת״א, 1970. 93 זז׳.

**לעזמאַן, יוסף** — (באַרדיטשעוו, 1904 —) — נאָכן צווייטן וועלטקריג אין כאַרקאָוו.

**לעיעלעס־גלאַנץ, אהרן** — (— נ״י, דעצ׳ 30, 1966) — **אַמעריקע און איך**. נ״י, קוואַל, 1963. 127 זז׳; **אַפּקלײַב. לידער, פּאָעמעס, דראַמעס**. נ״י, ייִדישער קולטור־קאָנגרעס, 1968. 588 זז׳.

****לעכטער, י.** — ( — ) — אויטאָר פֿון **אין לאַנד פֿון ראַסן־דיסקרימינאַציע**. וואַרשע, ייִדיש בוך, 1953. 92 [1] זז׳; **אונטער דער ציוניסטישער הערשאַפֿט**. דאָרטן, 1954. 224 זז׳; **דעמאָקראַטיע אויפֿן אַמעריקאַנער שטייגער**. דאָרטן, 1954. 219 זז׳.

**לעלטשוק, שׂמחה** — (קאַלינקאָוויטש, ווײַס־רוסלאַנד, 1918 — 1941, אויפֿן פֿראָנט) — ערשטער נאָמען — **שמעון**.

**לעמעל, יעקבֿ־צבֿי** — (— אַנטווערפּן, מײַ 25, 1964)

****לעמפּעל, בלומע** — (כאָראָסטקאָוו, גאַליציע, מײַ 13, 1910 —) — געגאַנגען אין חדר און אין אַ העברעיִשער פֿאָלקשול. 1929 אַוועק קיין פּאַריז

און 1939 זיך באַזעצט אין נ״י. 1943 דעביוטירט מיט אַ דערציילונג (א״פ רחל האַלפּערן) אין **טאָג** (נ״י, דעצ׳ 2). אין **מאָרגן פֿרײַהייט** (1947) איז געגאַנגען ל׳ס אַ ראָמאַן א״ט „צווישן צוויי וועלטן״. געדרוקט דערציילונגען אין **צוקונפֿט** (1970), **גאָלדענע קייט** (1971), **זײַן, אונדזער אייגן וואָרט** — נ״י, **חשבון** (ל״אַ). — אין בוכפֿאָרעם: **אַ רגע פֿון אמת.** ת״א, פּרץ, 1981. 253 זז׳. — „איר פּראָזע איז אַ שטענדיק אַרײַנדרינגען אין די טיפֿענישן פֿון דער אייגענער נשמה און אין דעם מהות פֿון זאַכן, וואָס רינגלען זי אַרום, אין אַן אומאויפֿהעריק פּסיכאָאַנאַליזירן מיט אַ דורכויס פֿרוידישן קאָליר, אַן אָוועקרוקן די שלייערן און אויפֿדעקן די פֿאַרבאָרגענישן.״ (אַ. שפּיגלבלאַט). 1985 באַקומען די אַטראַן־פּרעמיע.

אַ. שפּיגלבלאַט, גאָלדענע קייט, ת״א, 1981; י. בערקמאַן, לעצטע נײַעס, ת״א, יוני 5, 1981; י. א. ראָנטש, מאָרגן פֿרײַהייט, נ״י, יוני 21, 1981. [זע 546].

לענסקי, מרדכי — (וואַרשע, דעצ׳ 16, 1889 — ירושלים, יאַנ׳ 18, 1964)

לענעמאַן, לעאָן — **אין אַן אַנדערער וועלט.** פּאַריז, אונדזער קיום, 1967. 260 זז׳; **אַ ייִדיש ייִנגל פֿון וויטעבסק — מאַרק שאַגאַל.** פּאַריז, 1983. 218 זז׳ — ייִדיש און פֿראַנצייזיש. אין ייִדישן טייל פֿולע איבערז׳ פֿון שאַגאַלס בוך **מײַן לעבן.**

לעסטני, משה — (— נתניה, אויג׳ 14, 1966)

לעפּטוויטש, יוסף — (— לאָנדאָן, פֿעב׳ 28, 1983)

לעקער, חיים — (— טשערנאָוויץ, דעצ׳ 1968)

**לערמאַן, יעקבֿ־יהושע — (ב״אַ, אָקט׳ 1, 1937 —) — גראַדויִרט פֿון מידרשה עבֿרית אין ב״אַ ווי אַ מיטלשול־לערער. לערער פֿון ייִדיש און העברעיִש אין מיטלשול, שפּעטער לערער פֿון ייִדישער שפּראַך און ייִדישן פֿאָלקלאָר אין היכשול פֿאַר ייִדיש־לערערס אין מיטלשולן. איבערגעז׳ אַ סך פֿון שפּאַניש און העברעיִש פֿאַר **די פּרעסע, אידישע צײַטונג, אַרגענטינער ייִוואָ־שריפֿטן** — ב״אַ. איבערגעז׳ אויף שפּאַניש יוסף ברוידעס **אין די וועלדער פֿון בריאַנסק.** אין בוכפֿאָרעם: (מיט י. ניבאָרסקי) **ייִדיש־שפּאַניש ווערטערבוך.** ב״אַ, ייִוואָ, 1979. 344, XVI זז׳.

לערמאַן, לייב — נאָך זײַן באַפֿרײַונג אין די פֿופֿציקער יאָרן געלעבט אין מאָסקווע, ווו געשטאָרבן אין 1967. לעצטע יאָרן געשריבן אויך לידער.

**לערמאַן, משה־זלמן — ( — ) — געלעבט אין א״י און עגיפּטן. אין בוכפֿאָרעם: **אַ נבֿיא איז געפֿאַלן.** אַלעקסאַנדריִע, 1938. 78 זז׳. אויפֿן שער־בלאַט: האַנדלונגס־אָרט אַ שטעטל אויף אוקראַיִנע אין יאָר 1898.

**לערנער, יאָסל — (בריטשאַן, בעסאַראַביע, נאָוו׳ 24, 1903 —) — געלערנט אין חדר און בײַ גמרא־מלמדים, אין העברעיִשע שולן און רומענישער גימנאַזיע. העברעיִשער לערער אין בריטשאַן, שטעפֿאַנעשט. בעתן צווייטן וועלטקריג אין לאַגער טראַנסניסטריע. 1944—1972 אין טשערנאָוויץ, ווו געווען עטלעכע יאָר ייִדישער לערער און דערנאָך בוכהאַלטער. פֿון 1972 אין ישׂראל. — דעביוטירט מיט לידער אין **טשערנאָוויצער בלעטער.** געשריבן אויך אין **אונדזער צײַט** (קעשענעוו), **שויבן** (בוקאַרעשט), **ליטעראַרישע בלעטער** (וואַרשע), **נײַע פּרעסע, אונדזער וואָרט** — פּאַריז, **אידישע צײַטונג** (ב״אַ); אין די ישׂראלדיקע **בײַ זיך, ירושלימער אַלמאַנאַך, ישׂראל שטימע, לעצטע נײַעס.** פֿאַרטראָטן אין **האָריזאָנטן** (מאָסקווע). — אין בוכפֿאָרעם: **פֿון בעלעמער פּנקס.** לידער, פּאָעמעס, מעשׂהלעך. ת״א, פּרץ, 1975. 213 [3] זז׳; **ביז ס׳הייבט אָן טאָגן** [לידער]. דאָרטן, 1977. 160 זז׳; **בײַם אָפּענעם**

**פּענצטער.** לידער און איבערזעצונגען פֿון יאַפּאַנישער און כינעזישער דיכטונג. ת״א, נײַ לעבן, 1979. 154 זז׳; **לידער און מעשׂהלעך מיט אַ גוטן מיין.** ת״א, לייוויק־פֿ״ג, 1983. 126 זז׳. ל׳ס **על בהוונות עולה השחר** (ת״א) איז אַן אָפּקלײַב פֿון זײַנע ייִדישע לידער. 1976 באַקומען דעם ליטעראַטור־פּריז פֿון ייִדישן שרײַבער־פֿאַראיין אין ישׂראל, 1980 די פֿיכמאַן־פּרעמיע און 1984 די מאַנגער־פּרעמיע.

## לערנער, פֿאַליק — (— ב״אַ, נאָוו׳ 10, 1973)

## לערנער, ראובֿן — (1962—1902)

## לעשטשינסקי, יעקבֿ — (— ירושלים, מערץ 20, 1966)

# מ

## **מאַב, א. — ( — ) — אויטאָר פֿון

**פּאָליטיש־עקאָנאָמיש ווערטערבוך.** וואַרשע, א. גיטלין 1929. 334 זז׳. [2טע אויפֿל׳ — 1930].

## **מאָגילנער, באָרים — (סלאָוועשנע, אוקראַיִנע, 1920 —) — דיכטער, דערציילער.

געענדיקט ייִדישע מיטלשול אין קאָראָסטען, זיך געלערנט אין קאַזאַנער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. איבער צוואַנציק יאָר לערער אין מוראָמער און באַלאַשאָווער פּעדאַגאָגישע אינסטיטוטן. — פֿון 1934 געשריבן לידער און דערציילונגען אין **זײַ גרייט, יונגע גוואַרדיע, פֿאַרמעסט, בירעבידזשאַנער שטערן** און **סאָוועטיש היימלאַנד**, ווו מ׳ איז רעדאַקציע־מיטגליד. פֿאַרטראַטן אין זמ״ב **קינדער־שאַפֿונג.** — ווערק: **קרויווים.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1980. 60 זז׳; **זיקאָרן.** לידער. דאָרטן, 1985.

ס״ה — לעקסיקאָן.

## **מאָגילעוויטש, מישע — ( — ) —

געבוירן אין אוקראַיִנע. דרוקט לידער אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע). אויטאָר פֿון **אָפּנהאַרציקייט.** לידער. סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1979. 109 זז׳.

## מאַהלער, רפֿאל — (— רמת־גן, אָקט׳ 4, 1977)

— **היסטאָריקער און וועגווײַזער.** עסייען. ת״א, ישׂראל־בוך, 1967. 315 זז׳ *Hasidism and the Jewish Enlightment:* their confrontation in Galicia and Poland . . . translated from the Hebrew. Philadelphia, 1985.

**מאָזעס, מענדל** — (— רחובֿות, מערץ 3, 1966)

**מאָזער, בן־ציון** — (— נ״י, מערץ 1975)

****מאַטוזאָהן, י.** — ( — ) — אויטאָר פֿון **מיטעלען צום לעבין.** 48 חעמיש־טעכנישע רעצעפּטען פֿון פֿערשיעדענע וויכטיגע אויס אַרבייטונגען. וואַרשאַ, א. בוימריטעטער, 1902. 15 זז׳; **דאָס אידישע לעבען אין אַפֿריקאַ.** זייער וויכטיג פֿיר די יעניגע, וועלכע ווילען אין דרום אַפֿריקאַ זוכען גליקען. וואַרשאַ, 1904. 35 זז׳.

**מאיראָוויטש,** — זע אויך: מייעראָוויטש.

**מאיראָוויטש, דוד־וועלוועל** — אומגעקומען 1941 אין ווילקאָמיר, ליטע.

**מאיראָוויטש, מנשה** — קאָרעקטער טיטל: **חדשות האָרץ.**

****מאירזאָהן, אָשר־לעמעל** — ( — ) — מחבר פֿון אַ יודישער מעטאָדע אויסצולערנען זיך די פּוילישע שפּראַך **שׂפֿה ברורה** (ווילנאָ־האָראָדנאָ, 1834).

**מאַכלין, בנימין** — זע: בלום, בנימין־זאבֿ

****מאַלאָדאָווסקי, קאַדיע** — (קאַרטוז־בערעזע, פּוילן, 1894 — נ״י, מערץ 21, 1975) — דיכטערין, ראָמאַניסטין, דראַמאַטורגין, קריטיקערין. געלערנט חומש און גמרא בײַם טאַטן דעם מלמד צוזאַמען מיט זײַנע תּלמידים. געענדיקט העברעיִשן לערער־סעמינאַר אין וואַרשע. אָנהייב 1920־ער געלעבט עטלעכע יאָר אין קיִעוו, אין דער סבֿיבֿה פֿון דער דאָרטיקער ייִדישער שרײַבער־גרופּע. פֿון דאָרטן אַוועק קיין וואַרשע און געוואָרן אַ לערערין אין די ציִשאָ־שולן. 1935 עמיגרירט קיין ניו־יאָרק. 1950—1952 געלעבט אין ישׂראל. — דעביוטירט מיט אַ סעריע לידער אין קיִעווער זמ״ב **אייגנס**, II, 1920. זיך געדרוקט צ״אַ אין **ליטעראַרישע בלעטער, דאָס קינד** — וואַרשע, **אין שפּאַן** (בערלין), אָפּאַטאָשער לייוויקס **זאַמלביכער** (נ״י). פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען און אַ ראָמאַן אין **פֿאָרווערטס** (נ״י). אַרויסגעגעבן און רעד׳ **סבֿיבֿה**, „צוויי־מאָנאַט־שריפֿט פֿאַר ליטעראַטור און קריטיק״, אומרעגולער (נ״י, 1960—1974, 14 נומערן) און **לידער פֿון חורבן, ת״ש־תּש״ה** (ת״א, 1962). בעתן זײַן אין ישׂראל רעד׳ הסתּדרות־זשורנאַל **היים** (ת״א). דער „נײַער ייִדישער טעאַטער״ אויף בראָדוויי, בראָש מיט זיגמונט טורקאָוו, האָט 1953 אויפֿגעפֿירט ק״ס דראַמע **אַ הויז אויף גרענד סטריט.** דער אהל־טעאַטער אין ת״א האָט 1956 געשטעלט איר פּיעסע **נאָכן גאָט פֿון מדבר.** געשריבן אַ סך קינדערלידער, באַלאַדעס און קינדער־מעשׂיות, וואָס זײַנען געוואָרן פּאָפּולער אין די ייִדישע שולן אויף דער וועלט, ווי אויך ליטעראַרישע עסייען. באַקומען ליטעראַטור־פּרעמיע פֿון אַמעריקאַנער ייִדישן ביכערראַט (1965), צבֿי קעסל־פּרעמיע (1967), מאַנגער־פּריז (1971), לייוויק־פּרעמיע פֿון ייִדישן קולטור־קאָנגרעס. — אין בוכפֿאָרעם: **חשוונדיקע נעכט.** לידער. ווילנע, ב. קלעצקין, 1927. 96 זז׳; **מעשׂהלך.** וואַרשע, ייִדישע שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן, 1931. 108 זז׳; **דזשיקע גאַס.** לידער. וואַרשע, ליטעראַטור־פֿאָנד בײַם ליטעראַטן פֿאַריין און „ליטעראַרישע בלעטער״, 1933. 96 זז׳; **פֿריידקע.** פּאָעמע. וואַרשע, „ליטעראַרישע בלעטער״, 1935. 94 זז׳; **אין לאַנד פֿון מײַן געביין.** לידער. שיקאַגאָ, ל.מ. שטיין, 1937. 91 זז׳; **אַפּן באַרג.** פּאָעמע. נ״י, יונגוואַרג ביבליאָטעק בײַם קאָאָפּעראַטיוון פֿאַרלאַג פֿון אידישן פֿאָלקס־אָרדן, 1938. 72 זז׳; **אַלע פֿענצטער צו דער זון** (שפּיל אין עלף בילדער). וואַרשע, „ליטעראַרישע בלעטער״, 1938. 66 זז׳; **פֿון לובלין ביז ניו־יאָרק.** טאָגבוך פֿון רבֿקה זילבערג. נ״י, פּאַפּירענע בריק, 1942. 280 זז׳; **ייִדישע קינדער** (מעשׂהלעך). נ״י, צענטראַל־

קאָמיטעט פֿון די ייִדישע פֿאָלקס־שולן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, 1945 [1946]. 92 זז׳ (העבר׳ איבערג׳ א״ט **פתחו את השער**); **דער מלך דוד אַליין איז געבליבן.** נ״י, פּאַפּירענע בריק, 1946. 156 זז׳; **נאָכן גאָט פֿון מדבר** (דראַמע פֿון אידישן לעבן אין 16טן יאָרהונדערט). דאָרטן, 1949. 79 זז׳; **אין ירושלים קומען מלאכים.** לידער. דאָרטן, 1952. 32 זז׳; **אַ שטוב מיט זיבן פֿענצטער.** נ״י, מתנות, 1957. 288 זז׳; **אויף די וועגן פֿון ציון.** נ״י, פּ. גינגאָלד, 1957. 364 זז׳; **ליכט פֿון דאָרנבוים.** לידער. ב״אַ, קיום, 1965. 204 זז׳; **בײַם טויער.** ראָמאַן. נ״י, ציקאָ, 1967. 412 זז׳; **מאַרצעפּאַנעס.** מעשׂהלעך און לידער פֿאַר קינדער און יוגנט. נ״י, בילדונגס־קאָמיטעט פֿון אַרבעטער־רינג, 1970. 158 זז׳; **שירי ירושלים.** תּרגום מ. סבֿר. ת״א, 1971. **אָלקע מיט דער בלויער פּאַראַסאָלקע** (פּאָעמעס אויף ייִדיש, העברעיִש און ענגליש). מיטאַרבעט פֿון סימאַ דאַוואַנג. מאָנטרעאָל, ייִדישע פֿאָלקסשולן און פּרץ־שולן, 1976. — „אין אירע לידער ווײַנען אַלע ייִדישע מאַמעס, פֿון די אמהות אָנגעהויבן, יעדע מיט איר באַזונדערן מאַמע־פּרוויִשן צער — און עס ווײַנען די מאַמעס פֿון די ייִדישע רעוואָלוציאָנערן, און די אָרעמע מיידלעך, וואָס פֿאַרברענגען זייערע יונגע יאָרן אין תּפֿיסה״. (מ. ראַוויטש). „קאַדיע מאָלאָדאָווסקי איז אַ דיכטערין, וואָס נייטיקט זיך אין אַ טעמע, וואָס זאָל זי דיסציפּלינירן, אָדער גאָר אין אַ קינדישן, זאָרגלאָזן פּלאַפּל, וואָס זאָל זי אין גאַנצן אויסטאָן פֿון אַלע פּאָעטישע אינהיביציעס. איר קינדישער טאַנץ און איר דערוואַקסענער ערנסט פֿון אויפֿקנוילן אַ טעמע זײַנען אירע בעסטע שרײַב־באַדינגונגען. דאָס לירישע ליד איז ניט אירס. ווען זי אַליין דאַרף ווערן די טעמע, פֿאַרלירט זי זיך אַ ביסל און געטרויט זיך ניט. זי גייט זיך אַליין נאָך פֿוסטריט, ווײַל זי האָט שטאַרק מורא, אַז זי וועט אונדז באַלעסטיקן מיט עפּעס, וואָס איז צו אינטים. זי האָט שטאַרק מורא צו זײַן פֿרוילעך, ווײַל זי ווייסט, אַז דאָס פֿירט אָפּט צו זינלאָזער אַלבום־דיכטונג [...] האָט אַלע מאָל פֿאַרמאָגט אַ זעלטענע, לעבעדיקע וואַכזאַמקייט און אַ יוגנטלעכע נײַגעריקייט צו זוכן דעם סאָציאַלן געוועב הינטער יעדער לאַנדשאַפֿט... פּלוצלינג האָט דאָס אומגליק געטראָפֿן [...און זי האָט אָנגעהויבן שרײַבן] ערנסטע לידער, וואָס די „ייִדישע״ צײַט האָט דערשלאָגן און זיי באַרויבט פֿון זייער אַמאָליקן שאַרם... [נאָר אַפֿילו דעמאָלט] אַזוי גיך ווי זי דערזעט אַ קינד, אַפֿילו ווען דאָס קינד איז אַ געטאָ־קינד [...] לעבט אויף אין דער דיכטערין די זוניקייט פֿון קינדישן געפּלאַפּל און זי שפּילט זיך מיט דעם ליד אין דעם גרעסטן ווייטיק אירן [... זי האָט חורבן־] לידער, וואָס וועלן ניט אָפּגעמעקט ווערן פֿון אונדזער יאָמערלעכן פּינקס״. (י. גלאַטשטיין). „מ׳ס פּאָעטישע שאַפֿונגען [זײַנען] געשריבן אין ניט קיין געמאָסטענע פֿערזן. און מיר דוכט זיך, אַז אָט די אַ מאָל לאַנגע און אַ מאָל קורצע, אַ מאָל פֿעסטע און אַן אַנדערש מאָל וואַקלדיקע שורות פּאַסן זיך זייער גוט פֿאַר איר ניט־אײַנגעשטעלטן פּאָעטישן געמיט. תּמיד איז אין איר אינעווייניק עפּעס אַ געראַנגל, אַ וואַקלען זיך צווישן אמונה און כּפֿירה, צווישן יע און ניט אָננעמען די וועלט, צווישן בענטשן זי און שילטן [...] — פּאַסט זיך טאַקע, אַז אויך דער ריטעם פֿון אירע פּאָעטישע רייד זאָל ניט זײַן קיין זיכערער, אַז ער זאָל ווי האָבן און ניט האָבן קיין מאָס. איר עצם אופֿן אויסדריקן זיך, די עצם קונסט פֿון איר ליריש־רעפֿלעקטירטן וואָרט, וואָס לירישע עמאָציע איז זײַן מוטער, בעת זײַן פֿאָטער איז געדאַנק — האָט ניט אין זיך די פֿעסטקייט, דעם כּוח, וואָס זאָל מעגלעך און אויך נייטיק מאַכן די שטײַפֿקייט און די שווער־אָטעמדיקע אינטענסיוויטעט פֿון שטרענג־געבונדענע פֿערזן״ [...] מ׳ס „קלאָגלידער, קינות אויפֿן נײַעם חורבן [פֿאַרמאָגן אַן] אַנדערשקייט פֿון איר טאָן [לגבי אַנדערע ייִדישע חורבן־פּאָעטן, וואָס] באַשטייט דערהויפּט [...] אין דער נײַער שאַרפֿקייט פֿון איר איראָניע [...] פֿאַראַן [חורבן־] דיכטערס, וואָס שמייכלען ניט מעפּיסטאָפֿאָליש, נאָר זיי שרײַען, שילטן, מאָנען, טענהן זיך אויס מיט דער וועלט און אירע שׂונאים [...] קאַדיע מאָלאָדאָווסקי שטורעמט ניט גאָטס אָדער דעם טײַוולס טראָן. זי רעדט שטיל. איר וועט בײַ איר לײַכט פּועלן, זי זאָל אַ שמייכל טאָן, אָבער איר שמייכל איז אַ שטעכעדיקער, אַ ביטער־איראָנישער. פֿאַרשטייט זיך — ניט ווען זי האָט צו טאָן מיט קינדער. דאַן שמייכלט זי מיט אַן אמת [...]. עס איז אַ פֿרייד צו לייענען אירע נײַע, ווי אירע אַלטע, לידער־מעשׂהלעך פֿאַר קינדער. זיי זײַנען אומפֿאַרגלײַכלעך. קאַדיע מאָלאָדאָווסקי ווערט גאָר אַן אַנדער מענטש (און אַן אַנדער סאָרט פּאָעט), ווען זי „דערהערט די קליינע טריטלעך פֿון קינדער״. אַ נײַע ענערגיע גיסט זיך אַרײַן אין אירע פֿערזן, אַ נײַע

לײַכטקייט באַפֿליגלט איר „מוזע" און אַליין ווערט זי אויך לײַכטער און ליכטיקער [...] קאַדיע מאָלאָדאָווסקי ווייס, ווי מען קען אַ מאָל מיט איין וואָרט, מיט אַ קלאַנג ענדערן דעם טאָן פֿון אַ ליד, ווי מען קען עס מיט איין טראָפּן איבערפֿאַרבן און מאַכן העלער. און אפֿשר באַשטייט די גאַנצע אינעווייניקסטע קונסט (די געמיטקונסט) פֿון קאַדיע מאָלאָדאָווסקיס נײַע לידער דערין, וואָס עס ווײַזט זיך בײַ איר אין דער ריכטיקער רגע אָט דער ליכטיקערער טראָפּן. ווען ער זאָל ניט אויפֿשײַנען צו דער מינוט, וואָלט צו פֿיל געווען בייזקייט אין אירע שורות, און צו פֿיל בייזקייט איז, אַזוי ווי צו פֿיל גוטסקייט, נישט קיין מעלה פֿאַר פּאָעזיע [...] לידער פֿאַר קאַדיע מאָלאָדאָווסקי זײַנען, פֿריִער פֿאַר אַלץ, אַ מיטל צו פֿאַרטראָגן די ביטערקייט פֿון לעבן. זי שרײַבט כּדי זי זאָל נישט דאַרפֿן שרײַען, אַזוי ווי זי לאַכט, כּדי ניט צו וויינען". (ש. ניגער). „קאַדיע פֿילט אָן די לידער אירע מיט פֿאַנטאַזיע — טיף־דורכגעטראַכטער פֿאַנטאַזיע — און אין דעם דאָזיקן זין איז זי איינע פֿון די גרויסמײַסטערס אין אונדזער פּאָעזיע. קאַדיע האָט אָנגעשריבן אַ באמת וווּנדערלעך ליד, וואָס הייסט „בלוי און ווײַס". אַוודאַי, אין אַזאַ ליד קען דער פּאָעט נישט אויסקומען אָן פּשטלעך זיך. אָבער קאַדיע האָט אויף איר שטייגער אַרויסגעזונגען די פּשטלעך: „דאָס בלוי איז פֿון ים, וואָס גאָט האָט געשפּאָלטן," און ווײַס וואָס איז? — „דאָס ווײַס איז דער אָפּשיין, דאָס ליכט פֿון דער נבֿואה". זי דערגייט נאָך טיפֿער מיטן ליד, וואָרעם אין די עטלעכע סטראָפֿעס צייכנט זי אָן אַ פֿאַנטאַסטיש־טרויעריק, העראָיִש בילד פֿון אונדזער גאַנג אין דער געשיכטע [...] קאַדיע איז אַ וווּנדערלעך צעבליטער צווײַג אויפֿן רײַכן בוים פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע. [א. אויערבאַך]. „וואָס איז דאָס עיקרדיקסטע אין איר שאַפֿערישער פּערזענלעכקייט? וואָס האָט די בכורה אין איר שאַפֿן? — איך וואָלט געזאָגט, אַז דאָס זײַנען אירע לידער [...] און אַז אין איר דיכטונג דאַרף מען זוכן דעם שליסל צו איר גאַנצער ליטעראַרישער פֿילזײַטיקייט און קינסטלערישער פֿילגעשטאַלטיקייט. אַלץ, וואָס קאַדיע מאָלאָדאָווסקי שרײַבט, האָט אויף זיך דעם חותם פֿון אייגנאַרטיקייט, אָבער די דאָזיקע אייגנאַרטיקייט קומט צום בולטסטן צום אויסדרוק אין איר פּאָעזיע. אין איר פּאָעזיע איז חוץ דעם פֿאַראַן אַלץ, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר איר טאַלאַנט, בעת אין אירע [אַנדערע] זשאַנערן ברענגט זי נאָר אַרויס געוויסע שטריכן פֿון איר טאַלאַנט. אויב אין איר פּראָזע איז פֿאַראַן אָבסערוואַציע־כּוח און די קלוגשאַפֿט צו פֿאַרשטיין און געשטאַלטיקן מענטשן דורך זייערע האַנדלונגען; אויב אין אירע עסייען איז פֿאַראַן די חכמה פֿון יענע, וואָס האָבן מיט זייער רעיון אַריבערגעשוועבט דעם רעש פֿון לעבן. און דערזען די הבל־הבלימדיקייט פֿון דעם געטומל און די גרויסקייט פֿון דעם, וואָס דער מענטשלעכער געדאַנק קען ניט משׂיג זײַן — איז אין איר פּאָעזיע פֿאַראַן אי דאָס, אי נאָך עפּעס, און דאָס איז: די עמפֿינדונג פֿון וועלט און לעבן אין זייער טיפֿן, מיסטעריעזן צוזאַמענהאַנג, אַ הרגשה, וואָס איז העכער פֿון יעדן שׂכלדיקן דערקענטעניש פּרוּוו און אַ פּועל־יוצא פֿון יענער אַנטפּלעקונג, צו וועלכער עס איז זוכה נאָר דער נבֿיא און דער פּאָעט [...] קאַדיע מאָלאָדאָווסקי זעט די וועלט דורך זיך און זי זוכט כּסדר איר אָרט, איר שײַכות צו דער וועלט. דאָס זײַנען אייגנטלעך איובֿדיקע און קהלתדיקע פֿראַגן, וועלכע די דיכטערין פֿרעגט און פּרוּווט פֿאַרענטפֿערן מיט איר שיר־השירים, מיט איר דיכטעריש געזאַנג, אין וועלכן די ווערטער שאַפֿן דעם ניגון, אָבער דער ניגון גופֿא שטײַגט איבער צו ווערטער און מאַכט אײַך דערפֿילן דאָס, וואָס ווערטער אַליין קאָנען קיין מאָל ניט דערזאָגן". (י. יאַנאַסאָוויטש).

מ. ראַוויטש, מײַן לעקסיקאָן, 1; י. גלאַטשטיין, אין תּוך גענומען, נ"י, 1947. זז׳ 85־91; ש. ראָזשאַנסקי, די פֿרוי אין דער ייִדישער פּאָעזיע. ב"אַ, 1966; י. גלאַטשטיין, אויף גרייטע טעמעס. ת"א, 1967. זז׳ 271־277; ש. מאַרגאָשעס, טאָג־מ"זש, נ"י, יולי 2, 1967; י. עמיאָט, פֿאָרווערטס, נ"י, אָקט׳ 29, 1967; א. אויערבאַך, טאָג־מ"זש, דעצ׳ 10, 1967; י. ח. בילעצקי, גאָלדענע קייט, ת"א, 64:1968; מ. ראַוויטש, די פּרעסע, ב"אַ, מערץ 28, 1968; ש. גוטמאַן, וועקער, נ"י, יולי־אויג׳ 1968; י. יאַנאַסאָוויטש, די פּרעסע, ב"אַ, נאָוו׳ 27, 1969; ש. ד. זינגער, פֿאָרווערטס, יאַנ׳ 25, 1970; מ. משבֿ, מעריבֿ, ת"א, מערץ 25, 1971; א. ברוידס, הדואַר, נ"י, ט"ו אדר, תשל"א; י. יאַנאַסאָוויטש, פּנימער און נעמען, I. ב"אַ, 1971. זז׳ 210־213; ב׳ II. זז׳ 180־189; ק. מאָלאָדאָווסקי־אַלמאַנאַך. פּאַריז, 1972; ש. ניגער, ייִדישע שרײַבער פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, II. נ"י, 1973. זז׳ 194־210; א. אויערבאַך, אויף דער וואָגשאָל. ת"א, 1975. זז׳ 247־251.

**מאַלאַכאָווסקי, יעווגעניאַ — (רזשעוו, רוסלאַנד —) — אין די זעכציקער יאָרן אָנגעהויבן

רעפּאָרטאַזשן און דערציילונגען אויף רוסיש. אין **סאָוועטיש היימלאַנד** פֿאַרעפֿנטלעכט קינסטלערישע פֿאַרצייכענונגען און דערציילונגען. אין בוכפֿאָרעם: **פֿריִע קאַיאָרן**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל. 1985. 62 [1] זז׳.

ביאָגראַפֿיע אין בוך.

**מאַלאַכאָווסקי, פֿריידל — ( ) — אויטאָרין פֿון **בלומען אויף שוועלן**. ת״א, 1969. 62 זז׳.

מאַלאַמוד, חיים — (סעפּט׳ 15, 1907 —) — פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען און ראָמאַנען אין **סאָוועטיש היימלאַנד**. — **וואַרעם אַש**. ראָמאַן, דערציילונגען. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1978. 509 זז׳; **אומפֿאַרגעסלעכס**. דאָרטן, 1985.

**מאַלאַמוד, שמואל — (מאָלעוו, פּאָדאָליע, יולי 21, 1908 —) — געלערנט אין רוסישער פֿאָלקשול. 1920 עמיגרירט קיין בעסאַראַביע און 1923 קיין ריִאָ דע זשאַנעראָ, וווּ געענדיקט דעם יורידישן פֿאַקולטעט און דאָרטן פּראַקטיקירט אַדוואָקאַטור. דעביוטירט אין מימיאָגראַפֿירטן חודשניק **קדימה**. פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען און פֿעליעטאָנען אין **אידישע פּרעסע** (ריִאָ). געשריבן אויף ייִדישע טעמעס אין פּאָרטוגעזישע צײַטשריפֿטן און ביכער. איין בוך איז וועגן דער ייִדישער פּרעסע אין בראַזיל (1980). אויף ייִדיש: **אין אָנדענק פֿון פּראַסאַ אָנזע**. ריִאָ, 1981. 174 זז׳.

מאַלאַמוט, יואל־לייב — (— ל״אַ, אויג׳ 19, 1966)

מאַלטינסקי, חיים — (אויג׳ 8, 1910 —) — זינט 1973 אין ישׂראל. פֿאַרטראָטן אין **אַטאַקע**, **סאָוועטישע ווײַסרוסלאַנד**, **קאָמיוג**, **לאָמיר זינגען**, **לענין און די קינדער**, **10 פּיאָנערישע לידער**. (מינסק, 1934). — **קינדער**. קינדער־דערציילונגען. מינסק, מעלוכע פֿאַרלאַג, 1933. 69 [2] זז׳; **גיין זאָל זיך גרינג** [לידער]. דאָרטן, 1936. 52 [3] זז׳; **יאָרן, יאָרן מײַנע**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1973. 278 זז׳; **די ערד פֿאַרשטייט**. ת״א, פּרץ, 1976. 202 זז׳; **מײַן מאַמעס אָנבליק**. דאָרטן, 1977. 176 זז׳; **פֿרישע ווינטן**. ת״א, 1980. 188 זז׳; **דער מאָסקווער משפּט איבער די ביראָבידזשאַנער**. ת״א, נײַ־לעבן, 1981. 245 [1] זז׳; **אין זיבן זונען**. ת״א, גראַנגל, 1983. 302 זז׳. [זע 546].

מאַלי, מאַלאַשאַ — **צוויי וועלטן**. ת״א, פּרץ, 1963. 240 זז׳.

מאַלינאָוו, יצחק — געשטאָרבן אין קיבוץ רמות־מנשה.

מאַלץ, שאול — (— נ״י, יוני 27, 1985) — **מיט פֿרייד און געזאַנג**. נ״י, אַרבעטער־רינג, 1972. 64 זז׳; (העבר׳ — **בגילה וברינה**, 1981); **פֿון מײַן טיפֿן גלויבן**. ליד און באַלאַדע. נ״י, ציקאָ, תשל״ד. 223 זז׳. [זע 546].

מאַלקין, דוב־בער — (— חיפֿה, פֿעב׳ 12, 1966)

**מאַמוראָווסקי, י. — ( ) — מחבר פֿון **אַ מת דערצעהלט פֿון יענער וועלט**. אָדעס [אָ״י]. 16 זז׳.

**מאַמעט, אפֿרים־פֿישל — (לודמיר, וואָלין, אַפּריל 1, 1913 — ) — שטאַמט פֿון אַ חסידישער מישפּחה. געלערנט אין חדר, ישיבֿות פֿון

מיר און באַראַנאָוויטש, געענדיקט פּוילישע גימנאַזיע. צווייטע וועלט־מילחמה דורכגעמאַכט אין סאָוועט־רוסלאַנד, שפּעטער מיט דער שארית־הפליטה אין מינכן און פֿון סוף 1947 אין א״י־ישׂראל. געשריבן אַרטיקלען אין **דאָס יודישע טאָגבלאַט** (וואַרשע), **דאָס וואָרט** (ווילנע), **אידישע שטימע, אונזער וועג** — מינכן, **לעצטע נײַעס** (ת״א. זינט 1963, רובריק וועגן דער וועכנטלעכער סדרה), **אונזער וואָרט** (פּאַריז, זינט 1973), **די שטימע** (מעקסיקע), **הצופה** (ת״א). פּסעוו׳ — א. ש. רזיאל.

ר.ג.

***מאַן, מענדל** — (— פּאַריז, סעפּט׳ 1, 1975) — **מלחמה־טרילאָגיע:** בײַ די טויערן פֿון מאָסקווע; בײַ דער ווײַסל; דאָס פֿאַלן פֿון בערלין. פּאַריז, תשכ״ה. 715 זז׳; **קערנער אין מדבר.** דערציילונג. פּאַריז, אונדזער קיום, תשכ״ו. 291 זז׳; **מענטשן פֿון טענגושיי.** ראָמאַן. [ת״א] פּרץ, 1970. 210 זז׳; **דער שוואַרצער דעמב.** דערציילונגען. פּאַריז, אונדזער קיום, תש״ל. 274 זז׳; **פֿון גולן ביז שאַרם אַ־שייך.** [ת״א] פּרץ, 1973. 188 זז׳; **די ייִדיש־פּוילישע מלחמה.** אויטאָביאָגראַפֿישע דערציילונגען. דאָרטן, 1978. 306 זז׳.

ח. ש. קאַזדאַן, דער קינסטלער און דערציילער מענדל מאַן. פּאַריז תשכ״ה. 92 זז׳; ג. מיכמאַן, מײַן פֿרײַנד מענדל מאַן. פּאַריז, 1978. 80 זז׳.

**מאַנגער, איציק** — (— גדרה, פֿעב׳ 20, 1969) — **מגילה־לידער** [ת״א] עמיקם, תשכ״ו. 68 זז׳; **שטערן אין שטויב.** נ״י, 1967. 232 זז׳; **מדרש איציק.** ירושלים, האוניברסיטה העברית, 1969. 227, 28 זז׳ (מהדורה שלישית מורחבת, ערוך בידי ח. שמרוק. ירושלים, 1984); **אויסגעקליבענע שריפֿטן.** ב״אַ, ליפּשיץ־פֿאָנד, 1970. 380 זז׳; **די ווונדערלעכע לעבנס־באַשרייבונג פֿון שמואל־אַבא אַבערוואַ: דאָס בוך פֿון גן־עדן** [ת״א] פּרץ, [1976]. 218 זז׳; **ליד און באַלאַדע.** דאָרטן, 1976. 480 זז׳; **שריפֿטן אין פּראָזע.** דאָרטן, 1980. 493 זז׳; **סיפּור גן־העדן.** תרגם מאידיש ק. א. ברתיני. ת״א, 1982; **שריפֿטן,** ב׳ 1. ת״א, וועלטראַט פֿאַר ייִדיש, 1983.

י. ח. בילצקי, איציק מאַנגער. ת״א, 1976. 385 זז׳; י. האָפּער, איציק מאַנגער. ת״א, 1979. 139 זז׳; רבֿקה רוט, במחיצתו של איציק מאנגר. ת״א, 1983.

**מאַנדעלבוים, יעקבֿ־בעריש** — (     ) — קאָרעקטער טיטל: **זמוש׳ץ בגאונה ובשבֿרה.**

**מאַנדעלמאַן, משה** — (— נ״י, נאָוו׳ 3, 1963)

****מאַנדעלסבערג, בעלאַ** — (לובלין, 1901 — מײַדאַנעק, אַפּריל 1943) — היסטאָריקערין. געענדיקט מיטלשול. 1928 באַקומען טיטל מאַגיסטער פֿון געשיכטע. געשיכטע־לערערין אין לובלינער ייִדישע גימנאַזיעס. אַקטיוו בײַ לינקע פּועל־צ. מ׳ס פֿאַרשגעביט איז געווען די געשיכטע פֿון די ייִדן אין לובלין. פֿאַרעפֿנטלעכט אַ רײ אַרבעטן אין **יונגער היסטאָריקער** (וואַרשע), אין די ייִוואָ־אויסגאַבעס, **ליטעראַרישע בלעטער, לובלינער טאָגבלאַט** א״אַ. מ׳ס אַ באַנד היסטאָרישע פֿאָרשונגען איז אַרויס אין העבר׳ איבערזעצונג א״ט **מחקרים לתולדות יהודי לובלין** (ת״א, 1965. איין אַרבעט אין ייִדיש).

שורות פועלי־ציון, רעד׳ ש. שווייצער. ת״א, 1981. זז׳ 163־164.

****מאַנדרי, אָדעל** — (ווישקאָווע, פּוילן, יאַנ׳ 15, 1900 — ) — דערצויגן אין אַ חסידישער משפּחה. געלערנט אין אַ פּוילישער גימנאַזיע. 1920 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געשריבן דערציילונגען אין **מאָרגן זשורנאַל, טאָג.** אין בוכפֿאָרעם: **אַ שטעטל בײַם בוג.** ת״א, מאסף ישׂראל, 1968. 187 זז׳.

ש. טענענבוים, די שטימע, מעקסיקע, אָקט׳ 12, 1968; י. עמיאָט, פֿאָלק און וועלט. אַפּריל 1969.

****מאַנהיים, צבֿי** — (באַראַנאָוו, פּוילן, אויג' 7, 1918 — ) — נאָכן צווייטן וועלטקריג אין ייִדישע פּליטים־לאַגערן אין דײַטשלאַנד. העברעיִשער לערער. געשריבן אין דער פּרעסע פֿון דער שארית־הפּליטה אין דײַטשלאַנד: **דאָס וואָרט, אונזער וועג, ייִדישע צײַטונג** — מינכן.

**מאַני לייב** — **שירים ובלדות — לידער און באַלאַדן.** תּירגם מייִדיש: שמשון מלצר. ת"א, פּרץ, 1963. 263 זז'; **לידער און באַלאַדן.** דאָרטן, 1977. 366 זז'.

מאַני לייב בריוו — 1918־1953. ת"א, פּרץ, 1980. 61 זז'.

****מאַניטש, י.** — (ווישעגראַד, פּוילן, מערץ 27, 1902 — ירושלים, אויג' 17, 1974) — אָריגינעלער נאָמען: יוסף עפּשטיין. געלערנט אין חדר און ישיבֿה. עמיגרירט 1928 קיין בעלגיע און 1933 קיין פֿראַנקרײַך. 1974 עולה געווען קיין ישׂראל. פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען און ליטעראַרישע אַרטיקלען אין **אונזער וואָרט, אַרבעטער־וואָרט** — פּאַריז. אין בוכפֿאָרעם: **כּוח פֿון גלויבן.** ת"א, פּרץ, 1968. 267 זז'.

אינפֿאָרמאַציע פֿון זײַן זון שׂמחה, ת"א.

**מאַניק־לעדערמאַן, יהושע** — ( — חיפֿה, סעפּט' 1973) — **אין טריט פֿון דײַן וואַנדער** [לידער]. נ"י, 1964. 158 זז'; **אין מײַן גלעזערנעם טורעם.** משל און סאַטירע. ת"א, 1968. 155 זז'.

****מאַנש, פֿיליפּ** — (לעמבערג, מערץ 17, 1838 — אויג' 7, 1890) — געענדיקט ד"ר־יורי אין לעמבערגער אוניווערסיטעט און פּראַקטיקירט אַדוואָקאַטור. האָט ניט געשריבן ייִדיש, אָבער אַ סך וועגן ייִדישער גראַמאַטיק. מ'ס וויכטיקסטע אַרבעט וועגן דעם איז *Der Jüdisch - Polnische Jargon* (Der Izraelit, Lemberg, 1888:18-23, 1889: 1-18, 1890: 1-8). לויט באָרוכאָוון, איז די דאָזיקע אַרבעט „די בעסטע פֿון די אַלע, וואָס זײַנען געשריבן געוואָרן ביז הײַנטיקן טאָג" (1913). האָט איבערגעז' אין זײַן *Izraelit* שלום־עליכמס **סטעמפּעניו**.

ז. רייזען, 2.

**מאָסקאָוויטש־ראָמאַנער, יעקבֿ־יוסף** — העברעיִש־לערער אין דער וואָלאַכישער פּלאָיעשטי. געדרוקט לערנביכער פֿאַר איזראַ־עליטיש־רומענישע שולן. **אסתּר** אַרויס אין פּלאָיעשטי, 1901.

****מאָר, יחיאל** — (ראָזוואַדאָוו, פּוילן, 1902 — ) — דעביוטירט מיט לידער אין וו"בל **דער פֿרײַנד (אַנטווערפּן).** אין בוכפֿאָרעם: **פֿון סאַן ביז סען.** לידער און פּאָעמען. פּאַריז, אויפֿסנײַ, 1968. 142 זז'; **אַ חלוץ פֿון פּוילן.** ראָמאַן. דאָרטן, 1977. 278, VII זז'. זײַן ליד **בין איך מיר אַ חלוצל** איז געווען פּאָפּולער און געזונגען געוואָרן אין ציוניסטישע קרײַזן פֿון פּוילן און ליטע. [זע 546].

**מאָראַט, צבֿי** — **אידן אין די באַלטישע לענדער.** אינטערעסאַנטע בילדער פֿון לעבן. ריגאַ, 1928. 48 זז'.

**מאַרגאָלין, יולי** — (— ת"א, 1970)

****מאַרגאָלין, מישע** — (פּראָסקוראָוו, רוסלאַנד, 1901 — ) — געענדיקט מאָסקווער יורידישן אינסטיטוט און דעם ליטעראַרישן אינסטיטוט אויף גאָרקיס נאָמען. פֿאַרעפֿנטלעכט צוויי ביכער אויף רוסיש. ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען אָנגעהויבן שרײַבן אין די זעכציקער יאָרן אין **סאָוועטיש**

היימלאַנד (מאָסקווע). אין בוכפאָרעם: שרײַבער און ווערק. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1985. 62 [1] זז׳.

ביאָגראַפיע אין בוך.

## מאַרגאָלים, — זע אויך: מרגליות, מרגלית

## מאַרגאָלים, אָשר — (ראָוונע, וואָלין, 1891 — ריִאַזאַן, 1976) — געענדיקט היסטאָרישן פאַקולטעט פון קיִעווער אוניווערסיטעט. נאָך דער צווייטער וועלט־מילחמה געלעבט אין ריִאַזאַן.

## מאַרגאָשעס, שמואל — (— נ״י, אויג׳ 23, 1968) — **אין גאַנג פון דורות.** ת״א, המנורה, 1970. 359 זז׳.

## מאָרגענטוי, לייב — (— חולון, מײַ 25, 1979) — **צער און פריידן.** לידער און פּאָעמען, 1928—1968. ת״א, המנורה, 1968. 307 זז׳.

## **מאָרגענשטיין, גרשון — (בעלץ, בעסאַראַביע, סעפּט׳ 4, 1909 — פּאַריז אָקט׳ 6, 1978) — זשורנאַליסט. געשריבן קולטור־ליטעראַרישע אַרטיקלען. אַקטיוו אין דער פראַנצייזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג קעגן די נאַציס און רעדאַקטירט די קאָמוניסטישע אונטערגרונט־אויסג׳ **אונזער וואָרט.** — רעדאַקטאָר פון די **נײַע פּרעסע** (פּאַריז) פון 1945 ביזן טויט. פּסעווד׳ — אַלבערט יודין.

## **מאָרגענשטערן, אַבֿרהם — ( ) — מחבר פון ביכל **עגל הזהבֿ** (דאָס גאָלדענע קאַלב), כאַראַקטעריזירט און קריטיגירט אונזערע יודישע ברודערלעך וואָס דינען און אָפּפערן... זייער גאַנץ לעבען צו דעם גאָלדענעם קאַלב... אַלעס פאַרגעשטעלט מיט איינע וואַהרע גרינגע און זיסע פעדער. וואַרשאָ, דרוק ב. טורש, 1898. 120 זז׳ — אַ סאַטירע איבער ייִדישע מינהגים אין שטאָט באַר־שבֿע [וואַרשאַוואַ].

## מאַרינאָוו, יעקבֿ — (— נ״י, אָקט׳ 27, 1964)

## **מאָריץ, דוד — ( ) — אויטאָר פון **חורבן דינאָוו, סאַניק, דיבעצק.** נ״י, תש״י. 156 זז׳.

## מאָרעווסקי, אַבֿרהם — (— וואַרשע, מערץ 11, 1964)

## מאַרק, בער — (— וואַרשע, יולי 4, 1966) — **מגילת אוישוויץ.** ת״א, ישׂראל־בוך, 1977. 464 זז׳.

## מאַרק, יודל — (— ל״אַ, אויג׳ 2, 1975) — רעדאַקטאָר פון **דער גרויסער ווערטערבוך פון דער ייִדישער שפּראַך,** נ״י, בוך־קאָמיטעט, 1961—; **אַבֿרהם סוצקעווערס פּאָעטישער וועג.** ת״א, פּרץ, 1974. 176 זז׳; **גראַמאַטיק פון דער ייִדישער שפּראַך.** נ״י, קולטור־קאָנגרעס, XII .1978, 394 זז׳.

## מאַרק, מענדל — (— מיאַמי־ביטש, נאָוו׳ 20, 1974)

## מאַרק, נתן — געשריבן אין **זאַמלונגען, ייִדישע קולטור** — נ״י, **ישׂראל שטימע** (ת״א), **יאָרביכער חיפה.** האָט אַ גרעסערע אַרבעט אין **חכמת ישׂראל במערבֿ אירופה** (נ״י, 1963). **דאָס ליכט אין די אותיות.** בוקאַרעשט, ליכט, 1938. 48 זז׳ — אַ לעגענדע וועגן ביאַליקן און איבערז׳ פון ביאַליקס פּאָעמע **יתמות; וואָס שווײַגסטו, יעווטושענקאָ?**

חיפה, רענעסאַנס [1967]. 15 זז'; **יידיש־ליטעראַטור אין רומעניע פֿון איר אָנהויב ביז 1968.** [חיפה, הלבנון, 1971]. 182 זז' [העבר' — 1973]; **נאַכט־קולות** (משלים, באַלאַדן, פּאַראַבאָלן). חיפה, 1976. 151 זז'. — פסעווד' — נתן אַבֿי אַביר־ציון, נאַמאַר, ברוך הבא, נחמנקע, נ. בר־טללון, נטע סטראַכאָטשינער.

**מאַרקאָוו, אַבֿיגדור** — **דער אָנהויב פֿון דער מענשליכער קולטור** איז „צונויפֿגעשטעלט אויף רוסיש דורך ש. הירשבערג און איבערזעצט... דורך אַ. מאַרקאָוו" (ב' 5).

**מאַרקוס, פּסח** — (— נ"י, מערץ 1973)

***מאַרקיש, פּרץ** — **שטעלט אײַך פֿאָר און מאָלט אײַך אויס** [לידער]. מאָסקווע, עמעס, 1936. 32 זז'; **אונדזער קאָנסטיטוציע** (צו די וואַלן אין די אויבער־ראַטן פֿון די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן). דאָרטן, 1938. 14 זז'; **מיכאָעלס.** דאָרטן, 1939. 54 זז'; **די נײַע מישפּאָכע** [לידער]. דאָרטן, 1939. 29 [1] זז'. — קאָרעקטער טיטל (ב' 5): **לידער וועגן שפּאַניע; פּיעסן** און **לידער** זײַנען טיילן פֿון 6 בב' אונטערן אַלג' טיטל **געזאַמלטע ווערק.** די איבעריקע בענד זײַנען: **געזאַמלטע ווערק.** צווייטער באַנד: פּאָעמעס. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1937. 268 זז'; באַנד 6: פּיעסן. מאָסקווע, עמעס, 1933. 283 [5]זז' [**ניט** באַזונדערע אויסג']; **דור אײַן דור אויס.** וואַרשע, ייִדיש בוך, 1964. 2 בב'; **טראָט פֿון דורות.** ראָמאַן. מאָסקווע, סאָוועטסקי, פּיסאַטעל, 1966. 689 זז'; **צו אַ ייִדישער טענצערין.** פּאָעמע [רמת־גן] מסדה, 1976 [94 זז']; **דער פֿערציקיעריקער מאַן.** [ת"א] פּרץ, 1978. 138 זז'. — פֿאַרטראָטן אין **פֿאַרן היימלאַנד אין שלאַכט! לידער וועגן דער רויטער אַרמיי, בירעבידזשאַן, לידער וועגן סטאַלינען, אין פֿײַערדיקן דור, רוף, דער אַרבעטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אָשער שוואַרצמאַן, קאָמיוג, די באַפֿרײַטע ברידער, שלאַכטן, דעקלאַמאַטער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, צום זיג** (רעד'), **יוגנט** (כאַרקאָוו, 1922).

מ. וואָרטמאַן, פּערעץ מאַרקיש. מאָסקווע, עמעס, 1937. 189 זז'; מ. ראַוויטש, דאָס מעשה־בוך פֿון מײַן לעבן. ת"א, 1975; י. ליפֿשיץ, מ. אַלטשולער, בריוו. זז' 243־348.

**מאַרשאָוו, אַהרן** — בטעות א"נ מראָשאָוו (ב' 5).

**מאַרשאַק, דניאל** — קאָרעקטער נאָמען פֿון שרײַבער און טיטל: וויטאַלי ביאַנקיס **מורזוק.**

**מאָשקאָוויטש, אַבֿרהם** — (— ב"אַ, מערץ 2, 1968)

****מאָשקאָוויטש, שלמה** — (טשעכאַנאָוו, פּוילן, יולי 15, 1909 —) — געענדיקט מיטלשול. שפּעטער געלעבט אין גלינאָוויעצק. נאָכן צווייטן וועלטקריג עמיגרירט קיין פּאַריז. געשריבן אין **אונזער וועג, אונזער וואָרט** — פּאַריז. אין בוכפֿאָרעם: **מײַן שטעטעלע גלינאָוויעצק. ווײַטערע וואַנדלונגען פּלאָצק־וויערזשבניק.** פּאַריז, 1976. 335 זז'.

**מדרש, י[שראל]** — ( — מאָנטרעאָל, אויג' 2, 1964) — **צווישן צוויי וועלט־מלחמות.** מאָנטרעאָל, קענעדער אָדלער, 1964. 144 זז'.

**מה־יפֿית, ישראל־אַבֿרהם** — (פֿעב' 12, 1897 — פֿעב' 18, 1930) — **געקליבענע שריפֿטן.** ת"א, המנורה, 1970. 255 [1] זז'.

****מוזיקאָווסקי, משה** — (קאַניעוו, פּוילן, אַפּריל 17, 1867 —) — אַמעריקאַניזירטער נאָמען:

מאָסקאָוו. יונג עמיגרירט קיין אַמעריקע. אַרויסגעגעבן: **מײַנע זכרונות** [אין פֿאָרעם פֿון לידער]. פֿילאַדעלפֿיע, 1946. 72 זז׳.

**מזאה, אליהו־מרדכי** — קאָרעקטער טיטל פֿון זש׳ — **המסילה**.

****מיאָדאָווניק, צבֿי** — (לוויוויטש, פּוילן, 1910 — ב״אַ, דעצ׳ 7, 1982) — עמיגרירט יונג קיין מאָנטעווידעאָ, שפּעטער קיין ב״אַ. 22 יאָר רעדאַקציע־מיטאַרבעטער פֿון ט״צ **די פּרעסע** (ב״אַ).

**מיזעס, מתּתיהו** — (— גלייוויץ, אויפֿן וועג קיין אוישוויץ, יאַנ׳ 18, 1945)

**מיזשיריצקי, משה** — (1892—1951) אַרעסטירט 1948 און אומגעבראַכט אין 1951.

**מיטלמאַן, י.** — (—1951)

**מיטלפּונקט, יוסף** — (— חולון, מערץ 20, 1974)

**מײַדאַנסקי, משה** — (—1973)

***מײַזיל, נחמן** — (— נ״י, אַפּריל 28, 1966) — **צוריקבליקן און פּערספּעקטיוון**. ת״א, פּרץ, 1962. 545 זז׳; **בער באָראָכאָוו**. נ״י, איקוף, 1963. 14 זז׳; **קעגנזײַטיקע השפּעות אין וועלט־שאַפֿן**. דאָרטן, 1965. 423 זז׳; **ד״ר חיים זשיטלאָווסקי**. דאָרטן, 1965. 127 זז׳; **ח. נ. ביאַליק** [קיבוץ אַלונים] 1976. 48 זז׳; **אָנהויבן — דוד בערגעלסאָן**. דאָרטן, 1979. 50, 54 זז׳; **בלעטלעך זכרונות**. דאָרטן, 1978 [60] זז׳. —

צונויפֿגעשטעלט **י. ל. פּרץ אין דער ייִדישער דיכטונג**. ת״א, פּרץ, 1965. 222 זז׳. רעד׳ איקוף־אַלמאַנאַך. נ״י, 1967. 371 זז׳.

**מײַזל, הערש** — איבערגעז׳ י. מאַשקאָווסקיס **מאָסקווע — צפֿון־פּאָליוס — מאָסקווע**. מאָסקווע, 1938. 207 זז׳.

**מייזעל, טובֿיה** — (— מעקסיקע, יוני 15, 1985)

****מײַזעל, משה־יהודה** — ( ) — אויטאָר פֿון **אייגענס און פֿרעמדס** [לידער]. נ״י, אום, תש״כ. 358 זז׳.

****מײַזעלסאָן, אהרן** — (בערעזין, ווײַס־רוסלאַנד, סעפּט׳ 1, 1892 — ניו־יאָרק, נאָוו׳ 3, 1980) — באַקומען טראַדיציאָנעלן חינוך. 1912 עמיגרירט קיין אַמעריקע, וווּ געאַרבעט בײַ שנײַדערײַ. אין בוכפֿאָרעם: **פּאָעמעס פֿון לעבן און ליבע**. נ״י, 1981.

**מייטוס, אליהו** — (— ת״א, יוני 20, 1977)

**מייטלים, יעקבֿ** — (— לאָנדאָן, אויג 17, 1984) — **אין גאַנג פֿון דורות**. עסייען וועגן תּנ״ך, פֿאָלקלאָר און ליטעראַטור. ת״א, ישׂראל־בוך, 1975. 340 זז׳; **פֿון ווײַטן אַמאָל ביז הײַנט**. דאָרטן, 1981. 388 זז׳. אַרויסגעגעבן דאָס **מעשׂה־בוך, מיט העדות, מקורים, מאָטיוון** [ב״אַ], ליפֿשיץ־פֿאָנד. תשכ״ט, 364 זז׳; **מדרש לפרקי אָבֿות בייִדיש קמאית** (ירושלים, 1979) — פֿון אַנשל לויס אַ כּתבֿ־יד, צוזאַמען מיט חיים שוואַרצבוים.

****מײַמודעס, אַבֿרהם** — (אָסטראָוו, פּוילן, דעצ׳ 2, 1901 — ) — באַקומען רעליגיעזן חינוך. 1920

עמיגרירט קיין אַמעריקע. גראַדויִרט פֿון אַרבעטער־רינג לערער־סעמינאַר און געווען לערער אין די ייִדישע שולן פֿון קליוולאַנד, נ״י, פֿילאַדעלפֿיע, ל״אַ, ווו ער וווינט די לעצטע יאָרן. געדרוקט אַרטיקלען אין **פֿרײַהייט**, **קאַליפֿאָרניער שריפֿטן** און וועגן געזונט־פּראָבלעמען אין **מאָרגן פֿרײַהייט** (א״פ בן־יעקבֿ).

**מײַער, דוד** — (— נ״י, נאָוו׳ 21, 1971)

**מייעראָוויטש,** — זע אויך: מאיראָוויטש.

**מיכלי, בנימין־יצחק** — קאָרעקט: **עולמם של בני הארץ, ליד האופנים.** נײַע ביכער: **פרי האָרץ** (1966), **חיים הזז** (1968). **דמויות וצדודיות** (1971), **מסה ופולמוס** (1973), **משבצות ביקורת** (1980).

****מיכמאַן, גדליה** — (קעשענעוו, יאַנ׳ 3, 1916 — ) — געלערנט אין חדר, שפּעטער אין העברעיִשער גימנאַזיע „מגן דוד״. 1937 עמיגרירט קיין פֿראַנקרײַך, ווו זיך באַטייליקט אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע. דרוקט זיך אין ט״צ **אונזער וואָרט** (פּאַריז). אין בוכפֿאָרעם: **מײַן פֿרײַנד מענדל מאַן.** פּאַריז, 1978. 80 זז׳; **מײַנע אײַנדרוקן פֿון דרײַסיקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס** [פּאַריז, 1982, שרײַבמאַשין]. 22 זז׳.

**מילמאַן, שמואל** — (— נ״י, יולי 19, 1983)

**מילער, אסתּר** — **אויף אַמעריקאַנער וועגן.** ת״א, אויפֿקום, 1968. 415 זז׳.

**מילער, בוזי** — (ראָדאָוויץ,* פּאָדאָליע, אַפּריל 21, 1913 —) — **יעדער דאָר זײַנס.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1980. 356 זז׳; **מענטשן גייען צו דער אַרבעט.** דאָרטן, 1981. 59 זז׳; **דער קוואַל דער לויטערער.** לידער. דאָרטן, 1984. 126 זז׳.

* לויט ס״הל, לעקסיקאָן.

****מילער, ברוך** — (רישקאָן, בעסאַראַביע, יולי 5, 1892 — ל״אַ, יוני 27, 1980) — דערציילער. פֿאָטער אַ מלמד. געלערנט אין חדר. 1911 געקומען קיין אַמעריקע, געווען אַ פּרעסער. 1962 זיך באַזעצט אין ל״אַ. — 1918 דעביוטירט מיט מילחמה־אײַנדרוקן אין **מ״זש**. געשריבן רעפּאָרטאַזשן און דערציילונגען פֿון אַרבעטער־לעבן. — אין בוכפֿאָרעם: **פּשוט'ע מענטשן** (דערציילונגען). נ״י, אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן, 1941. 234 זז׳; **אין גרויע טעג** (געקליבענע דערציילונגען). נ״י, 1946. 223 זז׳; **אַ וועלט מיט וועלטעלעך.** נ״י, 1946. 90 זז׳; **צוליב שכנים** [דערציילונגען]. נ״י [איקוף]. 1969. 319 זז׳; *The Wet King* [N. Y.] 1979. 122 p.

**מילער, ל.** — (— נ״י, מײַ 1967) — **מיר אַלע.** נײַע און אָפּגעקליבענע לידער, פּאָעמעס, איבערזעצונגען פֿון פֿרעמדע שפּראַכן. פּאַריז, אויפֿסנײַ [1965]. 207 זז׳.

****מינסטער, יעקבֿ** — (1905 — אַשדוד, סעפּט׳ 14, 1983) — עמיגרירט קיין אַרגענטינע אין 1937. עולה געווען קיין אַשדוד אין 1977. אַ ריי יאָרן אינעוויניקסטער מיטאַרבעטער פֿון **די פּרעסע** (ב״אַ).

**מיפּעלעוו, נחמן** — (— קראָקע, אויג׳ 29, 1937) — קאָרעקטער טיטל: **עמק עשׂרת התּמרים** (נײַע אויפֿל׳ — ת״א, תּשי״ג).

**מיצמאַכער, דוד** — פֿאַרטראָטן אין **לעבנ און קאַמפּ.**

**מיצמאַכער, שלמה** — **איינער פֿון אַ סך.** תּ"א, פּרץ, 1970. 111 זז'; **אין פשוטע ווערטער.** דאָרטן, 1979. 239 זז'.

**מיראַנסקי, פּרץ** — **שורות שירה.** [תּ"א] פּרץ, 1974. 251 זז'; **צווישן שמייכל און טרער.** משלים. טאָראָנטאָ, 1979. 197 זז'; **ניט דערזאָגט.** תּ"א, פּרץ, 1983. 267 זז'.

**מירון, דן** — (תּל־אָבֿיבֿ, נאָוו' 13, 1934 —) — העברעיִשער ליטעראַטור־קריטיקער און ליטע־ראַטור־פֿאָרשער. געענדיקט העברעיִשן אוניווער־סיטעט אין ירושלים. אָנגעהויבן מיט שירים, דערנאָך אַריבער צו ליטעראַריש־קריטישע עסייען און פֿאָרשונגען. צ"אַ אַרויסגעגעבן מענדעלע מוכר ספֿרימס **למדו היטבֿ** מיט אַרייַנפֿיר, הערות, הוספֿות. נ"י, ייִוואָ, 1969. VIII, 75, 125, VII זז'. מ'ס גרעסערע שטודיעס וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור זייַנען איבערגעז' אין **ייִוואָ־בלעטער, גאָלדענע קייט.** אויף ייִדיש פֿאַרעפֿנטלעכט **דער אימאַזש פֿון שטעטל.** דרייַ ליטעראַרישע שטודיעס. תּ"א, פּרץ, 1981. 286 זז'.

ג. קרסל, 1.

**מירסקי, אײַזיק** — (פּינסק, 1904 — ב"אַ, נאָוו' 11, 1966) — עמיגרירט קיין אַרגענטינע אין 1923. פֿון באַרוף פֿאָטאָגראַף. געזעלשאַפֿטלעכער עסקן אין ב"אַ. לאַנגע יאָרן געשריבן פֿעליעטאָנען אין **די פּרעסע.**

די פּרעסע, ב"אַ, נאָוו' 13, 1966.

**מירסקי, צבֿי־יוסף** — ( ) — אויטאָר פֿון **לאָמיר זיך לערנען רעדן.** נ"י, תּש"ם.

**מישקאָווסקי, לייב** — (סלאָנים, ווייַס־רוסלאַנד, 1883 —) — אַקטיוו אין „בונד" אין סלוצק. אָנהייב צוואַנציקער יאָרן טעטיק אין ייִדישער קולטור־אַרבעט אין באָברויסק, שפּעטער פֿאָרזיצער פֿון ייִדישן אָפּטייל אין קאָמיסאַריאַט פֿאַר בילדונג אין ווייַסרוסלאַנד. אָנהייב דרייַסיקער יאָרן פֿאַרוואַלטער פֿון אוקרמעלוכנאַצמינדפֿאַרלאַג. — אין בוכפֿאָרעם: [מיט אַנדערע] **אָקטיאַבער־קינדער.** פֿאַרן ערשטן לערניאָר. מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1925. 115 זז' [2טע אויפֿל', 1926]; פֿאַרן צווייטן לערניאָר. דאָרטן, 1925. 311 זז'; [מיט אַנדערע] **פּאָליטאַיוורע.** קיִעוו, קולטור־ליגע, 1926. 232 [1] זז'; [מיט אַנדערע] **קאַמף און אויפֿבוי,** כרעסטאָמאַטיע פֿאַרן פֿינפֿטן לערניאָר פֿון דער אַרבעט־שול. (כאַרקאָוו), צענטרפֿאַרלאַג (1928). 423 [3] זז'; [מיט אַנדערע] **אין קאַמף.** אַרבעט־בוך אַף שפּראַך, ליטעראַטור און געזעלשאַפֿט־קענטעניש. 3טער לערניאָר. כאַרקאָוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1930. 238 זז'; מיטרעד' פֿון **ראַטנבילדונג.** דאָרטן, 1928—1937 [לעצטע יאָרן ניט געוווּן אין רעדקאָלעגיע]; **יונגער שלאָגלער.** פּעריאָדישער לערנבוך פֿאַר די דריטע און פֿערטע גרופּעס פֿון דער אַרבעט־שול. דאָרטן, 1931—1932.

י. ליפֿשיץ, מ. אַלטשולער, בריוו. ז' 477.

**מלאָטעק, חנה** — **יום־טובֿדיקע טעג.** לידער־בוך פֿאַר ייִדישע יום־טובֿים [נ"י, 1972]. 105 זז' [מיט מלכּה גאָטליב]; **מיר טראָגן אַ געזאַנג.** ייִדישע אַרבעטער־ און פֿאָלקס־לידער. נ"י, אַרבעטער־רינג, 1972, 6, 201 זז' [נייַע אויפֿל — 1977]. **פּערל פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע** [מיט י. מלאָטעק]. תּ"א, פּרץ, 1974. 564 זז'.

**מלאָטעק, יוסף** — **ייִדישע קינדער.** נ"י, אַרבעטער־רינג, 1959—1971. 2 בב'; [מיט חנה מלאָטעק] **פּערל פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע.** תּ"א, פּרץ, 1974. 564 זז'.

**מלאך, לייב** — קאָרעקטער טיטל: האזיני תּבֿל. — **דאָן דאָמינגאָס קרייצוועג.** ראָמאַן. תּ"א, פּרץ, 1969.

432 זז׳. די פּיעסן **איבערגוס (א״ט גאַסן־פּרויען, געלער שאָטן, הערצער צו פּאַרקויפֿן)**, ווי אויך **אסתּרקע די יידישע קעניגין פֿון פּוילן** זײַנען אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין רומעניע, ליטע, ניו־יאָרק א״אַ לענדער.

## מלאך־פֿידלער לאָטי — געלערנט אין אַ

ווינער פֿאָלקשול און אין אַ טשערנאָוויצער גימנאַזיע. געענדיקט ייִדישן לערער־סעמינאַר אין נ״י. — **די אונטערשטע שורה.** דערציילונגען, געשטאַלטן, מאמרים. ת״א, פּרץ, 1985. 255 זז׳.

## מלאכי, אליעזר־רפֿאל — (— נ״י, אַפּריל 2, 1980)

## מלכּי, דוד — קאָרעקט: מלכּי, יעקבֿ־דוד. פֿון

לאָדזש עמיגרירט קיין פּאַריז. — **חכמי יבֿנה.** 1978. 272 זז׳ [ב׳ 2 פֿון **דער תּלמוד און זײַנע פּערזענלעכקייטן**]; **פֿון דער משנה צום תּלמוד.** 1983 [ב׳ 3 פֿון **דער תּלמוד...**]; **דער תּלמוד און זײַנע פּערזענלעכקייטן.** 1984 — אַלע פּאַריז. גרייט צום דרוק פֿערטן באַנד פֿון **דער תּלמוד...**

## **מנחם מענדל — ( ) — פּסעוודאָנים פֿון

משי זהבֿ. סאַטמאַרער חסיד. וווינט אין ירושלים. מחבר פֿון **מאָמענטן פֿון פֿאַרצווייפֿלונג.** שפּאַנענדע היסטאָרישע ערצעהלונג. [ירושלים] תּשל״ו. קכ״ח זז׳; **עהרליכקייט און תּמימות.** שפּאַנענדע ערצעהלונג. ירושלים, אוצר פֿון אידישקייט, תּשל״ז. קי״ט זז׳; **איבער וועגען און ימ׳ען.** שפּאַנענדע ערצעהלונג. [נ״י], תּשל״ז. קי״ט זז׳; **מוטער און טאָכטער.** שפּאַנענדע ערצעהלונג. [נ״י], תּשל״ז. ק״כ זז׳; **די גאָלדענע מטבע.** שפּאַנענדע ערצעהלונג. [נ״י] אוצר פֿון אידישקייט, תּשל״ח. ק״כ זז׳; **דער חוזה פֿון לובלין** [א״אַ]. ערשטע טייל. [נ״י], תּשל״ח; **מסע הבד״צ**, די היסטאָרישע רײַזע פֿון דעם בית דין הגדול פֿון ירושלים איבער אַמעריקע און אייראָפּע.

ברוקלין, תּש״מ; [מיט נפֿתּלי צבֿי] **יום־טובֿ ערצעהלונגען (סיפּורי החג)** פּורים... פּסח... סוכּות... נ״י, תּש״מ. 3 בב׳. בעאַרבעט אויף אידיש. רעדאַקטירט יוסף שיינבערגערס **פֿאַרגאַנגענע וועלטן (עולמות שחרבֿו)**. ירושלים, תּש״מ. 2 בב׳ און **דער פֿײַערדיגער זײַל** [נ״י]. **תּשל״ו — תּשל״ח.** 4 טיילן.

## **מעדאָף, דז. באַרנעט — ( ) —

ייִדישער נאָמען — ברוך. געענדיקט אַרכיטעקט אין פּענסילווייניע. אין בוכפֿאָרעם: **אַ דיכטער פֿון גאָטס גנאַדען.** אַ פּאָאָר שטריכען פֿון... יחזקאל לעוויט. פֿילאַדעלפֿיאַ, 1915; **תּפֿלין**, אַ לעהרע פֿיר בר מצוה אין אידיש און ענגליש. נ״י, 1916. 32 זז.

## מעדעם, גינאַ — (— ל״אַ, יאַנ׳ 29, 1977)

## מעדעם, וולאַדימיר — מ״ס **פֿון מײַן לעבן**

אַרויס אין העבר׳ איבערז׳ פֿון פּסח בן־עמרם א״ט **זכרונות**. (ת״א, 1984).

## **מעדרעש, ב. — ( ) — **אין אַ פֿרײַער

**שאָ.** הילף־בוך פֿאַר אָנפֿירער פֿון פּיאָנער־אָטריאַדן. מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1931. 126 [2] זז׳ [מיט ל. גרייוועך]; **אַף דער אַכטער דיסטאַנציע** [דערציילונג]. מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1932. 31 [1] זז׳; **דער אויטאָמאָביל.** דאָרטן, 1933. 124 זז׳.

## מעדרעש, ישׂראל — זע: מדרש (ב׳ 5).

## **מעטאַלאָוויעץ, הערשל — (וואַרשע,

אויג׳ 18, 1894 — מאָנטרעאָל, אַפּריל 26, 1980) — אָריגינעלער נאָמען: הערש־לייב בעקערקונץ. געלערנט אין חדר. אַקטיוו אין פּוילישן „בונד״ ביז 1921 און שפּעטער אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי,

וואָס האָט אים באַזײַטיקט אין 1934. בעתן צווייטן וועלטקריג אַנטלאָפֿן פֿון פּוילן און 1941 זיך דערשלאָגן קיין מאָנטרעאָל. — אָנגעהויבן שרײַבן אין **לעבענס־פֿראַגען** (וואַרשע, 1916). רעדאַקציע־מיטגליד אין **ראַדאָמער אַרבעטער לעבען** (1920), **אונזער געדאַנק** (לאָדזש, 1922 — פֿון קאָמבונד, אַרויס 3 נומערן), **ליטעראַרישע טריבונע** (לאָדזש, 1931—1932). שפּעטער געדרוקט רעפּאָרטאַזשן, בילדער, דערציילונגען, עסייען אין טאָראָנטער **וואָכנבלאַט** (ביז 1956). דערנאָך אין **קענעדער אָדלער** און **לעצטע נײַעס** (ת״א). — אין בוכפֿאָרעם: **פּאַקטן און מיינונגען.** לאָדזש, 1922. 32 זז׳; **אַ וועג אין לעבן.** פֿראַגמענטן פֿון אַן אויטאָביאָגראַפֿיע. ת״א, פּרץ, 1982. 2 בב׳. פּסעוודי׳ — הערמעט, טאַטאַרסקי.

אינפֿאָרמאַציע פֿון מ׳ס פֿרוי אין מאָנטרעאָל.

**מעלאַמער, א.** — איבערגעז׳ **גאָרקי**, פֿון פּ. ס. קאָגאַן (וואַרשע, 1928).

**מעלצער, לייזער** — (— ל״אַ, אָקט׳ 22, 1971)

**מעלצער־רײַנעס, מרים** — (— מאָנטרעאָל, אויג׳ 12, 1971)

**מענאַכאָווסקי, משה** — (— טאָראָנטאָ, יולי 17, 1969) — **געמישטע חתונות אין דער יידישער ליטעראַטור.** ב״אַ, ייִוואָ, 1968. 85 זז׳; **אַ באַלערנדיקער סימפּאָזיום וועגן יידיש אין ישׂראל.** מעקסיקע, 1968. 15 זז׳; **דעפּעקטיווע קינדער.** ת״א, פּרץ, 1971. 127 זז׳.

****מענאַקער, לעאָ** — (      ) — שטאַמט פֿון רוסלאַנד. עמיגרירט קיין אַמעריקע. געענדיקט אויף ד״ר־מעדיצין און פּראַקטיצירט לאַנגע יאָרן אין פֿילאַדעלפֿיע. אויטאָר פֿון **דער אידישער דאָקטאָר און זײַנע עלטערן** [פֿילאַדעלפֿיע, 1935]. 159 זז׳.

**מענדעלסאָן, יוסף** — (— ב״אַ, יולי 24, 1970)

**מענדעלע מוכר ספֿרים** — **למדו היטב.** אַרײַנפֿיר, הערות, הוספֿות פֿון דן מירון, נ״י, ייִוואָ, 1969. VIII, 75, 125, VII זז׳; **האישון הקטן — דאָס קליינע מענטשעלע.** ת״א, 1984 — איבערגעז׳ מיט אַ גרויסן אַרײַנפֿיר פֿון שלום לוריא.

****מענדעלעוויטש, אַהרן** — (ווילנע, אויג׳ 1907 — ת״א, פֿעב׳ 13, 1985) — געענדיקט ייִדישע רעאַל־גימנאַזיע. לערער אין ציש״אָ־שולן. 1934 אַנטלאָפֿן קיין סאָוועט־רוסלאַנד. 1939 גראַדויִרט פֿון יורידישן פֿאַקולטעט פֿון מאָסקווער אוניווערסיטעט. 1947 צוריק אין ווילנע, פֿון 1957 אין לאָדזש, 1962 עולה געוועזן קיין ישׂראל. געשריבן אין **עמעס** (מאָסקווע), **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע), **ייִדישע קולטור** (נ״י), **לעבנס־פֿראַגן** (ת״א), **ירושלימער אַלמאַנאַך.**

לעבנס־פֿראַגן, ת״א, מערץ 1985.

****מענטשעס, דוד** — (קוטנע, פּוילן, אַרום 1901 —) — געלערנט אין חדר, יונג אַוועק צו שנײַדערײַ. געלעבט אין בעלגיע, פּאַריז, לאָנדאָן און אַ סך יאָרן אין ב״אַ. פֿון 1948 אין ישׂראל. געשריבן אין **אַרבעטער צײַטונג** (וואַרשע), **פּראָלעטאַרישער געדאַנק** (נ״י), **אידישע צײַטונג, אונזער צײַט** — ב״אַ. אין בוכפֿאָרעם: **מענטש און גורל.** ת״א, המנורה, 1969. 350 זז׳.

**מענעס, אַבֿרהם** — (— נ״י, אָקט׳ 18, 1969) — **שבת און יום־טובֿ.** סאָציאַלע גערעכטיקייט, חשבון הנפֿש, גאולה אינעם גאַנג פֿון ייִדישן יאָר. ת״א, המנורה, 1973. 422 זז׳; **ייִדן און ייִדישקייט.** ירושלים, 1974/75. 2 בב׳.

**מעסקאַ, אַדאַם — (אַניקשט, ליטע, 1864 —) — עמיגרירט קיין לאָנדאָן אין 1884 און 1892 קיין נ״י. געדרוקט אַרטיקלען און לידער אין **דיא צוקונפט** (לאָנדאָן). געשריבן, איבערגעז׳ און באַאַרבעט פֿאַרשיידענע פּיעסעס פֿאַרן ייִדישן טעאַטער. מ׳ס פּיעסע **די יודישע קאָלאָניסטען אין פּאַלעסטינאַ**, נאַציאָנאַלע דראַמאַ מיט געזאַנג, איז — לויט לאָנדאָנער **צוקונפט** — אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין 1890. מ׳ס פּיעסע **תחית המתים אָדער צווישן הימל און ערד** איז 1903 געשטעלט געוואָרן אין נ״י דורך באָריס טאָמאַשעווסקי. די פּיעסע איז געדרוקט אַנאָנים א״ט **איציקל וויל חתונה האָבן אָדער דער כלה׳ס חלום**. אָפּערעטע אין 5 אַקטען. וואַרשאַ, ש. גאָלדפֿאַרב, 1925. 40 זז׳. פֿון 1910 זיך צוריקגעצויגן פֿון טעאַטער און זיך אָפּגעגעבן מיט מיסחר.

ז. זילבערצווײַג, ב׳ 2, זז׳ 1375—1377.

ש.ל.

**מעצגער, זאב־דב — ( ) — געלעבט אין לעמבערג. אַקטיוו ציוניסטיש. אויטאָר פֿון **שושנה**. אַ שטיק אין 4 אַקטן מיט אַן עפּילאָג. לעמבערג, דרוק פּראַצאַ, 1925. 32 זז׳.

ש.ל.

**מעצקער, יצחק — (דאָרף קאָזאַטשינע־לאַנאָוויץ, גאַליציע, יולי 1901 — ברידזשפּאָרט, קאָנעטיקוט, אָקט׳ 6, 1984) — דערציילער, ראָמאַניסט. די מישפּחה האָט דורות לאַנג געהאַט אייגענע פֿעלדער. פֿאַר די קינדער געבראַכט מלמדים און לערערס פֿון שטאָט. צו זעקס יאָר האָט מ׳ אָנגעהויבן לערנען פּויליש און דײַטש, שפּעטער געלערנט אין באָרשטשאָווער פּוילישער גימנאַזיע. 1922 גענומען קורסן אין בערלינער הומבאָלדט־הויכשול און 1924 האָט ער אָן אַ וויזע זיך צוגעשלאָגן קיין נ״י, וווּ געאַרבעט בײַ טאָג און געלערנט אין אָוונט. נאָכן ענדיקן דעם ניו־יאָרקער ייִדישן לערער־סעמינאַר אין 1933 געוואָרן לערער אין די שולן פֿון אַרבעטער־רינג. — 1927 דעביוטירט מיט אַ דערציילונג און עטלעכע לידער אין **אַמעריקאַנער**. דערנאָך געדרוקט דערציילונגען — מערסטנס וועגן דאָרפֿישן לעבן — און רעפּאָרטאַזשן אין **פֿאָ״ש, פֿרײַהייט, קינדער זשורנאַל, טאָג, צוקונפֿט** א״אַ אויסג׳. מ׳ס ערשטע דערציילונג אין **פֿאָרווערטס** איז געדרוקט געוואָרן אין 1933 און פֿון 1944 דאָרטן געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער. חוץ דערציילונגען פֿאַרעפֿנטלעכט דאָרטן די ראָמאַנען: **די אייביגע שטימע** (1942), **ביטריס און בען** (1945) — ביידע וועגן לעבן פֿון ייִדישע אימיגראַנטן אין אַמעריקע; **אויפֿן זיידנס פֿעלדער** (1952) און **אויף אַמעריקאַנער ערד**. פֿון 1945 געשריבן אַ וועכנטלעכן רעפּאָרטאַזש פֿון ייִדישן געריכט אין נ״י. פֿאַרטראָטן אין ש. מעלצערס **זוגות**, אין גרינבערג־האוס *A Treasury of Yiddish Stories* (New York, 1954) און אין *Yiddish Stories old and new* (1975). באַקומען די פּרעמיעס א״נ פֿון בימקאָ (1954), לאַמעד (1959), גלאַטשטיין (1975). פּסעווד׳ — י. מ. מעטץ, י. מ. קערשט, י. פֿליישער. — אין בוכפֿאָרם: **טאָלי און טאָבי**. נ״י, מתנות, 1936. 158 זז׳; **ערד און זון**. נ״י, 1937. 180 זז׳; **דאָן יצחק אַברבנאַל**. נ״י, קינדער־רינג, 1941. 48 זז׳; **אויפֿן זיידנס פֿעלדער**. ראָמאַן. נ״י, מתנות, [1953]. 477 זז (אין ש. מלצרס העבר׳ איבערז׳ **בשדותיו של סבא**, 1959); **גאָטס באַשעפֿענישן**. דאָרטן, 1958. 207 זז׳. אין ענגליש אַרויסגעגעבן *A Bintel Brif* (1971), וועגן לעבן פֿון ייִדישע אימיגראַנטן אין אַמעריקע, אויפֿן סמך פֿון **בינטעל בריוף**, וואָס האָבן זיך געדרוקט יעדער טאָג אין **פֿאָרווערטס** אַרום זעכציק יאָר. — „דאָס טיף־וואָרצלדיקע אין י. מעצקערן איז, ווי עס ווײַזט אויס, דאָס, וואָס ער האָט אײַנגעזויגן אין זיך, ווען ער איז געווען אַ דאָרפֿמענטש, פֿון דער נאַטור, ווי אויך דאָס, וואָס ער האָט אין זיך אַליין פֿון די שטומע, מעכטיקע אינסטינקטן. דאָס איז דער עיקר אינעם יונגן דערציילער און דאָס איז דאָס אייגנאַרטיקע, וואָס ער האָט אַרײַנגעבראַכט אין אונדזער ליטעראַטור (...) מיר האָבן עטלעכע באַשרײַבערס פֿון דער נאַטור, אָבער י. מעצקער איז אַ נאַטור־שרײַבער, ניט קיין באַשרײַבער פֿון דער נאַטור.״ (ש. ניגער). „י. מעצקער איז דאָרפֿיש דורך און דורך. ער האָט דאָרפֿישע אויגן, ער זעט ממש ווי אַן אוגערקע וואַקסט [... זײַנע] דערציילונגען זײַנען נײַ, אָריגינעל און קערנדיק (...) ער איז אַ שרײַבער מיט זײַן אייגענעם

פּנים, דער עיקרשט מיט זײַן אייגענעם לשון.״ (אַ. מוקדוני). וועגן **אויפֿן זיידנס פֿעלדער** שרײַבט דער לעבעדיגער (ח. גוטמאַן), אַז עס „קען אַוועקגעשטעלט ווערן אין איין שורה מיט האַמסונס **ברכה פֿון דער ערד**, מיט דעם אונטערשייד, וואָס נאָך דער ייִדישער ברכה שלעפּט זיך נאָך אַ קללה, די קללה פֿון גלות (...) האָט אין זײַן בוך באַוויזן חוץ גרויס־מאָלערישן און דערציילערישן אויך פּאָעטיש־לירישן טאַלאַנט.״ וועגן זעלביקן בוך שרײַבט י. גלאַטשטיין: „ער האָט אויפֿגעבויט אַ דאָרף מיט ייִדן און גויים און געגאַנגען פֿון שטוב צו שטיבל, פֿון בוים צו בוים, פֿון פֿעלד צו פֿעלד, פֿון פֿויגל צו פֿויגל, פֿון יום־טובֿ צו יום־טובֿ, און אַלץ באַזונגען. אַ מאָל איז דאָס געזאַנג אַ ליד פֿון פֿרייד, אַ מאָל איז עס טיפֿער טרויער, אָבער אַ טרויעריקייט, וואָס איז אַ טייל פֿון אַ שלימותדיק לעבן.״

מ. נאַדיר, פֿרײַהייט, נ״י, מײַ 1936; ש. ניגער, טאָג, יוני 1936; אַ. מוקדוני, מ״זש, יוני 1936; י. קיסין, פֿאָרווערטס, יוני 1936; י. באָטאָשאַנסקי, די פּרעסע, ב״אַ, יוני 1936; אַ. רייזען, די פֿעדער, נ״י, 1937; י. גלאַנץ, דער וועג. מעקסיקע, נאָוו׳ 1937; ש. ניגער, טאָג, אַפּריל 1938; ה. ראָגאָף, פֿאָרווערטס, דעצ׳ 1953; אַ. מוקדוני, קולטור און דערציאונג, נ״י, פֿעב׳ 1954; ש. ביקל, צוקונפֿט, נ״י, מײַ־יוני 1954; מ. שטיקער, טאָג־מ״זש, יולי 1954; דער לעבעדיגער, טאָג־מ״זש, יאַנ׳ 1955; י. גלאַטשטיין, אין תּוך גענומען. נ״י, 1956. זז׳ 437—442; ל. פֿאָגעלמאַן, פֿאָרווערטס, דעצ׳ 1958; מ. ראַוויטש, קענעדער אָדלער, פֿעב׳ 1959; דער לעבעדיגער, טאָג־מ״זש, פֿעב׳ 1959; אַברהם שולמאַן, אונזער שטימע, פּאַריז, מערץ 1959; ש. ראָזענבערג, דער אַמעריקאַנער, נ״י, אַפּריל 1959; א. אַלמי, פֿאַ״ש, מײַ 1959; ש. ד. זינגער, אונזער וועג, נ״י, דעצ׳ 1959; ח. ליבערמאַן, פֿאָרווערטס, יאַנ׳ 1960; י. עמיאָט, קענעדער אָדלער, נאָוו׳ 1960; ב. צ. גאָלדבערג, טאָג־מ״זש, יוני 1963; ש. ניגער, ייִדישע שרײַבער פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. נ״י, 1973. זז׳ 309—313.

## מעקלער, דוד־לייב — (— נ״י, אַפּריל 26, 1976)

## **מערזשאַן, אידע — ( ) — אויטאָרין פֿון

**קינדער־דערציִונג**. וואַרשע, ייִדיש בוך, 1955. 160 [1] זז׳.

## **מערימאַן, מ. — ( ) — אויטאָר פֿון

**פּאָרטוגעזיש־ייִדישער לערנבוך**, מיט אַ ייִדיש־פּאָרטוגעזישן ווערטערבוך. וואַרשע, א. גיטלין, 1929. 224 זז׳ (נײַע אויפֿל — 1930); **שפּאַניש־ייִדישער לערנבוך**, מיט אַ ייִדיש־שפּאַנישן ווערטערבוך (דריטע אויפֿלאַגע). פּאַריז, 1929. 190 זז׳; **פֿראַנצויזיש־ייִדיש לערנבוך**. די וויכטיקסטע גראַמאַטישע כּללים און די אויסשפּראַך אין ייִדיש. וואַרשע, א. גיטלין, 1930. 219 [2] זז׳.

## **מעריז, ברוך — (ראַקעוו, ווײַסרוסלאַנד, אַפּריל 14, 1900 — נ״י, אויג׳ 7, 1983) — געלערנט

אין חדר, שפּעטער אין מינסקער רוסישער גימנאַזיע און באָברויסקער טעכניקום. געדרוקט פֿון צײַט צו צײַט אין **קענעדער אָדלער; סבֿיבֿה, זײַן, אונדזער אייגן וואָרט** — נ״י. אין בוכפֿאָרעם: **פֿון ראַקעוו ביז קלאָגע**. בילדער פֿון אַ חרובֿער וועלט. נ״י, נוסח ווילנע, 1969. 192 זז׳.

## מעריסאָן, י. אַ. — איבערגעז׳ **דער אַנאַרכיזמוס** פֿון ענריקאָ מאַלאַטעסטאַ. לאָנדאָן, 1908. 43 זז׳ [א״פּ פּ. אַ. פֿראַנק].

## מערעזשין, אַבֿרהם — (— 1937)

## מערעמינסקי־מרום, ישׂראל — (— ת״א, מײַ 9, 1976)

## מערקור, וואָלף — (— נ״י, אויג׳ 1972) —

**וווּנט האָבן אויערן**. נ״י, 1968. 235 זז׳.

## **מראַטשני, מאַרק — (קאָוונע, 1892 — נ״י, מערץ 29, 1975) — אָריגינעלער נאָמען —

קלאַוואַנסקי. געלערנט אין חדר, 1911 געענדיקט רוסישע גימנאַזיע. שטודירט אין לייפּציג, פּאַריז, שפּעטער אין נ״י, וווּ זיך באַזעצט אין 1934 און באַקומען זײַן ד״ר־טיטל אין פּסיכיאַטריע. אַקטיוו אין

דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד (פֿאַרלאָזן 1922) און אַמעריקע, וווּהין געקומען אין 1928. ביז 1934 געווען לערער אין די אַרבעטער־רינג־שולן פֿון דעטראָיט און ל״אַ. פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סך אַרטיקלען אויף אַקטועלע טעמעס. קריטישע עסייען און וועגן אַנאַרכיסטיש־טעאָרעטישע ענייניים. 1934—1940 רעד׳ פֿון דער אַנאַרכיסטישער **פֿרייַע אַרבעטער שטימע** (נ״י).

פּ. קאָנסטאַן [אַ. טהאָרן], פֿאַ״ש, נ״י, מײַ־יוני 1975.

**מראָשאָוו, אַהרן** — (פּרילוקי, אוקראַיִנע — רחובֿות, אויג׳ 1, 1967) — קאָרעקט: מאַרשאָוו. דעלעגאַט צו ציוניסטישע קאָנגרעסן. ראַבינער אין קאָנאָטאָפּ.

**מרגליות, דובֿ** — (— מאָנטעווידעאָ, יאַנ׳ 3, 1967)

**מרגלית, ידידיה** — (— 1949)

**מרגלית־מונטשיק, אליהו־לייב** — (— חולון, אָקט׳ 21, 1970)

**מרדכי, בן[ר־תּנא]** — (— נאָוו׳ 12, 1909 — ) איבערגעז׳ מ. קולבאַקס **מאָנטיק, משיח בן אפֿרים, יעקבֿ פֿראַנק** אויף העברעיִש א״ט **חבֿלי גאולה** (ת״א, 1947). פֿאַרעפֿנטלעכט העבר׳ לידערביכער: **אור לעת ערבֿ** (תּשכ״א), **השעה האַחרת** (תּשכ״ט), **ילקוט שירים** (1983) א״אַ.

# נ

**נאַדיר, משה** — **נאַדירזימען**. אַפֿאָריזמען, פּאַראַדאָקסן, ווערטערשפּיל, פּאָעטישע פּראָזע, [ת״א] פּרץ, תּשל״ד. 111 זז׳.

**נאַדעל, כאַצקל** — (קאָוונע, 1905 — כאַרקאָוו, 1968)

**נאָוואָגרודסקי, עמנואל** — (— נ״י, אויג׳ 9, 1967)

**נאָוויק, פּסח** — **די ראָל פֿון אידן אין נעגער־קאַמפּן**. נ״י, 1965. 22 זז׳; **אַ בריוו פֿון ד״ר ש. מאַרגאָשעס און אַן ענטפֿער**. נ״י, מאָרגן־פֿרײַהייט, 1967. 20 זז׳; **די נאַציאָנאַלע און אידישע פֿראַגע אין איצטיקן מאָמענט**. דאָרטן, 1970. 40 זז׳; **אַמעריקאַנער אידן, דער ציוניזם, מדינת ישׂראל**. דאָרטן, 1972. 48 זז׳.

****נאָוויק, קאָפּל** — (בריסק־דליטאָ, 1902 —) — 1922 אַוועק קיין סאָוועט־רוסלאַנד. געלערנט אין מינסקער ייִדישן פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. שפּעטער געלעבט אין מאָסקווע. אַרויסגעגעבן די בראָשור **די שטאָט בריסק**. נ״י, 1973. 36 זז׳.

****נאָוויק, שיִע** — (בריסק, גראָדנער גוב׳, 1896 —) — געלערנט אין חדר. 1921—1923 אין אַרגענטינע. 1924 געקומען קיין נ״י, וווּ זיך פֿאַרנומען מיט סטאָלערײַ. פֿון 1943 אין ל״אַ. געשריבן אַרטיקלען אין **די פּרעסע** (ב״אַ), **קאַליפֿאָרניער**

**שריפֿטן** און מייסטנס אין **מאָרגן פֿרײַהייט** (נ״י). מערסטנס זיך געדרוקט א״פּ ס. בוימאַן.

****נאָוויקאָוו, יואל** — (האָרקי, ווײַסרוסלאַנד, 1887 —) — געלערנט אין חדר. סטאָליער. אַקטיוו אין „בונד" אין קאָוונע, ווילנע א״א ערטער. 1930—1949 געלעבט אין קייפּטאָן (דרום־אַפֿריקע). פֿון דאָרטן אַוועק קיין ישׂראל אין 1949. אין בוכפֿאָרעם: **זכרונות פֿון אַ ייִדישן אַרבעטער.** ת״א, קולטור־ליגע, 1967. 171 זז׳. [זע 547].

****נאָווערשטערן, אַבֿרהם** — (בוענאָס־אײַרעס, יולי 25, 1951 —) — עולה געווען קיין ישׂראל אין 1969. פֿאַרענדיקט לערער־סעמינאַר און געלערנט אין ירושלימער אוניווערסיטעט ייִדישע ליטעראַטור און ייִדישע געשיכטע. דאָרטן לעקטאָר פֿון ייִדישער ליטעראַטור. געקראָגן זײַן ד״ר־טיטל אין 1981 פֿאַר דער דיסערטאַציע **סטרוקטורעלע אַספּעקטן אין דוד בערגעלסאָנס פּראָזע: פֿון זײַנע אָנהייבן ביז „מידת־הדין".** דרוקט אַרבעטן וועגן ייִדישער ליטעראַטור אין **גאָלדענע קייט** א״אַ אויסג׳. אין בוכפֿאָרעם: **אַבֿרהם סוצקעווער ביבליאָגראַפֿיע.** ת״א, ישׂראל־בוך, 1976. 307 זז׳.

**נאָטאָוויטש, משה** — (— קאַזאַן, 1968) — געענדיקט מיטלשול און ליטעראַרישן פֿאַקולטעט פֿון אַדעסער ייִדישן פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. לעצטע צוואַנציק יאָר פֿון זײַן לעבן לעקטאָר אין קאַזאַנער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. אין **סאָוועטיש היימלאַנד** פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ריי אַרבעטן וועגן ייִדיש־סאָוועטישע שרײַבערס (מ. ווינער, מ. גרוביאַן, מ. ליטוואַקאָוו, יאַשע בראָנשטיין, ל. קוויטקאָ א״אַ). — **ייִצחאָק־יויעל לינעצקי.** מאָסקווע, עמעס, 1939. 61 [1] זז׳; **קריטיק און קריטיקער.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1983. 63 זז׳.

**נאַטאַנזאָהן, דובֿ־בער** — (אַפּריל 22, 1832 — וואַרשע, פֿעב׳ 7, 1916)

**נאַטאַנזאָן, נ.** — **באָלשעוויסטישער שניט אַף די ייִדישע סאָציאַליסטישע פֿעלדער.** מאָסקווע, געזערד, 1931. 61 זז׳; **קאָלעקטיוויזאַציע און קולטור־אַרבעט אין ייִדישן דאָרף.** מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1931. 48 זז׳; **קאָמונע „דער עמעס".** דאָרטן, 1931. 32 זז׳.

**נאַכבוש, נח** — (אָקט׳ 1885 — ת״א, מײַ 12, 1970) — 1969 געקומען קיין ישׂראל.

**נאַכומאָוו־קאַצענעלסאָן, צפּורה** — (— מאָנטעווידעאָ, יאַנ׳ 7, 1972)

**נאַליומטאַל, מאיר־דוד** — קאָרעקט: נאַליר־מענטאַל.

****נאַמיאַנו, לעאָן** — ( ) — 1885 רעדאַקטאָר פֿון **די יודישע מאָרגענפּאָסט** (בוקאַרעשט). פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונג **פֿון פֿאַניעס צײַטן** (**היועץ**, 1886).

**נאָסקאָוויטש, יאַנקל** — **מײַן פֿאָלק.** געשיכטע פֿאַר דער עלעמענטאַר־שול. נ״י, אַרבעטער־רינג, 1962—1966. 2 בב׳.

**נאַראָדיצקי, ישׂראל** — קאָרעקטער טיטל: **היהדות והנוצרות.**

**נאַרקיס, מרדכי** — קאָרעקטער טיטל: **על אמנות, אמנים ומבקריהם.**

**נודעלמאַן, משה** — (— בוירקלי, יולי 24, 1967)

****נוימאַן, דובֿ** — (דוקשט, ליטע מײַ 1, 1919—) — געענדיקט ייִדישע פֿאָלקשול, שפּעטער געלערנט אין ווילנער „אָרט"־שול. פֿאַרווּנדיקט געוואָרן ווי אַ סאָלדאַט אין דער רויטער אַרמיי און דערנאָך דורכגעמאַכט די מלחמה־צײַט אין אַזיאַטישן רוסלאַנד. געקומען קײן ישׂראל אין 1948. אין בוכפֿאָרעם: **לידער פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט** [ת"א, 1981]. 298 זז'; **יוגנט, שווערד און אַש** [לידער. ת"א], 1984. 150 זז' — פֿאָטאָגראַפֿישע אויסגאַבע.

****נוסבוים, ב.** — ( — ) — מחבר פֿון ביכל **העלפֿט זיך זעלבסט.** אייניגע ווערטער וועגן זעלבסט הילף פֿאַר יודישע אַרבייטער. וואַרשאַ, תּרס"ב. 16 זז' — וועגן דעם מעמד פֿון ייִדישע אַרבעטערס אין וואַרשע.

**נוסינאָוו, יצחק** — (— נאָוו 30, 1950) — פֿאַרטראָטן אין אַשער שוואַרצמאַן, **פֿאַרן היימלאַנד אינ שלאַכט!**

י. ליפֿשיץ, מ. אַלטשולער, בריוו. זז' 351־366.

****נורהאָם, אַלם** — ( — ) — אויטאָר פֿון **ברוכזאָנס קינדער.** קאָוונע, 1931. 48 זז'; **דער מילכיקער באַל.** קאווּנאַס, 1932. 78 זז'; **היילונג יעדן נערוונקראַנקן.** 1טער טייל — דער נערוועזער מענטש; 2טער טייל — דער פּאַסיאָנס שפּיל; 3טער טייל — ווי האָבן זיך אַלע לעבעדיקע באַשאַפֿן. דאָרטן, 1932. 64, 32, 86 זז'; **עספּעראַנטישער לערנבוך.** דאָרטן, 1932. 32 זז' [מודעה, אַז ער גרייט צום דרוק; **מיליאָנען און גײַסט.** דראַמע; **דער עהרליכער ליגן.** דראַמע].

**נחתּומי, אַבֿרהם** — (— חדרה, יאַנ' 12, 1978)

**ניגער, שמואל** — **מענדעלע מוכר־ספֿרים,** זײַן לעבן, זײַנע געזעלשאַפֿטלעכע און ליטעראַרישע אויפֿטואונגען. נ"י, קולטור־קאָנגרעס, 1970. XV, 287 זז'; **ייִדישע שרײַבער פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.** דאָרטן, 1972—1973. 2 בב'.

**ניומאַן, יצחק** — (— ל"א, 1966)

****ניימאַן, אַבֿרהם** — צוויזמער, פּוילן, 189...—) — שטעפּער אין טאָרנע. זאָל זיך האָבן דערטרונקען אין ווײַסל צוליב הונגער אונטער דער דײַטשישער אָקופּאַציע. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין **יודישער אַרבעטער** (אונטער בערל לאָקערס רעד'), **לעמבערגער טאָגבלאַט,** קראָקעווער **אילוס־טרירטע צײַטונג** א"אַ ייִדישע אויסג' אין גאַליציע.

****ניימאַן, וו.** — ( — ) — ד"ר־מעדיצין. געשריבן פֿון צײַט צו צײַט אַרטיקלען אין ייִדישע צײַטונגען און צײַטשריפֿטן וועגן שרײַבערס אין דער דײַטשער ליטעראַטור. אין בוכפֿאָרעם: **גרעאַנגל** (דוד איגנאַטאָוו — דער שריפֿטשטעלער און קעמפֿער). [ניו־יאָרק, —19]. 103 זז'.

**נײַמאַן, משה־שמואל** — נאָמען פֿון דראַמע: **בת יפֿתּח.** „מליצה נאה" — בײַטיטל.

**** נימצאָוויטש, יצחק** — (יאַנאָוו, בײַ פּינסק, יאַנ' 14, 1914 — ת"א, נאָוו' 9, 1978) — געענדיקט העברעיִשע גימנאַזיע. 1932 עולה געווען קײן א"י. טעטיק אין פּעדאַגאָגישע אַנשטאַלטן, טעאַטער און „עלית הנוער". געדרוקט אַרטיקלען און שילדערונגען פֿון ייִדישע געשטאַלטן אין **טאָג־מ"זש** (נ"י), **די פּרעסע** (ב"א), **אויסטראַלישע ייִדישע נײַעס, לעצטע נײַעס** (ת"א); **הארץ, הבוקר, ידיעות אחרונות, מעריב** — ת"א. מחבר פֿון **בזכותם — דמויות מן הפנקס** (ת"א, 1968) — וועגן ייִדישע העלדן פֿון דער היטלער־תּקופֿה.

א. קיסרי, מעריבֿ, ת"א, מערץ 1, 1968; א. ברוך, הצופֿה, ת"א, מערץ 1, 1968; מ. קול, אנשים ומעשים. ת"א, 1983. ע' 150־152.
ר.ג.

**ליד.** אַנטאָלאָגיע. ת״א, פּרץ, 1973. 201 זז׳; **פֿון אַלץ צו ביסלעך.** דאָרטן, 1974. 200 זז׳; **אין ווײַסן עלטער.** לידער. דאָרטן, 1976. 124 זז׳; **מײַן אַנטאָלאָגיע.** דאָרטן, 1978. 198 זז׳; **פֿרוכט פֿון ווינט.** ת״א, 1980. 92 זז׳ [2טע אויפֿל׳]; **די גרינע ראָסע.** לידער. ת״א, דויער, 1983. 92 זז׳. **באַנײַאונג.** לידער. ת״א, פּרץ, 1985. 142 זז׳.

**פּאַפּיערניקאָוו, לוי** — (יוני 20, 1900 — חיפֿה, מײַ 5, 1985) — 1962 פֿאַרעפֿנטלעכט ראָמאַן **אין געראַנגל פֿון לעבן אין לעצטע נײַעס** (ת״א); **בעד אשנבי** (ת״א, 1969), איבערגעז׳ דורך ש. מאַנד; **פֿון הײַנט און אַמאָל** [דערציילונגען]. ת״א, פּרץ, 1972. 199 זז׳; **דערציילונגען און סקיצן.** ת״א, אייגנס, 1979. 182 זז׳.

***פּאַפּיק, לייב** — **צווישן אָנהויב און סוף — בין ראשית ואחרית.** לידער. ת״א, דבֿר, 1972. 59 [3] זז׳; **שטאַפּלען — מדרגות.** לידער. ת״א, רשפֿים, 1981. 235 [4] זז׳. **פֿון מײַנע שײַערן — מאסמי.** ת״א, 1982. 173 [2] זז׳ — אַלע דרײַ ביכער מיט פּאַראַלעלער העבר׳ איבערזעצונג פֿון א. אופֿק. איבערגעזעצטע פֿון ייִדישן כּתבֿ־יד: **לאָן נעלמו החיות** (ת״א, 1970) און **יונה לבֿנה** (ת״א, 1973).

ר.ג.

**פּאָרט, צבֿי** — (— ת״א, יוני 13, 1974)

**פּאַרישעווסקי, מאַרקוס** — (— ב״אַ, יוני 11, 1970) — דער זאַץ: „די לעצטע יאָרן כּמעט אין גאַנצן אַריבער אויף שפּאַניש״ פֿאַלט אַרויס (ב׳ 7). אין 1970 נאָך אַרויסגעגעבן דאָס בוך: **פֿון דער ווײַסל ביזן לאַ פּלאַטאַ־טײַך.** ב״אַ, 396 זז׳.

****פּוטערמאַן, מרדכי** — (קראַסניסטאַוו, פּוילן, יולי 10, 1911 — ת״א [?] מײַ 18, 1984) — געלערנט אין חדר. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועט־רוסלאַנד, דאָרטן פֿאַרשיקט אין אַרבעט־לאַגערן. נאָך דעם אין פּליטים־לאַגערן פֿון דײַטשלאַנד. 1948 עולה געווען קיין ישׂראל. אין בוכפֿאָרעם: **לעבנס־געשיכטע פֿון אַ פּשוטן ייִד.** ת״א, לייוויק־פֿאַרלאַג, 1983. 262 זז׳.

**פּולאָווער, משה** — **אַרדט (און לאָדזשער טיפֿן).** ת״א, פּרץ, 1972. 286 זז׳.

****פּולערעוויץ, יחזקאל** — (יאַנישאָק, ליטע, 1914 —) — געלערנט אין „תּרבות״־פֿאָלקשול און געענדיקט העברעיִשע גימנאַזיע אין שאַוול. שטודירט כעמיע אין קאָוונער אוניווערסיטעט. פֿון יוגנט אַקטיוו אין „בית״ר״. 1940 אַרעסטירט געוואָרן אין קאָוונע פֿאַר ציוניזם און פֿאַרשיקט אויף סיביר. 1957 באַפֿרײַט געוואָרן און 1965 עולה געווען קיין ישׂראל. געשריבן אַרטיקלען אין קאָוונער **מאָמענט.** אין בוכפֿאָרעם: **לידער הינטער גראַטעס.** יאָהאַנעסבורג, 1970. 125 זז׳ [טייל לידער און דערציילונגען איבערגעז׳ פֿון עבֿרית דורך ד. וואַלפּע]. העברעיִשע ביכער: **נצלבֿתּי אל הכּוכבֿ האָדום** (ת״א, 1968); **הסיפּור הקצר על המוות הארוך** (ת״א, 1969). העברעיִזירטער נאָמען אַבֿי־שבֿ״י מאור.

ד.וו.

****פּונער, נחמן** — (ווילקאָמיר, ליטע — ) — לערער אין ייִדישיסטישע שולן אין ליטע. אומגעקומען אין ערשטע טעג פֿון דער נאַצישער אָקופּאַציע אין ווילקאָמיר. אויטאָר פֿון **דער קליינער בעל־חשבון** [קאָוונע, ־193]; **לאָמיר רעכענען.** רעכנבוך פֿאַר ייִדישע פֿאָלקשולן. צווייטער לערניאָר. קאָונאַס, ג. גוטמאַן, 1940. 118 [1] 1 זז׳.

****פּופּס, מאיר־גרשון** — (טעלז, ליטע, 1896—) — פֿון 1918 אין ווילנע. מיטגעאַרבעט אין דער ביבליאָגראַפֿישער צענטראַלע פֿון ייִוואָ. צווייטן

װעלטקריג דורכגעמאַכט אין סאָװעט־רוסלאַנד. לעבט [?] אין פּוילן. 1919—1939 מיטגעאַרבעט אין **װילנער טאָג**. 1934—1936 אַרויסגעגעבן אין װילנע אַ מיניאַטור־װ״בל **קורץ** (צוליב צענזור געביטן נאָמען אויף **נײַס און װאָך**), װי אויך אַ קלײנע אַנטאָלאָגיע **בירעבידזשאַניש** (װילנע, 1935). 1931—1941 מיטגעאַרבעט אין **ביאַליסטאָקער שטערן**, קאָװנער **עמעס** און 1958—1962 אין **פֿאָלקס־שטימע** (װאַרשע). פֿאַרעפֿנטלעכט רעפּאָרטאַזשן, עסײען און רײַזע־באַשרײַבונגען.

דינה אַבראַמאָװיטש, ייִװאָ־בלעטער, נ״י, 1980, ז׳ 130.

****פּופּס, ניסן** — (נאָװאָראָן, ליטע, 1892 — ) — זשורנאַליסט. געװען שװאַרץ־אַרבעטער אין ריגע און װילנע. קאָמוניסטיש אַקטיװ. דעפּוטאַט אין ערשטן װילנער אַרבעטער־ראַט נאָך דער אָקטאָבער־רעװאָלוציע. 1920 רעד׳ פֿון װ״בל **נײַע צײַט** (קאָװנע). פֿון 1923 אין מאָסקװע, װוּ געאַרבעט אין **עמעס** און 1945—1949 **אין אײניקײט**. געשריבן אויף א״פ מאיר זיװ.

****פּופּס, רוטע** — ( — ) — צונויפֿגעשטעלט **דאָס ליד פֿון געטאָ**. װאַרשע, 1962. 184 ז׳.

****פּופּקאָ, ברוך־אַהרן** — ( — ) — 25 יאָר רבֿ אין פּיטסבורג. מחבר פֿון רבנישע ספֿרים. אויף ייִדיש: **אין שאָטן פֿון קרעמלין**. נ״י, אײניקײט, 1968.

**פּופּקאָ, חיים** — (— נ״י, אויג׳ 12, 1976)

**פּיודיק, אַהרן** — קאָרעקטער צײַטונג־טיטל: **אונזער פֿרײַנט** (מאָנטעװידעאָ). געשריבן פֿעליע־טאָנען אין **ישׂראל שטימע** (ת״א). 1977—1983 מיטגעאַרבעט אין **לעצטע נײַעס** (ת״א).

**פּיורקאָ, אַבֿרהם־מרדכי** — (— גראַיעװע, פּוילן, יוני 11, 1933)

****פּילאָװסקי, אַריה־לייב** — (סאַנטיאַגאָ, פֿעב׳ 1, 1940 — ) — געענדיקט אַדװאָקאַטור אין סאַנטיאַגער אוניװערסיטעט. 1962 עולה געװען קײן ישׂראל. שטודירט ייִדיש־ליטעראַטור און ייִדישע געשיכטע אין ירושלימער העברעיִשן אוניװערסיטעט. 1980 דאָרטן באַקומען ד״ר־טיטל פֿאַר זײַן דיסערטאַציע איבער „ייִדיש און ייִדיש־ליטעראַטור אין ארץ־ישׂראל, 1907—1948״ (העברעיִש). לעקטאָר פֿון ייִדיש און ייִדיש־ליטעראַטור אין חיפֿהער אוניװערסיטעט. געדרוקט פֿאָרשאַרבעטן אין **גאָלדענע קייט** (ת״א, 1977), **קתדרה לתולדות ארץ־ישׂראל וישובֿה** (תשל״ט, תשמ״ב), **תרביץ** (נ״י, תשמ״ג) און אין ענגלישע זשורנאַלן. אין בוכפֿאָרעם: **צװישן יאָ און ניין**. ת״א, װעלטראַט פֿאַר ייִדיש, תשמ״ו.

**פּילאָװסקי, יעקבֿ** — (— בת־ים, יוני 6, 1969) — **אַ ייִד אויף דער װעלט**. ת״א, ל. קנאי, תש״ל. 2 בב׳.

**פּינזאָן, מימי** — (— ב״אַ, דעצ׳ 1975)

**פּינטשעװסקי, משה** — 1954 באַפֿרײַט געװאָרן פֿון לאַגער, געקומען קײן קיִעװ, װוּ געשטאָרבן אין 1955.

**פּינסקי, דוד** —

דוד פּינסקי צום צענטן יאָרצײַט. נ״י, 1969. 64 ז׳; יזכור בעשור לפטירת דוד פינסקי. חיפֿה, תשכ״ט. 72 ע׳.

**פּינעס, אליעזר** — (— ת״א, דעצ׳ 30, 1984)

**פינעס, מאיר** — פ׳ס **געשיכטע פֿון דער אידישער ליטעראַטור** איז אַרויס אין העברעיִשער איבערז׳ פֿון שלמה צוקער, מיט אַן אַרײַנפֿיר פֿון ד. סדן (ת״א, 1982).

**פלאַטנער, אײַזיק** — (סאָקאָלאָוו, פּוילן, נאָוו׳ 17, 1895 — פֿאַלאָנגע, ליטע, יולי 26, 1961) — **די זאַלץ פֿון לעבן.** אויסגעוויילטע ווערק. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1976. 134 [1] זז׳.

**פלאָטקין, חיים** — (סעפּט׳ 20, 1910 —) — **אויף מײַנע וועגן.** ת״א, פּרץ, 1978. 183 זז׳; **מיט אָפֿענע אויגן.** לידער. דאָרטן, 1984. 307 זז׳.

**פלאָטקין, פּיניע** — דרוקט זיך אין **סאָוועטיש היימלאַנד** זינט 1962.

**פלודערמאַכער, ל[יובאַ]** — (ווילנע, יולי 28, 1904 —)

****פסח אלי בדחן** — געבוירן אין באָברויסק, ווײַסרוסלאַנד, געלעבט אין האָראָדעק (ווײַס־רוסלאַנד). באַקאַנט אונטערן נאָמען „פּודעלע״. אַ צײַט געווען בדחן בײַם ליובאַוויטשער רבין. אַנדערע בדחנים האָבן פּלאַגיאַטירט זײַנע לידער. אין בוכפֿאָרעם: **כנף רננים אָדער זעקס פֿאַלקס לידער:** דער פּערפֿאַסער, דיא יוגענד און דיא עלטער, דער טעלעגראַף, דער סיגאַר, דיא אורקע, דיא שפּיגיל. ווילנאָ, דפּוס פּין ורָאָזענקראַנץ, 1871. 32 זז׳; **כנף רננים** — פֿינף פֿאָלקס לידער: **דער שטיקעלע ברויט אָדער דיא פֿיש** [איבעריקע פֿיר לידער אין אויסג׳ פֿון 1871].

י. זיזמאַר, פנקס פֿאַר דער געשיכטע פֿון ווילנע אין די יאָרן פֿון מלחמה און אָקופּאַציע. ווילנע, 1922. שפּאַלטן 873־878.

ע.ל.

****פּעטרושקאַ, משה** — (פּראַגע, פּוילן, דעצ׳ 7, 1898 — נ״י, פֿעב׳ 25, 1983) — אין 1920ער יאָרן עמיגרירט קיין אַמעריקע. זיך באַזעצט אין נ״י, וווּ געאַרבעט אין שעפּער. אַקטיוו אין ייִדישן סאָציאַליסטישן פֿאַרבאַנד. די לעצטע פֿופֿצן יאָר האָט ער פּאַקטיש צוגעגרייט צום דרוק דעם גאַנצן מאַטעריאַל פֿון **וועקער** (נ״י). דאָרטן געשריבן אַ חודשלעכע רובריק א״נ **בקיצור**. פּסעווד׳ — מ. כרפּס.

**פּעטשעני, בער־לייב** — (— ב״אַ, אָקט׳ 10, 1983)

**פּעטשעניק, אַהרן הלוי** — פֿון 1963 אַרויסגעגעבן אַ ריי ביאָגראַפֿיש־היסטאָרישע בראָשורן אויף עבֿרית און דעם ספֿר **מטה אַהרן** (ירושלים, תש״ם) — אַ כראָנאָלאָגיע פֿון מישפּחות, וואָס ציִען זייער ייִחוס ביזן בעש״ט, רש״י און דוד המלך. — שרײַבט אין **לעצטע נײַעס** (ת״א), **פֿאָלק און ציון** (ירושלים), **אונזער וועג** (פּאַריז), **הצופֿה** (ת״א).

**פּעז, אָשר** — (— נ״י, דעצ׳ 24, 1979)

**פּערל, חיים־ישראל** — **פֿונ׳ם פֿאַרגאַנגענעם אַמאָל.** מאָנטרעאָל, תש״ז. 14 זז׳.

**פּערל, יואל** — (— מעגן מיכאל, אַפּריל 14, 1976) — אויטאָביאָגראַפֿישער ראָמאַן אין 5 בב׳: **דעם מאָרגנשטערן אַנטקעגן.** ת״א, פּרץ, 1967. 403 זז׳; **אין שײַן פֿון מאָרגנשטערן.** ת״א, המנורה, 1968; **דער מאָרגנשטערן האָט אַנטוישט.** דאָרטן, 1969. 272 זז׳; **דער מאָרגנשטערן בײַם צפֿון־פּאָלוס** [הרצליה] חבֿצלת, 1969. 222 זז׳; **דער מאָרגנשטערן שײַנט שוין ווידער.** דאָרטן, 1973. 316 זז׳ [אין העבר׳ נאָך דרײַ בענד: **ל״ו אֲבִיבִים, השחר הכזיב, ללא שחר**].

פערל, שבתי — (— מאָנטרעאָל, אַפּריל 22, 1976)

פערל, שלמה — (— פּעטאַלומע, קאַליפאָרניע, אַפּריל 20, 1979) — דער טאָוועטן־פאַרבאַנד און דער וועלטקריזיס. נ״י, איקאָר, 1939. 15 זז׳.

פערלאָוו, יצחק — (— נ״י, נאָוו׳ 16, 1980)

**פערלמאַן, יאַנקל — (וואַרשע, אַרום 1900 — פּאַריז, 1981) — פון פאַך אַ בעקער. אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג. צוליב פּאָליטישע רדיפות אַנטלאָפן 1930 פון פּוילן און זיך באַזעצט אין פּאַריז. אין בוכפאָרעם: דאָס ייִנגל פון קראָכמאַלניע. 2 בב׳: 1. פּאַריז, אויפסנײַ, 1968. 2. ת״א, המנורה, 1971.

**פערלמוטער, הערשל — (סטערצעוו, פּוילן, מערץ 6, 1909 — ) — יונגערהייט אַריבער קיין סאָסנאָוועץ (פּוילן). דורכגעמאַכט געטאָ און אוישוויץ. נאָכן צווייטן וועלטקריג אין די פּליטים־לאַגערן אין דײַטשלאַנד. פון דאָרטן אַוועק קיין פּאַריז. אין בוכפאָרעם: מײַן סטערצעוו. ת״א, המנורה, 1967. 181 זז׳; אַן אַקטיאָר אין אוישוויץ. דאָרטן, 1972. 227 זז׳; בינע־מאַסקעס בײַ קאַצעטלער. ייִדיש טעאַטער נאָכן חורבן. דאָרטן, 1974. 227 זז׳.

ר.ג.

**פערלמוטער, שמואל — (אַלעקסאַנדער, פּוילן, אַפּריל 25, 1904 — בת־ים, סעפּט׳ 10, 1982) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. פון 1934 אין א״י־ישׂראל. אַקטיוו אין לינקע פּוע״צ. פון צײַט צו צײַט געדרוקט לידער אין ייִדישע צײַטונג, לעצטע נײַעס — ת״א. אין בוכפאָרעם: אויף היימישער ערד. לידער. ת״א, פּרץ, 1979. 131 [1] זז׳. אין עיזבון אַ היסטאָרישע אַרבעט וועגן דער מישפּחה פּערלמוטער.

ר.ג.

פערלשטיין, יוסף — פון 1933 שטודירט עטלעכע יאָר יוריספּרודענץ אין ווילנער אוניווערסיטעט. פון 1953 ביז 1968 רעדאַקציע־מיטגליד פון לעצטע נײַעס (ת״א). אויטאָר פון מאַטילדאַ — רחל (דאָס ס. ס.־מיידל). ראָמאַן פון נאָכן צווייטן וועלטקריג. ת״א, פרײַנד פון ייִדיש, 1958—1972. 15 בב׳. אַ העברעיִש בוך הפושעת (ת״א, 1969).

פערנסאָן, משה — (— נ״י, יאַנ׳ 5, 1969)

פערסאָוו, שמואל — אויצרעס. דערציילונגען. מאָסקווע, עמעס, 1939. 126 [2] זז׳.

פערעפערקאָוויץ, נחמיה — (— ריגע, 1940) — קאָרעקט: פּערפערקאָוויץ (ב׳ 7).

**פערק, י. — ( — ) — מחבר פון תנ״ך פאַרן פאָלק. קאָונאַס, 1939; 1940. [זע 549].

פראַגער, משה — (— בני־ברק, סעפּט׳ 25, 1984) — Sparks of glory. Inspiring episodes of Jewish spiritual resistance...translated by M. Schreiber. Brooklyn, 1985.

פראַפּעס, אהרן — (— ת״א, יאַנ׳ 4, 1978) — 1939 עולה געוואָרן קיין א״י.

פרוסמאַן ל. — אַ נײַע פּרנסה (דערציילונג). כאַרקאָוו, פּעדאַגאָגישער פאַרלאַג, 1919. 16 זז׳; לענינס דוף [מיט מ. מײַדאַנסקי]. לייען־בוך פאַר ליקפּונקטן. קיִעוו, קולטור־ליגע, 1925. 74 [3] זז׳ (אויפל׳ 2 און 3 — דאָרטן, 1928, 1929).

****פּריבלודע, אַבֿרהם** — (באַלטע, רוסלאַנד, אַפּריל 1, 1900 —) — געלערנט אין חדר, דערנאָך אין רוסישער גימנאַזיע. געענדיקט דעם יורידישן און היסטאָרישן פֿאַקולטעט פֿון אַדעסער אינסטיטוט. פֿאַרנעמט זיך בעיקר מיט פֿאָרשן ייִדישע נעמען און דעם אָנטייל פֿון ייִדן אין געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישן לעבן אין צאַרישן און סאָוועטישן רוסלאַנד. געשריבן וועגן דעם אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע), **פֿאָלקסשטימע** (וואַרשע) א״אַ ייִדישע און רוסישע אויסג׳.

סאָוועטיש היימלאַנד, לעקסיקאָן; מ. גליישער, מאָרגן פֿרײַהייט, נ״י, דעצ׳ 18, 1974.

**פּריזמאַנט, שלמה** — (— ב״אַ, 1973)

**פּרינץ, א.** — **פֿון דור צו דור.** ליטעראַרישע עסייען. נ״י איקוף, 1971. 414 זז׳.

**פּרנס, יעקבֿ** — (— ריאָ, אַרום דעצ׳ 27, 1975)

****פּרעסבורגער, גבֿריאל־יצחק** — געלעבט אין צווייטער העלפֿט פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. מחבר פֿון אַ פּאָלעמיש ווערק אין ייִדיש **רעליגיעזע געשפּרעכע.** פּראָג, 1825, געשריבן אין פֿראַגעס און ענטפֿערס.

**פּרץ, אַהרן** — **דער וועג צוריק.** ת״א, פּרץ, 1971. 167 זז׳.

**פּרץ, יצחק־לייבוש** — **י. ל. פּרץ אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.** לידער, דערציילונגען, עסייען... ב״אַ, ליפּשיץ־פֿאָנד, 1962. 269 זז׳.

ח. שמערוק, פּרצעס ייִאוש־וויזיע. אינטערפּרעטאַציע פֿון **בײַ נאַכט אויפֿן אַלטן מאַרק** און קריטישע אויסגאַבע פֿון דער דראַמע. נ״י, ייִוואָ, 1971. ח׳, 362, VIII זז׳.

**פּשעדבאָרסקי, אַבֿרהם** — ( — מעלבורן, יולי 14, 1975)

# פֿ

**פֿאָגעל, גרשון** — (יוני 28, 1919 —) — געקומען קיין אַמעריקע אין 1949. פֿאַרעפֿנטלעכט היסטאָריש־וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען וועגן ייִדנטום און העלעניזם, געטאָ־פּראָבלעמאַטיק און אידעאָלאָגיע פֿון רעליגיעזן ציוניזם אין די ניו־יאָרקער **אַלגעמיינער זשורנאַל,** *Midstream, Tradition, Jewish Digest, Jewish Press, Jewish Spectator.*

**פֿאָגעל, יצחק** — (1912 — פּעטערסאָן, ניו־דזשוירזי, 1973)

**פֿאָגלמאַן, לאַזאַר** — (— מיניאַפּאָליס, סעפּט׳ 13, 1970)

**פֿאָרעמבערג, נתן** — (— ל״אַ, יולי 28, 1967) — **שאַפֿער און בויער.** עסייען וועגן שרײַבער און ביכער. נ״י, איקוף, 1964. 239 זז׳.

**פֿאָהן, ראובֿן** (— אַרום סוף 1939)

****פֿאוסט־לערער, רחל** — (טאָמאַשאָוו־לובעלסק, אָקט׳ 24, 1900 —) — באַקומען רעליגיעזן חינוך. 1920 עמיגרירט קיין נ״י. דאָרטן געקראָגן לערער־דיפּלאָם אין 1939. שטודירט קונסט און געהאַט אייגענע קונסט־אויסשטעלונגען. 1929 — 1956 געדרוקט לידער, דערציילונגען, סאַטירישע זאַכן אין **פֿרײַהייט** (נ״י), **מאָרגן־פֿרײַהייט,** ווו געהאַט אַ טעגלעכע רובריק וועגן פֿאַרשיידענע ענייינים. פּסעוודו׳ — פֿ. רעי, פֿעירעי, פֿ. רייש, רחל בת יעקבֿ.

****פּאַטער, יששכר** — (דראָבין, פּוילן, אַפּריל 9, 1912 —) — מוזיק־קריטיקער, דיריגענט. געענדיקט מלוכהשן לערער־סעמינאַר אין וואַרשע און געלערנט אין דאָרטיקער קאָנסערוואַטאָריע. 1935—1939 גימנאַזיע־לערער אין מלאַווע (פּוילן). בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועט־רוסלאַנד. 1946—1950 אין וואַרשע, פּאַריז, אַנטווערפּן, 1951 אין ריאָ דע זשאַנעראָ און פֿון 1962 אין ישׂראל. — 1934 דעביוטירט אין **חזנים־וועלט** (וואַרשע). נאָך 1945 געדרוקט טעאַטער־ און מוזיק־קריטיק, ווי אויך פּאָליטישע אַרטיקלען אין **אונזער וואָרט** (פּאַריז), **אידישע פּרעסע** (ריאָ), **אידישע צײַטונג** (ב״אַ), **נײַער מאָמענט** (סאַן־פּאולאָ), **לעצטע נײַעס** (ת״א) א״אַ. — אין בוכפֿאָרעם: **געדענק**. ריאָ, 1954. 26 זז׳; **יידישע מוזיק אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות**. ת״א, פֿעדעראַציע פֿון פּוילישע ייִדן, 1970. 426, LXXVIII זז׳; **ייִדישע מוזיק און אירע פּראָבלעמען**. ת״א, פּרץ, 1984. 248 זז׳.

פּ. גלברט, על המשמר, ת״א, מערץ 4, 1968; ז. וואַסערצוג, אידישע צײַטונג, ב״אַ, אָקט׳ 15, 1968; ש. ראָזשאַנסקי, דאָרטן, אָקט׳ 27, 1968; י. שושני, ישׂראל שטימע, ת״א, מײַ 27, 1970; מ. צאַנין, לעצטע נײַעס, ת״א, יוני 5, 1970; ד. סדן, אַבני מפּתן, ג׳. ת״א, תשל״ב. ע׳ 260־261.

ר.ג.

**פּאַלאַטיצקי, יעקבֿ** — 1965—1975 געשריבן וועכנטלעכע פֿעליעטאָנען א״ט **פֿון שבת צו שבת** אין **די פּרעסע** (ב״אַ), **פֿון וואָך צו וואָך** אין **הײַנט** (מאָנטעווידעאָ) און פֿון צײַט צו צײַט אַרטיקלען אין **נײַער מאָמענט** (סאַן פּאולאָ), **יידישע צײַטונג** (ת״א). — **וועגנאַלצדינג**. הומאָרעסקעס, סאַטירעס, קינדער־דערציילונגען. ב״אַ, קיום, 1967. 345 זז׳. [א״פּ י. פּאַלאַ. זע אויך ב׳ 7 אונטער, בטעות, פּאַלאַטיצקי].

**פּאַליקמאַן, יחיאל** — (דעצ׳ 31, 1911 — קיִעוו, יוני 10, [מײַ 9?], 1977)

**פּאַלקאָוויטש, אליהו** — (— מאָסקווע, יוני 9, 1979) — **יידישע פּונקטואַציע**. מאָסקווע־מינסק, אוקראַיִנישע וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע, 1931. 48 זז׳; רעד׳ **מיכאָעלס, 1890—1948**. מאָסקווע, עמעס, 1948. 174 [2] זז׳.

**פּאַרבער, ירחמיאל** — (— ל״אַ, מערץ 1978)

**פּאָרנבערג, קאַרל** — קאָרעקט: פּעננאָמען פֿון **ישעיה** ראָזענבערג (ב׳ 7).

**פּאָרעם, לייב** — פֿון 1971 אין ל״אַ. — **בויער פֿון אַ ישובֿ, מעקסיקע**. מעקסיקע, 1947. 124 זז׳. אין **מ״זש** (נ״י) פֿאַרעפֿנטלעכט ראָמאַן א״נ **האַרלעם** (נ״י, 1936, א״פּ ל. מעראָף).
[זע 549].

**פּונט, יצחק** — (— ירושלים, אויג׳ 5, 1971)

****פּום־ליפּקינד, דבֿורה** — (לעבעדעווע, בײַ ווילנע, דעצ׳ 10, 1913 —) — 1943 עולה געווען קיין א״י. געלעבט אין קיבוץ, דערנאָך אין רחובֿות און רמת־גן. אָנגעהויבן דרוקן פֿאָלקלאָר־געשיכטעס אין העבר׳ איבערז׳ אין **האמר** און **ידע עם** (ת״א). פֿאַרטראָטן מיט דערציילונגען אין ד.נויס **חודש חודש וסיפּורו** (ת״א, 1963) און אין מלכה כּהנס **סיפּורי עם מפּי עדות ישׂראל** (תשל״ד—תשל״ט). — אין בוכפֿאָרעם: **די לעצטע טרער** (לידער און זכרונות). ת״א, 1969. 148 זז׳; **שבֿע חבֿילות זהבֿ**. שבֿעה סיפּורי־עם מליטה. תּורגמו מייִדיש ע״י י. רוזנטל. חיפֿה, 1969.

שבֿע חבֿילות זהבֿ [ביאָגראַפֿיע, זז׳ 8־10]; מ. האַמפּעל, ייִדישע צײַטונג, ת״א, יאַנ׳ 3, 1969.

**פֿוקס, אבֿרהם** — (— ת״א, מײַ 29, 1974) — **דערציילונגען**. ת״א, פּרץ, 1976. 295 זז׳.

**פֿוקס, חיים־לייב** — (— נ״י, מערץ 6, 1984) — **די טעג נייגן די קעפּ** (לידער, פּאָעמעס, באַלאַדעס). נ״י, 1969. 96 זז׳; **לאָדזש של מעלה.** ת״א, פּרץ, 1972. 352 זז׳; [חיפה] 1972. 71 זז׳; **זונפּאַראַגאַנג** [חיפה], 1972. 71 זז׳; **דער אַכטער הימל.** לידער, תּפילות, פּאָעמעס. נ״י, ציקאָ, 1974. 126 זז׳; **100 יאָר יידישע און העברעאישע ליטעראַטור אין קאַנאַדע.** מאָנטרעאָל, בוך־קאָמיטעט, 1980. 326 זז׳; **צו די הימלען אַרויף.** לידער, באַלאַדעס, פּאָעמעס. מאָנטרעאָל, ציקאָ, 1982. 199 זז׳.

**פֿוקס, מרדכי** — (— באַלטימאָר, אויג׳ 1, 1982)

**פֿוקסמאַן, יוסף** — (— נ״י, יאַנ׳ 16, 1977)

****פֿורמאַן, ישׂראל** — (סערעט, רומעניע, 1887 — ירושלים, אויג׳ 14, 1967) — פֿאָרשער פֿון יידישן פֿאָלקלאָר. שטודירט אין ווינער אוניווערסיטעט, ווו באַקומען טיטל ד״ר־יורי. 1920—1939 געלעבט אין טשערנאָוויץ, ווו פּראַקטיקירט אַדוואָקאַטור, און נאָכן צווייטן וועלטקריג אין באַקוי. 1965 זיך באַזעצט אין ירושלים. געדרוקט אָפּקלײַבן פֿון יידישע ווערטלעך אין א. שטיינבאַרגס **יידישער אַלמאַנאַך** (1922) און **אויפֿגאַנג** (סיגעט, 1933). — אין בוכפֿאָרעם: **יידישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן,** געזאַמלט אין רומעניע — בעסאַראַביע, בוקאָווינע, מאָלדעווע און טראַנסילוואַניע. ת״א, המנורה, 1968. 421 זז׳. [**זע 549**].

ר. ג.

ש. ביקל, מ״זש, נ״י אויג׳ 25, 1968; י. פּאַנער, גאָלדענע קייט, ת״א, 1969: 65.

**פֿייגין, שמואל־יצחק** — (— שיקאַגאָ, מערץ 31, 1950)

**פֿייגעלמאַן, יצחק** — (— טאָראָנטאָ, דעצ׳ 20, 1974)

**פֿייגענבערג, רחל** — (— ת״א, יוני 5, 1972) — **יידיש וסופריה.** ת״א, 1967. 32 ע׳.

****פֿײַן, יאָני** — (קאַמינעץ־פּאָדאָלסק, מײַ 3, 1914) — 1924 אַריבער מיט משפּחה קיין ווילנע. געענדיקט יידישע שול און גימנאַזיע און קונסטאָפּטייל פֿון ווילנער אוניווערסיטעט. פֿון 1936 אין וואַרשע און די מלחמה־יאָרן אין שאַנכײַ. 1947 געקומען קיין מעקסיקע, ווו געווען לערער אין דער יידישער שול. פֿון 1956 אין נ״י, ווו ער איז פּראָפֿעסאָר פֿון קונסט אין האָפֿסטראַ־אוניווערסיטעט. געהאַט מערערע אויס־שטעלונגען פֿון זײַנע בילדער, וואָס זײַנען ס׳רובֿ אויף חורבן־מאָטיוון. — אָנגעהויבן שרײַבן לידער אין י. ראַפּאָפּאָרטס **אונזער וואָרט** (שאַנכײַ). לעצטע יאָרן געדרוקט לידער אין **צוקונפֿט** (נ״י), **גאָלדענע קייט** (ת״א), **אונזער צײַט** (נ״י) א״א. — אין בוכפֿאָרעם: **אַ תּליה אונטער די שטערן.** מעקסיקע, 1947. 206 זז׳; **גוטע אורחים.** לידער. ת״א, ישׂראל־בוך, 1983. 168 זז׳.

**פֿײַן, יצחק** — *The Making of the American Community.* The History of Baltimore Jewry from 1773 to 1920 [Boston, 1971. Second ed. 1985]; *Boston – Where It All Began.* Boston, 1976.

**פֿײַן, שמואל־מנחם** — (— דעטראָיט, נאָוו׳ 3, 1938) — קאָרעקטער נאָמען פֿון שטעטל: ריטעווע.

**פֿײַנבערג, לייב** — (— נ״י, יאַנ׳ 22, 1969) — **פֿון רעוואָלוציע צו תּשובֿה.** ב״אַ, ליפּשיץ־פֿאָנד, 1975. 276 זז׳.

**פֿײַערמאַן [לעווין], מרים** — (שניטקאָוו, פּאָדאָליע, פֿעב׳ 25, 1904 — ל״אַ, יוני 15, 1982) — **ציט אַ שנירל זיך פֿון זיידן צום טאַטן און צו מיר...** דערציילונגען. ל״אַ, 1972. 174 זז׳.

**פֿיכמאַן, יעקב** —
מבֿחר מאמרים על יצירתו, ליקטה... נ. גוברין. ת״א, 1971 — מיט ביבליאָגראַפֿיע.

**פֿיליפּאָווסקי, א. מ.** — **אידישער אומעט** [לידער]. ווילקאָווישק [1931?].

**פֿינינבערג, עזראָ** — קאָרעקט: **געשיכטע** (מײַסעלעכ אונ פּאָעמעס). מאָסקווע, עמעס, 1939. 183 [1] זז׳. אויטאָר פֿון לידערבוך **שטאָלענער קויער** איז שיקע דריז — פֿ׳ האָט דאָרטן נאָר אַ פֿאָרוואָרט.

י. ליפֿשיץ, מ. אַלטשולער, בריוו. זז׳ 403־412.

**פֿינער, י.** — (וואַרשע, יוני 15, 1908 —) — פּסעווד׳ פֿון יצחק בורשטיין [ניט — באָרנשטיין]. פֿון 1925 אין פּאַריז. געשריבן אין **אונזער וואָרט, פּאַריזער טריבונע; צוקונפֿט, זאַמלונגען** — נ״י; **לעצטע נײַעס** (ת״א), **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע). — ביכער: **צוויי משפּחות.** ת״א, 1971—1983. 3 בב׳; **מײַן מאַמע.** סקיצן, דערציילונגען, נאָוועלן. ת׳א, ישׂראל־בוך, 1978. 341 זז׳; **צוזאַמען.** לידער. דאָרטן, 1983. זיבן ביכער זײַנען איבערגעז׳ אויף פֿראַנצייזיש.

**פֿינקעל, בנימין** — (— נ״י, 1970).

****פֿינקעלשטיין, א.** — ( ) — בדחן אין וואַרשע. מחבר פֿון **גאָלדענע פֿאָלקסליעדער.** וואַרשאָ, 1913. 16 זז׳.

**פֿינקעלשטיין, אַבא** — (סטופּעניץ, אוק־ראַיִנע, 1899 — מאָסקווע, 1978)

****פֿינקעלשטיין, בצלאל־הירש** — ( ) — בדחן אין וואַרשע. מחבר פֿון **די מלחמה אָדער די רײַזע פֿון אַ זאַפּאַסנעם.** וואַרשאָ, דרוק א. בוימריטטער, 1905. 16 זז׳.

ע.ל.

**פֿינקעלשטיין, חיים,** 1899 — **הײַנט — אַ צײַטונג בײַ ייִדן,** 1908—1939. ת״א, 1978. 471 זז׳.

**פֿינקעלשטיין, חיים,** 1911 — פֿון 1968 אין ישׂראל.

****פֿינקעלשטיין, ישעיה־מאיר** — (בראָד, 1806 — לייפּציג, סעפּט׳ 6, 1870) — אַ משׂכּיל אַ סוחר. האָט געהאַט באַנקגעשעפֿטן אין יאַס (אָדער גאַלאַץ) און אין די 1850ער יאָרן זיך באַזעצט אין לייפּציג. ווערט דערמאָנט ווי איינער פֿון די חשובֿע לײַט אין בראָד און לייפּציג. אויף פֿ׳ן ווי אַ מחבר האָט דער ערשטער אָנגעוויזן ד״ר מ. ווײַנרײַך. אין ייִוואָ־אַרכיוו האָבן זיך געפֿונען מאַנוסקריפּטן פֿון דרײַ פּיעסעס: **מאָנדריש** (41 זז׳), **דער כּל בוניק אָדער דיא פֿערביטעני חתן כּלה** (77 זז׳) און **דיא דרײַא שוועסטערקינדער.** בײַ אַלע איז צוגעשריבן: „פֿאָן ישעיה גוטמאַנן.״ אויפֿן סמך פֿון פֿאַרגלײַכונגען קומט ד״ר ווײַנרײַך צו דער השערה, וואָס ער באַטראַכט ווי דערוויזן, אַז דער מחבר פֿון די דרײַ פּיעסעס איז ישעיה־מאיר **פֿינקעלשטיין** און אַז ישעיה גוטמאַנן איז נאָר זײַן פּסעוודאָנים. א. ר. מלאַכי איז נוטה צו מ. ווײַנרײַכס השערה, אָבער י. צינבערג איז ניט מסכּים.

המגיד, ליק, סעפּט׳ 21, 1870; מ. ווײַנרײַך, אַרכיוו פֿאַר דער געשיכטע פֿון ייִדישן טעאַטער און דראַמע, ב׳ 1, ווילנע־נ״י, 1930. זז׳ 175־238; א. ר. מלאַכי, פֿאַ״ש, נ״י, יולי 1. 1968.

**פֿינקעלשטיין, לעאָ** — **צווישן די שורות פֿון לייוויקס גולם** איז אַרויס אין בוכפֿאָרעם, וואַרשע, 1925.

****פֿיעלד, יעקבֿ** — (כעלם, פּוילן —) — געלעבט אין וואַרשע, נאָכן צווייטן וועלטקריג אין קאַליפֿאָרניע. אין בוכפֿאָרעם: **זכרונות**. געקליבענע לידער. פּאַלם ספּרינגס, 1966. 108 זז׳.

****פֿיש, בן־ציון** — (מאַראַמאָרעש, רומעניע, 1854 — אוישוויץ, 1944) — געקענט גוט פֿראַנצייזיש, לאַטיין, דײַטש, רומעניש און אונגעריש. מחבר פֿון ביכער און פּאַמפֿלעטן אויף העברעיִש. אויף ייִדיש אַרויסגעגעבן אַ רפֿואה־פּאַמפֿלעט [ניט געזען].

ש. זמרוני, הצופֿה, ת״א, י״א ניסן, תשכ״ו.

****פֿישבין, עקיבֿא** — (וואַרשע, דעצ׳ 20, 1916 —) — געענדיקט ייִדישע גימנאַזיע און געלערנט אין פּראָפֿ׳ קרישטאָלס מוזיקשול אין וואַרשע. מילחמה־צײַט אין סאָוועט־רוסלאַנד און פֿון סוף 1947 אין פֿראַנקרײַך. געדרוקט קולטור־היסטאָרישע אַרבעטן אין **אונזער שריפֿט** (חיפֿה), **ייִדישע קולטור** (נ״י), **חשבון** (ל״אַ), **דרום־אַפֿריקע** (יאָהאַנעסבורג), **ישׂראל שטימע** (ת״א), **אויף דער וואַך** (פּאַריז). אין בוכפֿאָרעם: **אַ ייִדישער בליק אויף בעטהאָווון**. פּאַריז, 1984. 268 זז׳.

**פֿישגרונד, סאַלאָ** — (— ת״א, מערץ 4, 1971) — 1970 געקומען קיין ישׂראל.

***פֿישמאַן, יהושע** — פֿון 1966 דעקאַן פֿון פּסיכאָלאָגיע און סאָציאָלאָגיע אין פֿערקאוף גראַדויִר־שול פֿון ישיבֿה אוניווערסיטעט (נ״י). אויסער אַ סך אָפּהאַנדלונגען אויפֿן שטח פֿון זײַן ספּעציאַליטעט, פֿאַרעפֿנטלעכט מערערע פֿאָרש־אַרטיקלען וועגן ייִדיש לשון אין ייִדישע צײַטשריפֿטן: צווייִשפּראַכיקייט אין אַ ייִדישער שול (**בלעטער פֿאַר ייִדישער דערציאונג**. נ״י, 4:1951); **נאַציאָנאַלע שפּראַכן אין אַמעריקע** (**צוקונפֿט**, נ״י, 1963); די ייִדישע סבֿיבֿה און די אינטערנאַציאָנאַלע אַקאַדעמישע סבֿיבֿה (אין מ. שטאַרקמאַנס רעדאַקטירטן **חסד לאַבֿרהם**. ל״אַ, 1970); די סאָציאָלאָגיע פֿון ייִדיש אין אַמעריקע, 1960—1970 און ווײַטער (**גאָלדענע קייט**, ת״א, 75:1972); וואָס קען זײַן די פֿונקציע פֿון ייִדיש אין ישׂראל? (**אידישער קעמפּער**, נ״י, אַפּריל 1974); ירושלימער „וועלט־קאָנפֿערענץ פֿאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור״ (**ייִדישע שפּראַך**, נ״י, 1976: 35 —1־3, 16־31); צי איז נאָך דאָ אַ האָפֿענונג פֿאַר ייִדיש אין אַמעריקע? (**דווקא**, ב״אַ, 82:1981, זז׳ 62־74) א״אַ — און אַ סך פֿאָרשאַרבעטן וועגן ייִדיש אין ענגלישע אויסג׳ און אַ ביסל אין העברעיִש. איבערגעזעצט [מיט ש. נאָבעל] אויף ענגליש מאַקס ווײַנרײַכס **געשיכטע פֿון דער ייִדישער שפּראַך** (שיקאַגאָ, 1980) — אין בוכפֿאָרעם: **לא אָמות כי אחיה!** טויזנט יאָר ייִדיש אין ייִדישן לעבן און שאַפֿן. *Never Say Die!* A Thousand Years of Yiddish in Jewish Life and Letters. The Hague, 1981.

****פֿישמאַן, פּרץ** — (    ) — אויטאָר פֿון דראַמע **די פֿרוכט פֿון דער קריג**. וואַרשע, י. זשעלאָנעק, 1929. 96 זז׳.

**פֿישמאַן, רחל** — (יוני 10, 1935 — בית־אַלפֿא, אויג׳ 24, 1984) — **ווילדע ציג — עזה פּזיזה**. לידער. ירושלים, קרית ספֿר, 1976. 112 זז׳ [מאַנגער־פּריז 1978]; **הימל צווישן גראָזן — שמים בעשׂבֿ** [ת״א] אַלף, [1968]. 93 זז׳ — ביידע אין פּאַראַלעלער העברעיִשער איבערז׳ פֿון אַהרן אַהרוני.

****פֿישמאַן־שנײַדמאַן, רוזשאַ** — (לובלין, יוני 2, 1913 —) — שטאַמט פֿון אַ האַנטווערקער־מישפּחה. געענדיקט פּוילישע גימנאַזיע. געווען טעטיק אין דער לינקער אַרבעטער־באַוועגונג אין

פוילן. 1939—1946 אין סאָוועט־רוסלאַנד. זיך אומגעקערט קיין פוילן און 1969 עמיגרירט קיין שוועדן. אין בוכפֿאָרעם: **מײַן לובלין**, ת״א, פּרץ, 238 זז׳.

מ. סאַקציער, ייִדישע צײַטונג, ת״א, נאָוו׳ 26, 1982; ח. זעלצער, לעצטע נײַעס, ת״א, דעצ׳ 31, 1982.

****פֿישער, ליפּע** — (יעזשערנע, גאַליציע, יולי 17, 1905 —) — געלערנט אין חדר און אַ דײַטשישער פֿאָלקשול אין ווין. שפּעטער געמאַכט מאַטורע ווי אַן עקסטערן. סוף 1939 אַנטלאָפֿן קיין סאָוועט־רוסלאַנד, ווו געוואָרן פֿאַרמישפּט אויף צען יאָר לאַגער אין סיביר. 1951 באַפֿרײַט און געלעבט אויפֿן אוראַל ביז 1957. צוריקגעקומען קיין פוילן און 1958 עולה געווען קיין ישׂראל. געשריבן לידער אין ייִדיש און פויליש. זיך געדרוקט אין **לעצטע נײַעס, ייִדישע צײַטונג** — ת״א, **דרום־אַפֿריקע, דאָס ייִדישע פֿאָלק** (לאָנדאָן), **נאָוויני קוריער** (ת״א) און אוקראַיִנישע צ״ש אין נ״י און טאָראָנטאָ. פֿאַרטראָטן אין **יעזשערנער יזכּור־בוך** (1971). — אין בוכפֿאָרעם: **אַ פֿריזירער אין לאַגער**. איבערלעבענישן פֿון אַן אַסיר־ציון אין סאָוועטישע טורמעס און לאַגערן. ת״א, המנורה, 1975. 384 זז׳ (רוסיש — 1977; העבר׳ — **ספר בגולאַג**, 1979; ענגליש — 1980). אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג לידער אין פויליש (1976) און העברעיִש א״ט **בסערת הזמן**, איבערגעז׳ פֿון ייִדיש און פויליש דורך אַ. בראונער (1982). גרייט צום דרוק אַ צווייטן טייל פֿון זײַנע איבערלעבענישן א״ט אויפֿן **פֿאַרניר־קאָמבינאַט**. [זע 549].

י. שמולעוויטש, פֿאָרווערטס, נ״י, אַפּריל 2, 1976; ש. קאַנץ, לעצטע נײַעס, ת״א, דעצ׳ 30, 1977; נאָוו׳ 7, 1980.

ר.ג.

****פֿישער, סאַמועל** — (ריגע, מערץ 15, 1887 —) — אַקטיאָר. געשפּילט אין פֿאַרשיידענע ייִדישע טעאַטער־טרופּעס אין נ״י, וווהין געקומען מיט עלטערן אין 1894. אויסער 160 סקעטשן, אָנגעשריבן 24 דרײַאַקטיקע און 4 פֿולשטענדיקע פּיעסעס: **סיום התורה, לא תרצח, צעריסענע קייטן, די טרײַהייט פֿון אַ פֿרוי**, זיי זײַנען אָבער ניט געדרוקט געוואָרן.

ז. זילבערצווײַג, 6.

****פֿישער־שוסטעראָוויטש, שׂרה** — (האָראָדעק, ווײַסרוסלאַנד, יולי 20, 1906 —) — 1908 מישפּחה אַריבער קיין קאָפּיטשינעץ (פוילן). 1931 עמיגרירט קיין אַרגענטינע. ייִדישע לערערין אין מאָזעסוויל און ב״אַ, שפּעטער דירעקטאָרין פֿאַר קינדער־גאָרטנס בײַם ועד החינוך אין ב״אַ. באַטייליקט מיט אַרבעטן אין **אַרגענטינער ייוואָ־שריפֿטן**. פֿון 1978 אין ישׂראל. — צונויפֿגעשטעלט און רעדאַקטירט אַ סך געדרוקטע העפֿטן פֿאַר ייִדישע קינדער־גאָרטנס אין אַרגענטינע, אַרויסגעגעבן דורך דער „צענטראַלע חינוך־אָרגאַניזאַציע״: **חיים און משפּחה** (1948. 157 זז׳); לידער און שפּילן פֿאַרן קינדערגאָרטן (1956. 106 זז׳); **שפּילן** (1959. 90 זז׳); **פּסח־העפֿט** (1959. 24 זז׳); **שבת־העפֿט** (1959. 16 זז׳); **רעפּערטואַר פֿאַרן קינדער־גאָרטן** (1960. 66 זז׳); **לשנה טובה תּכּתבֿו** (1962. 16 זז׳); **אַ קלאַנג, אַ וואָרט, אַ גראַם** (1965. 134 זז׳); **פּראַקטישער ווערטערבוך פֿאַר דער גננת**. העברעיִש, ייִדיש, שפּאַניש. (1969. 136 זז׳); **אַמאָל איז געווען...** (1971. 60 זז׳) און אַ ריי אַנדערע אין ייִדיש און העברעיִש.

**פֿישערמאַן, חיים־נתן** — (— דעצ׳ 6, 1975)

**פֿלאַקסער, מנחם** — (— נ״י, אויג׳ 3, 1978)

**פֿליגעלמאַן, חיים־מרדכי** — (— ראָדעם, פוילן, 1930)

**פֿליישער, בנימין** — קאָרעקטער נאָמען פֿון שטעטל: זעזמער.

**פֿלינקער, דוד** — (— ת״א, דעצ׳ 12, 1978)

****פֿליקאָפֿף, איזאַק** — (   ) — געלעבט אין וואַרשע. מחבר פֿון **היימלאָזע לאָקאַלען** (אַ שפּאַס אין איין אַקט פֿונ׳ם לעבען פֿון די היימלאָזע אין וואַרשאָ). וואַרשאָ, א. גיטלין, 1921. 14 זז׳.

***פֿעדער, זאַמי** — געשריבן אין **אונזער שטימע** (בערגן־בעלזן), 1945—1947; **אילוסטריערטער טעאַטער־שפּיגל** (לאָנדאָן, 1946) **ירושלימער אַלמאַנאַך, ייִדישע קולטור** (נ״י), **ישׂראל־שטימע, לעצטע נײַעס, פֿאָלקסבלאַט** — ת״א; **אונזער וועג, אונזער קיום** — פּאַריז. — **פּאַרטיזאַנען.** דערציילונג. ירושלים, 1971. 16 זז׳ [האָט אויך אַן איינאַקטער **פּאַרטיזאַנען**, וואָס איז נאָר געשפּילט געוואָרן]; **געבײַלטע פֿויסטן.** דערציילונגען און דראַמעס. ת״א, המנורה, 1974. 236 זז׳ (העבר׳ — **אגרופים קמוצים.** ירושלים, תשל״ט); **דורך 12 גיהנום־פֿײַערן** (וועגן צוועלף נאַצישע אַרבעט־לאַגערן), ווי אויך עטלעכע נאָוועלן. ת״א, 1985. 287 זז׳. געווען אַקטיוו אויפֿן געביט פֿון ייִדישן טעאַטער. פ׳ס **היטלעריאַדע** [מיט שמואל וואָלמאַן] איז 1934 געשפּילט געוואָרן אין פֿאַרשיידענע ייִדישע טעאַטערן אין פּוילן א״נ **כינקע־פּינקע** (צוליב דער פּוילישער צענזור). אין בערגן־בעלזן אָרגאַניזירט דאָס „קאַצעט־טעאַטער״. צוליבן אויספֿעל פֿון ייִדישע ביכער גלײַך נאָך דער באַפֿרײַיונג אין דײַטשלאַנד, האָט פֿ׳ אָנגעשריבן די טעאַטער־טעקסטן לויטן זיכּרון, באַצייכענענדיק עס: לויט פּרצן, לויט נאַדירן וכדומה. פֿון 1962 אין ירושלים.

**פֿעדער, יעקבֿ** — (— נ״י, יאַנ׳ 21, 1981)

**פֿעדערבוש, שמעון** — (— נ״י, אויג׳ 20, 1969)

**פֿעדערמאַן, רפֿאל** — (— נ״י, יוני 4, 1972) — **פּערספּעקטיוון פֿון „בונד״.** נ״י, 1968. 47 זז׳.

**פֿעל־יעלין, שׂרה** — (— ל״א, יוני 22, 1968) — **אויף די פֿליגל פֿון חלום.** וואַרשע, ייִדיש בוך, [195־]. 172 זז׳; **אויף די פֿליגל פֿון טויט** (ענגליש, 1970). פּאָרטראַטן אין **אין שאָטן פֿון טליִעס.**

**פֿעלד, יהודה** — מעשׂה געשטאָפּאָ איז פֿאַלש (ב׳ 7). 1961 געקומען קיין אויסטראַליע. לעבט אין מעלבורן, 1980.

**פֿעלד, עובֿדיה** — (— ת״א, מערץ 1984) — **צי וויל מאָסקווע פֿאַרניכטן ישׂראל?** ת״א, 1967. 80 זז׳; **שלום מיט די אַראַבער נאָך דער 6־טעגיקער מלחמה.** ת״א, 1967. 64 זז׳; **פֿינף יאָר אין סאָציאַליסטישן פֿאָטערלאַנד.** ת״א, המנורה, 1972. 280 זז׳. איבערגעז׳ פֿון העבר׳ **דאָס לעבן פֿון משה דיין,** פֿון ש. טבת. (ת״א, 1975). 2 בב׳.

****פֿעלדבוי, יעקבֿ** — (   ) — 1878 לערער אין מאָלדעווישן טירגו אָקנאַ. מחבר פֿון ראָמאַן **גלגול חוזר בעולם אָדער דער דאָקטאָר מיט דעם פֿאַלשן צדיק** [ניט געזען].

**פֿעלדמאַן, דוד** — אַרעסטירט סוף דרײַסיקער יאָרן, אומגעקומען אין אַ לאַגער.

**פֿעלדמאַן, ירחמיאל** — (— יאָהאַנעסבורג, פֿעב׳ 14, 1968)

**פֿעלדמאַן, לייבל** — (— טאָראָנטאָ, אויג׳ 24, 1975) — **ישׂראל ווי איך זע עס.** יאָהאַנעסבורג,

1965. 18 זז׳; **מײַן קוק אויף געשיכטע.** אַנאַליטיש־היסטאָרישע עסיי. דאָרטן, 1967. 44 זז׳.

**פֿעלדמאַן, מאַשע** — עמיגרירט קיין אַרגענטינע אין 1924. געשטאָרבן אין ב״אַ צו 75 יאָר.

****פֿעלדמאַן, משה** — (לובאַר, אוקראַינע, יאַנ׳ 12, 1882 — נ״י, יוני 2, 1962) — באַקומען ייִדישע און אַלגעמיינע בילדונג. 1923 עמיגרירט קיין מאָנטרעאָל. לערער אין די „אָרדן״־שולן פֿון מאָנטרעאָל, טאָראָנטאָ, נ״י. געשריבן וועגן קולטור־און ליטעראַטור־ענייִנים אין **דער קאַמף, דער וועג, פֿאָלקסבלאַט** — טאָראָנטאָ, **יונגוואַרג, ייִדישע קולטור** — נ״י. — אין בוכפֿאָרעם: **מײַן ייִדיש בוך.** לערנבוך. נ״י, 1962. זז׳. פּסעווד׳ — משולם.

ח.ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**פֿעלדשוה, ראובֿן** — (— גבֿעת־שמואל, סעפּט׳ 1, 1980) — **קומדיה במדבר.** מחזה. ת״א, 1972. 327 ע׳.

**פֿעלדשטיין, משה־גרשון** — געבוירן אין בריסק דליטאָ. 1900 זיך באַזעצט אין וואַרשע. געווען זייער טעטיק ציוניסטיש. פּסעווד׳ — ר׳ משה.

**פֿעלדשטיין, צמח** — (נײַשטאָט־שאַקי, ליטע, 1885 —) — 1922—1940 דירעקטאָר פֿון דער העברעיִשער רעאַל־גימנאַזיע אין קאָוונע.

**פֿענסטער, ברוך** — (— נ״י, מערץ 11, 1974)

**פֿענסטער, הערש** — (— פּאַריז, סוף 1964)

**פֿענסטער, רייזל** — (— נ״י, אָקט׳ 27, 1981)

**פֿעפֿער, איציק** — **לידער, באַלאַדעס, פּאָעמעס.** אויסדערווײַלטס. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1967. 436 זז׳.

**פֿערשט, שמשון** — (מײַ 5, 1886 — בוקאַרעשט, מײַ 20, 1968)

***פֿערשטענדיק, מאַרק** — (מעליץ, גאַליציע, יאַנ׳ 27, 1912 —) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. געענדיקט יורידישן פֿאַקולטעט פֿון קראָקעווער אוניווערסיטעט און פּראַקטיצירט אַדוואָקאַטור. געווען אין מעליצער געטאָ, שפּעטער אויף דער אַרישער זײַט. 1946 אַוועק קיין דײַטשלאַנד, 1947 קיין פּאַריז און 1952 עמיגרירט קיין אויסטראַליע. מיטרעד׳ די פּליטים־צײַטונג **איבערגאַנג** (מינכן, נומ׳ 1 — נאָוו׳ 17, 1946). געשריבן אין **אונזער וועלט** (מינכן, דעצ׳ 13, 1945 — יאַנ׳ 6, 1950), שפּעטער אין די **אויסטראַלישע ייִדישע נײַעס, ייִדישע פּאָסט, מעלבורנער בלעטער.**

**פֿראַם, דוד** — (אָקט׳ 14, 1903 — ) — געלערנט אין ווילקאָמירער ייִדישער גימנאַזיע. דעביוטירט מיט לידער אין **קווייטן** (פּאָנעוועזש). געדרוקט לידער אין **פֿאָלקסבלאַט** (קאָוונע), **דרום־אַפֿריקע, פֿאָרויס, טריבונע, עקספּרעס** — יאָהאַנעסבורג, **פֿריִסטייטער באַגינען** (בלומפֿאָנטיין, 3 נומערן). פּ״ס פּאָעמעס **דאָס לעצטע קאַפּיטל** און **אַפֿשר זײַנען** 1947 אַרויס אין לאָנדאָן אין באַזונדערע אויסג׳ [ניט געזען]; **אַ שוואַלב אויפֿן דאַך,** (פּאָעמעס און לידער). יאָהאַנעסבורג, קאַיאָר, 1985.

**פֿראַנצוסקי־גאַרפֿינקעל, שיינדל** — **עלילותיה של טובֿה.** ת״א, 1957 — איבערגעז׳ פֿון ייִדישן כּתבֿ־יד.

**פראַנק, הערמאַן** — קאָרעקטער טיטל פון בובערס בראָשור: **דריי רעדען איבער ייִדיש.**

****פראַנק, משה־צבי** — (רעזשיצע, ווייס־רוסלאַנד, דעצ׳ 24, 1897 — טאָראָנטאָ, אַפּריל 12, 1975) — 1913 געקומען קיין מאָנטרעאָל. גראַדויִרט פון מעק־גיל אוניווערסיטעט און באַקומען מאַגיס־טער־טיטל. לערער אין העברעיִשע שולן פון מאָנטרעאָל, אָטאַווע און טאָראָנטאָ. שפּעטער געלעבט לאַנגע יאָרן אין ת״א. אויסער אין העברעיִשע צ״ש, געדרוקט זשורנאַליסטישע און ליטעראַרישע אַרטיקלען אין **פאָרווערטס, טאָג, מאָרגען זשורנאַל** — נ״י, **קענעדער אָדלער, אידישער זשורנאַל** (טאָראָנטאָ, עטלעכע יאָר מיטרעד׳). פּסעווד׳ — מ. מ. רייכענשטיין.

****פרוינד, סאַלאָמאָן** — ( — ) — אויטאָר פון **פאַרגלייַך־קאַלענדאַר און פאַמיליען רעקאָרד פיר געבורטען, חתונות און יאָרצייַטען פאַר 216 יאָהר** (פון תקמ״ה ביז תש״ס). [נ״י, היברו פּאָבלישינג קאָ.] 1925. 370 [2] זז׳.

**פרוכטער, נתן** — (— ב״א, מערץ 1967)

**פרומקין, גד** — (— ירושלים, מערץ 10, 1960)

**פרומקים, זיינוול** — קאָרעקטער נאָמען פון פרימקיס, זיינוול (ב׳ 7).

****פריד, י.** — ( — ) — מחבר פון **די אידישע גליקען.** אַ טראַגעדיע אין 5 אַקטען און 6 קאַרטינעס מיט 3 זינג־לידער. אַ געשיכטע וואָס האָט זיך געטראָפן אין איין אידישער שטאָדט אין ליטאָ. פּעטערבורג, תרמ״ט.

ז. זילבערצווייַג, 6; י. ת. ראַבניצקי, יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק, אָדעס, 1889:2.

**פריד, יהושע** — (יוני 1908 — שטוטהאָף־לאַגער, מיטן 1945)

ד. וואָלפע, אַ וואָרט אין זיין צייט. יאָהאַנעסבורג, 1984. זז׳ 230־231.

****פריד, פייוול** — (כעלם, 1887 —) — געלערנט אין חדר און ישיבה. עטלעכע יאָר געזעסן אין לובלינער תפיסה פאַר רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. תחילת אַ בונדיסט, שפּעטער לינקער פּועלי־ציוניסט. נאָכן היטלער־חורבן זיך באַזעצט אין לובלין. — 1924—1925 רעד׳ **די כעלעמער שטימע** און 1928—1930 כעלמער **פאָלקסבלאַט.** געשריבן אַרטיקלען, פעליעטאָנען, רעפּאָרטאַזשן. איבערגעז׳ איזידאָראַ דונקאַנס **מיין לעבן,** א. סינקלערס **גאָלדענע קייט,** עמיל לודוויגס **דער מענטשנזון** א״א. אין בוכפאָרעם: **די חכמים פון כעלם.** וואַרשע, ייִדיש בוך, 1966. 261 [1] זז׳.

****פרידהיים, זאב** — (וואַרשע, 1900 — ת״א, אַפּריל 30, 1973) — זשורנאַליסט. דורכגעמאַכט געטאָ און קאַצעט. 1948 עולה געווען קיין ישׂראל. שטענדיקער מיטאַרבעטער פון די **ייִדישע צייטונג** (ת״א) זינט איר גרינדונג.

ייִדישע צייטונג, מיי 4, 1973.

****פרידלענדער, יוסף** — (פּרושענע, גראָדנער גוב׳, יולי 30, 1912 — ) — זשורנאַליסט. געלערנט אין חדרים, העברעיִשער פאָלקשול און „תרבות״־גימנאַזיע. אַקטיוו אין ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. פון 1941 אין א״י־ישׂראל. געשריבן אַרטיקלען, פעליעטאָנען, טעאַטער־ און בוך־רעצענזיעס. באַטייליקט אין ווילנער ט״צ **צייט** (1932—1939), **לעצטע נייעס, פאָלקסבלאַט, פאָלק און ציון, גאָלדענע קייט, ביי זיך** — ישׂראל, פון 1981 — אין **צוקונפט** (נ״י) און אין אַ ריי העברעיִשע צייטונגען און זשורנאַלן. פּסעווד׳ — י. עמוס, י. גדעון, משה לאַנד, י. בן־מיכאל, פ. יוסף, יוסף סגל, י. פלדי, ס. פּרוז׳אַנסקי, פ. אַרציאלי, ס. י. שלומי. וווינט אין חיפה.

**פֿרידמאַן, אַהרן־מתּתיהו** — (פֿאַשקאַן, מאָלדעווע — )

ווו. טאַמבור, ייִדיש־פּרעסע אין רומעניע. בוקאַרעשט, 1977. זז׳ 152־156.

****פֿרידמאַן, דובֿ־אַריה** — (סוּוואַלק, אָקט׳ 28, 1844 — אינדיאַנאַפּאָליס, יאַנ׳ 1920) געלערנט אין חדר און ישיבֿות. באַקומען סמיכה אויף רבנות. זיך פֿאַרנומען מיט לערערײַ אין וואַרשע, ווו זיך באַזעצט אַנהייב זיבעציקער, און אין אַמעריקע, וווהין עמיגרירט אין 1892. העברעיִשער מחבר און איבערזעצער. ביכער אין אָדער מיט ייִדיש: **עמק שוה**... כּל המלות בשׂפֿת קדשנו השוות במבֿטאיהן ושונות ונבֿדלות זו מזו בהוראותיהן ובאופֿן כּתיבֿתן ומתּורגמות יהודית־אַשכּנזית ורוסית. וואַרשאָ, דפּוס בוימריטטער, 1888. 40 זז׳; **דיא דאַפּעלטע בוכפֿיהרונג. אַ** לײַכטע מעטהאָדע פֿאַר סוחרים פֿון מיטטעלען שטאַנד. ברדיטשובֿ, תּרמ״ט. 96 זז׳; **דער נײַער פּראַקטישער בריפֿענשטעללער.** אין פֿיער טהייל. זעקסטע אויפֿלאַגע. דאָרטן, 1891. 96 זז׳; **דיא נײַע פּראַקטישע אַריפֿמעטהיקאַ אָדער רעכען־לעהרער** אין צוויי טהייל. דאָרטן, דרוק יעקבֿ שעפּטיל [ערשטער טייל — 48 זז׳, צווייטן ניט געזען]. **תּולדות ישרון**... עם למודי אמונה ודת ועם ספֿר־מלים מתּורגם ליהודית־אַשכּנזית ואַנגלית. 1891. 62 זז׳; **מקרא קודש**... ונלוה... תּורת הקריאה בשׂפֿת יהודית־אַשכּנזית... הוצאה חמישית. נ״י, היברו פּאָבלישינג קאָ. [אָ״י]. 66 זז׳; **אַריטהמעטיק אָדער דער רעכנען לעהרער.** דאָרטן [אָ״י]. 74 זז׳; **הפּדגוג העבֿרי**... ובתּרגום יהודית ואַנגלית. הוצאה חדשה ומתקנת. נ״י, י. ל. ווערבלאָווסקי [אָ״י]. 78 זז׳.

ג. קרסל, 2.

****פֿרידמאַן, חנה [חנא]** — ( — ) — בדחן אין נ״י. שטאַמט פֿון ווילנע. אפֿשר אידענטיש מיט חנן בדחן פֿון סמאַרגאָן. מחבר פֿון **צוויא נײַע ליעדער:** דאָס לעבען אין אַמעריקאַ; ליעד פֿון דעם שלעכטען יאָהר אין אַמעריקאַ 1883. נ״י, יהודאַ קאַצענעלענבאָגען [אָ״י]. 8 זז׳.

ע.ל.

**פֿרידמאַן, יוסף** — (— פּאַריז, 1980)

**פֿרידמאַן, יעקבֿ** — (— רמת־אָבֿיבֿ, נאָוו׳ 12, 1972) — **לידער און פּאָעמעס.** ב׳ 1: צום ערשטן איינס. ב׳ 2: אָדם. שבת. פּאַסטעכער אין ישׂראל. ב׳ 3: די לעגענדע נח גרין. נפֿילים. ליבשאַפֿט. תּ״א, ישׂראל־בוך, 1974; **גוזען אויף אַ ווײַל.** דאָרטן, 1979. 335 [3] זז׳; **שבת.** תּרגם מייִדיש... ק. ברתּיני (תּ״א, 1977); **בראשית היתה הדממה** (תּ״א, 1983) — אַ זאַמלונג פֿ״ס 130 לידער און פּאָעמעס, איבערגעז׳ דורך אַכט העבר׳ דיכטערס, מיט אַרײַנפֿיר פֿון ד. מירון. [זע 550].

****פֿרידמאַן, יצחק** — ( — ) — אויטאָר פֿון **מײַן פּינקס.** אַ נאָטיצבוך פֿון אידישן הומאָר, וויץ, סאַטירע און פֿאָלקלאָר, הומאָרעסקן... מאָנאָלאָגן... אַנעקדאָטן... ערשטער באַנד. ירושלים, 1938. 304 זז׳.

****פֿרידמאַן, יצחק** — (פּאַטשענעוו, פּוילן, יוני 21, 1912 —) — געלעבט אין לאָדזש און וואַרשע. דורכגעמאַכט געטאָ און לאַגער. פֿון 1946 אין בראַזיל און פֿון 1969 אין ישׂראל. אין בוכפֿאָרעם: **בלעטלעך פֿון אַ לעבן.** תּ״א, נײַ־לעבן, 1981. 219 זז׳ [העבר׳ דורך י. לבנה, י. ברקמן א״ט **דפּי חיים**].

**פֿרידמאַן, יצחק,** 1893 — קאָרעקטער נאָמען פֿון שטעטל: ליבעוונע, וואָלין.

**פֿרידמאַן, נחום** — (1906 — מאָסקווע, 1976)

**פֿרידמאַן, פֿיליפּ** — *Road to Extinction.* Essays on the Holocaust. New York, 1980. XiV, 610 p.

**פֿרידמאַן, קלמן** — (1895 — נ"י, יולי 8, 1969)

****פֿרידמאַן, ר.** — (    ) — מחבר פֿון **איבערן בריק.** ערצעהלונג. ירושלים, תש"ם. 132 זז'.

**פֿרידמאַן, שײַקע** — זע: שײַקאָווסקי, זאַזאַ.

**פֿרידמאַן, שמואל,** — זע: אַלשיבֿ [קאָרעקט: אלישיבֿ], שמואל.

****פֿרידנטאַל, שלמה** — (זגוריצע, בעסאַראַביע, נאָוו' 13, 1908 — ) — געענדיקט „תּרבות"־מיטלשול, האַנדל־אינסטיטוט אין נאַנסי און פֿילאָלאָגישן פֿאַקולטעט אין יאַס. מיטגעאַרבעט אין **מאָרגן־פֿרײַהייט** (נ"י), **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע), פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען אין **בוקאַרעשטער שריפֿטן.** — פֿ'ס פֿאָטער שמואל־גרשון (אָנישקאַן, 1870 — יאַס, 1963) האָט געשריבן זיכרונות אין **בוקאַרעשטער שריפֿטן.**

י.קאַ.

**פֿרידקין, אײַזיק** — זע [בטעות]: פֿריידקין, אײַזיק [ב' 7].

****פֿרײַבערג, דניאל** — (אַנעפּאָל, פּוילן, אַפּריל 13, 1907 — קיבוץ לוחמי הגיטאות, יוני 26, 1981) — דורכגעמאַכט וואַרשעווער געטאָ, אוישוויץ א"אַ קאַצעטן. זינט 1950 אין קיבוץ לוחמי הגיטאות. אויטאָר פֿון בוך זיכרונות **פֿינצטערניש אויף דער ערד.** ת"א, המנורה, 1973 (העבר' א"נ **חושך כיסה ארץ.** 1970).

ע.ל.

****פֿריידקעס יאָסל** — (ביאַליסטאָק, 1902 — ב"אַ, אויג' 5, 1973) — 1933 עמיגרירט קיין אַרגענטינע. געשריבן אין ייִדיש־קאָמוניסטישע אויסגאַבעס. רעדאַקציע־מיטאַרבעטער פֿון **איקופֿ־זשורנאַל,** חודש־שריפֿט פֿאַר ליטעראַטור און קריטיק (ב"אַ, 1940—1965).

י.ה.

**פֿרימער, בערל** — פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען אויף אַלגעמיינע און ציוניסטישע טעמעס אין **אידישער קעמפֿער, צוקונפֿט, פֿאָרווערטס, אַלגעמיינער זשורנאַל** — נ"י, **לעצטע נײַעס** (ת"א), **אונזער וואָרט** (פּאַריז), **אויסטראַלישע ייִדישע נײַעס.** — אין בוכפֿאָרעם: **ייִדישע האָריזאָנטן.** עסייען און אַרטיקלען. ת"א, פּרץ, 1978. 444 זז' (ענגליש, 1983); **אין פֿײַער פֿון געשעענישן.** עסייען און אַרטיקלען. דאָרטן, 1981. 301 זז'.

**פֿרענק, משה** — (— וואַשינגטאָן, אָקט' 17, 1977) — נאָמען פֿון אַגענטור: פֿאַלקאָר. — **מדינת ישראל אין אונזערע טעג** (רעפּאָרטאַזש). ת"א, ניי־לעבן, 1972. 204 זז'.

**פֿרענקעל, באַרוין** — (— פּאַריז, אַפּריל 30, 1984)

# צ

**צאַנין, מרדכי** — **די דעקאַדענץ פֿון אַ משיח.** היסטאָרישע פּאַראַלעלן, אַקטועלע פֿאַקטן און אַנדערע זאַכן. ת״א, קעגן שטראָם, 1967. 146 זז׳; **גרענעצן ביז צום הימל.** המנורה, תש״ל. 243 זז׳; **דער שליסל צום הימל.** מעשׂיות פֿון פֿאַרצייטנס. ת״א, אַלבאַטראָס, 1979. 221 זז׳; **פֿולער יידיש־העברעיִשער ווערטערבוך.** ת״א, לייוויק־פֿ״ג, 1982. 494 זז׳; צ׳ס **אָרטאָפּאַנוס־עפּאָפּייע** איז אַרויס אין 6 בב׳: 1. **ירושלים און רוים.** ת״א, המנורה, 1966. 376 זז׳; 2. **פֿרעמדע הימלען.** דאָרטן, 1968. 402 זז׳, 3. **ליבשאַפֿט אין געוויטער.** דאָרטן, 1972. 296 זז׳; 4. **די מרידה פֿון מעשזיבאָזש.** דאָרטן, 1976. 440 זז׳; 5. **דער ירדן פֿאַלט אַרײַן אין ים המלח.** ת״א, לייוויק־פֿ״ג, 1981. 408 זז׳; 6. **דער גזר־דין.** ת״א, דאָרטן, 1985. 375 זז׳. דער אַלגעמיינער נאָמען פֿון דער סעריע איז **אָרטאָפּאַנוס קומט צוריק אַהיים.** — רעד׳ **בריוו פֿון שלום אַש** [ת״א], תש״ם. 302 זז׳.

****צבֿי־הירש בן יצחק** — ( ) — מחבר פֿון **קליינע געאָגראַפֿיע.** ענטהאַלט די בעשרײַבונג פֿון אייראָפּאַ, אַזיען, אַפֿריקאַ און אַמעריקאַ. פֿראַנק־פֿורט־אויף־דער־אָדער, 1802.

ז. רייזען, 1914.

****צבֿי־הירש בן מאיר** — ( ) — מחבר פֿון **בריוו־שטעללער או פּתשגן הכּתבֿ.** פֿראַנקפֿורט־אָדער, 1804 [4טע אויפֿל׳] — העברעיִש און ייִדיש. אַרויסגעגעבן דאָס באַקאַנטע ווערק פֿון ידעיה הפּניני **בחינת עולם** מיט אַ ייִדישער איבערזעצונג. דאָרטן, 1803.

ז. רייזען, 1914.

**צודיקער, יעקבֿ־יוסף** — (— ב״אַ, סעפּט׳ 15, 1983) — **50 יאָר קרעדיט־טעטיקייטן אין באַקאַ־באַראַקאַס.** ב״אַ, 1967. 143, 111 זז׳.

**צונזער, אליקום** — (אָקט׳ 28, 1840 —) — **אליקום צונזערס ווערק.** קריטישע אויסגאַבע פֿון מרדכי שעכטער. נ״י, ייִוואָ, 1964. 2 בב׳.

**צוקער, בונעם** — (ראָדעם, פּוילן, יולי 29, 1907 —) — געשריבן אויך אין **דער וועג** (מעקסיקע), **ישׂראל־שטימע** (ת״א).

**צוקער, יהודה־אַריה** — זע: יעלין, שלום (ב׳ 4), וואָס ווערט דאָרטן אָנגעגעבן ווי אַ פּסעוודאָנים פֿון צוקערן.

**צוקער, נחמיה** — (— ב״אַ, דעצ׳ 24, 1973)

****צוקער, פּעלטע** — ( ) — שטאַמט פֿון פּוילן. פֿאַרן צווייטן וועלטקריג געלעבט אין לייפּציג. פֿון סוף דרײַסיקער יאָרן אין פּאַריז. דורכגעמאַכט קאַצעט. מחבר פֿון **אַ בוקעט בלומען.** פּאָעמען. לייפּ־ציק, 1923; **פֿאַרטרוקענטע רויזן.** נאָוועלן. דאָרטן, 1925; **דעם ליכט אַנטקעגן.** דראַמע. דאָרטן, 1929; **קעמניץ, זאַקסן, מײַן צווייט פֿאָטערלאַנד.** ראָמאַן. פּאַריז, 1936; **דער קאַמף גייט ווײַטער.** טראַגעדיע. דאָרטן, 1955; **פֿאַקסיט.** דראַמע. דאָרטן, 1960; **שלמה׳לע.** רעווי. דאָרטן, 1972 — קאָמפּילאַציע פֿון פֿאָלקסלידער מיט נאָטן.

ע.ל.

****צוקער, שבֿע־איטע** — (ווינ־יפּעג, דעצ׳ 24, 1951 —) — געענדיקט י. ל. פּרץ־שול, שטודירט אין ווינ־יפּיגער אוניווערסיטעט, קווינס קאַלעדזש,

קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט און באַקומען איר מאַסטער־טיטל. גלײַכצײַטיק געענדיקט ייִדישן לערער־סעמינאַר אין נ״י. אַקטיוו אין „יוגנטרוף״. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער, אַרטיקלען, רעפּאָרטאַזשן און הומאָרעסקעס אין **יוגנטרוף, אויפֿן שוועל, ייִדישע קולטור** — נ״י, **דאָס נײַע ייִדישע וואָרט** (וויניפּעג), **קאַנאַדער אָדלער, לעצטע נײַעס** (ת״א), **אונזער שטימע** (פּאַריז), **דאָס פֿרײַע וואָרט** (ב״אַ) א״אַ.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

**צוקער, שמעון** — (— נ״י, נאָוו׳ 1980)

**צוקערמאַן, ברוך** — (— ירושלים, דעצ׳ 14, 1970) — **עסייען און פּראָפֿילן**. ת״א, פּרץ, 1967. 451 זז׳.

****צוקערמאַן, יצחק** — (ווילנע, 1915 — קיבוץ לוחמי הגיטאות, יוני 17, 1981) — געענדיקט העברעיִשע גימנאַזיע. איינער פֿון די אָנפֿירערס פֿון „החלוץ הצעיר״ און שפּעטער פֿון אויפֿשטאַנד פֿון וואַרשעווער געטאָ. באַקאַנט א״נ אַנטעק. געשריבן אַרטיקלען און זיכרונות אין **דאָס וואָרט** (וואַרשע). אין בוכפֿאָרעם: **קאַפּיטלען פֿון עזבון**. ת״א, 1982. 154 זז׳ (אין העבר׳ א״ט **פּרקים מן העזבון**. 1981). מיטרעדאַקטירט צבֿיה לובעטקינס אין **אומקום און אויפֿשטאַנד**.

ע.ל.

****ציטרין, ישׂראל** — (— מאָסקווע, יאַנ׳ 30, 1981) — אויטאָר פֿון **ליטעראַרישע עסייען**. מאָסקווע, 1981.

**ציטרין, שמואל־נטע** — (— נ״י, סעפּט׳ 4, 1973)

****צייטלין, אַהרן** — (אוואַראָוויטש, ווײַס־רוסלאַנד, מײַ 22, 1898* — נ״י, סעפּט׳ 28, 1973) — ייִדיש־העברעיִשער פּאָעט, דראַמאַטורג, ליטעראַטור־קריטיקער, פּובליציסט. זון פֿון הלל צייטלין. קינדער־יאָרן פֿאַרבראַכט אין האָמעל און ווילנע. פֿון 1907 אין וואַרשע. געלערנט בײַם טאַטן און אין חדר מתוקן. געענדיקט העברעיִש־פּוילישע גימנאַזיע און געווען צוהערער אויף אוניווערסיטעט־קורסן. 1939 עמיגרירט קיין ניו־יאָרק, ווו געווען פּראָפֿ׳ פֿון העברעיִשער ליטעראַטור אין ייִדיש־טעאָלאָגישן סעמינאַר. — שוין 1911 געשריבן אין די העבר׳ קינדער־זשורנאַלן **פּרחים** און **השחר**. אין ייִדיש דעביוטירט מיט אַ קבלה־זאַך **די מטרוניתא** אין **די יודישע וועלט** (ווילנע, 4:1914). פֿון די פֿריִע 1920ער יאָרן באַטייליקט אין פֿאַרשיידענע ייִדישע און העברעיִשע אויסגאַבעס מיט לידער, פּאָעמעס, דראַמעס, רעצענזיעס, אַרטיקלען און עסייען פֿון ליטעראַריש־פֿילאָסאָפֿישן כאַראַקטער אין **ביכער־וועלט** (ווילנע, 1923—1924), **ליטעראַרישע בלעטער, בליץ, טעאַטער־צײַטונג, וואַרשעווער אַלמאַנאַך, וואַרשעווער שריפֿטן, גלאָבוס**, — וואַרשע, **השלח, התקופֿה, הדואר, דבֿר** א״אַ. זינט האַרבסט 1926 איינער פֿון די הויפּט־מיטאַרבעטערס און רעד׳ פֿון ליטעראַרישן אָפּטייל פֿון ט״צ **אונזער** [פֿריִער: **וואַרשעווער**] **עקספּרעס**. דאָרטן פֿאַרעפֿנטלעכט צ״אַ אַ סעריע ליריש־פֿילאָסאָפֿישע עסייען א״ט „אַזוי האָט געזאָגט דער רבי ר׳ בונם״ (1927). געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין **מ״זש, טאָג־מ״זש**, געשריבן אויך אין **פֿאָרווערטס, צוקונפֿט, אינזיך, אָפּאַטאָשו־לייוויק זאַמלביכער, אידישער קעמפֿער, סבֿיבֿה, קינדער־זשורנאַל**, — נ״י, **גאָלדענע קייט, לעצטע נײַעס, פֿאָלק און ציון** — ת״א, א״אַ. — אין בוכפֿאָרעם: מטטרון. וואַרשע, אַלט־יונג, 1922. 64 זז׳; **שאָטנס אויפֿ׳ן שניי**. לידער. וואַרשע, בעלעטריסטן־פֿאַראייניגונג בײַם פֿאַראיין פֿון ייִדישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, 1923. 135 זז׳; **יעקבֿ פֿראַנק**. דראַמע אין זעקס בילדער. ווילנע, ב. קלעצקין, 1929. 108 זז׳; **ברענער**. דראַמאַטישע דיכטונג אין דרײַ אַקטן. וואַרשע, 1929. 143 זז׳; **ברענענדיקע ערד**. ראָמאַן. וואַרשע, אידישע

*בײַ ז. רייזען בטעות: 1889.

אוניווערסאַל־ביבליאָטעק, 1937. 335 ז׳; **אין קאַמף פֿאַר אַ אידישער מלוכה**. נ״י, 1943. 31 ז׳; **געזאַמלטע לידער**. נ״י, מתּנות, 1947—1957. 3 בב׳; **אַלע לידער און פּאָעמעס**. נ״י, פּ״ג בערגען־בעלזון, 1970. 528 ז׳; **געזאַמלטע דראַמעס**. ת״א, פּרץ, 1974. 372 ז׳; **ליטעראַרישע און פֿילאָסאָפֿישע עסייען**. נ״י, אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס, 1980. 390 ז׳. רעד׳ (מיט י. י. טרונק) **אַנטאָלאָגיע פֿון דער יידישער פּראָזע אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות** (1914—1939). נ״י, 1946. 637 ז׳. — העברעיִשע ביכער: **שירים ופואמות**. ירושלים, מוסד ביאַליק, תש״י. 306 ע׳; **בין האש והישע**. פואמה דרמתית. ת״א, יבנה [1957]. 391 ע׳; **מן האדם ומעלה**. שתי פואמות דרמטיות. א. השיבה לזכרון־יעקב. ב. חלומו של עולם. דאָרטן, 1964. 229 ע׳; **מדינה וחזון מדינה**. דאָרטן [1965]. 227 ע׳; **על יחסי הגומלין בין המדינה לגולה**. ת״א, האיחוד העולמי פועלי־ציון צ. ס., 1966. 14 ע׳; **המציאות האחרת**. הפאראפסיכולוגיה והתופעות הפאראפסיכיות. ת״א, יבנה [1967]. 440 ע׳; **רוח ממצולה**. שירים ופואימות. דאָרטן [1975]. 480 ע׳; **בין אמונה לאמנות**. דאָרטן, 1980. 2 בב׳. — איבערגעז׳ אויף העברעיִש ש. אַשס **אַמעריקע** (1928) און די יידישע לידער פֿון ח.נ. ביאַליק. — צ׳ס געדרוקטע יידישע פּיעסעס אין צ״ש: **דזשייקאָב דזשייקאָבסאָן** אָדער **מעשׂה־בראשית**. גראָטעסק־שפּיל אין 4 אַקטן (**אַמאָל אין אַ יובל**, וואַרשע, 1931: 2. ז׳ 1־86); **אסתּרקע און קאַזימיר דער גרויסער**. אַ יידיש־פּויליש מיסטעריע אין 4 אַקטן (**גלאָבוס**, וואַרשע 1932: 5, 6, ז׳ 5־38, 12־46); **די אידישע מלוכה** אָדער **ווייצמאַן דער צווייטער** (**גלאָבוס**, 1934: 21־22, ז׳ 3־53); **אין קיינעמס לאַנד**. דראַמאַטישע זעאונג אין 14 בילדער (**זאַמלביכער**, וואַרשע, 1939: 4, 229־382). — צ׳ס ניט־געדרוקטע דראַמע **יידן־שטאַט** איז געשפּילט געוואָרן אין פּוילן; **כעלעמער חכמים** אין מאָריס שוואַרצס קונסט־טעאַטער (1937); צ׳ס איבערגעז׳ שולמית בת דוריס **דער משפּט** (אַרגענטינע, 1940); שעקספּירס **שטורם** (וואַרשע, 1938). אין כּתבֿ־יד די פּיעסע: **דער וועבער פֿון באַלוט** אָדער **גאָט פֿון פּאַריז**. — „פֿון צ׳ס גרעסערע בעלעטריסטישע ווערק האָט אַ באַזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט אַרויסגערופֿן זיין אַפּאָקאַליפּטישע פּאָעמע **מטטרון**, אין וועלכער ער פּרוּווט פֿאַראייניקן די מאָדערנע קונסטפֿאָרמען און מאָטיוון מיט דער אידעען־וועלט פֿון דער יידישער מיסטיק, זוכנדיק אין דער קבלה דעם וועג צו אַ יידישער קונסט, וועלכע זאָל גלייכצייטיק זיין אי אוניווערסאַל, אי ספּעציפֿיש יידיש״. (ז. רייזען). „צייטלין דער עסייִסט איז נישט געשטאַנען קיין האָר נידעריקער ווי צייטלין דער גאָט געבענטשטער פּאָעט. צייטלין האָט באַוויזן, אַז מען קאָן זיין טיף און קלאָר — אַזוי אין זיין פּאָעזיע און אַזוי אין זיינע עסייען. ... ער האָט אַנטדעקט שרייבערס און דענקערס... ביי דעם אַלעמען איז זיין ליד געבליבן אָריגינעל. ער האָט קיינעם נישט נאָכגעמאַכט, ווייל ער האָט געהאַט אייגענע קוואַלן און ווייל ער אַליין איז אָפּט גרעסער פֿון יענע, וואָס ער האָט שטודירט״ (י. באַשעוויס). — צ׳ איז „איינער פֿון די עכטסטע און טיפֿסטע דיכטערס ביי אונדז. אין זיינע לידער איז דאָ איבערלעבונג, האַרץ, בלוט — כאָטש, יאָ כאָטש די מייסטע לידער זיינע זיינען קאָפּלידער. עס קלינגט זייער פּאַראַדאָקסאַל, אָבער עס איז זייער אמת. ער איז לויטער אַקטואַליטעט, לעזט דאָס לעצטע בוך אַלע מאָל ערשט פֿון דרוק אַרויס, און דאָך לעבט ער ערגעץ אין מיטל־עלטער לויט די יאָרן און אין צפֿת לויט דער געאָגראַפֿיע. ער איז אַ גלייביקער מענטש, אַן אמת גלייביקער, אַ מיסטיקער אָן אָנשטעל״ (מ. ראַוויטש). — צ׳ איז אפֿשר דער איינציקער יידישער דיכטער, וואָס פֿאַרמעסט זיך צו האָבן אַ גאַנצע (רעליגיעז־פֿילאָסאָפֿישע) וועלט־אָנשויאונג. זיין שטרעבן צו איר שפּירט זיך **אין** זיינע שאַפֿונגען, ניט נאָר הינטער זיי. זי איז דער סטימול, די טעמע, דאָס ציל פֿון זיין שרייבן, און זי איז טיף יידיש [...], אָנגעזאָפּט מיט יידישער מיסטיק, מיט קבלה... **אין קיינעמס לאַנד** איז די איינהייטלעכסטע, קלאָרסטע און שאַרפֿזיניקסטע פֿון אַלע אַהרן צייטלינס פּאָעמעס [...זי איז] אַ סומירונג פֿון זיין גאַנצן ביזאַהעריקן שאַפֿן [... זי] האָט אין זיך אי די פֿאַרשלייערטע ראָמאַנטיק פֿון **מטטרון**, אי די נאַקעטע נאַטוראַליסטישקייט פֿון איינציקע סצענעס אין **ברענער**, אי דעם ליכטיקן טראַגיזם פֿון די אַפּאָקאַליפּטישע פּאָעמעס, אי דעם טיף־טרויעריקן הומאָר פֿון **כעלעמער חכמים** און **אויף אַ שיף** [...]. מיר האָבן דאָ פֿאַר זיך פֿולער, קלערער און שאַרפֿער ווי אומעטום זיין **גרונטמאָטיוו, דעם מאָטיוו** פֿון — ניט

אייביקן — קאַמף צווישן גוטס און שלעכטס, גאָט און שׂטן, ליכט און פֿינצטערניש — דעם מאָטיוו פֿונעם קומענדיקן, ענדגילטיקן נצחון פֿון גוטס איבער שלעכטס, פֿון גאָט איבערן טײַוול [...]. געראַנגל צווישן ליכט און פֿינצטערניש, גוטס און שלעכטס, גלויבן און פֿאַרצווייפֿלונג איז אַ גרונטמאָטיוו אין אַ גרויסן טייל פֿון די לידער, וואָס צייטלין האָט געשאַפֿן שוין אין די ערשטע צען יאָר פֿון זײַן שרײַבן פֿאַר דערוואַקסענע... „דער טומאה׳ס הייזעריקע הינט״ פֿון איין זײַט, און פֿון דער אַנדערער זײַט כּרובֿים און קדושה — דאָס זײַנען דער סמאל און דער גבֿריאל, וואָס באַגלייטן אונדזער פּאָעט [...] איבערן גאַנצן וועג פֿון זײַן פּאָעטישן שאַפֿן [...] אַחוץ י. ל. פּרצן, איינעם פֿון זײַנע רביים צווישן די עלטערע, און דעם נסתּר צווישן די יונגע ייִדישע דיכטערס, קומט מיר ניט אויפֿן זינען נאָך אַ פּאָעט, וואָס זאָל אַזוי ווי אַהרן צייטלין האָבן געשטרעבט פֿון די יונגע יאָרן צו אַ האַרמאָנישער צונויפֿגיסונג פֿון דער אַמאָליקער דור־דורותדיקער ייִדישער אידייען־ און בילדער־וועלט און דער וועלט פֿון אייגענעם דורס אידייען, בילדער און פֿאָרמען [...] די ייִדישע טראַדיציע איז טיף אַרײַנגעדרונגען אין אַהרן צייטלינס וועלטגעפֿיל; זי אָטעמט טיף אין זײַן רעליגיעז־קאָסמישן, ניט נאָר — ווי אין דעם פֿאַל פֿון אַ. ליעסין — אין זײַן עטישן באַוווּסטזײַן [...] נאָך דעם נסתּר איז ער דער ערשטער פּאָעט פֿון **נסתּר** אין דער ייִדישער ליטעראַטור״. (ש. ניגער). — „עס איז געזאָגט געוואָרן, אַז אַהרן צייטלין איז אַ צערעבראַלער דיכטער. דאָס איז אמת, אָבער דאָס איז, לדידי, פֿון די קליינע חסרונות. פֿאַרקערט, אָן געדאַנק איז אָפּט נישטאָ קיין גרויסקייט. נישט איין מאָל עפֿנט ערשט די מחשבֿה די ברייטע האָריזאָנטן פֿאַר דער דיכטערישער עמאָציע. דער געדאַנק איז אַ סך מאָל בבֿחינה פֿון דעם קליינעם ייִנגל, וואָס פֿירט אין דעם נבֿיאס זעונג דעם לייב שפּאַצירן. אָבער יעדער שינוי אין דער נאָר וואָס מעטאַפֿאָריש־פֿאָרמולירטער מאַכט־פּאָזיציע צווישן אינטעלעקט און דיכטערישער זעונג קען ברענגען שאָדן דעם ליד [...] אַפֿילו אַ דיכטער פֿון אַזאַ פֿאַרנעם ווי אַהרן צייטלין קען אין אַזאַ פֿאַל ניט אַרויס פּטור בלא כלום. צייטלין איז ניט בלויז אַ קענער פֿון קבלה, נאָר אַ מענטש, וואָס דענקט מיט די באַגריפֿן פֿון ייִדישער מיסטיק און זעט דורך אירע בילדער. און טאַקע דאָ, ווו ער איז געדאַנקלעך און בילדעריש אַזוי אין דער היים בײַם אידייִש־געגרייטן טיש — דאָ באַווײַזט זיך צו מאָל דער שאָדן, וואָס עס לײַדט צייטלינס ליד פֿון דער אינטעלעקטועלער אייבערמאַכט. דער שאָדן באַשטייט אין דעם, וואָס דער אינטעלעקט קילט אָפּ די טעמפּעראַטור, און אין דער קילער טעמפּעראַטור איז פֿאַר דעם לייענער שווער מבֿחין צו זײַן צווישן מחשבֿה, וואָס בליט אַרויס פֿון אָרגאַנישער זעונג, און דעם בילד, וואָס איז אַן אילוסטראַציע פֿון געדאַנק. אָבער אויך דעמאָלט, ווען דאָס פּאַסירט, און אַלע אַנדערע מאָל און תּמיד, מוז מען נתפּעל ווערן פֿון צייטלינס געדאַנקען־דיאַלעקטיק, פֿון זײַנע שאַרפֿזיניקע דעפֿיניציעס, פֿון זײַן שפּראַך־ווירטואָזיטעט, פֿון דער וואַרייִרטקייט פֿון זײַן פֿערז און פֿון דער שפֿע פֿון אָריגינעלע גראַמען. „(ש. ביקל). — צ׳ גופֿא האָט געגעבן עטלעכע כאַראַקטער־שטריכן פֿון זײַן שאַפֿן: „איך גלייב, אַז אָן רוח־הקודש איז קיין זאַך ניטאָ, קיין פּאָעטישע שאַפֿונג אַוודאי ניט. פֿאַרשטייט זיך, אַז מען קען אויסטראַכטן לידער. אויב אָבער אַ ליד זאָל באמת זײַן אַ ליד, מוז עס זײַן דער פּועל־יוצא פֿון אינספּיראַציע [... וואָס שײַך] מײַן שרײַבן אויף צוויי שפּראַכן, ווייס איך ניט ווי ס׳איז בײַ אַנדערע פּאָעטן [פֿון דעם מין]. בײַ מיר איז ניטאָ די שפּאַלטונג אָדער צעברעקלונג [...] אַז איך שרײַב ייִדיש, פֿיל איך גאָרניט, אַז איך שרײַב ייִדיש; אַז איך שרײַב העברעיִש, פֿיל איך גאָרניט, אַז איך שרײַב העברעיִש. מיט אַנדערע ווערטער, אויב ס׳איז אַ צווייִקייט, איז עס אַ צוויי, וואָס איז אָבער ווערט איינס [...] דאָס איז אַ ריין פּנימיותדיקער פּראָצעס. די צווייִשפּראַכיקע לשון־קודשקייט אין מײַנע לידער איז דורכויס אַ סוביעקטיווע אײַנשטעלונג [...] אַן אינדיווידועלער פּסיכישער פֿאַקט, אַ יחידישער [... וואָס] האָט, גלייב איך, גאָרניט צו טאָן מיט מײַן שרײַבן בכלל, נאָר ספּעציעל מיט מײַן שרײַבן לידער [...]. ווען איך טראַכט וועגן דעם פֿון וואַנען עס קומט צו מיר מײַן צווייִשפּראַכיקע לשון־קודשקייט, דאַכט זיך מיר צײַטנווײַז, אַז דאָס נעמט זיך דערפֿון, וואָס אַטאַוויסטיש צי איך מײַן יניקה פֿון דער חב״ד־וועלט. איך שטאַם דאָך פֿון דורות חבדניקעס [...]. בײַ דעם אַלעמען בין איך געווען — אַליין־ניק. איך בין ניט געוואַקסן בחבֿרותאָדיק, האָב קיין מאָל ניט מיטגעזונגען אין כאָר. איך וואָלט אויך ניט געקענט

מיטזינגען אין כאָר פֿון „רעליגיעזע” דיכטערס [...] איך בין אָפֿט געגאַנגען קעגן שטראָם [...] איך האַלט ניט פֿונעם באַגריף „ליטעראַרישע משפּחה” אין זינען פֿון בציבורדיקייט, פֿון קאָלעקטיווער שאַפֿונג פֿון אַ דור. דאָס קאָלעקטיווע, אויך דאָס היסטאָרישע, דאָס נאַציאָנאַלע — דאָס אַלץ דאַרף זײַן אינעם יחיד אַליין. אַנדערש געזאָגט: די צײַט, דאָס פֿאָלק, די דורות זײַנען — דאַרפֿן זײַן — אין דעם איינצלנעם שאַפֿער, אויף וויפֿל ער איז באמת אַ שאַפֿער. אויך נאַציאָנאַלע און קאָלעקטיווע מאָטיוון אין דער פּאָעזיע זײַנען יחידישע מאָטיוון. אויב דער נאַציאָנאַלער אָדער קאָלעקטיווער מאָמענט איז אין דער זעלבער צײַט ניט סוביעקטיוו, איז עס דעקלאַמאַציע”. [פֿון אַ שמועס מיט א. טאַבאַטשניק].

ז. רייזען, 3; ז. זילבערצווײַג, 4 [מיט גרויסער ביבליאָגראַפֿיע]; ג. קרסל, 2; מ. ראַוויטש, מײַן לעקסיקאָן, 1; ש. ביקל, שרײַבער פֿון מײַן דור, I. נ״י, 1958. זז׳ 121־131; אַ. טאַבאַטשניק, גאָלדענע קייט, ת״א, 1969: 65; י. יאַנאַסאָוויטש, פּנימער און נעמען, 1. ב״אַ, 1971. זז׳ 294־305; ש. ניגער, ייִדישע שרײַבער פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. נ״י, 1972. זז׳ 370־404; באַשעוויס־זינגער, פֿאָרוואָרט אין צ׳ס ליטעראַרישע און פילאָסאָפֿישע עסייען. נ״י, 1980.

**צייטלין, הלל — אַל״ף בי״ת של יהדות.** (תּרגם וערך מנחם ברש־רועי). ירושלים, תּשמ״ג.

**צימערמאַן, אַלפֿרעד** — (— סידנעי, מיטן 1968)

****צימרינג, בערל** — (זשיטאָמיר, אוקראַינע, 1902 —) — 1922 עמיגרירט קיין אַמעריקע, ווו זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר. 1975 זיך באַזעצט אין ל״אַ. געשריבן לידער אין ייִדיש־אַמעריקאַנישע צײַט־שריפֿטן. אין בוכפֿאָרעם: **עם ישראל חי; די נעגערס.** פּאָעמעס. ל״אַ, 1970. 44 זז׳; **די ערדישע וועלט.** לידער. ל״אַ, 1973. 181 זז׳; **איך בין אַ ייִד.** ל״אַ, תּשל״ו. 181 זז׳.

**צינבערג, ישראל — די געשיכטע פֿון ליטעראַטור בײַ ייִדן.** ב״אַ, קולטור־קאָנגרעס, 1964—1970. 10 בב׳.

**ציקערט, אַבֿרהם־פּנחס** — פֿון 1976 אין ירושלים.

**צעדערבוים, אַלעקסאַנדער** — קאָרעקט: **כתר כהונה או דבֿרי הימים ...**

**צענדאָרף, יעקבֿ־שמואל** — (— אוישוויץ, 1941)

****צעפּליאָוויטש, צבֿי** — (— לוגאַ, בײַ פּעטערבורג, נאָוו׳ 6, 1908 —) — 1919 אַריבער מיט משפּחה קיין רעזשיצע, לעטלאַנד. געענדיקט גימנאַזיע, שטודירט פֿילאָסאָפֿיע אין ריגע, וווּ זיך באַזעצט אין 1933. געדינט אין רויטער אַרמיי אין צווייטן וועלטקריג. נאָך דעם זיך געלערנט טעאַטער־קונסט אין מאָסקווע. זיך פֿאַרנומען מיט רעזשיסאָרישער אַרבעט אין ריגע און פֿון 1966 אין ישראל. — אָנגעהויבן ליטעראַרישע אַרבעט 1926 מיט אַ קינדער־אָפּערעטע **פּנחס כּהן**, אויפֿגעפֿירט אין ייִדישע שולן. צ׳ס פּיעסעס **מען טאָר ניט פֿאַרגעסן** און **ראָזן און דערנער** זײַנען געשפּילט געוואָרן אין ישראל־טעאַטערס. געשריבן פֿעליעטאָנען אין **דאָס פֿאָלק, פֿרימאָרגן, דער וועג** — ריגע, **לעצטע נײַעס, ייִדישע צײַטונג, נאַשאַ סטראַנאַ** (רוסיש) — ת״א. — אין בוכפֿאָרעם: **אויסגעטראַכטע אמת.** דערציילונגען. ת״א, המנורה, 1974. 107 זז׳. אַרויס אין מחברס רוסישער איבערז׳ אין 1976.

לעטישע ענציקלאָפּעדיע, ריגע, 1962; אַ. באַראַבאַן, ייִדישע צײַטונג, ת״א, מײַ 3, 1974; ז. בערעביטשעס, דער וועג, מעקסיקע, יולי 26, 1974; אַ. ליס, אין דער מחיצה פֿון שאַפֿער. ת״א, 1978. זז׳ 241־243.

ר.ג.

**צרפת, ראובֿן** — רעדאַקטאָר פֿון **פֿונקען**, וועכנטלעכער פֿאַמיליען־זשורנאַל, קאָוונע, 1931, נומ׳ 1 —

# ק

**קאַברינסקי, בערל** — (שטעטל לעבן פּינסק, 1905 — קיבוץ מפלסים, 1978) — געענדיקט ווילנער תּרבות־סעמינאַר. געקומען קיין אַרגענטינע אין 1928. לערער אין אַ פֿאַרשטאָט פֿון ב״א, שפּעטער שול־אינספּעקטאָר בײַם ועד־החינוך אין ב״א. 1976 זיך באַזעצט אין קיבוץ מפלסים. געשריבן אין דער ייִדישער פּרעסע איבער פּעדאַגאָגישע טעמעס. מיטמחבר פֿון טעקסטבוך **דאָס ייִדישע פֿאָלק**. ב״א, 1955. 110 זז׳.

אידישע צײַטונג, ב״א, יולי 13, 1965; יאַנ׳ 24, 1971.

י.ה.

**קאַברינסקי, יהודה** — (ביאַליסטאָק — ניצע) — ציוניסטישער עסקן אין ווילנע. 1940 פֿאַרשיקט קיין סיביר. נאָכן צווייטן וועלטקריג זיך באַזעצט אין ניצע, פֿראַנקרײַך. אין בוכפֿאָרעם: **ווי אַזוי לעבן ייִדן אין ישׂראל**. פּאַריז, 1952. 47 זז׳. כּתבֿ־יד פֿון ק׳ס זכרונות וועגן ווילנע אין ניו־יאָרקער ייִוואָ־אַרכיוו.

טאָג־מ״זש, נ״י, אויג׳ 4, 1960; י. ישורין, ייִוואָ־אַרכיוו.

**קאַגאַן, אַלעקסאַנדער** — (ריגע, 1875 — פּאַריז, 1951) — רוסיש־ייִדישער שרײַבער. געענדיקט היסטאָרישן און ביאָלאָגישן פֿאַקולטעט פֿון פּעטערבורגער אוניווערסיטעט. ביז 1923 אין רוסלאַנד, שפּעטער אין בערלין און פּאַריז, ווו איבערגעלעבט צווייטע וועלט־מילחמה. מיטרעד׳ פֿון **מילגרוים** (בערלין, 1922—1924).

**קאָגוט, רבֿקה** — (פּונסק, סוואַלקער גוב׳, 1912 —) — 1919 געקומען מיט משפּחה קיין קאָוונע, ווו זי האָט געענדיקט אַ ייִדישע פֿאָלקשול. דעביוטירט מיט לידער אין **פּונקען** (קאָוונע). זיך געדרוקט אין קינדער־זשורנאַלן און יוגנט־אָפּטיילן פֿון קאָוונער ייִדישע צײַטונגען. דורכגעמאַכט קאָוונער געטאָ און שטוטהאָפֿער קאַצעט. נאָך דער מילחמה צוריק־געקומען קיין קאָוונע.

**קאַהאַן, אַבֿרהם**, 1901 —

ליפֿשיץ־אַלטשולער, בריוו. ירושלים, תש״ם. זז׳ 415־444.

**קאַהאַן, אײַזיק** — (דוקאָר, מינסקער געגנט, 1908 — באָברויסק, 1958) — איבערגעז׳ פֿון רוסיש **רויטע אַרמייער** (פֿאַר קינדער פֿון מיטעלן און העכערן עלטער). מינסק, 1931.

**קאַהאַן, ב.** — ( — ) — רעדאַקטאָר פֿון ערשטער ייִדישער צײַטונג אין מאַסאַטשוזעטס **דער יודישער סיטיזען** (באָסטאָן, 1893). עס זײַנען באַקאַנט בלויז עטלעכע נומערן.

ז. ברכות, די געשיכטע פֿון דער אידישער פּרעסע אין מאַסאַטשוזעטס. נ״י, 1939.

**קאַהאַן, באָרים** — ( — ) — מיטרעד׳ פֿון חודשניק **באַהערשן די טעכניק פֿון דער סאָציאַליסטישער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער פּראָדוקציע** (כאַרקאָוו, 1932—1934) און פֿון דער זאַמלונג **שלאַכטן** (כאַרקאָוו־קיִעוו, 1932). ווערק: **אין קאַמף פֿאַרן אָרגאַניזאַציאָנעל־ווירטשאַפֿטלעכן פֿאַרפֿעסטיקן די קאָלווירטן**. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1932. 49 זז׳; **5 יאָר סטאַלינדאָרפֿער ראַיאָן**. מאָסקווע, עמעס, 1935. 116 [4] זז׳.

פּרסומים. אינדעקס.

**קאַהאַן, זלמן** — (— יולי־אויג׳ 1982) — 1930 געענדיקט ייִדישן ליטעראַריש־לינגוויסטישן אָפּטייל

פֿון מאָסקווער מלוכה־אוניווערסיטעט. טעטיק ווי עסטראַדע־דראַמאַטורג. געשריבן סקעטשן, מאָנאָלאָגן, פֿעליעטאָנען און לידער. אינסצענירט אַ ריי ייִדיש־קלאַסישע ווערק. ק׳ס פּיעסע **ניט פֿאַרגעסן** איז אויפֿגעפֿירט געוואָרן דורכן ווילנער ייִדישן פֿאָלקס־טעאַטער.

סאָוועטיש היימלאַנד, לעקסיקאָן, נאָוו׳ 1982.

קאַהאַן, חיים — געלעבט אין מינסק. לערער אין ייִדישע שולן.

קאַהאַן, יצחק — **צוריקגעקומען צום שורש.** מעלבורן, 1983. 397 זז׳; **חלום, נס און וואָר.** [מעלבורן], 1985. 256 זז׳.

**קאַהאַן, מ. — (   ) — מחבר (מיט מ. אי. זײַטשיק) פֿון **לערנבוך אַף געזעלשאַפֿטקענטעניש.** קיִעוו־כאַרקאָוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1931. 112 זז׳. זיך באַטייליקט אין ליטעראַרישן אַלמאַנאַך **אוקראַיִנע** (קיִעוו, 1926).

קאַהאַן, שׂרה — (1885—1941)

קאָהן, יחיאל־מיכאל — (— לאַ יאָלאַ, קאַליפֿאָרניע, 1939)

**קאָוואַדלאָ, משה — (פּלאָצק, אָקט׳ 15, 1907 —) — שטודירט אין האָלאַנד. 1937 געקומען קיין פּאַריז. אין די קריגיאָרן אין פֿראַנצייזישן אונטערגרונט. נאָך 1945 עטלעכע יאָר אין ארץ־ישׂראל. זיך באַטייליקט מיט זשורנאַליסטישע אַרטיקלען אין **פֿאָ״ש** (נ״י), פּאַריזער **אונזער שטימע** און **אַרבעטער־וואָרט**, **ישׂראל שטימע** (ת״א) א״אַ.

**קאָוואַל, אַבֿרהם — (קאַרטוז־בערעזע, פּוילן, 1908 —) — 1929 אָנגעהויבן פֿאַרעפֿנטלעכן לידער אין **נײַע פֿאָלקסצײַטונג** (וואַרשע). פֿון 1930 אין אַרגענטינע. געדרוקט לידער אין די אַרגענטינער לינקע צ״ש **נײַוועלט, אין גאַנג** א״אַ.

אַנטאָלאָגיע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע. ב״אַ, 1944; פּ. קאַץ, געקליבענע שריפֿטן, ב׳ 7; ג. סאַפּאָזשניקאָוו, אונדזער וואָרט, ב״אַ, יולי 20, 1964.

קאָוואַרסקי, נ. — לערער אין ווילנער רעאַל־גימנאַזיע. שפּעטער עמיגרירט קיין פּאַריז, וווּ געווען מיטאַרבעטער אין פּראָפ׳ זשאָליאָס לאַבאָראַטאָריע און געקראָגן אַ נאָמען פֿון אַ וויכטיקן וויסנשאַפֿטלער.

**קאָוונאַטאָר, ר. — (   ) — מחבר פֿון **דער העלד פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד יוסיפֿ מאַקאָווסקי.** מאָסקווע, עמעס, 1943. 22 זז׳; **העלד פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד פּאָלינאַ געלמאַן.** דאָרטן, 1948. 32 זז׳.

פּרסומים. אינדעקס.

**קאָוועלמאַן, ישׂראל — (מאָנאַ־סטירישטשע, אוקראַיִנע, 1904 —) געענדיקט אויף אינזשינער און געאַרבעט אויף פֿאַרשיידענע בויונגען. זינט 1970 פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ריי אַרטיקלען וועגן העברעיִסטיק און קונסט אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע). וווינט אין מאָסקווע.

סאָוועטיש היימלאַנד, 8:1983.

קאָזאַקעוויטש, עמנואל — ק׳ס ביכער אין רוסיש: **דער שטערן** (1947), **צווייען אין סטעפּ** (1948), **דאָס האַרץ פֿון אַ פֿרײַנט** (1953), **דאָס הויז אַפֿן פּלאַץ** (1956), **אין שײַן פֿון טאָג** (1961), **דער בלויער העפֿט** (1961).

**קאַזינסקי, שײַע — (קיִעוו, 1903 — טשערנאָוויץ, 1965) זשורנאַליסט. געענדיקט אַדעסער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אין 1931. מיטרעד׳ פֿון שטערן. (כאַרקאָוו, נאָוו׳ 1940—1941). 1949—1950 רעד׳ פֿון ביראָבידזשאַנער שטערן.

קאַזלאָווסקי, אידאַ — זע: גלאַזער, אידאַ (ב׳ 2).

קאַזשען מאיר — (— ת״א, יאַנ׳ 19, 1984) — 1924 געענדיקט העבר׳ גימנאַזיע אין וולאָצלאַוועק. באַקומען מאַגיסטער־דיפּלאָם אין אַלג׳ געשיכטע פֿון וואַרשעווער אוניווערסיטעט.

קאַטיק, מאיר — פּרשת דרײַפוס. ת״א, 1982. 328 ע׳.

קאַכאַנסקי, מענדל — (— ת״א, מײַ 20, 1982)

**קאַלאַדני, בר[ ידער] — ( ) — מחברים פֿון ליטוויש־אידישער ווערטערבוך. קאָוונע, קולטור, 1923. 243, 8 זז׳.

**קאַלב־בעלער, זאַלעק — (גראָדזשיסק, גאַליציע, יוני 15, 1910 —) — ברודער פֿון יעקבֿ בעלער. געלערנט אין חדר און פֿאָלקשול. 1928 עמיגרירט קיין אַנטווערפּן. דעביוטירט מיט קאָרעספּאָנדענציעס אין אַרבעטער שטימע (פּאַריז). אין משך פֿון אַ דרײַסיק יאָר פֿאַרעפֿנטלעכט נאָוועלן, דערציילונגען און הומאָרעסקעס אין פּאַריזער נײַע פּרעסע. שרײַבט זײַנע ביכער אויף ייִדיש, אָבער זיי גייען אַרויס אין בוכפֿאָרעם אין פֿראַנצייזישער איבערזעצונג. צענדליקער קאַפּיטלעך פֿון זיי געדרוקט אין פּאַריזער נײַע פּרעסע: עמיגראַנטן (1971, 28 המשכים); הערשל סקאַרבעקער דערציילט (1972—1974), דרײַסיק טעג אורלויב פֿון גיהנום (1973, 36 המשכים); דער נס פֿון די בלוטיקע האָסטיעס (1983) א״אַ. — געשריבן אויך אין בריסלער וואָכנבלאַט און לעבן און שלום, צוויי־וואָכנבלאַט (7־8 יאָר זינט 1950).

**קאַלינאָווער, מ. [ קאַלינאָווסקי?] — ( ) — מחבר פֿון לערנביכער פֿאַר ייִדישע שולן. אין בוכפֿאָרעם (מיט ש. קופּער): אַריפֿמעטישער אויפֿגאַבער פֿאַרן צווייטן לערניאָר. קיִעוו, קולטור־ליגע, 1927 (2טע אויפֿל׳ — 1928, 3טע און 4טע אויפֿל׳ — 1929).

**קאַליץ, צבֿי — (ווישיי, ליטע, דעצ׳ 14, 1916 —) — געלערנט אין ישיבֿות און שפּעטער אין אוניווערסיטעט פֿון פֿלאָרענץ, איטאַליע. מיטגליד פֿון וועלט־עקזעקוטיווע פֿון רעוויזיאָניסטן. אָנהייב צווייטן וועלטקריג עמיגרירט פֿון איטאַליע קיין א״י, שפּעטער קיין נ״י. פֿון 1984 לעקטאָר פֿון תנ״ך אין ניו־יאָרקער ישיבֿה־אוניווערסיטעט. — דעביוטירט אין ט״צ אידישע שטימע, שפּעטער געדרוקט אין ט״צ פֿאָלקסבלאַט, ט״צ מאָמענט — קאָוונע; טאָג־מ״זש (נ״י); הארץ, הבקר, המשקיף. לעצטע יאָרן שטענדיקער מיטאַרבעטער אין אַלגעמיינער זשורנאַל (נ״י). שרײַבט דערציילונגען און דענקערישע עסייען, אויך אין ענגליש און העברעיִש. אין בוכפֿאָרעם: עם סכין בלבֿ (ירושלים, 1944); *The Tiger beneath the Skin.* N. Y., 1948; *Survival for What?* N. Y., 1969; *The Teacher.* N. Y., 1983. האָט פּראָדוצירט די פֿילמען: בערגל 24 ענטפֿערט ניט [ באַקומען קונסטפּרעמיע] און The Deputy ק׳ס יאָסל ראַקאָווער רעדט צו גאָט איז אַרײַנגענומען געוואָרן אין קאָנסערוואַטיוון מחזור.

קאַלמאַן, יהודית — (— פּאַריז, פֿעב׳ 25, 1978)

**קאַלעסניק, חיים — (מאַכנאָווקע, אוק־ראַינע 1904 — באַרדיטשעוו, 1982) — 1936 געענדיקט ליטעראַריש־לינגוויסטישן אָפּטייל פֿון

מאָסקווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. לערער אין ייִדישע מיטלשולן אין זשיטאָמירער געגנט (1929—1932), סלאַוווטע (1936—1941) און זינט 1946 אין באַרדיטשעוו, ווו זיך באַזעצט. פֿון 1927 געדרוקט לידער אין **רויטע וועלט, פּאַרמעסט, עמעס, שטערן** (כאַרקאָוו), **יונגע גוואַרדיע, אָדעסער אַרבעטער, סאָוועטיש היימלאַנד** א״אַ.

סאָוועטיש היימלאַנד, 8:1983.

**קאָלקער, ש. — (   ) — מחבר פֿון **דאָס פֿאָלק און די בעוועגונג אין דעם א״י־אויפֿבוי.** לעמבערג, 1925. 39 זז׳; **זאָרגט פֿאַרן מאָרגן.** וואַרשע, פֿאַרבאַנד פֿון די ייִדישע קאָאָפּעראַציע אין פּוילן, 1937. 7 זז׳. [זע 551].

קאַמזאָן, יעקבֿ־דוד — (— ירושלים, אויג׳ 27, 1980)

קאַמענעצקי, הערשל — **שטאַרקער פֿון אײַזן.** מאָסקווע, 1948. [ניט געזען]. **אויסגעווײלטע לידער.** מינסק, 1960 — איבערגעז׳ אויף ווײַסרוסיש.

קאַמענעצקי, יוסף — (— מאָסקווע, אָנהייב אויג׳ 1948) — געענדיקט פּעטראָווער לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַקאַדעמיע און געאַרבעט ווי אַן אַגראָנאָם אויף פֿאַרשיידענע פּאָזיציעס. פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען איבער ייִדישער פּעדאַגאָגיק. איבערגעז׳ אויף ייִדיש ווערק פֿון וו. זשוקאָווסקי, מ. לערמאָנטאָוו, נ. נעקראַסאָוו, פּ. טיוטשעוו א״אַ. אין בוכפֿאָרעם: **די ייִדישע אַווטאָנאָמע געגנט.** מאָסקווע, עמעס, 1939.

**קאַמפּאַנײַעץ, זינאָווי — (ראָסטאָוו, רוסלאַנד, 1902 — ) — קאָמפּאָזיטאָר. געלערנט אין דער מוזיקאַלער שול בײַ דער פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע און אויפֿן קאָמפּאָזיטאָרישן פֿאַקולטעט פֿון מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע. אָנהייב דרײַסיקער יאָרן פֿאַרעפֿנטלעכט מוזיקאַלישע ווערק אויף די טעקסטן פֿון ל. קוויטקאָ, י. דאָברושין, י. זעלדין, מ. קולבאַק, א. קושניראָוו, מ. טײַף, א. סטרעליץ, שפּעטער אויף די לידער פֿון אַ. ווערגעליס, ח. ביידער, א. כאַזין, ב. מאַגילנער און פֿון אַ ריי ייִדישע פֿאָלקס־ און קינדער־לידער. — אין בוכפֿאָרעם: **פֿינף לידער פֿון ייִדישע סאָוועטישע דיכטער** [מאָסקווע]. 1960. 18 זז׳ — נאָטן צו לידער פֿון א. ווערגעליס, י. קערלער, ל. קאַצאָוויטש, שלום־עליכם — ייִדיש אין לאַטײַנישע אותיות און רוסישער איבערזעצונג. 1961 אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין **סאָוועטיש היימלאַנד** און צוזאַמען מיט דער רעדאַקציע אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג **נײַע ייִדישע לידער.** מאָסקווע 1970. וווינט אין מאָסקווע זינט 1922.

סאָוועטיש היימלאַנד, 2:1984.

**קאַנאָוויטש, הירש — (   ) — מחבר פֿון אַ פּיעסע וועגן די נאַציס אין ווילנע א״ט **די פּאָליציי־שעה.** די פּיעסע איז געשפּילט געוואָרן אין ווילנער געטאָ. ניט געדרוקט.

סאָוועטיש היימלאַנד, 9:1976.

**קאַנטאָר, מ. — (   ) — אויטאָר פֿון ביכער אויף לאַנדווירטשאַפֿטלעכע טעמעס: **ווי דאַרף מען האָדעווען אויפֿעס.** מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1927. 76 זז׳; **וויאַזוי אויסצוהאָדעווען אַ גוטע מילך־קו און וויאַזוי מען דאַרף אַרומגיין אַרום איר.** דאָרט, 1928. 72 זז׳. **קוקורוזע.** מאָסקווע, קאָמערד, 1928. 38 [1] זז׳.

קאַנטאָר, סאָניע — איבערגעז׳ ע. טאָמפּסאָנס **לאָבאָ, דער קיניג פֿון קורומפּאַ.** ביאַליסטאָק [אָ״י], 38 זז׳.

**קאַנטאָר־שוואַרצבאַרד, רחל — (האַלאָבי, וואָלין, סעפּט׳ 15, 1912 —) — געקומען קיין

ווילנע אין 1928 און געענדיקט דעם דאָרטיקן לערער־סעמינאַר א״נ פֿון ד״ר טשאַרנאָ. 1938 עולה געווען קיין א״י. אין בוכפֿאָרעם: **דער שטאַרקער ווילן**. ת״א, פּרץ, 1982. 132 זז׳.

**קאַנצעדעק, עליאַשעווא [כּהן־צדק, אלישבֿע] — (אויגוסטאָווע, ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדשאַפֿט, 1922 —) — אַריבער מיט עלטערן קיין ווילנע, ווו געענדיקט די ייִדישע רעאַל־גימנאַזיע. געשריבן אין **שטראַלן** (קאָוונע). פֿון 1966 פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען, נאָוועלן און פֿאַרצייכענונגען אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע). אין בוכפֿאָרעם: **בלעטלעך פֿון אַ לעבן**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1984. 63 זז׳.

**קאָסאָי, גדליה — (כאַשטשעוואַטע, אוקראַיִנע, 1903 —) — שטאַמט פֿון אַן אָרעמער מישפּחה. 1920 עמיגרירט קיין אַמעריקע און 1924 זיך צוריקגעקערט קיין רוסלאַנד. בעתן צווייטן וועלטקריג געקעמפֿט אין דער רויטער אַרמיי. וווינט אין וויניצע (אוקראַיִנע). — אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1935. פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען אין **סאָוועטישע ליטעראַטור** (קיִעוו, 7:1939), **שטערן** — (קיִעוו, 2:1948) און זינט 1976 אין **סאָוועטיש היימלאַנד**.

סאָוועטיש היימלאַנד, 11:1983. [זע 551].

**קאַסטעליאַנסקי, ד״ר — ( ) — אויטאָר פֿון **שפּאַניש דורך דרײַ שפּראַכן**. וואַרשע, יאַקובסאָן־גאָלדבערג, 1927. 160 זז׳.

קאַסעל, דוד — **אין דאָרף**. וואַרשוי, א. גיטלין, 1912, 186 זז׳.

**קאַפּיטאַנאָוו, איציק — (קעשענעוו, מײַ 11, 1911 — ת״א, 1978) — אַרעסטירט געוואָרן פֿאַר ציוניסטישער טעטיקייט דורך דער סאָוועטישער מאַכט און פֿאַרשיקט אויף צען יאָר אין אַ לאַגער. 1950 באַפֿרײַט און פֿון 1967 אין ישׂראל. אין די דרײַסיקער יאָרן געשריבן אין ייִדישע צײַטשריפֿטן פֿון רומעניע וועגן דער בעל־מלאָכהשער הינטערגאַס, ווו ער איז אויפֿגעוואַקסן. אין **לעצטע נײַעס**, **ישׂראל שטימע** א״אַ ישׂראלדיקע אויסגאַבעס געדרוקט זיכרונות פֿון לאַגער. אין בוכפֿאָרעם: **אין סיבירער פֿאַרשיקונג**. ת״א, לייוויק־פֿ״ג, 1983.

קאַפּלאַן, אליהו — (— ראשון לציון, אויג׳ 20, 1970)

קאַפּלאַן, ישׂראל — (אַפּריל 20, 1902 —) — קאָרעקטער בוכטיטל: **צײַטנשניט**. — **לעצטער פֿרילינג**. היסטאָרישע נאָוועלע. ת״א, ישׂראל־בוך, 1985. 226 זז׳.

**קאָפּליאָוויטש, בעניע — (ווילנער גובערניע, 1891—1941) — קינדווײַז אַריבער מיט עלטערן קיין מינסק. 1912 אָפּגעגעבן מאַטורע־עקזאַמענס אין אַדעס און 1925 געענדיקט ייִדישן אָפּטייל פֿון מינסקער פּילאָלאָגישן אוניווערסיטעט. זיך פֿאַרנומען מיט לערערײַ אין ייִדישע שולן אין מינסק און פֿון 1932 אין ביראָ־בידזשאַן. פֿאַרעפֿנטלעכט פּעדאַגאָגישע אַרטיקלען אין **ביראָבידזשאַנער שטערן**. אין בוכפֿאָרעם: **רוסיש אין דער ייִדישער שול**. מאָסקווע, עמעס, 1935 און אַ רוסיש־ייִדיש ווערטערביכל (מאָסקווע, 1941). [ניט געזען]

סאָוועטיש היימלאַנד, 12:1983.

קאָפּע, רבֿקה — **אינטים מיטן בוך**. צווייטער באַנד. פּאַריז, 1983. 270 זז׳.

קאָפּעלאָוויטש, ל[ייב] — (קאַלוואַריע, ליטע — 1941) — בעתן דײַטשישן אָנפֿאַל אויף ליטע אַנטלאָפֿן פֿון קאָוונע און אומגעקומען אונטערוועגס.

**קאַפּעלקין, וו. — (   ) — אין די ערשטע יאָרן נאָך 1917 געווען לערער אין ייִדישע שולן אין אוקראַיִנע. אַרויסגעגעבן לערנביכער פֿאַר דער ייִדישער שול: [מיט א. וו. צינגער] **נאַטורקענטעניש.** אומאָרגאַנישע נאַטור. 106 ז׳; **נאַטורקענטעניש.** באָטאַניק. 70 זז׳; **נאַטור־קענטעניש.** זאָאָלאָגיע. 112 זז׳ — אַלע קיִעוו, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1923.

קאַצאָוויטש, לייזער — דעביוטירט מיט לידער אין 1920. ק׳ס ערשטע זאַמלונג דערציילונגען פֿאַר קינדער **קיווע דער ליגנער.** מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1926.

קאַצעוו, אַהרן־אַבֿרהם — דעביוטירט 1931 אין **זײַ גרייט.** אין איבערז׳ אויף אוקראַיִניש: **די מענטשנפֿולע גאַס.** לידער. סימפֿעראָפּאָל, 1972; **אַ בריוועלע דעם זיידן.** קינדערלידער. קיִעוו, 1975. וווינט אין כערסאָן.

קאַצעטניק — **די שבֿועה.** ת״א, פּרץ, 1982. 176 זז׳; **חיבוטי־אהבֿה.** [ירושלים], משׂרד הביטחון. 1984.

קאַצענעלסאָן, יצחק — **סיפּורים ומסות.** כרך א. ת״א, 1982; **מחזות.** ת״א, 1982; **ייִדישע געטאָ־כּתבֿים, וואַרשע, 1940—1943.** מיט אַרײַנפֿירן און דערקלערונגען פֿון יחיאל שיינטוך. בית לוחמי הגיטאות און הקיבוץ המאוחד, 1984. X, 770 זז׳; **מעינות,** 1903—1937. **מבֿחר שירים.** ת״א, דאָרטן, 1984.

ש. אבן־שושן, יצחק קצנלסון, מקונן השואה. ת״א, 1984.

**קאַצענעלסאָן, יצחק — (ווײַסרוסלאַנד — מאָסקווע, 1967) — זשורנאַליסט. 1916—1918 געלערנט אין מאָסקווער קאָמערצשול. דעביוטירט מיט פֿעליעטאָנען אין **מינסקער שטימע.** פֿון 1918 מיטגעאַרבעט אין מאָסקווער **וואַרהייט** (שפּעטער — **עמעס**) מיט אַרטיקלען, פֿאַרצייכענונגען, רעפּאָרטאַזשן, דערנאָך אין **אייניקײַט** (מאָסקווע).

סאָוועטיש היימלאַנד, מאָסקווע, 12:1984.

**קאַר, שלמה — (ריגע, יאַנ׳ 21, 1917 — ) — זשורנאַליסט. פֿאַר דער צווייטער וועלט־מילחמה רעדאַקציע־מיטגליד פֿון ריגער **אָוונט־פּאָסט.** מיטגעאַרבעט אין **אונזער וועלט** (מינכן) א״אַ צײַטשריפֿטן פֿון דער שארית־הפליטה אין דײַטשלאַנד.

**קאַראַלניק, בערל — (אומאַן, אוקראַיִנע, סעפּט׳ 29, 1893 — ירושלים, מײַ 5, 1959) — ברודער פֿון אַבֿרהם ק׳. באַקומען ייִדישע און אַלגעמיינע בילדונג. אַקטיוו ציוניסטיש. 1914 אָנגעהויבן זשורנאַליסטישע טעטיקייט אין קיִעווער ייִדישער צײַטונגען. 1924 געקומען קיין א״י, וווּ געווען 25 יאָר פֿאָרשטייער פֿון ייִט״א (ייִדישע טעלעגראַפֿן־אַגענטור). קאָרעספּאָנדענט פֿון **טאָג** (נ״י) א״אַ ייִדישע צײַטונגען אין אויסלאַנד.

ג. קרסל, 2; ד. תדהר, 11, ע׳ 3767.

ר.ג.

קאַראַנאַ, מרדכי — (— מעקסיקע, מיטן פֿעב׳ 1984)

קאַראַקושאַנסקי, שבתי — (— ריִאָ, פֿעב׳ 1, 1972)

**קאַרבמאַן־חייט, אַבֿרהם־ישעיה — (שעשאָל, ליטע, 1902 — ) — פֿון 1923 אין מעקסיקע. מחבר פֿון **אין לירישן געמיט.** מעקסיקע, 1972. 109 זז׳.

קאַרמאַן, יודל — (— פּאַריז, יולי 23, 1979)

קאַרמאַן, נתן־דוד — (— פּילאַדעלפּיע, יוני 9, 1981)

קאַרן, יצחק — **נישט ווערן מיד צו קלעטערן אויפֿן באַרג פֿון ייִדישער קולטור.** ת״א, 1979. 16 זז׳; **דאָס געראַנגל פֿאַר ייִדיש.** עסייען. ת״א, וועלטראַט פֿאַר ייִדיש, 1982. 243 זז׳. 1984 אָנגעהויבן פֿאַרעפֿנטלעכן אין **בײַ זיך** (ת״א) קאַפּיטלעך פֿון זײַן בוך **ייִדיש אין רומעניע**, וואָס ווערט געגרייט צום דרוק.

** קאַרן, פּ. — ( — ) — רעדאַקטאָר פֿון **דער יודישער אַלמאַנאַך.** וואַרשאַ, 1908. דאָרטן געדרוקט זײַן דרײַאַקטער **צו שפּעט.**

קאַרן, רחל — (— מאָנטרעאָל, סעפּט׳ 8, 1982)

קאַרנהענדלער, יחזקאל — (— פּאַריז, אַרום דעצ׳ 18, 1984) — **ייִדן אין פּאַריז.** פּאַריז, 1981. 2 בב׳; **דרײַ איבערלעבונגען.** פּאַריז, 1982. 67 זז׳.

קאַרפּ, האַריאַ — (— ירושלים, 1943)

קאַרפּינאָוויטש, אַבֿרהם — **אויף ווילנער גאַסן.** ת״א, גאָלדענע קייט, 1981. 158 זז׳; **צו פֿוס קיין ארץ־ישׂראל.** דערציילונגען. ת״א, פּרץ, 1985. 192 זז׳.

** קאַרץ, יעקבֿ־יוסף — (וואַרשע, יאַנ׳ 22, 1910 —) — שטאַמט פֿון האָרעפּאַשנע עלטערן. 1941 אַרעסטירט דורך געשטאַפּאָ אויף דער אַרישער זײַט. דורכגעמאַכט אוישוויץ און בוכענוואַלד ווי אַן אַריער. ביז 1961 אין וואַרשע און דערנאָך עמיגרירט קיין אויסטראַליע. — געשריבן אַרטיקלען אין **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע), **אויסטראַלישע ייִדישע נײַעס, מעלבורנער בלעטער, ישׂראל שטימע** (ת״א). אין בוכפֿאָרעם: **ייִדישער ווידערשטאַנד אין נאַצי־אָקופּירטן פּוילן.** ת״א, ב. שאַפּיר, 1979. 120 זז׳ [קליינער פֿאָרמאַט]. אַדאָפּטירטער נאָמען יאַבלאָנסקי.

קוויאַטקאָווסקי־פּנחסיק, רבֿקה — **אַחרונים שהיו... ראשונים להיות** (שירים ופואמות). ת״א, 1984.

קוויטקאָ, לייב — **יונגע יאָרן.** פּאָעמע. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1984. פֿון דער ערשטער אויפֿל׳ (קאָוונאַס, 1941) זײַנען געבליבן עטלעכע איינצלנע עקזעמפּלאַרן, ווײַל די איבעריקע זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן אין דרוקערײַ פֿון דײַטשישע באָמבעס.

סאָוועטיש היימלאַנד, 1973, דאָ פֿולע ביבליאָגראַפֿישע רשימה פֿון ק׳ס ווערק.

קוזנעץ, חיים — לעצטע פֿינף יאָר פֿון **טאָג־מ״זש** רעד׳ פֿון אָפּטייל „עלטערן און קינדער״. גרייט צום דרוק ביכער: **לידער; תורה־טײַטשן; מחשבֿות און רעיונות.**

קוטשינסקי, מאיר — פֿאַרעפֿנטלעכט בראָשור [מיט יוסף ראָזען] **דער אַרבעטער־קלאַס אין דײַטשלאַנד אונטערן טעראָר פֿון דער ס. צ. פּאָליציי** [ניט געזען].

** קויפּמאַן, יהודה — (באַלטע, אוקראַיִנע, מײַ 31, 1886 — ירושלים, פֿעב׳ 23, 1976 — אַדאָפּטירטער נאָמען — אבֿן־שמואל. געלערנט אין די

ישיבֿות פֿון קעשענעוו, באַלטע און אַדעס. פֿון 1905 שטודירט אין די אוניווערסיטעטן פֿון בריסל, פּאַריז לאָנדאָן און מאָנטרעאָל, וווּהין ער איז געקומען אין 1913. 1918 געקראָגן זײַן ד״ר־טיטל פֿון דראָפּסי־קאָלעדזש. ערשטער מנהל פֿון ייִדיש־העברעיִשן לערער־סעמינאַר אין נ״י, וווּ געווירקט פֿון 1917 ביז 1926, ווען עולה געווען קיין א״י. — ק׳ איז אַ פֿאָרשער פֿון דער ייִדישער פֿילאָסאָפֿיע, אָבער אַלע זײַנע ספֿרים געשריבן אין העברעיִש. אויף ייִדיש האָט ק׳ געדרוקט בלויז אין צײַטונגען און צײַטשריפֿטן: **קענעדער אָדלער**, ר. ברײַנינס **דער וועג, די קעמפֿער שטימע**. רעדאַקטירט וו״בל **דאָס וואָרט** (1915) און וו״בל **דאָס פֿאָלק** (1917) — אַלע מאָנטרעאָל. אין דער ייִדישער פּרעסע פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען אויף ציוניסטישע און אַלגעמיין־ייִדישע טעמעס, ליטע־ראַרישע אָפּהאַנדלונגען און וועגן ייִדישן חינוך.

ג. קרסל, 1.

**קויפֿמאַן, מרדכי** — געלעבט אין נ״י. פֿאַרעפֿנטלעכט הומאָרעסקעס און סצענקעס אין דער לינק־ייִדישער פּרעסע. אין בוכפֿאָרעם: **פּראָלעט־שטיפֿער**. נ״י, רויטע פֿעדים, 1934.

ע.ל.

**קויפֿמאַן, פֿעניע** — (אָסטראָפּאָל, אוקראַיִנע, סעפּט׳ 20, 1899 —) — עמיגרירט קיין אַמעריקע אין 1914. 1963 זיך באַזעצט אין מיאַמי־ביטש.

**קולבאַק, משה** — **געזאַמלטע ווערק** אין 3 בענדער. ווילנע, קלעצקין, 1926—1927; **גוט איז דער מענטש**. געקליבענע לידער און פּאָעמעס. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1979. 221 זז׳.

**קוליק, לעאָן** — (גראָדנע, אַפּריל 10, 1919 — מאָנטעווידעאָ, אַפּריל 10, 1971) — זשורנאַליסט. אַלגעמיינע בילדונג. 1935 געקומען קיין אורוגווײַ. 1947—1957 שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון **אונזער פֿרײַנט**, פֿון 1970 רעד׳ פֿון **הײַנט** — ביידע אין מאָנטעווידעאָ.

ש.ס.

**קופּער, מרדכי** — (— ל״אַ, סעפּט׳ 22, 1976) — אַ סך יאָרן געלעבט אין באָסטאָן, וווּ געקומען צו קבֿורה.

**קופּער, ש.** — ( ) — לערער אין ייִדיש־סאָוועטישע שולן. אַרויסגעגעבן לערנביכער פֿאַר דער ייִדישער שול: [מיט מ. קאַלינאָווער] **אַריפֿ־מעטישער אויפֿגאַבער**. פֿאַרן צווייטן לערניאָר. קיִעוו, קולטור־ליגע, 1927. 120 זז׳ [2טע דערגאַנצטע אויפֿל׳ — 1928; 4טע אויפֿל׳ — 1929].

**קופּערשטיין, לייב** — אָנגעשריבן אַ מאָנאָ־גראַפֿיע וועגן יעקבֿ פֿיכמאַן (אין זײַן אַנטאָלאָגיע **אסיף, לקט מכתביו של י. פיכמן**. ת״א, תשי״ט) און אַן אַרבעט וועגן אפֿרים אויערבאַך (אין **עיר לבֿנה־ווײַסע שטאָט**. ת״א, 1960).

**קופּערשמיד, שלום י.** — (אַפּריל, 1889 —)

**קוריצקי, אַסיאַ** — **ניט קיין אַלבאַטראָס**. ת״א. ישׂראל־בוך, 1981. 80 זז׳.

**קורלאַנד, לייב** — (— פּאַריז, מיטן פֿעב׳ 1984) — **אַ שמאָלע בריק**. ראָמאַן. ת״א, פּרץ, 1981. 237 זז׳; **אַ קעמל בײַם כּנרת**. דערציילונגען און מיניאַטורן. ת״א, 1982. 168 זז׳.

**קושעלעוויטש, חיים** — (— יאָהאַנעסבורג, יוני 8, 1981) — [א״נ חיים סאַקס] **ס׳איז געווען אַמאָל**. יאָהאַנעסבורג, 1970.

**קיווין, שלמה** — 1938 אַרעסטירט געוואָרן און אומגעקומען אין אַ סאָוועטישן לאַגער. אַרויסגעגעבן די בראָשור **דער אַרבעטער־קלאַס און די אַרבעטער־באַוועגונג אין פּאַלעסטינע** [ ניט געזען] . אין רוסיש: **צו דער געשיכטע פֿון דער פּאַרטיי און בײַם וויגעלע פֿון דער פּאַרטיי.** פּסעווד׳ — ס. א., א. א. נ. ד., סאָלאָמאָן.

**קײַזער, שלמה** — (— נ״י, יוני 30, 1982)

****קיילעס, הערץ** — (גראָדזשיסק, בײַ ביאַ־ליסטאָק, אַפּריל 15, 1905 —) — געלערנט אין חדר און פּוילישער פֿאָלקשול. 1921—1928 אין וואַרשע. פֿון 1929 אין מאָנטרעאָל, ווו געווען ביבליאָטעקאַר אין דער ייִדישער פֿאָלקס־ביבליאָטעק. זינט 1930 פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען וועגן ייִדיש־ליטעראַרישע ענייִנים און ביבליאָטעקערײַ אין **קענעדער אָדלער** (שפּעטער — **קאַנאַדער אָדלער**), **טאָג, פֿאַ״ש** — נ״י, **ביבליאָטעק־בוך** (מאָנטרעאָל, 1934), **אָנהייב** (מיאַמי־ביטש). אַרויסגעגעבן **אַ ביבליאָגראַפֿיע וועגן לייוויקן.** מאָנטרעאָל, 1942 (העקטאָגראַפֿירט). פּסעווד׳ — פּי. עס, הערץ.

**קייש, אורי** —

ו. טאַמבור, ייִדיש־פּרעסע אין רומעניע. בוקאַרעשט, 1977. זז׳ 142־149.

**קיסעלהאָף, זוסמאַן** — (1884 — לענינגראַד, 1939) — **רעפֿעראַט איבער ייִדישער פֿאָלקס־מוזיק.** פּעטערבורג, 1913.

***קיפּניס, איציק** — קינדער־מעשׂהלעך: **מײַסעלאַך פֿאַר קליינע קינדער.** קיִעוו, קולטור־ליגע, 1922. 58 זז׳; **הויף כאַווײרים.** דאָרטן. 12 זז׳; **הינדע און הערשעלע.** דאָרטן, 1923. 12 זז׳; **מאַיסעלעך.** דאָרטן, 1923. 16 זז׳; **דאָס פּאַנטאָפּעלע.** דאָרטן, 1923. [12] זז׳; **אַ בער איז געפֿלויגן.** דאָרטן, 1924. 37 [1] זז׳; **די פּאַרשטערטע כאַסענע.** קינער־פּיעסע אין איין אַקט. דאָרטן, 1924. 18 [2] זז׳; **רוסישע מײַסעלעך.** קיִעוו, סאָראַבקאָפּ, 1924. 50 זז׳; **מײַסעלאַך.** דאָרטן, 1924 [ דאַרף זײַן: 1927] . 69 זז׳; **אָ אַ.** מינסק, צענטרפֿאַרלאַג, 1929. 23 זז׳; **אונדזער מיידעלע לאַנאַ.** קיִעוו, קולטור־ליגע, 1929. 35 זז׳; **אין קלעם.** דאָרטן, 1929. 35 זז׳; **טאַטעשי, טאַטעשי** און אַנדערע מאַיסעלעך. מינסק, צענטרפֿאַרלאַג, 1929. 49 זז׳; **ס׳קערט זיך אַ וועלט.** מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1929. 44 זז׳; **אָט ווער מיר איז הײַנט געפֿאַלן** [ לידער] . מאָסקווע־מינסק, צענטר־פֿאַרלאַג, 1930. 41 זז׳; **דאָדל און שאַי־כאַלי** [ ליד] . דאָרטן, 1930. 13 [1] זז׳; **מײַסעלעך.** דאַרטן, 1930. 23 זז׳; **שטענדיק גרייט.** אַ געגראַמטע פּאָעמע פֿאַר קינדער. דאָרטן, 1930. 26 זז׳; **בורו־מורו.** [ כאַרקאָוו־אָדעס], קינדער־פֿאַרלאַג, 1935. 17 [3] זז׳; **אַ נאָמענ וועט שוינ זײַנ.** דאָרטן, 1935. 28 [4] זז׳; **פֿרייד.** מינסק, מעלוכע־פֿאַרלאַג, 1935. 86 [2] זז׳; **אַ שיינע אָרדענונג.** מאָסקווע, עמעס, 1936. 31 [1] זז׳; **דוראָווס שול** [ ליד] . דאָרטן, 1937. 16 זז׳; **קליינע דערציילונגענ.** קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינד־פֿאַרלאַג, 1937. 30 זז׳; **אַז דער זיידע איז געשלאָפֿן.** דאָרטן, 1938.. 28 זז׳; **יונג און אַלט.** (אָדעס), קינדער־פֿאַרלאַג, 1938. 81 זז׳; **ציפּ, ציפּ, באָבינקע.** קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינפֿאַרלאַג, 1938. 72 זז׳; **ווער עס לאַכט דער לעצטער.** מאָסקווע, עמעס, 1939. 23 [1] זז׳; **דער ערשטער טראָט.** אוקרמעלוכענאַצמינד־פֿאַרלאַג, 1939. 47 [1] זז׳; **קליינ און גרויס.** דאָרטן, 1939. 148 זז׳; **דערציילונגענ און מײַסעס.** דאָרטן, 1940. 174 [2] זז׳; **פֿאַר די קליינע קינדערסוועגג.** מאָסקווע, עמעס, 1940. 43 זז׳; **טאָג און טאָג.** ת״א, פּרץ, 1980. 438 זז׳.

**קיפּניס, לעווין** —

עיונים ביצירת לוין קיפניס. ת״א [ 1982?]

****קיפּניס, סיאָמע (שמעון)** — (מיאַסט־קיווקע, אוקראַינע, אַפּריל 17, 1912 —) — געלערנט אין חדר און ייִדישער פֿאָלקשול. געענדיקט ייִדישן

אָפּטייל פֿון אַדעסער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. בעתן צווייטן וועלטקריג געדינט אין דער רויטער אַרמיי. 1979 עמיגרירט קיין אַמעריקע. לעבט אין פֿילאַדעלפֿיע. — דעביוטירט 1931 אין **פּראָליט**. געשריבן דערציילונגען און סקיצן אין **זײַ גרייט, יונגע גוואַרדיע, עמעס**, שפּעטער אין **פֿאָלקס־שטימע** (וואַרשע), **נײַע פּרעסע** (פּאַריז). — אין בוכפֿאַרעם: **יאַטנ פֿונ סטעפּ**. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכע־נאַצמינדפֿאַרלאַג, 1932. 37 [2] זז׳; **פּאַשקע קאָמוניסט**. דאָרטן, 1934. 46 [2] זז׳; **אַ פּאָדאָליער יונג**. דאָרטן, 1935. 186 זז. ק׳ איז דער פֿאַקטישער מחבר פֿון **יזכור־בוך** פֿון די אומגעקומענע ייִדן אין באַבי־יאַר [פֿילאַדעלפֿיע]. 1983. 82, 202 זז׳ — ייִדיש, רוסיש, ענגליש. פּסעווד׳ — א. מיאַסטיקיוּוקער.

**קיפּער, מאָטל** — (1896, בטעות: 1869, ב׳ 8)

***קיריטשאַנסקי, פּיניע** — 1931 אַריבער מיט עלטערן קיין קאָראָסטישעוו. פֿון 1934 אין קיִעוו, ווו געענדיקט אַ ייִדישע שול. עטלעכע צענדליק יאָר אַ פֿאַבריק־אַרבעטער. 1937 דעביוטירט מיט אַ ליד אין **זײַ גרייט**. זינט דעמאָלט פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין **שטערן** (כאַרקאָוו), **עמעס, אָקטיאַבערל, סאָוועטישע ליטעראַטור, אָנהייב** א״אַ. 1948 געדרוקט אַ ציקל לידער אין קיִעווער זשורנאַל **דער שטערן**. זינט 1961 אָנגעהויבן דרוקן אין **סאָוועטיש היימלאַנד**. וווינט אין קיִעוו.

**קירש־האָלטמאַן** — איבערגעז׳ [מיט משה ה.] לענינס **דער ראַדיקאַלער קאָמוניזם** (נ״י, 1920) און בוכאַרינס **דער א״ב פֿון קאָמוניזם** (נ״י, 1923).

****קישנער, נחום** — ( ) — אויטאָר פֿון **אַנטיסעמיטיזם, אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג**. היסטאָריש־אַנאַליטישער איבערבליק. נ״י, 1946. 146 זז׳.

****קלאָס, מאַקס** — (פּולטוסק, פּוילן, אַרום 1900 — ריאָ, אַרום 1976) — אַקטיאָר. 1919—1973 געלעבט אין דײַטשלאַנד, דערנאָך אין בעלגיע. פֿון יוגנט אָן געשפּילט ייִדיש טעאַטער אין אַ ריי לענדער. 1939 עמיגרירט קיין אַרגענטינע, שפּעטער קיין בראַזיל. פֿאַרעפֿנטלעכט טעאַטער־זיכרונות אין זײַן בוך **בײַם שײַן פֿון ראַמפּע־ליכט**. ב״אַ, 1972. 302 זז׳.

י.ה.

****קלאַצקין, יעקבֿ** — (קאַרטוז־בערעזע, פּוילן, מערץ 10, 1882 — וועווע, שווייץ, מערץ 26, 1948) — מחבר פֿון אַ ריי פֿילאָסאָפֿישע ווערק אין דײַטש און בעיקר אין העברעיִש. עקסטרעמער העברעיִסט און שולל־הגלות. פֿונדעסטוועגן האָט ק׳ פֿאַרעפֿנטלעכט עטלעכע פֿילאָסאָפֿישע עסייען אין **צוקונפֿט** (נ״י): וועגן הערמאַן קאָהאַן. אַחד־העם, רעליגיע פֿון שׂכל, אַסימילאַטאָרן .זון פֿילאָסעמיטן (9:1922, 7:1924, 6:1925). אויף ייִדיש איז אויך אַרויס ק׳ס בוך **די פּראָבלעמען פֿון מאָדערנעם יודענטום**. וואַרשע, אַחיספֿר [1930] 205 זז׳. [פֿריִער אַרויס 3 אויפֿל׳ אין דײַטש]. ניט פֿון שער־בלאַט, ניט פֿון ק׳ס הקדמה אין ייִדיש איז ניט צו זען, אַז דאָס בוך איז איבערגעזעצט, כאָטש מען קען זיך ניט באַפֿרײַען פֿון דאָזיקן ספֿק, געדענקנדיק ק׳ס סאַמע עקסטרעמען העברעיִזם. דערבײַ איז כּדאַי צו דערמאָנען נאָך אַן אינטערעסאַנטן פֿאַקט: דאָס בוך אין ייִדיש איז ניט אַרויס אין העברעיִש. דבֿ סדן און געצל קרעסל ווייסן ניט וועגן ק׳ס ייִדיש שרײַבן.

ז. רייזען, 1; ג. קרסל, 2; מ. סודאַרסקי, „ליטע“, 2. ת״א, 1965. זז׳ 775־787.

****קלורפֿעלד, חיים** — (סעפּט׳ 27, 1899 — נ״י, אַפּריל 19, 1955) — עמיגרירט קיין אַמעריקע אין 1920. געוווינט אין בראָנקס. אויטאָר פֿון **איך זינג און דערצייל**. נ״י, בוך־קאָמיטעט, ־195. 96 זז׳.

****קליאָנסקי, חיים** — געלעבט אין מינסק. רעד׳ פֿון **לעבענס־פֿונקען**. ליטעראַרישע זאַמלונג.

מינסק, פֿאַרן פֿאָלק, 1918. 64 זז׳. דאָרטן פֿאַר־עפֿנטלעכט זײַן אײנאַקטער **צוליב אַ צעטל.** 1913 געשפּילט אין יפֿו אין **בגלל כרטיס גורל.**

ע. ל.

**קליגער, קהת** — (— ב״אַ, אַפּריל 20, 1985)

**קליימאַן, אַלטער** — שפּעטער עולה געווען קיין ישׂראל.

**קליינמאַן, שמריהו** — טויטדאַטע פֿאַלש (ב׳ 8). געשטאָרבן יאַנ׳ 25, 1986, אין דעטראָיט.

**קלינגער, ישׂראל־חיים** — (אָקט׳ 6, 1908 —) — אָנגעהויבן שרײַבן 1927 אין דער ייִדיש־פּוילישער **כווילאַ** און 1933 אין **לעמבערגער טאָגבלאַט.** רעדאַקטירט צ״ש **ליכט און שאָטן** (פּאַריז, 1938—1939). אויטאָר פֿון **ייִדן און ייִדישקייט אַמאָל און הײַנט** פּאַריז, 1944.

****קלעטשעווסקי, יצחק** — (1893 — פּאַריז, אַפּריל 14, 1968) — געווען לאַנגע יאָרן אַ בונדישער טוער אין לאָדזש און וואַרשע. איבערגעלעבט דעם חורבן אין סאָוועט־רוסלאַנד, 1958 זיך באַזעצט אין פּאַריז. אָנגעהויבן שרײַבן אין די בונדישע צ״ש פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה. געווען רעדאַקציע־סעקרעטאַר פֿון די בונדישע **פֿאָלקס־צײַטונג** און **וועקער** אין קיִעוו, שפּעטער קאַלישער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער וואַרשעווער **פֿאָלקסצײַטונג.** געשריבן אויך אין פּאַריזער **אונזער וואָרט.**

ח. ל. פֿוקס, לאָדזש של מעלה. ת״א, 1972. ז׳ 251; אינפֿאָרמאַציע פֿון י. קעמפּינסקי, נ״י.

**קלעפּפֿיש, העשל** — **עכאָס פֿון אַ פֿאַר־שווונדענער צײַט, 1929—1939.** עסייען. ת״א, וועלטראַט פֿאַר ייִדיש, 1981. 450 זז׳; **צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, 1929—1939.** ליטעראַרישע עסייען. דאָרטן. 1982. 568 זז׳; **דאָס ווונדער פֿון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום.** דאָרטן, 1984. 405 זז׳

****קנאַפּהײַם, מרים** — (באָגאָפּאָל, רוסלאַנד, יוני 12, 1898 —) — געענדיקט רוסישע גימנאַזיע אין גאָלטע (רוסלאַנד) און דעם מעדיציניִשן פֿאַקולטעט אין ראָסטאָוו. 1924 רעפּאַטרייִרט קיין וואַרשע. אָנהייב צווייטן וועלטקריג אַנטלאָפֿן קיין ביאַליסטאָק, פֿון דאָרטן פֿאַרשיקט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מאַכט קיין אַרכאַנגעלסק. צוריקגעקומען קיין פּוילן, 1948 עמיגרירט קיין וויניפּעג און 1967 עולה געווען קיין ישׂראל. — געשריבן אין **דאָס ייִדישע וואָרט** (וויניפּעג), **אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער** (ב״אַ). אין בוכפֿאָרעם: **אַ תּפֿילה אין דער נאַכט.** לידער. ת״א, פּרץ, 1979. 132 זז׳*

* אין דער ביאָגראַפֿיע פֿון משה קנאַפּהײַס (ב׳ 8) ווערט בטעות אָנגעגעבן, אַז מרים ק׳ איז די פֿרוי פֿון משה קנאַפּהײַס.

****קעלמאַנסאָן, שלמה** — (קאָברין, פֿעב׳ 23, 1910 — מאָנטעווידעאָ, אָקט׳ 19, 1968) — געקומען קיין אורוגווײַ אין 1933. געשריבן דערציילונגען, הומאָרעסקעס, זיכרונות אין מאָנטעווידעאָר צ״ש **הײַנט, דאָ, דאָס וואָרט; אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער** (ב״אַ). באַטייליקט אין יזכּור־בוך קאָברין.

ש. ס.

****קעלסאָן, אַביגדור** — (  ) — האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ריי בראָשורן אין דער סעריע „גראָשן־ביבליאָטעק״, וואַרשע: **אַמעריקאַנער מיליאָנערן.** 1930. 63 זז׳; **סידנעי ריילי,** די גרעסטע פֿאַרשווערונג קעגן די סאָוויעטן. 1933. 63 [1] זז׳; **דער טויט פֿון קאַפּיטאַן ריילי.** 1933. 63 [1] זז׳

[2טער טייל פֿון **סידנעי ריילי**]; **טרעביטש לינקאָלן,** דער גרעסטער אַוואַנטוריסט פֿון אונזער צײַט. 1933. 63 זז׳.

**קעניג, אַבֿרהם** — ( — מאָנטעווידעאָ, יוני 12, 1983)

**קעניגער, חיים — (וואַרשע, אויג׳ 13, 1917 —) געלערנט אין חדר און אין פּוילישער גימנאַזיע. סוף 1939 אַנטלאָפֿן קיין סאָוועט־רוסלאַנד, דאָרטן פֿאַרשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער. 1945 צוריק אין פּוילן און 1947 אַוועק קיין פּאַריז. געדרוקט לידער אין פּוילישע זשורנאַלן. פֿון 1973 פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין **חשבון** (ל״א), **צוקונפֿט** (נ״י), **ירושלימער אַלמאַנאַך, בײַ זיך** (ת״א). אין בוכפֿאָרעם: **פֿון פֿיר זײַטן** [לידער]. פּאַריז, 1984. 144 זז׳.

**קעסטאָר, לויִס — (יאַמפּאָל־פּאָדאָלסק, מײַ 6, 1894 —) — אָריגינעלער נאָמען — ח. ל. קאַטעשסטאָר. פֿון 1920 אין אַמעריקע. געשריבן דערציילונגען און סקיצן אין **פֿאַמיליען זשורנאַל,** (נ״י), **אידישער קוריער** (שיקאַגאָ), **אונזער פֿאָלקס פֿרײַנד,** אָבער מערסטנס אין פֿילאַדעלפֿיער **אידישע וועלט.** צוליב קראַנקייט גיך אויפֿגעהערט שרײַבן.

**קערמאַן, מרדכי — (קאַרלין, 1858 — חיפֿה, יאַנ׳ 5, 1954) — געלערנט אין חדרים. פֿון פֿאַר אַ שנײַדער. 1935 עולה געווען קיין א״י. אין טיפֿן עלטער געשריבן **מײַנע זכרונות** (הונדערט יאָר פּינסק). חיפֿה, [1950] [VII] 225 זז׳.

ב. האָפֿמאַן [צבֿיון], טויזנט יאָר פּינסק. נ״י, 1941. זוכצעטל.

**קערנער, שמואל — (לעמבערג, מײַ 12, 1907 —) — 1926 געענדיקט ייִדישע גימנאַזיע אין לעמבערג און 1931 דעם דאָרטיקן אוניווערסיטעט. 1932—1939 לאַטײַן־לערער אין אַ לאָדזשער גימנאַזיע. צווייטן וועלטקריג איבערגעלעבט אין סאָוועט־רוסלאַנד. 1952—1968 רעדאַקטאָר אין דער פּוילישער פּרעסע־אַגענטור אין וואַרשע. פֿון 1968 אין פּאַריז. 1919 באַקומען ד״ר־טיטל פֿאַר זײַן טעזע וועגן דער ייִדישער קהילה אין מעץ, 1749—1789. גאַסט־לעקטאָר פֿון ייִדישער ליטעראַטור אין פּאַריזער אוניווערסיטעט. געשריבן היסטאָרישע אַרטיקלען אין פֿראַנצייזישע און ייִדישע צײַטשריפֿטן. אויטאָר (מיט נח גריס) פֿון ערשטן **ייִדיש־פֿראַנצייזישער ווערטערבוך.** פּאַריז, 1982. 371, XXIV זז׳.

**קערש, יהודה — צי איז פֿראַנץ קאַפֿקאַ אַ ייִדישער שרײַבער.** עסייען. ת״א, עמך, 1981. 296 זז׳.

**קערש, ראָזע — דאָס צעטעלע איז געבליבן אויפֿן טיש.** דערציילונגען. ת״א, 1981. 190 זז׳ [זע: קערש, יהודה, ב׳ 8].

**קערשטיין, זכריה** — (— נ״י, נאָוו׳ 1969)

**קראַוועץ, נפֿתּלי** — (— שיקאַגאָ, אויג׳ 3, 1979)

**קראַטקאָ, זלמן** — (— בת־ים, מערץ 11, 1982)

**קראַמף, רחל — אַראָפּ אין די הויכן.** לידער. לייוויק־פּ״ג, 1984. 95 זז׳.

**קראָן, חיים־זלמן — (ריטעווע, ליטע, 1898? — פֿאַקראָי, ליטע, זומער 1941) — געלערנט אין חדר און ישיבֿות. זייער אַקטיוו אין „צעירי ישראל״. מיטגרינדער פֿון דער אָרטאָדאָקסישער

מיידל־גימנאַזיע „יבֿנה" אין טעלז. בײַ צען יאָר לערער און דירעקטאָר אין קאָוונער „יבֿנה"־גימנאַזיע. 1925 אַ קורצע צײַט רעפֿערענט פֿאַר ייִדישע ענינים אין ליטווישן אינערן־מיניסטעריום. אין די דרײַסיקער יאָרן רבֿ אין פּיקעלן און פּאָקראָי, ווו אומגעקומען מיט זײַן גאַנצער קהילה אין 1941. — פֿון 1921 מיטאַרבעטער אין אָרטאָדאָקסישן **דער אידישער לעבען** (קאָוונע, 1921 — וו״בל; 1922—1923 — ט״צ; פֿון 1924, מיט גרויסע הפֿסקות, וו״בל). געשריבן איבער געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען און חינוך. זיך געדרוקט אויך אין העבר׳ **הנאמן** (טעלז־קאָוונע, 1925—1939) א״אַ אָרטאָדאָקסישע אויסג׳. פּסעווד׳ — חז״ק.

## קראַנט, מרים

**קראַנט, מרים** — געשריבן אין **פֿאַ״ש, אויפֿסנײַ, אויפֿן שוועל** — נ״י, **די פּרעסע** (ב״אַ), **קענעדער אָדלער, קינדער זשורנאַל, מאָנטרעאָלער העפֿטן, דער וועקער, פֿאָלקס־שטימע** (פּוילן) **די פּרעסע** (אַרגענטינע), **פֿרײַע אַרבעטער שטימע.** — ביז 1955 געשריבן אויך א״נ מ. ווײַנבערג. — וווינט אין מאָנט־רעאָל.

## קרופּין, נחמן — (— ל״אַ, יוני 1962)

## קריטשמאַר, נחום — (— ב״אַ, פֿעב׳ 20, 1983).

## **קריינער, אַבֿרהם

**קריינער, אַבֿרהם** — (טישעוויץ, פּוילן, אַפּריל 15, 1920 —) — ייִדיש־פּוילישער פּאָעט א״נ אַרנאָלד סלוצקי. שטאַמט פֿון אַ משׂכּילישער משפּחה. געלערנט אין וואַרשעווער „תּחכמוני". אַרויסגעגעבן בײַ צוואַנציק בענד לידער און איבערזעצונגען אין פּויליש. 1968 געקומען פֿון פּוילן קיין ישׂראל, אַרום 1971 אַוועק קיין דײַטשלאַנד און דאָרטן געשטאָרבן. אין די דרײַסיקער יאָרן פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין לאָדזשער **ליטעראַרישע טריבונע, פֿאָלקס־צײַטונג, ליטעראַרישע בלעטער** — וואַרשע. געגרייט אַנטאָלאָגיע פֿון פּרץ ביז סוצקעווער, אָבער ניט באַוויזן אַרויסצוגעבן.

גאָלדענע קייט, ת״אַ, 1969. ז׳ 60.

## קרימער, גאָלדע, זע: גוטמאַן־קרימער (ב׳ 2)

## **קרישטאַלקע, שיפֿרה

**קרישטאַלקע, שיפֿרה** — (טישעוויץ, פּוילן, דעצ׳ 19, 1909 —) — אויפֿגעהאָדעוועט אין אַ ייִדיש־טראַדיציאָנעלער היים. געענדיקט פּוילישע פֿאָלקשול. 1931 גראַדויִרט פֿון ווילנער ייִדישן לערער־סעמינאַר. 1933 עמיגרירט קיין מאָנטרעאָל און לאַנגע יאָרן געווען לערערין אין די דאָרטיקע ייִדישע שולן. מחבר געווען און באַאַרבעט אַ ריי לידער־און מעשׂה־ביכלעך, מערסטנס אַרויסגעגעבן דורך „היים און שול" (מאָנטרעאָל) אין די זיבעציקער יאָרן: **די שול** (6 ביכלעך), **אין דער היים** (26 זז׳) **אַ גוט שבת, חנוכּה, דער יום־טובֿ פֿון די ביימער, פֿרילינג איז שוין דאָ, זומער־לעב** — אַלע 6־7 זז׳; **פּסח** (5 ביכלעך), **די זון און די לבֿנה** (5 חומש־מעשׂהלעך) א״אַ (געפֿינען זיך אין מאָנטרעאָלער ייִדישער פֿאָלקס־ביבליאָטעק). אין **פּנקס טישעוויץ** (ת״אַ, 1970) געדרוקט עטלעכע זאַכן. פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען און אַרטיקלען וועגן שול־עניינים, ביכער און שרײַבערס אין **קענעדער אָדלער, דער וועג, וואָכנבלאַט** (טאָראָנטאָ), **מאָרגן־פֿרײַהייט, ייִדישע קולטור** — נ״י, **חשבון** (ל״אַ) א״אַ. פּסעווד׳ — מ. פֿישער.

ח. ל. פֿוקס, הונדערט יאָר; א. באַראַבאַן, ייִדישע צײַטונג, ת״אַ, אַפּריל 9, 1971; ב. אָרענשטיין, קענעדער אָדלער, יולי 18, 1971; ב. גרין, מאָרגן פֿרײַהייט, נ״י, דעצ׳ 26, 1971.

## **קרישטאַלקע, שלום־יוסף

**קרישטאַלקע, שלום־יוסף** — (לודמיר, וואָלין, פֿעב׳ 4, 1905 — מאָנטרעאָל, אויג׳ 16, 1977) — געלערנט אין חדר און „תּרבות"־שול. 1933 עמיגרירט קיין קאַנאַדע. געדרוקט אַרטיקלען, פֿאַרצייכענונגען און קאָרעספּאָנדענציעס אין

**קענעדער אָדלער, וואָכנבלאַט** (טאָראָנטאָ), **מאָרגן פֿרײַהייט, ייִדישע קולטור** — נ"י. אין **פּנקס טישעוויץ** (ת"א, 1970) זײַנען דאָ ק'ס עטלעכע סקיצן.

**קרעדיטאָר, ראָזע** — (— נ"י, סעפּט' 6, 1978)

**קרעמער, בנימין** — (— וואַרשע, 1939)

אידישע שטימע, קאָוונע, 1939, נומ' 6268

**קרעסל, געצל** — **כּתבֿי דבֿ סדן. ביבליאָגראַפֿיה.** חלק ראשון. [ת"א], עם עובֿד, 1981. 129 ע.

**קשבֿ, שבתי** — (— ת"א, סוף סעפּט' 1981)

# ר

**ראַב, אסתר** — **תּפֿילה אחרונה.** ת"א, 1972.

****ראַבין, חיים** — (לאַנאָוויץ, וואָלין, יאַנ' 15, 1911 — ) — געלערנט אין פֿאָלקשול און ישיבֿה. געענדיקט פּאָזנאַנסקיס לערער־סעמינאַר אין וואַרשע. פֿון 1935 אין א"י־ישׂראל. אין העברעיִש פֿאַרעפֿנטלעכט מערערע ביכער (**היבשת האבֿודה**, 6 קינדערביכער א"אַ). אויף ייִדיש דעביוטירט צו 16 יאָר אין **קרעמעניצער שטימע**, געשריבן אין **ראָוונער צײַטונג, הײַנט** (וואַרשע). רעד' אַ ריי יזכור־ביכער: וואָראָנאָווע, ווישאָגראַד, ווישנעוויץ, לאַנאָוויץ, שומסק א"אַ — אַלע ייִדיש־העברעיִש.

ר. ג.

**ראַבין, יוסף** — פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ריי ראָמאַנען אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע): **כאַוועלע געפֿען** (1:1965); **איך זע דיך, ווילנע** (1:1968, 2); **העשל דער סטאָליער און זײַן אייניקל** (4:1975, 6); **לייע און איר מאַמע** (11:1978), **ראָזע קאַדיש און איר זון** (4:1980, 5).

****ראַבינאָוויטש, אהרן־וואָלף** — (סטאַ־וויסק, פּוילן, 1853 — לאָנדאָן, יולי 5, 1932) — געענדיקט רבנים־סעמינאַר אין ברעסלוי. געלעבט אין קיניגסבערג, פּאַריז און פֿון 1880 אין לאָנדאָן. דאָרטן געהאַט דרוקערײַ פֿאַר ייִדישע און העברעיִשע אויסג'. סאָציאַליסט, שפּעטער חובֿבֿ־ציון. ר'ס עיקר־באַטײַט פֿאַר ייִדיש איז דאָס אַרויסגעבן און רעדאַקטירן (מיט מאָריס ווינטשעווסקי) דעם זשורנאַל **דער פּוילישער אידעל** (לאָנדאָן, 1—15, 1884), וואָס איז שפּעטער געגאַנגען א"נ **דיא צוקונפֿט**.

ג. קרסל, בדרך, ת"א, סעפּט' 1967.

**ראַבינאָוויטש, ד. ל. — אויטאָר פֿון דער פּיעסע **אייביק אָפּגענאַרטע**. נ״י, 1946. 58 זז׳ — וועגן „ייִדישן לעגיאָן״ (פֿריִער געדרוקט אין המשכים אין **די פֿעדער**, נ״י, 1931, א״ט **די אָפּגענאַרטע**).

ע.ל.

**ראַבינאָוויטש, זאבֿ — (פּינסק, דעצ׳ 11, 1900 —) — געענדיקט מעדיצין אין קיניגסבערג. געאַרבעט דאָרטן ווי אַ דאָקטער, דערנאָך אין בערלין און קעלן. 1933 עולה געווען קיין א״י און פּראַקטיקירט אין חיפֿה. פֿאַרעפֿנטלעכט פֿאָרשאַרבעטן אין העבר׳, ענגליש, דײַטש. אין ייִדיש געדרוקט פּאָפּולער־מעדיציניש אַרטיקלען אין **פֿאָלקס־געזונט** (ווילנע, 1926—1928), היסטאָרישע אַרטיקלען אין **פּינסקער שטימע** (1930—1938) און אין **היסטאָרישע שריפֿטן, ב׳** 2 (ווילנע, 1937). רעד׳ **פּינסק**, ספֿר עדות וזכרון. ת״א, 1973—1977. 2 בב׳ (ייִדיש, העבר׳, ענגליש).

ג. קרסל, 2.

ר.ג.

ראַבינאָוויטש, יחזקאל — (— נ״י, דעצ׳ 24, 1982)

**ראַבינאָוויטש, ישׂראל־נחמיה — (ווילנע) — אָנהייב צוואַנציקער יאָרן עמיגרירט קיין באָסטאָן. מחבר פֿון **גן לישׂראל**. פֿערשיעדענע רעדעס אויף פֿערשיעדענע צײַטען. באָסטאָן, תּרפּ״ב. 104 זז׳.

**ראָגאָוו, רבֿקה — (ביאַליסטאָק, אַפּריל 14, 1902 —) — געלערנט אין ביאַליסטאָקער קאָמערץ־שול און ייִדישן לערער־סעמינאַר. לערערין אין ייִדישע פֿאָלקשולן אין פּוילן. 1928 עמיגרירט קיין דערבן (דרום־אַפֿריקע). זינט 1951 פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין **דרום־אַפֿריקע, אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג, יום־טובֿ בלעטער** — יאָהאַנעסבורג, **ביאַליסטאָקער וועגן** (ב״אַ). אין בוכפֿאָרעם: **לידער און פּאָעמעס**. דערבן, 1977. 75 זז׳.

ראָדאַק, י[צחק] — 1926 געקומען פֿון ריגע קיין קיִעוו. אַספּיראַנט אין דער פּעדאַגאָגישער סעקציע פֿון אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער קולטור אין קיִעוו.

ראָדעסקו, ליפּע — (אַרום 1854 — יולי 18, 1896) — אָריגינעלער נאָמען — ליפּע־מאיר רודיך. מחבר פֿון פּורים־שפּילן און יום־טובֿ־בלעטער. אין **הגיבור** געדרוקט ראָמאַן **אַ משומד אין דער משפּחה**. אַרויסגעגעבן **דיא צוואה**. איין לעבענס בילד אין איין אַקט. בוקאַרעשט [1886?].

ראַווידאָוויטש, שמעון — **שׂיחותי עם ביאַליק**. ירושלים־ת״א, 1983.

ראָזאַנקאַ, ווערא — (— נ״י, אויג׳ 27, 1985)

ראַזומני, מאַרק — 1986 וועט סאָוועטסקי פּיסאַטעל אַרויסגעבן זײַן בוך **אַ וועלט מיט ווונדער** — דערציילונגען, נאָוועלעטן, משלים.

**ראַזין, אַהרן — (אָזליאַן, ווײַסרוסלאַנד, יאַנ׳ 6, 1910 —) — פֿון 1919 אין מינסק. דאָרטן געענדיקט רעגירונג־שול און אינזשינער־עקאָנאָם אין כאַרקאָוו. פֿאַרמישפּט געוואָרן אויף פֿינף יאָר לאַגער פֿאַר ציוניסטישער אַרבעט (1935—1940). די גאַנצע צווייטע וועלט־מילחמה אויף די פֿראָנטן ווי אַ סאָלדאַט פֿון דער רויטער אַרמיי. פֿון 1967 אין ישׂראל. געשריבן וועגן ייִדן אין סאָוועט־רוסלאַנד אין **דבֿר, לעצטע נײַעס** — ת״א, **ירושלימער אַלמאַנאַך, פֿאָלק און ציון** — ירושלים; דערציילונג אין המשכים אין **אונזער וועג** (פּאַריז) און אַ מאָנאָגראַפֿיע וועגן ייִדן אין מינסק, 1917—1941, אין **מינסק, עיר ואם בישׂראל** (ב׳ 2, 1983), אין העברעיִשער איבערז׳ פֿון ש. אבֿן־שושן. — אין בוכפֿאָרעם: **מײַן וועג אַהיים**.

מעמוארן פֿון אַן אַסיר־ציון אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. ירושלים, 1981. 384 זז׳ (העבר׳ איבערז׳ פֿון ד. ניב — 1983).

י. יאַנאַסאָוויטש, ישׂראל שטימע, ת״א, אָקט׳ 6, 1981; י. קאָרנהענדלער, לעצטע נײַעס, ת״א, אַפּריל 9, 1982.

ר.ג.

**ראָזמאַן, שלמה — ( ) — מחבר פֿון **ספֿר זכרון קדושים ליהודי קרפּטורוס־מרמורש.** ישׂראל, תשכ״ט. תקמ״ג זז׳ — ייִדיש.

** **ראָזע, אַדאָלף** — ( ) — אויטאָר פֿון איינאַקטער **אסתּר אונד המן.** Vienna, 1884 (2טע אויפֿל׳ — וויען, 1887). געדרוקט מיט לאַטײַנישער שריפֿט, געשריבן אין מערבֿ־ייִדיש.

ייוואָ־ידיעות, ווילנע, 1939. נומ׳ 3־4.

** **ראָזען, יחיאל** — (באָמפּאָלנע, פּוילן, 1906 —) — געלערנט אין חדר. 1935 מיטגעאַרבעט אין וואַרשעווער **אונזער פֿרײַנט.** 1938 געקומען קיין אַרגענטינע. פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען אין **די וואָך,** דערציילונגען אין **איקופֿ־זשורנאַל, פֿרײַע שטימע** — אַלע ב״א.

** **ראָזען, מענדל** — (פּילעוו, פּוילן, מײַ 16, 1906 — מאָנטרעאָל, מײַ 27, 1977) — געלערנט בײַם פֿאָטער דעם מורה־הוראָה און וועלטלעכע לימודים בײַ אַ לערער. צו 16 יאָר אַוועק קיין וואַרשע, וווּ געאַרבעט בײַ טישלערײַ ביז 1929, ווען ער האָט עמיגרירט קיין מאָנטרעאָל. דאָרטן אַרויסגעגעבן בוך **עסייען פֿון אַ הדיוט.** 1976, 216 זז׳.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

** **ראָזענבוים, מאיר** — ( ) — רבֿ אין מעקסיקע. מחבר פֿון **דער הײַנט אין תּורה.** מאמרים איבער אַלע סדרות פֿון דער וואָך און די ימים־טובֿים. מעקסיקע 1968. 2 בב׳.

**ראָזענבלום, יצחק** — **דער לעצטער משיח.** דראַמאַ אין 3 אַקטען מיט פּראָלאָג. וואַרשאָ 1909. 52 זז׳ [נײַע אויפֿל׳ — 1910].

** **ראָזענבערג, י.** — ( ) — רעדאַקטאָר פֿון שיקאַגער **איזראַעליטישע צײַטונג** און **קאַליפֿאָרניער אידישע שטימע.** לעצטע יאָרן געלעבט אין ל״אַ.

** **ראָזענבערג, יעקבֿ** — (לאָדזש, אויג׳ 28, 1922 — ) — געענדיקט ייִדישע פֿאָלקשול. דורכגעמאַכט לאָדזשער געטאָ. נאָכן קריג אין פּליטים־לאַגערן פֿון איטאַליע און פֿון 1948 אין מעלבורן. אין בוכפֿאָרעם: **שניי אין פֿרילינג.** לידער, דערציילונגען, מאמרים. ת״א, פֿרײַנד, 1984. 150 זז׳.

**ראָזענבערג, ישעיה** — [ניט — ישׂראל], זע: פֿאָרנבערג, קאַרל.

**ראָזענטאַל־שנײַדערמאַן, אסתּר** — **אויף וועגן און אומוועגן,** ב׳ 3. ת״א, 1982; **בּיראָבּידזשאַן פֿון דער נאָענט.** זכרונות, געשעענישן, פּערזענ־לעכקייטן. ת״א, לייוויק־פֿאַרלאַג, 1983. 221 זז׳.

** **ראָזענסאָן, ישׂראל** — (ווענדזעגאָלע, ליטע, 1888 — קאָוונע, מערץ 1940) — געלערנט אין וואָלאָזשינער ישיבֿה. נאָכן ערשטן וועלטקריג רבֿ אין ווענדזעגאָלע און פֿון 1926 מורה־הוראָה און דיין אין קאָוונע. איינער פֿון די „מזרחי״־פֿירערס אין ליטע. געשריבן וועגן רעליגיעזע און ציוניסטישע פּראָבלעמען אין קאָוונער **אידישע שטימע** און מזרחיסטישן **דאָס אידישע וואָרט,** וווּ געווען איינער פֿון די הויפּט־מיטאַרבעטערס.

**ראָזענפֿעלד, יונה** — **בודד לנפֿשו.** מאידיש: י. ד. אַבראַמסקי. ת״א, תשכ״ד.

**** ראָזענשטיין, לייב** — ( ) — געשריבן אַרטיקלען אין ווילנער **צײַט**, ווילנער **עמעס** (1940—1941). אַרויסגעגעבן אין ביאַליסטאָק אַ ייִדישע נאָכמיטאָג־צײַטונג. איבערגעז׳ פֿון ענגליש **מיקראָבניעגער**, פּאָל דע־קרויף, וואַרשע־נ״י, יאַטשקאָווסקיס פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע ביבליאָ־טעק, 1930. 373 זז׳.*

* לויט ש. קאַטשערגינסקיס **חורבן ווילנע**, געהרגעט געוואָרן אויף פּאָנאַר; אַזוי אויך לויטן ווילנער אינזשינער ע. דאָבראָשקעס, איצט אין בריסל. אַן אַנדער מקור: מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי און 1943 געפֿאַלן אין שלאַכט בײַ סאַראַטאָוו, רוסלאַנד.

**ראָזשאַנסקי, שמואל** — **איבערלעבונגען.** ב״א, 1982. 278 זז׳. רעד׳ **קאַצעטלערס אין דער ייִדישער ליטעראַטור.** אַנטאָלאָגיע. ב״א, 1982. [**זע** 552].

**ראָטענבערג, יוסף** — ( — מעקסיקע, יוני 13, 1984)

****ראָטשטיין, חיים־לייב** — ( ) — שטאַמט פֿון ליטע, געלעבט אין וואַרשע. מחבר פֿון **דאָס יודיש, לייענען נאָך דער נײַער טאָן־מעטאָדע** [וואַרשע]. „איינס פֿון די בעסטע... לערנביכלעך פֿון ייִדיש" [אין די 60־70ער יאָרן פֿון 19טן יאָרהונדערט] — י. שאַצקי.

י. שאַצקי, געשיכטע פֿון ייִדן אין וואַרשע, 3. נ״י, 1953. ז׳ 268.

**ראָטשטיין, שמואל־יצחק** — **דאָס מלכות׳דיגע חסידות.** נײַע אויפֿל׳ — ת״א, תשל״ג [א״פ ש. ניסענזאָהן].

**ראַיאַק, מיכאל** — **געקליבענע לידער.** ת״א, קרני, 1980. 503 זז׳ — ייִדיש, העברעיִש.

**ראָם...** — **דיא קלוגע מיידיל און נאָך צוויא שיינע ערצעהלונגען דעם חסיד׳ס נס, דער צבועק.** תרל״ט. 16 זז׳. אַ פֿריִערדיקע אויסג׳ פֿון **דער איינגילשער גענעראַל** — ווילנאַ, תרל״ט. 48 זז׳.

**ראַם, מנוחה** — **שטיינער.** ח״י דערציילונגען. ת״א, ישׂראל־בוך, 1981. 188 זז׳. ר״ס **ווינטן** און **אין שאָטן פֿון דער ווערבע** זײַנען אַרויס אין העבר׳ איבערז׳: **רוחות** (1977, דורך מ. אַמיתּי) און **בצל הערבה** (1983, דורך מ. יונגמאַן). 1984 באַקומען מאַנגער־פּרעמיע.

****ראַמאַן, לויִס** — (1864 — נ״י, 1918) — שטאַמט פֿון דרום־רוסלאַנד. אין די 1880ער יאָרן געקומען קיין אַמעריקע. איינער פֿון די הויפּטגרינדערס פֿון „פּיאָנערע דער פֿרײַהייט". מיטרעד׳ דאָס אַנאַרכיסטישע וו״בל **דיא וואהרהייט.** פֿון פֿירטן יולי 1890 געוועזן פֿיר חדשים רעד׳ פֿון **פֿאָ״ש** (נ״י). אויטאָר פֿון בראָשור: **דער געזעצליכער מאָרד אין שיקאַגאָ פֿון נאָוועמבער 1887.** נ״י, 1889.

ב. רײַנוס [בערל כהן], פֿאָ״ש, נ״י, פֿעב׳ 1, 1971.

**ראַן, לייזער** — צונויפֿגעשטעלט: **מיט דער פּרץ־פֿאָן, מיט דער שוואַרצמאַן־טראַדיציע.** ייִדיש־סאָוועטישע שרײַבער... קרעדאָס־אַנטאָלאָגיע. נ״י, אַרבעטער־רינג, 1982. 66 זז׳.

****ראַנאָוויטש, א.** — ( — ) — **עטיוד איבער דער געשיכטע פֿון דער אַלט־ייִדישער רעליגיע.** מאָסקווע, אַנטירעליגיעזער פֿאַרלאַג, 1937. 89 זז׳; [מיט א. אַלעשטשיק] **די ייִדישע רעליגיע און איר קלאַסעווע ראָליע.** קיִעוו, אוקרמעלוכע־נאַצמינדפֿאַרלאַג, 1938. 22 זז׳.

**ראָנטש, יצחק־אלחנן** — (— ל״א, יוני 20, 1985) — רעדאַקטאָר פֿון אַנטאָלאָגיע **אַמעריקע אין דער יידישער ליטעראַטור.** נ״י, 1939. 466 זז׳. **אַ לויב און אַ דאַנק.** פּאָעמעס און לידער. מיט צייכענונגען פֿון מאַרק שאַגאַל און 24 איבערגעזעצטע לידער אויף ענגליש. ל״אַ, בוך־קאָמיטעט, 1981. 144 זז׳. — אין **די וועלט פֿון מאַרק שאַגאַל** פֿאַלט אַרויס דער צוגאָב „פּאָעמע״.

****ראַסיאַנסקי, יודל** — (גראָדנע, 1891 — ב״אַ, 1966) — געקומען קיין אַרגענטינע אין 1912. זיך באַזעצט אין קאָלאָניסטישן מאָזעסוויל, דערנאָך אין ב״אַ. דריי צענדליק יאָר געשריבן וועגן אָרטיקע און עקאָנאָמישע ענייינים אין **אידישע צייטונג** (ב״אַ).

י.ה.

****ראָסיין, יעקבֿ** — (פּומפּיאַן, ליטע, יאַנ׳ 19, 1905 — ) — געלערנט אין חדר, שפּעטער אין שאַוולער העברעיִש־רוסישער פֿאָלקשול. פֿאַרענדיקט ליטוויש־רוסישע גימנאַזיע אין פּאָנעוועזש (1923), די לאַנדווירטשאַפֿט־אַקאַדעמיע אין דאַטנעווע, אָפּטייל פֿון קאָוונער אוניווערסיטעט, און באַקומען זיין אַגראָנאָם־טיטל. (1930). געאַרבעט ביי דער רעגירונג ווי אַגראָנאָם אין די קרייזן פֿון ווילקאָווישק און שאַוול. שפּעטער אָנגעפֿירט מיטן לאַנדווירטשאַפֿט־אָפּטייל פֿון ליטווישן „אָרט״ און דערנאָך מיט זיין אַרבעטשול אין די הויפֿן אונגאַרינאַ (לעבן מאַריאַמפּאָל) און קאַלינאָוואַ (לעבן קאָוונע). צווייטן וועלטקריג דורכגעמאַכט אין געטאָס (דווינסק, ריגע) און לאַגערן פֿון לעטלאַנד און אין פּאַרטיזאַנקע. פֿון די פּליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד אַוועק 1946 קיין אַמעריקע. וווינט אין ברוקלין. — פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סך אַרטיקלען אויף לאַנדווירטשאַפֿטלעכע טעמעס אין די קאָוונער טאָגצייטונגען **פֿאָלקסבלאַט, דאָס וואָרט, אידישע שטימע,** ווי אויך רעד׳ (מיט אַגראָנאָם יצחק קאַגאַן) איר וועכנטלעכע ביילאַגע **ווינקל פֿאַר שטובּיקער לאַנדווירטשאַפֿט.** אין בראָשור־און בוך־פֿאָרעם: **שענסטע צימער־בלומען.** 1932. 106 זז׳; **ביישטובּיקער גרינס־גאָרטן; מאָדערנער פֿרוכט־גאָרטן; אינספּעקטן־גערטנעריי און בלומען־צוכט; — נוצונג און איבעראַרבעטונג פֿון פֿרוכט, יאַגדעס און גרינסן; מאָדערנע עופֿות־צוכט פֿאַר הכנסה; הכנסה פֿון מילך און מילך־פּראָדוקטן** — אַלע אַרויסגעגעבן דורך „אָרט״, קאָוונע, 1932—1939; רעד׳ **מיר ווערן פּויערים,** זאַמל־בוך פֿון „אָרט״. קאָוונע. 1936. 64 זז׳; **„אָרט״־קאַלענדאַר 1937** פֿאַר האַנטווערק, לאַנדווירטשאַפֿט און ביישטאָטישער קליין־ווירטשאַפֿט. קאָוונע, 200 זז׳; **מיר ווילן לעבן.** נ״י, 1950. 322 זז׳. געשט׳ יוני 21, 1986.

**ראָסין, שמואל** — איבערגעז׳ ק. פּאַוסטאָווסקי, **שאַרל לאַנסעווילס שיקזאַל.** מאָסקווע, עמעס, 1933. 115 זז׳.

**ראַסקין, רעי** — **מאָטלס צייטן** איז יאָ געדרוקט — נ״י, 1935. 70 זז׳ (ב׳ 8).

**ראָסקעס, דוד־הערש** — *Against the Apocalypse:* Responses to Catastrophe in Modern Jewish Culture. Cambridge, Mass., 1984. 374pp. [זע 552].

****ראָסקעס, ה.** — ( — ) — אויטאָר פֿון איינאַקטער **דער לבֿוש.** קאַונאַס, קולטור [1923]. 16 זז׳ — אַ „דראַמאַטישע לעגענדע״.

**ראַפּאָפּאָרט, דוד** — (— נ״י, אויג׳ 22, 1983)

****ראַפּאָפּאָרט, חיים** — (וואַרשע, סעפּט׳ 15, 1915 — ) — דערצויגן אין ווילנע, שפּעטער זיך אומגעקערט קיין וואַרשע. בעתן שפּאַנישן בירגער־קריג (1936—1939) געקעמפֿט אין דער אינטער־נאַציאָנאַלער בריגאַדע. סאָלדאַט אין דער פּוילישער און סאָוועטישער אַרמיי אין צווייטן וועלטקריג.

1953 עמיגרירט קיין בראַזיל. — 1934 דעביוטירט מיט אַ דערציילונג אין וואַרשעווער **דער פֿרײַנד**. געשריבן לידער און דערציילונגען אין יאַרשריפֿט **דער פּוילישער ייִד** (ריאָ), **אונזער שטימע** (סאַן־פּאולאָ), **אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער** (ב״אַ) א״אַ. פֿאַרטראַטן אין ש. ראַזשאַנסקיס **בראַזיליאַניש** (ב״א, 1973). אין בוכפֿאָרעם: **אין די לאַבירינטן פֿון גורל**. דערציילונגען. ת״א, פּרץ, 1983. 271 זז׳.

**ראַפּאָפּאָרט, שלמה — (אָסטראָווונע, וויטעבסקער גוב׳, 1913 — לענינגראַד, 1980) — זיך פֿאַרנומען בעיקר מיט פּאַרטיי־פּאָליטישער אַרבעט. אין די 1970ער יאָרן פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע), **ביראָבידזשאַנער שטערן**.

ס״ה — לעקסיקאָן.

ראַפּפּ, נחמן — **אָראַנזשן אין שניי**. דערציילונגען. ת״א, פּרץ, 1984. 164 זז׳.

**ראַפֿאַלאָוויטש, קלמן — (מאָלעוור־דניעסטער, יוני 27, 1882 — ) אַרום 1905 אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. געוועזן שיך־צושנײַדער אין לין, מאַסאַטשוזעטס. פֿון צײַט צו צײַט געדרוקט מיניאַטורן, אַפֿאָריזמען, סקיצן און פּאָלעמישע אַרטיקלען אין **צײַט־גײַסט, העראַלד, וואָרהייט, יידישעס טאַגעבלאַט, טאָג, פֿאָ״ש, צײַט, פֿרײַהייט** — נ״י. אַרויסגעגעבן (מיט שמעון שאַמראַט) דאָס **ליגן פּסח בלאַט** (באָסטאָן).

ז. רייזען, 4.

ראַפֿאַעל, איטשע־יצחק — ר״ס אַרבעטן אין פּלאַסטישער קונסט זײַנען געוויזן געוואָרן אויף פֿאַרשיידענע אויסשטעלונגען. וווינט אין רחובֿות. — **פֿון פֿרילינג צו פֿרילינג** [לידער]. ת״א, פּרץ, 1963. 209 זז׳; **צייכנונגען**. „באַגרענעצטע אויסגאַבע" [ישׂראל, 12.1982 זז׳] — אַ סאָרט פּראָספּעקט פֿון ר״ס בוכאַלבאָם **צייכנונגען**. ת״א, 1983. שרײַבט און מאָלט לעצטנס א״נ רפֿאל.

ראַק, שלום — (— ת״א, מערץ 5, 1982)

ראַקאָווסקי, מאַרק — (— וואַרשע, אַפּריל 5, 1982) — איבערגעז׳ **מלחמה** פֿון אַנרי באַרביס (וואַרשע, 1929).

ראָקער, רודאָלף — **די יוגנט פֿון אַ רעבעל**. ב״אַ, 1965—1971. 2 בב׳. [ב׳ 1 און 71 זז׳ פֿון ב׳ 2 איבערגעז׳ ב. טשובינסקי, דאָס איבעריקע — אַ. טהאָרן].

**ראַשגולין, ראובֿן — (לעבן קאַלוואַריע, ליטע — ) — עמיגרירט קיין אַמעריקע. אויטאָר פֿון **אידישקייט אין אַמעריקע** [נ״י, 1957פּ]. 104 [12] זז׳. פֿאַרעפֿנטלעכט דרײַ ביכער אין ענגליש וועגן ייִדיש־נאַציאָנאַלע ענייִנים.

**ראַשין, אַבֿרהם־משה — געלעבט אין צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצטן יאָרהונדערט. מחבר פֿון **אַ גוטע עצה ווי צו לעבען און געזונד זײַן**... יעדער וואָס וועט לעזען דעם בוך וועט... וויסען ווי צו היטען דעם טהײַערען געזונד... ווי איז דער שפּײַזונג פֿון גוף? דער הלוך הדם? דער אָטהים? ווי זאָל מען זיך היטען פֿאַר זאַראַזעס פֿון קראַנקייט? [אָדעס, ?־188].

**ראַשעל, יעקבֿ — ( — ) — אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. געלעבט אין ניו־הייוון. אויטאָר פֿון **יידישע קינסטלער**. עסייען איבער ייִדישע מאָלער און סקולפּטאָרן. ניו־הייוון, אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אָרדן, 1943. 159 זז׳.

**רובאַשאָוו זלמן** — זע: שזר, שניאור־זלמן.

**רוביו, הדסה** — (1912 —) — **אין צוגווינט.** לידער. ת״א, ישׂראל־בוך, 1981. 126 זז׳.

**רובינליכט, לייב** — (— ת״א, פֿעב׳ 2, 1985)

****רובינסאָן, אליעזר** — (קאָוונע, 1921 —) — 1929 געקומען מיט עלטערן קיין ב״אַ. געענדיקט מיטלשול און אוניווערסיטעט. געקראָגן ד״ר־טיטל פֿאַר זײַן אַרבעט **די פֿילאָסאָפֿיע פֿון רעכט.** פּראַקטיקירט אַדוואָקאַטור. געשריבן אַרטיקלען וועגן ציוניסטישע און כּלל־ייִדישע פּראָבלעמען אין **די נײַע צײַט, די פּרעסע, אידישע צײַטונג, דאָס נײַע וואָרט** — אַלע ב״אַ.

**רובינשטיין, יוסף** — **לידער בײַם סוף.** ת״א, פּרץ, 1984. 247 זז׳.

**רובינשטיין, לעאָן** — (— ניו־ראַשעל, אַפּריל 24, 1985)

****רובינשטיין, מ.** — ( — ) — אויטאָר פֿון **דראַמקרײַז.** האַנטבוך פֿאַר דראַמאַטישע קרײַזן. מאָסקווע, צענטרפֿאַרלאַג, 1925. 135; **דער עקאָנאָמישער געוועט פֿון צוויי סיסטעמען.** קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1939. 112 [1] זז׳.

****רובינשטיין, מאיר** — (גראָדנע, 1893 — מעקסיקע, 1971) — ראַטמאַן אין גראָדנער קהילה און שטאָטראַט מצד דער פֿאָלקס־פּאַרטיי, שפּעטער פֿון לינקע פּוע״צ. 1928 עמיגרירט קיין מעקסיקע, ווו געווען לערער. מיטאַרבעטער פֿון **גראָדנער מאָמענט,** דערנאָך פֿון **די שטימע** (מעקסיקע).

****רודאַשעווסקי, יצחק** — (ווילנע, אַרום 1927 — ווילנע, סעפּט׳ 1943) — תּלמיד פֿון ווילנער רעאַל־גימנאַזיע. אין ווילנער געטאָ, אַ פֿופֿצן־יאָריקער, געשריבן אַ טאָגבוך, וואָס איז מיט קיצורים געדרוקט אין **גאָלדענע קייט** (ת״א, 1953: 15, זז׳ 18־57). אַרויס אין העבר׳ איבערז׳ דורך אַ. ייִבין א״ט **יומנו של נער מווילנא.** אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע פֿון ווילנער געטאָ.

****רודיצקי, מ.** — ( — ) — אויטאָר פֿון **אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן** (מעדיצינישע שמועסן פֿאַר אַרבעטער־קלובן און לייענ־שטיבלעך). כאַרקאָוו־קיִעוו, צענטרפֿאַרלאַג, 1931. 74 [2] זז׳; **ערשטע הילף.** הילפֿביכל פֿאַר קרײַזלעך פֿון ערשטער הילף. כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1953. 92 זז׳. מיטרעד׳ פֿון **געזונט און אַרבעט** (כאַרקאָוו, 1930—1932).

****רודניצקי, לאה** — (קאַלוואַריע, ליטע, 1913 —) — דיכטערין. 1931 געענדיקט העברעיִשע גימנאַזיע אין מאַריאַמפּאָל, ליטע. געאַרבעט בײַ בוכהאַלטעריע אין ווילקאָמיר און זינט 1937 אין קאָוונע. 1940 אַריבער קיין ווילנע. סעפּטעמבער 1943 דעפּאָרטירט געוואָרן פֿון ווילנער געטאָ אין אַ לאַגער פֿון עסטלאַנד און דאָרטן אומגעקומען. — געדרוקט לידער אין **פֿאָלקסבלאַט,** אין די זאַמלביכער **בריקן** (1937), **בלעטער** (1938), **נײַע בלעטער** (1939), **בלעטער** (1940), צײַטונג **עמעס** — אַלע קאָוונע, ווי אויך אין **ווילנער עמעס** (1940) און פּרילוצקיס זמ״ב **אונטערוועגנס** (ווילנע, 1940). אין געטאָ אָנגעשריבן אַ ביכל לידער **דורך נעפּלען.** נאָר אַ קליינער טייל האָט זיך אָפּגעפֿונען. עטלעכע אָפּגעראַטעוועטע לידער זײַנען געדרוקט אין ש. קאַטשערגינסקיס **דאָס געזאַנג פֿון ווילנער געטאָ** (פּאַריז, 1947) און אין **גאָלדענע קייט.**

אינפֿאָרמאַציע פֿון יאַנקל יאָסאַדע, ווילנע; גאָלדענע קייט, ת״א, 6:1950.

**רויז, שלמה — (   ) — אויטאָר פֿון **איינדרוקן און בילדער פֿון אַ רייזע איבער צוועלף לענדער... און מדינת ישׂראל**. קאָרדאָבאַ, 1962. 122 זז׳.

**רויטמאַן, אפֿרים** — (— פּתח־תּקוה, מײַ 3, 1982)

**רויטמאַן, וו.** — (   ) — אויטאָר פֿון **ערדקײַלעך**. קיִעוו, קולטור־ליגע, 1926. 100 זז׳; **אַ געדענקביכל פֿאַר אַ קולטאַרמייער** (ווי צו לערנען מאַטעמאַטיק אינ ליקפּונקט) כאַרקאָוו־קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג, 1942. 31 זז׳.

**רויטמאַן שלמה** — (— הרצליה, יאַנו׳ 15, 1985) — **פֿאָלקסטימלעכע לידער**, ישׂראל־בוך, 1982. 129 זז׳; **לירישער אָטעם**. צווייטער באַנד: סאָנעטן. ת״א, פּרץ, 1984. 123 זז׳; **ווען זאַכן דערוואַכן** (פֿון זײַן איבערבלײַב). ת״א. ישׂראל־בוך, 1986. 90 זז׳.

**רומשינסקי, יוסף** —

דאָס רומשינסקי־בוך. נ״י, 1931. 128 זז׳.

**רונד, מאָרים — (   ) — אויטאָר פֿון לידערביכל **אין פֿרעמדן לאַנד**. נ״י.

**רום, רבֿקה** — **ברײַנדעלעס קינדער־יאָרן**. ת״א, פּרץ, 1982. 234 זז׳.

**רום, שלום — (   ) — אויטאָר פֿון **מענטשן אין שאָטן** (דערציילונגען). לעמבערג, 1937. 106 זז׳.

**רוסקאָלענקער, אײַזיק — (   ) — געלעבט אין וואַרשע, אומגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ. אויטאָר פֿון פּיראַקטער ר׳ ברוך סופֿר׳ס **ספֿר־תּורה**. קראָקאָ, 1929. 55 זז׳; **ירמיה הנבֿיא** (אַ פּרובֿ פֿון אַ דראַמאַטישן עפּאָפּייע אין דרײַ טיילן). וואַרשע, 1936. 244 זז׳.

**רוקח, אליעזר** —

וו. טאַמבור, יידיש־פּרעסע אין רומעניע. בוקאַרעשט, 1977. זז׳ 112־121.

**ריבלין, משה** — (ירושלים, אויג׳ 21, 1896 — ת״א, דעצ׳ 28, 1976) — זשורנאַליסט. געקומען קיין אַמעריקע און גראַדויִרט פֿון ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט. 1918 געוואָרן אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער פֿון **מאָרגען זשורנאַל** און שפּעטער פֿון **טאָג־מ״זש**, ווו ער האָט געשריבן בעיקר וועגן עקאָנאָמישע ענינים. 1968 זיך באַזעצט אין ישׂראל.

ז. רייזען, 4; י. גלאַטשטיין, טאָג־מ״זש, נ״י, מײַ 3, 1968.

**ריבער, אַבא** — (טשערנאָוויץ, 1926 — ) — געדרוקט לידער אין די בוקאַרעשטער **איקוף־בלעטער**, **קולטור־וועגווײַזער**. געשריבן טעקסטן פֿאַרן יידישן מלוכה־טעאַטער אין בוקאַרעשט. 1957 אַוועק קיין ישׂראל, זיך געדרוקט אַ ביסל אין **היימיש** (ת״א) א״אַ דאָרטיקע יידישע צײַטונגען. געשטאָרבן אַרום 1979.

**ריוז, י.** [פּסעוודי ?] — אויטאָר פֿון פֿון **שטעטלשע היימען אין טורמע**. קאָפּענהאַגען, 1934 [דרוק ריגע]. סעריע רעוואָלוציאָנערע דערציי־לונגען, I. 23 זז׳.

**ריוויז, יהושע** — (— קליוולאַנד, סוף יאַנ׳ 1981)

**ריזענמאַן, פּייוול*** — ( ) — געלעבט אין ירושלים. אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט **דער פּאַלעסטינער מאָנאַט־בלאַט**... ערשײַנט אַלע מאָנהייט. די געאָגראַפֿיע פֿון פּאַלעסטינאַ... און וואונדערליכע געשיכטען... [בוקאַרעשט 1919]. גיט זיך אָן ווי ראַבינער און שוחט, בעל מחבר **תּפֿארת ירושלים ואמרי שופֿר**, „חונה בערה״ק״.

* לויט נ. מאַרקס, ספֿרות ייִדיש ברומניה — **ריזמאַן**.

**ריטערבאַנד, חיים** — ( ) — דעניש־ייִדישער קאָמפּאָזיטאָר. אויטאָר פֿון **ייִדישע מעלאָדיען**. דאָרטן, 1935. 56 [40] זז׳; **20 לידער מיט נאָטן**. ווילנע, גרינינקע ביימעלעך, 1938. [11], 45 זז׳.

**רייגראָדסקי, אַבֿרהם** — (ביאַליסטאָק, אויג׳ 14, 1913 —) — געלערנט אין חדר און ייִדיש־פּוילישער גימנאַזיע. 1932 געקומען קיין פּאַריז. 1940—1944 אַקטיוו אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. זינט 1934 מיטרעד׳ פֿון **נײַע פּרעסע** (פּאַריז), וווּ געשריבן מערסטנס פּאָליטישע אַרטיקלען. רעד׳ **דאָס וואָרט פֿון ווידערשטאַנד און זיג**. פּאַריז, אויפֿסניי, 1949. 266 זז׳ — דאָרטן געשריבן די מערסטע אַרטיקלען.

**רייזער, לייב** — (גראָדנע, אָקט׳ 20, 1910 —) — בעתן צווייטן וועלטקריג אַנטלאָפֿן צו די פּאַרטיזאַנער. 1948 עמיגרירט קיין ניו־זילאַנד און 1973 אַוועק קיין ישׂראל. — אָנגעהויבן שרײַבן אין **גראָדנער לעבן** (1937). שפּעטער געדרוקט זיכרונות, הומאָרעסקעס און פּאָלעמישע אַרטיקלען אין **אויסטראַלישע ייִדישע נײַעס, ייִדישע נײַעס** (מעלבורן), **גראָדנער אָפּקלאַנגען** (ב״א), **פּאָלקסבלאַט, היימיש, לעצטע נײַעס** — ת״א. פּרעמירט פֿון יד־ושם פֿאַר ר׳ס מלחמה־זיכרונות (אין כתבֿ־יד). פּסעוודי׳ — בן נתן, רב לייב, א. גראָדנער. לעבט אין רעננה.

**ריינאָוויטש, זאַוול** — (טשעכאַנאָוויעץ, פּוילן אַרום 1908 — ) — געלערנט אין חדר און ישיבֿה. געענדיקט גימנאַזיע אין ווילנע. לערער אין ייִדישע שולן אין פּוילן. געשריבן אין ש. זאַראָמבס **שריפֿטן** א״א אויסג׳. ר׳ס אויטאָביאָגראַפֿישער ראָמאַן **אין קעסל פֿון הייליקייט** [וועגן דער ראַדינער ישיבֿה פֿון חפֿץ־חיים] איז 1940 אָפּגעשיקט געוואָרן צום מלוכהשן ייִדישן פֿאַרלאַג אין מינסק און דאָרטן „פֿאַרפֿאַלן״ געוואָרן.

מ. קראָשניץ, לערער יזכור־בוך. נ״י, 1954. ז׳ 408.

**ריים, אַנשל** — ( — כּפֿר סבא, סעפּט׳ 30, 1984) — **בסערות התקופֿה**. (ת״א, 1982).

**רינגעל, מיכאל** — געשטאָרבן אין סאָוועט־רוסלאַנד נאָכן צווייטן וועלטקריג.

**ריקלעס, יצחק** — ( — סעפּט׳ 9, 1944) — רעדאַקציע־מיטאַרבעטער אין ווילנער **אָוונט־קוריער** (1925—1939), וווּ געשריבן אַרטיקלען פֿון פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכן כאַראַקטער. אַרויסגעפֿירט געוואָרן פֿון ווילנער געטאָ אין קאַצעט קלאָאָגע, עסטלאַנד, און דאָרטן אומגעקומען.

ש. קאַטשערגינסקי, חורבן ווילנע. נ״י, 1947. זז׳ 212־213.

**רעגעלסאָן, אַבֿרהם** — ( — חולון, אויג׳ 30, 1981)

**רעוויזאָרסקי, איטשע** — ( ) — שטאַמט פֿון קינצק, פּוילן. „פּאָפּולערער בדחן אין וואַרשע. געלעבט אין צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצטן יאָרהונדערט. זינט 1874 אַרויסגעגעבן עטלעכע „מאָראַלישע״ היסטאָריעס אין גראַמען, רעפּאָרטאַזשן וועגן אויסערגעוויינלעכע געשעענישן, ס׳רובֿ געגנומען פֿון פּוילישע בלעטער און טעמאַטיש

פֿאַרייִדישט". (י. שאַצקי). איינע רופֿט זיך: **היסטאָריע. דער אויס געוואָרפֿענער מאַטראָז אָדער דיא שיף בראָך בײַא דיא חינישע מדינה.** ערשטער טייל. וואַרשאָ, נתן שריפֿטגיסער, 1874. 40,46 זז׳; **קול מצהלות אָדער דער פֿריילּיכער בטלן.** וואַרשע, 1882. 36 זז׳; **דער פֿאַרלורענער פֿאָטער און דער געפֿינענער זאָהן...** דאָרטן, 1883. 24 זז׳.

י. שאַצקי, געשיכטע פֿון ייִדן אין וואַרשע, ב׳ 3. ז׳ 266.

## **רעזוויק, וויליאַם — (אַלט־קאָנסטאַנטין, וואָלין, 1889 — נ"י, יוני 2, 1954) — זשורנאַליסט.

אָריגינעלער נאָמען — זאב רעזניק. געקומען קיין אַמעריקע אין 1906. 1919 געענדיקט דעם יורידישן פֿאַקולטעט פֿון ניו־יאָרק־אוניווערסיטעט. האָט אויך גראַדויִרט פֿון דער אַמעריקאַנישער טעאַטער־אַקאַדעמיע און אַ קורצע צײַט געשפּילט ייִדיש און ענגליש טעאַטער. שפּעטער אַריבער צו זשורנאַליזם און אָנגעהויבן אַרבעטן אין **וואַרהייט** (נ"י). 1934—1941 מיטגעאַרבעט אין **פֿאָרווערטס** (נ"י) און שפּעטער אין **טאָג**. אַ לענגערע צײַט געווען הויפּט פֿון „אַסאָסיִייטעד פּרעס" אין מאָסקווע. פּסעוודי — א. אַלטשולער. פֿאַרעפֿנטלעכט I dreamed a Revolution.

## **רעזניק, ברוך — (ווירכיניאָ, אַרגענטינע, 1911 —) — געלערנט אין אַרגענטינער שולן.

אַקטיוו צווישן דער ייִדיש־קאָלאָניסטישער יוגנט. אין בוכפֿאָרעם: **50 יאָר ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.** ב"אַ, עבֿודה, 1940. 36 זז׳. 1949 עולה געווען קיין ישׂראל.

## **רעזניקאָוויטש, בערל — (סמילג, ליטע, 1903 —) — פֿון ערשטע ייִדיש־פּיאָנערן אין אורוגווײַ,

ווּהין געקומען אין 1924. 1926 אַרויסגעגעבן [מיט משה אָרזור] וב"ל **אונזער לעבן** און 1931 די ערשטע ייִדישע טאָגצײַטונג אין אורוגווײַ **דער טאָג** — ביידע מאָנטעווידעאָ.

ש.ס.

## רעכטער, ישעיהו — צוויי שוועסטער.

ראָמאַן. ת"א, ניי־לעבן, 1983. 306 זז׳. איבערגעז׳ פֿון ייִדיש דורך י. אַחאי: **הבן האובֿד.** דאָרטן, 1982; **נקם.** דאָרטן, 1984 (דער ראָמאַן דרוקט זיך אין **ייִדישע צײַטונג** א"ט **נקמה**).

## רעמעניק, הערש — (— מאָסקווע, 1981) — שטאַפּלען.

פֿאָרטרעטן פֿון ייִדישע שרײַבער. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1982. 370 זז׳.

## רעסלער, בנימין — (— נ"י, יאַנ׳ 27, 1983)

## **רפֿאל, משה — (סאַסאָוו, גאַליציע, מערץ 16, 1905 — ת"א, נאָוו׳ 24, 1974) — געלערנט אין חדר

און אַלגעמיינע לימודים פּריוואַט. געלעבט עטלעכע יאָר אין מאָנטעווידעאָ. 1938 געקומען קיין א"י און זיך באַזעצט אין רחובֿות. געשריבן סקיצן אין **פֿאָלקסבלאַט, לעצטע נײַעס** — ת"א. אין בוכפֿאָרעם: **מײַן שטעטל סאַסאָוו.** ירושלים, תש"ם. 128 זז׳.

# ש

**שאַגאַל, מאַרק** — (— פּראָוואַנס, מערץ 26, 1985)

****שאַדראָווסקי, רפֿאל** — (ווילנע, 1897 —) — געענדיקט כּהנס גימנאַזיע אין ווילנע אין 1915 און מעדיצינישן פֿאַקולטעט פֿון ווילנער אוניווערסיטעט אין 1925. געשריבן אין **פֿאָלקס־געזונט** (ווילנע), **סאָציאַלע מעדיצין** (וואַרשע). אין בוכפֿאָרעם: **אַלגעבראַ פֿאַר אָנפֿאַנגער.** טעאָרעטישער קורס מיט אויפֿגאַבן. ווילנע, הירש מעץ, 1923. 121 זז׳.

י. ישורין, „ווילנע". נ״י, 1935. זז׳ 435־436.

****שאַד, פּאַביוס** — (וועקשנע, ליטע, פֿעב׳ 5, 1868 — בערלין, 1930) — געלערנט אין חדר און ישיבֿות. אין ריגע דורכגעמאַכט גימנאַזיאַלע לימודים. 1893 געענדיקט שטודיום אין בערלינער אוניווער־סיטעט, זיך באַזעצט אין קעלן, שפּעטער אין קאַרלסרו. אָנגעהויבן ליטעראַרישע אַרבעט אין דײַטש. ווי אַ פּובליציסט און קריטיקער מיטגעאַרבעט אין **יוד** (וואַרשע), עטלעכע אַרטיקלען פֿאַרעפֿנטלעכט אין **פֿרײַנד** (פּעטערבורג־וואַרשע) און אַ. רייזענס **יאָהרבוך פֿראָגרעס.** נאָך אַ הפֿסקה פֿון אַ 20 יאָר 1923 באַנײַט זײַן זשורנאַליסטישע טעטיקייט אין ייִדיש אין ז. רייזענס **ווילנער טאָג.**

ז. רייזען, 4.

**שאַכנאָווסקי, נתן** — (— נ״י, אָקט׳ 16, 1964)

****שאָכעט, דוד־מנחם** — ( — ) — באַקומען ד״ר־דיפּלאָם אין פֿילאָסאָפֿיע פֿון קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט אין נ״י און ד״ר־טיטל אין העברעיִשער ליטעראַטור פֿון ייִדישן טעאָלאָגישן בעמינאַר אין נ״י. ראַבײַ אין קאָלאָמבוס (אָהײַאָ), דאָרטשעסטער. באָסטאָן און יאָנקערס. אין בוכפֿאָרעם: **רעדנער און דענקער.** דרשות פֿאַר אַלע אידישע ימים־טובֿים און אַנדערע געלעגנהייטן. ערשטער טייל. נ״י, פּרדס, תּרצ״ג. 160 זז׳. פֿאַרעפֿנטלעכט וויסנשאַפֿטלעכע ביכער אין ענגליש.

**שאַליט,** — זע אויך: שליט.

**שאַליט, משה** — **ווילנער קולטורעלע אַנשטאַלטען** (ביבליאָטעקן, שולען). ווילנאָ, תּרע״ז. 56 זז׳.

****שאַמעס, מאָרים** — (1881 — ) — אויטאָר פֿון **מײַנע 25 יאָר מיט די אידישע בעקער, 1914—1939.** נ״י, 1939. XVi, 283 זז׳.

****שאָסטיק, יצחק** — ( — ) — מחבר פֿון **מליץ יושר,** פֿון דעם הייליגען... לוי יצחק פֿון באַרדיטשובֿ. נדפּס בארץ ישׂראל. מ״ח זז׳. ערשטער טייל.

***שאָפּאָטשניק, יוסף** — (— לאָנדאָן, אָקט׳ 21, 1937) — **דער נײַער סאָרט חסידות.** 1921. 8 זז׳; **פֿאַר וואָס ווערען אידען געשטראָפֿט?** 1925. 3 זז׳; **פֿאַרשטעהט זיך זעלבסט.** 50 לעקציעס וועגען מענשליכער פּסיכאָלאָגיע אין אַלע אירע שאַטירונגען און פֿאַרבען. 1926. 8 זז׳; **דער אידישער גײַסט. אַ** פּלאַן וועגען דאָס שאַפֿען אַ אידישע אַקאַדעמיע אין ארצישׂראל. 1926. 8 זז׳; **אונטערוועגנס ש״ס.** 1927. 32 זז׳; **דער פּראָגראַם פֿון דעם נײַעם בית־דין.** 1926. 10 זז׳; **אויס עקאָנאָמישער קריזיס.** 1928. 8 זז׳; **דאָס אייביגע ליכט** — אַלע לאָנדאָן.

L. Prager, A bibliography of Yiddish periodicals in Great Britain. Cincinnati, 1969.

**שאַפּיראָ, איזאָ** — (— בוקאַרעשט, אַפּריל 4, 1981) — **מסעות בנימין הרביעי.** פּאָעם. בוקאַרעשט. קריטעריאָן, 1983. 145 זז׳.

****שאַפּיראָ, אַלעקסאַנדער** — (ראָוונע, וואָלין, אויג׳ 15, 1884 — ניוטאָן, יולי 12, 1972) — אויסגעוואַקסן אין ראָוונע, וואָלין. 1905 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געווען טעטיק אין „הסתדרות". — אין בוכפאָרעם: **אַ חודש אין ישׂראל.** נ״י, 1950. 139 זז׳; **אַ פאָלק ווערט באַנײַט.** נ״י, 1952. 330 [2] זז׳; **ישׂראל — דער אייביקער חידוש.** נ״י, 1963. 203 זז׳ [56 זז׳ בילדער].

****שאַפּיראָ, ז.** — ( — ) — געשריבן אין **פאָלקס־צײַטונג, וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור און קונסט** — וואַרשע. אין בוכפאָרעם: **סילועטן.** בילדער פון געפאַנגען־לאַגער. וואַרשאָ, א. גיטלין, 1920. 155 זז׳.

****שאַפּיראָ, חווה** — (סלאַוווטע, וואָלין, יאַנ׳ 10, 1879 — טערעזיענשטאַדט, פעב׳ 28, 1943) — העברעיִשע שרײַבערין. געענדיקט אוניווערסיטעט אין בערן (1901). געלעבט אין בערלין, רוסלאַנד און פון 1919 אין פּראַג. געשריבן דערציילונגען, פאַרצייכענונגען און ליטעראַרישע אַרטיקלען אין אַ סך העברעיִשע צײַטשריפטן. זשורנאַליסטישע טעטיקייט אויף ייִדיש אָנגעהויבן אין אַדעסער **אונזער לעבן,** שפּעטער געדרוקט אין **קענעדער אָדלער.**

ז. רייזען, 4; ג. קרסל, 2.

****שאַפּיראָ, יצחק** — (טשאָרטקעוו, גאַליציע, אויג׳ 10, 1890 — יולי 28, 1947) — געלערנט אין חדר. פון 1914 אין ווין, וווּ שטודירט פילאָסאָפיע און עטנאָגראַפיע אין אוניווערסיטעט און דאָרטן באַקומען זײַן ד״ר־טיטל. שפּעטער עמיגרירט קיין קאַנאַדע. געווען לערער אין די ייִדישע שולן פון וויניפּעג, מאָנטרעאָל, ברוקלין. — 1920 דעביוטירט מיט פּובליציסטישע אַרטיקלען אין **לעמבערגער טאָג־בלאַט.** מיטגעאַרבעט אין **יודישע מאָרגענפּאָסט,** (ווין), **אידישער קעמפער** (נ״י). געשריבן אין ייִדישע, העברעיִשע, פּוילישע און דײַטשישע צ״ש אין פּוילן. — אין בוכפאָרעם: **די אידישע אַרבעטער־באַנק אין ארץ־ישׂראל.** ת״א, 1926. 67 זז׳; **די נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע באַדײַטונג פונעם אידישן דערציאונגס־פּראָבלעם.** מאָנטרעאָל, 1934. 14 זז׳; **מײַן בוך.** אַ לייען־ און איבונג־בוך פאַרן ערשטן לערניאָר [נ״י, אָ״י]. 122 זז׳; **שפּיל און לערן שפּריכווערטער.** שיקאַגאָ, ל. מ. שטיין, 1940. פּסעוו׳ — י. טשאַרטקאָווסקי, י. הערשעלזאָהן.

ז. רייזען־אַרכיוו. ייִוואָ, נ״י; אידישער קעמפער, נ״י, אויג׳ 1, 1947.

****שאַפּיראָ, לאַמעד** — (נאָוואַיאַ אושיצאַ, אוקראַיִנע, 1897 — מיאַמי־ביטש, יאַנ׳ 1980) — מעצענאַט פון דער ייִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור. די לאַמעד־פּרעמיעס אין 1941—1960 האָבן באַטראָפן הונדערט פופציק טויזנט דאָלאַר. געלערנט אין די ישיבות פון קאַמענעץ־פּאָדאָלסק און אָדעס. עמיגרירט קיין אַמעריקע ווו גראַדויִרט פון יורידישן פאַקולטעט אין דעטראָיט. ניט פּראַקטיקירט אַדוואָקאַטור, זיך פאַרנומען מיט מיסחר און זייער מצליח געווען.

**שאַפּיראָ, מאיר** — (— 1948)

****שאַפּיר, איזי** — (ליטע, 1905 —) אָריגינעלער נאָמען — אײַזיק שליאַפּאָטשניק. 1923 עמיגרירט קיין ב״א. העברעיִשע און אַלגעמיינע בילדונג. פאַרעפנטלעכט דערציילונגען אין **נײַ־וועלט, די פּרעסע, דרום־אַמעריקע, אויפגאַנג, אין גאַנג.**

פ. קאַץ, געקליבענע שריפטן, 7. ב״א, 1947 ז׳ 101.

**שאַפּיר, משה־מרדכי** — (יאַנ׳ 3, 1909 —) — **אַ רגע רו געפינען.** [לידער]. מאָנטרעאָל, 1981.

118 זז׳; **בײַ דער חלום־מוקטער.** דאָרטן, 1983. 160 זז׳; **אונטער דער שטערן־חופּה.** דאָרטן, 1984. 86 זז׳.

## שאַץ, באָרים —

בצלאל של שץ, 1906—1929, בעריכת נ. שילה־כהן. ירושלים, 1982. 370 ע׳.

## שאַרגעל, הלל — (— ת״א, יולי 3, 1983) — **פֿון זיבעטן ליכט.** לידער און פּאָעמעס. ת״א, ישׂראל־בוך, 1983.

## שאַרגעל, יעקבֿ־צבֿי — **קוואַלן אַרום געצעלט.** צווישן שרײַבער און ווערק. בוך צוויי. ת״א, ישׂראל־בוך, 1981. 316 זז׳; **ליכט פֿון מײַן גאַס.** לידער. דאָרטן, 1984. 132 זז׳. [זע 554].

## שאַרף, קלמן — (— מעלבורן, מערץ 21, 1971)

## **שבת, שׂרה — (נעסוויזש, ווײַסרוסלאַנד, מערץ 6, 1913 — ) — געענדיקט העבר׳ גימנאַזיע. 1934 עולה געווען קיין א״י. געלעבט אין קיבוץ רמת־יוחנן און פֿון 1940 אין בית־אַלפֿאַ. פֿון 1979 פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין **ישׂראל־שטימע** (ת״א), **מעלבורנער בלעטער.** אין בוכפֿאָרעם: **פֿון היים צו היים.** לידער. ת״א, ישׂראל־בוך, 1981. 94 [2] זז׳; **צווישן זון און שאָטן.** דאָרטן, 1983. [זע 554].

מ. חלמיש, ישׂראל־שטימע, נאָוו׳ 14, 1979.

ר.ג.

## **שגיבֿ, שמואל — (קיִעוו, אויג׳ 21, 1892 — ת״א, נאָוו׳ 21, 1966) — שטאַמט פֿון אַ פֿרומער מישפּחה. געענדיקט די סאָרבאָנע אין פּאַריז. פֿון די יונגע יאָרן טעטיק אין דער ציוניסטישער שפּעטער רעוויזיאָניסטער באַוועגונג. 1921—1933 געלעבט אין פּוילן, דײַטשלאַנד, פֿראַנקרײַך. 1934 עולה געווען קיין א״י. — זשורנאַליסטישע טעטיקייט אָנגעהויבן 1911 אין **הצפֿירה**. געשריבן וועגן ליטעראַטור, קונסט און אַקטועלע פּראָבלעמען אין העברעיִשע, רוסישע, דײַטשישע, פֿראַנצייזישע און ענגלישע צ״ש, ווי אויך אין ייִדישע: **הײַנט, מאָמענט, אונזער לעבן** — וואַרשע; **פּאַריזער הײַנט, לעמבערגער טאָגבלאַט, קענעדער אָדלער** א״אַ. אָריגינעלער נאָמען: האָמעלסקי.

ג. קרסל, 2.

## **שוואַרץ, לעאָן — ( — ) — מחבר פֿון **חנה׳לע אויף יענער וועלט.** פּיעטרקובֿ, דרוק ליעבעסקינד, תּרס״ד. 18 זז׳ — לידער צוגעפּאַסט צו באַקאַנטע מעלאָדיעס; **דער רײַכער אוגאַסט.** דאָרטן, 1905; **דיא פֿרומע מערדערין, אָדער מאַריִע אין טיורמע,** אַ העכסט אונטערעסאַנטער ראָמאַן. צווייטע טהייל. פּיעטרקוב, ש. בעלכאַטאָווסקי; תּרס״ה. 15 זז׳. זאָגט צו דעם סוף אין זײַן ראָמאַן **דער טויט פֿון אַוגאָסטין** [ניט געזען].

## שוואַרץ, מאיר — אין כּתבֿ־יד: **חורבן ביאַליסטאָק.**

פּערלמוטער־אַרכיוו, ייִוואָ, נ״י.

## שוואַרץ, שלמה — **האַרבסטיקער פֿײַער.** ת״א, פּרץ, 1984. 200 זז׳. לידערביכער אויף ענגליש: *Poet in Blue Minor* (1942), *Passage of Refuge* (1942), *Preface to Maturity* (1944), *To My Unborn Son* (1947), *Horn in the Dust* (1949).

## **שוואַרץ, שמואל — (וואַרשע, אויג׳ 10, 1912 —) — ביז 13 יאָר געלערנט אין חדר, שפּעטער געאַרבעט בײַ טריקאָטאַזש. אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. 1932 אַנטלאָפֿן קיין סאָוועט־רוסלאַנד, ווו געלעבט 26 יאָר, פֿון זיי עלף יאָר

אויף קאַטאָרגע. 1959 אַוועק קיין פּוילן און 1963 קיין מעלבורן. אין בוכפאָרעם: **אונטער רויטע הימלען.** מעלבורן, 1981. זז׳

## שוואַרצבערג, יוסף — פּיעסע אין כתבֿ־יד: **דיא גרינע חתן־כּלה** אָדער ראַכע פֿיר אַ צעבראָכען הערץ.

פּערלמוטער־אַרכיוו, ייִוואָ, נ״י.

## **שוואַרצמאַן, שמואל — (קרינעק, פּוילן, אָקט׳ 28, 1908 — ) — געלערנט אין העברי׳ פֿאָלקשול און גימנאַזיע. 1928 עמיגרירט קיין אורוגווײַ. 1954—1958 אָנגעפֿירט מיט אַ וועכנטלעכן „קינדער־ווינקל" אין ט״צ **פֿאָלקסבלאַט** (מאָנטעווידעאָ). געשריבן אין **אַרגענטינער בײַמעלעך, אידישע צײַטונג, ביאַליסטאָקער וועגן** — ב״אַ. 1958—1972 פֿאַקטישער רעד׳ פֿון ט״צ **הײַנט** (מאָנטעווידעאָ).
ש.ס.

## שווייצער, שלמה — רעד׳ **שורות פּועלי־ציון.** פּאַרטרעטן. ת״א, 1981. 648 זז׳.

## שווימער, שמואל —

וו. טאַמבור, ייִדיש־פּרעסע אין רומעניע. בוקאַרעשט, 1977. זז׳ 168־171.

## **שוחט, חיים — (ווילנע, פֿעב׳ 23, 1908 — באר־שבֿע, מערץ 22, 1982) — 1914 אַריבער מיט מישפּחה קיין געלוואַן (ליטע). 1926 געענדיקט די ייִדישע גימנאַזיע אין ווילקאָמיר (ליטע) און 1932 דעם היסטאָרישן פֿאַקולטעט פֿון קאָוונער אוניווערסיטעט. 1931—1939 לערער אין די ייִדישיסטישע שולן אין ליטע. פֿון 1954 לערער אין דער ייִדישער שול אין ווילנע און נאָך איר שליסן — אין ליטווישע און רוסישע לערן־אַנשטאַלטן. 1972 עולה געווען קיין ישׂראל און זיך באַזעצט אין באר־שבֿע. — 1926 אָנגעהויבן שרײַבן רעפּאָרטאַזשן און טעאַטער־רעצענזיעס אין פֿאַרשיידענע ייִדישע אויסג׳ אין ליטע, 1930—1941 מערסטנס אין ט״צ **פֿאָלקסבלאַט** (קאָוונע). רײַזע־אײַנדרוקן און אינסעניזאַציעס געשריבן אין די ווילנער **גרינינקע בײַמעלעך** און **דער חבֿר.** די לעצטע יאָרן געדרוקט ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען אין **גאָלדענע קייט, ישׂראל־שטימע** — ת״א, **ייִדישע קולטור** (נ״י), **דרום־אַפֿריקע** (יאָהאַנעסבורג). געהאָלפֿן רעדאַקטירן די **באר־שבֿע שטימע.** פּסעווד׳ — שיינין, אַ ליטוואַק.

ד. רויטנבערג, דרום־אַפֿריקע, יולי־סעפּט׳ 1982.

## **שולבוים, משה — ( ) — אויטאָר פֿון **מלון חדש,** העברעיִש־ייִדיש ווערטערבוך אויף גאַנץ תּלמוד, תּרגום אונקלוס און תּרגום ירושלמי... מיט אַ גראַמאַטיק פֿאַר זעלבסטלערנער און שוהלען. וואַרשאָ, ש. גאָלדפֿאַרב [יאָר? — טיטלזײַט אָפּגעריסן]. 143 זז׳.

## **שולמאַן, א. — ( ) — שטאַמט פֿון אַ שטעטל אין ליטע. געווען ליטוויש־איבערזעצער פֿון ייִדישן מיניסטעריום פֿאַר ייִדישע ענייִנים. ליטוויש־לערער אויף די ייִדישע העכערע קורסן. געמאַכט דעם ערשטן פּרווו פֿון אַרויסגעבן אַ ליטוויש לערנבוך פֿאַר ייִדן (קאָוונע, 1923). איבערגעזעצט אויף ייִדיש אַ ריי דערציילונגען פֿון ליטווישע שרײַבערס — לאַזדינו פּעלעדאַ, איגנאַס שייניוס, ק. יאַסוקײַטיס א״אַ (געדרוקט אין **אידישע שטימע**). איבערגעז׳ אויף ליטוויש טיילן פֿון פּסח מאַרקוסעס ראָמאַן **אַרום שטאַל** (אין *Lietuvos Zinios*). האָט אויך געשריבן ווי מען דאַרף רופֿן אויף ייִדיש נעמען **פֿון ליטווישע שטעט. [זע 555].**

אידישע שטימע, קאָוונע, נומ׳ 2440.

## שולמאַן, אליהו — האָט גרעסערע אַרבעטן: לעקסיקאָן פֿון **פֿאָרווערטס**־שרײַבער (**פֿאָרווערטס** מײַ 23 — דעצ׳ 5, 1982); אויפֿקום פֿון די „יונגע" (**בײַ זיך,** ת״א, יוני 1983 — יוני 27, 1985).

**שולמאַן, אלעזר** — (סאַלאַנט, ליטע, 1837 —)

****שולמאַן, משה** — (  ) — מחבר פֿון דרײַאַקטער **בוכהיטער**. לוואָוו, 1924. 55 זז׳.

****שוסטער, יוסף** — (טשעמעראָווצי, פּאָדאָליע, 1917 —) — געענדיקט זיבן־יאָריקע שול. 1934 געלערנט אין כאַרקאָווער צײַטונג־טעכניקום. געשריבן אין **קאָלווירט־שטערן, דער שטערן, אייניקייט** (מאָסקווע). רעדאַקציע־מיטגליד פֿון **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע), וווּ ש׳ דרוקט פֿאַרצייכענונגען, רעפּאָרטאַזשן, אַרטיקלען וועגן קונסט. אין בוכפֿאָרעם: **באַם אַלטן ברונעם**. מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1981. 64 זז׳. וווינט אין מאָסקווע.

****שוסטער, משה** — (יעדינעץ, בעסאַראַביע, אָקט׳ 7, 1911 —) — זשורנאַליסט. אָריגינעלער נאָמען — שוסטערמאַן. געלערנט אין העברעיִשער שול און בײַ פּריוואַטע לערערס. אַקטיוו אין ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. אַ צײַט געלעבט אין טשערנאָוויץ און בוקאַרעשט. זינט 1937 פּאָליטישער עמיגראַנט אין פֿראַנקרײַך. באַטייליקט אין פֿראַנצייזישן אונטערגרונט קעגן די נאַציס. פֿון 1954 אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער פֿון **נײַע פּרעסע** (פּאַריז). מיטאַרבעטער און לעצטנס רעדאַקטאָר פֿון **אונזער ווילן** (פּאַריז, 4־5 מאָל אַ יאָר. 2 זײַטן ייִדיש און 2 פֿראַנצייזיש). פּסעווד׳ — מ. שער, מ. ש., אַ פּאַריזער.

**שוריון, בן־ציון** — **בין יהודי אַרצות הברית.** ירושלים, מוסד הרבֿ קוק, 1981.

**שזר, שניאור־זלמן** — **כּתבֿי שניאור־זלמן שזר (תרס״ג־תשל״ג)**.ביבליוגראַפֿיה. ת״א, 1973.

**שטאָק, דוד** — פֿאַלט אַרויס. אָנגעגעבענע בראָשור איז דבֿ סדנס.

**שטאָק, צבֿי** — קאָרעקטער טיטל: **כּ׳ וועל אײַך דערציילן.** לידער און תּפֿילות. נ״י, שולזינגער, 1975. 190 זז׳.

****שטאָקהאַמער, שמשון** — (סאָקאָל, גאַליציע, 1899 — אַפּריל 26, 1945) — פֿון 1924 מיטגליד פֿון וואַרשעווער ראַבינאַט. דורכגעמאַכט וואַרשעווער געטאָ, אומגעקומען פֿון אַ באָמבע אין אַ דײַטשישן קאַצעט. געשריבן אין **דאָס יודישע טאַגעבלאַט, אָרטאָדאָקסישע יוגענד בלעטער** א״אַ. האָט באַטראַכט ייִדיש ווי אַ פֿאַנצער קעגן אַסימילאַציע.

ה. זיידמאַן, אישים שהכרתי. ע׳ 497־501.

**שטאָקפּיש, דוד** — דאָס בוך **אין דאָד פֿון צאָרן** איז **ניט** זײַנס [ב׳ 8]. פֿון יוגנט אָן טעטיק בײַ די לינקע פּוע״צ. רעד׳ די יזכּור־ביכער ווישקאָוו, דראָהיטשין, דעמבלין־מאָדזשיץ, דיווענישאָק, מלאַווע, פּשיטיק, קוזמיר, קעלץ א״אַ. — **אין גאַנג פֿון געשעעניש.** זאַמלונג פֿון אַרטיקלען, רעפּאָרטאַזשן, אָפּהאַנדלונגען, רערצענזיעס. ת״א, ישׂראל־בוך, 1982. 783 זז׳.

****שטאָקפּיש, שלמה** — (לובלין, דעצ׳ 17, 1907 —) — געלערנט אין חדר און גימנאַזיע. 1938 פֿאַרמישפּט אויף תּפֿיסה פֿאַר קאָמוניסטישער

טעטיקייט. צווייטן וועלטקריג דורכגעמאַכט אין סאָוועט־רוסלאַנד. 1946 צוריקגעקומען קיין פּוילן און 1948 עולה געווען קיין ישׂראל. — פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען און זיכרונות אין **ייִדישע צײַטונג, ישׂראל שטימע, לעצטע נײַעס, אויף דער וואַך** א״אַ — אַלע ת״א. אין בוכפֿאָרעם: **אין ראָד פֿון צאָרן,** איבערלעבונגען אין צווייטן וועלטקריג. ת״א, ישׂראל־בוך, 1975. 240 זז׳ (העבר׳ — **במעגל הזעם,** 1980). — אין ב׳ 8 **לעקסיקאָן** איז ש׳ס בוך בטעות אָנגעגעבן אין דער ביאָגר׳ פֿון זײַן ברודער דוד ש׳.

שטאַרקמאַן, משה — **אפיקי נהריים.** מסות ומחקרים. אָסף וערך: ג. קרסל. מסת־מבוא: דב סדן. ת״א, אחיאָסף, 1983.

**שטולבאַד, בערל — (ב״אַ, מערץ 20, 1929 —) — געענדיקט ייִדישן לערער־סעמינאַר אין ב״א. פֿון 1950 אָנגעהויבן שרײַבן איבער רעליגיעזע פּראָבלעמען אין **אידישע צײַטונג** ביז איר פֿאַרמאַכן זיך (אויג׳ 8, 1973). אַרבעט מיט אין **אונזער וועג** (פּאַריז) און **הצופה** (ת״א). אַרום 1976 עולה געווען קיין ישׂראל און איז אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער אין **לעצטע נײַעס** (ת״א).

שטיינבוים, ישׂראל — **די געשיכטע פֿון ייִדישן לערער־סעמינאַר און פֿאָלקס־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק** (1918—1968). ירושלים, תשל״ט, 84 זז׳.

**שטיינבערג, בינה — (זשעלעכאָוו, פּוילן, דעצ׳ 20, 1911 — ) — געלערנט אין אַ ציש״אָ־שול אין וואַרשע. עולה געווען קיין א״י אין 1932. געשריבן וועגן פֿרויען־ענינים אין **לעצטע נײַעס** (ת״א, 1964—1967). אין בוכפֿאָרעם: **אונדזער געזאַנג.** אַרײַנפֿיר: דב סדן. ת״א, פּרץ, 1984. 255 זז׳ — לידער מיט נאָטן, וואָס מען האָט געזונגען אין די ייִדיש־וועלטלעכע שולן פֿון ציש״א אין פּוילן.

שטיינבערג, מרדכי — **בלויע האָריזאָנטן.** דערציילונג, מיניאַטור, רעפּאָרטאַזש. ת״א, לייוויק־פֿאַרלאַג, 1983. 174 זז׳; **שפּיגלען.** עסייען. דאָרטן, 1984. 191 זז׳.

*שטיינבערג, שלמה — פּיעסן אין כתב־יד: **ווען אַ מאַן ליעבט.** מעלאָדראַמאַ אין פֿיער אַקטען; **פּראַקטישע פֿרויען אָדער דער נאַרישער מאַן; געליעבטע, ווײַב און מאַמע.** מאָראַל־דראַמאַ אין פֿיער אַקטען; **צרות פֿון מענער.** מוזיקאַלישע קאָמעדיע אין 3 אַקטען; **די גערעכטיגקייט.** דראַמאַ אין 4 אַקטען; [מיט וויליאַם סיגעל] **רחל׳ס קינדער.** מעלאָדראַמאַ אין 3 אַקטען; **דאַנקבאַרקייט.** פֿאַמיליען־דראַמאַ אין 4 אַקטען; **דאָס פֿאַרהייראַטע לעבען.** דראַמאַ אין 4 אַקטען; **נאַטור־ליעבע.** קאָמעדיע־דראַמאַ אין 3 אַקטען; [מיט וויליאַם סיגעל] **פֿאַפּירענע קינדער.** 3 אַקטען.

פּערלמוטער־אַרכיוו, ייִוואָ, נ״י.

**שטיינגאַרט, צירל — (ביאַליסטאָק, מערץ 11, 1916 —) — געענדיקט פּוילישע מלוכה־שול און גינזבורגס האַנדלשול אין ביאַליסטאָק. פֿון יוגנט אָן אַקטיוו אין „בונד". 1933 עמיגרירט קיין פּאַריז. טעטיק אין דער פֿראַנצייזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג קעגן די נאַציס. 1951 אויסגעוואַנדערט קיין מאָנטרעאַל, ווו געווען לערערין אין ייִדישע שולן, און 1962 זיך באַזעצט אין נ״י. — אָנגעהויבן שרײַבן אין **אונזער שטימע** (פּאַריז). באַטייליקט מיט אַרטיקלען אין **אונזער צײַט, וועקער** — נ״י. פֿון 1967 מיטאַרבעטערין אין **פֿאָרווערטס** (נ״י), ווו זי שרײַבט וועגן סאָציאַל־פּאָליטישע פּראָבלעמען. דאָרטן פֿאַרעפֿנטלעכט אויך סעריעס רײַזע־רעפּאָרטאַזשן. פּסעוודן — צירל, נינאַ בלום, שׂרה בערקאָוויטש, צ. בערקאָוויטש, חנה לאַסמאַן, צ. ב.

שטיינוואַקס, פּנחס — **דמויות ונופים יהודיים** (ת״א, 1981. 366 ע׳) — אָפּקלײַב פֿון ש׳ס כתבים, איבערגעז׳ דורך מ. חלמיש.

**שטיינשטאַל, פּנחס — ( ) — אויטאָר פֿון **די געשיכטע פֿון אַ פֿאַלשער טעאָריע** [וועגן טראָצקיזם]. ב״אַ, אַקטואַליטעט, 1937. 62 זז׳.

**שטיקער, מאיר** — (— נ״י, יולי 8, 1983)

**שטענצל, אַבֿרהם־נחום** — (— לאָנדאָן, יאַנ׳ 24, 1983) — **אויפֿן ראָג**, בערלין, 1935. 14 זז׳; **איבער אייראָפּעאישער קונסט**. לאָנדאָן, י. נאַראָדיצקי, 1938. 16 זז׳. **ייִדיש**. דאָרטן, 1942. 156 זז׳.

**שטערן, יחיאל** — (— מאָנטרעאָל, יוני 30, 1981)

**שטערן, שלום** — **שרײַבער וואָס איך האָב געקענט**. מעמואַרן און עסייען. מאָנטרעאָל, 1982.

**שטערנבערג, מאיר** — (ליפּקאַן, רומע־ניע, 1891 — בוקאַרעשט, 1973) — ברודער פֿון יעקבֿ ש׳. איבערגעזעצט [מיט אָלגאַ בראַטעש] שלום־עליכמס **געקליבענע ווערק**. ב׳ 2: **בלאָנדזשענדע שטערן**; ב׳ 3: **פֿונעם יאַריד**; ב׳ 5: **דערציילונגען**. בוקאַרעשט, 1964—1969. אָפּגעדרוקט זיכרונות אין **אויפֿשטײַג** (בוקאַרעשט, 1972).

י.קאַ.

**שטערנבערג, נ.** — (— וואַרשעווער געטאָ, יאַנ׳ 1943) — געווען אין וואַרשעווער געטאָ, ווו ער פֿלעגט אויפֿטרעטן אָפֿט אויף ליטעראַרישע אָוונטן. געשריבן ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען און לידער. אָפֿטער מיטאַרבעטער פֿון וואַרשעווער **הײַנט**. באַטייליקט אויך אין **ייִדיש**, **צוקונפֿט** (1932, 1933, 1935) — נ״י, **וואָכנשריפֿט פֿאַר ליטעראַטור און קונסט** (וואַרשע) א״אַ. איבערגעז׳ אַ סך העבר׳ לידער פֿון א. אבֿן־זהבֿ.

ב. מאַרק, אומגעקומענע שרײַבער פֿון די געטאָס און לאַגערן. וואַרשע, 1954.

**שטערנבערג, פּײַוול** — (— ניו־יאָרק, יוני 18, 1948) — 1940 געקומען קיין אַמעריקע.

**שטערקמאַן, שמואל — (פּאַלעשטי, בעסאַראַביע, אַרום 1886 — פּאַריז, נאָוו׳ 4, 1934) — ייִנגערער ברודער פֿון י. ב. צפּור. ייִדיש־פֿראַנצייזישער שרײַבער א״נ סאַמי אייזשען. דערצויגן אין פּאַריז. געענדיקט פֿראַנצייזישע פֿאָלקשול, שפּעטער שטודירט לאַטײַן און גריכיש, לעבעדיקע שפּראַכן, מאַכט דורך זײַן מאַטורע און דערנאָך אַ פֿולן פֿילאָסאָפֿישן קורס. מיטגעאַרבעט אין פֿראַנצייזישן ווב״ל **פּובליקאַ**, ווו געדרוקט דערציילונגען און פֿילאָסאָפֿיש־לירישע עסייען. 1915—1922 געלעבט אין פּוילן און דערנאָך זיך אומגעקערט קיין פּאַריז. — אין בוכפֿאָרעם: **דער משוגענער דאָקטאָר עלדאָד**. אַ סימבאָלישע מיסטישע ערצעהלונג. וואַרשאָ, תּרע״ד. 88 זז׳ — [א״נ פֿיליוס האָמינוס] — אַ מין פֿילאָסאָפֿיש־לירישע פּאָעמע, אַ מין געמיש פֿון הומאָר, ליריזם און גיפֿטיקער סאַטירע. ש׳ס טרויעריקע אויספֿירן וועגן ייִדישן לעבן אין פּוילן האָבן אַרויסגערופֿן שאַרפֿע קריטיק אין דער ייִדישער פּרעסע. י. ל. פּרץ האָט צום מחבר געזאָגט: „איר האָט אָנגעשריבן אַ פּרעכטיק בוך, אָבער פֿאַר די ייִדישע מאַסן, אין אונדזערע פֿאַרהעלטענישן — אַ געפֿערלעך בוך... דער מענטשלעכער אמת איז אָפּהענגיק פֿון צײַט און רוים: קומט ער צו שפּעט — איז ער אומנוצלעך; קומט ער צו פֿרי — איז ער שעדלעך. פֿאַר אונדז דאָ איז אײַער בוך געקומען צו פֿרי... אין צוואַנציק יאָר אַרום וועט מען אײַך בעסער פֿאַרשטיין". אין פֿראַנצייזיש אַרויסגעגעבן **די באַזיגטע**, אַ בוך, וואָס האָט אים געמאַכט אַ נאָמען אין דער פֿראַנצייזישער ליטעראַטור. אין כּתב־יד געבליבן אַ גרויסע דראַמאַטישע פּאָעמע אין ייִדיש א״ט **דער לעצטער גילגול**.

י. ב. צפּור, בעלגישע בלעטער, אַנטווערפּן, נאָוו׳ 15, 1935.

***שטשוטשינסקי, אָשר** — (גאָניאָנדז, פּוילן, דעצ׳ 14, 1907 —) — פֿון 1927 אין קובאַ, זינט 1961 אין נ״י און לעצטע יאָרן אין מיאַמי־ביטש. געדרוקט דערציילונגען און לידער אין **ירושלימער אַלמאַנאַך**, **לעצטע נײַעס** (ת״א), **דער וועג** (מעקסיקע), **די פּרעסע** (ב״אַ), **יידישע קולטור** (נ״י), **ישׂראל שטימע** (ת״א) א״אַ. רעד׳ **אָנהייב**, געזעלשאַפֿטלעך־ליטעראַרישער זשורנאַל (מיאַמי־ביטש, דעצ׳ 1982, נומ׳ 1 —). פֿאַרטראָטן אין ש. ראָזשאַנסקיס **ישׂראל און די תּפֿוצות** (ב״אַ, 1981). — **צווישן ערד און ים**. לידער. ת״א, פּרץ, 1980. 175 זז׳; **פֿון האַרבסטיקן שניט**. דערציילונגען. דאָרטן, 1983. 251 זז׳.

**שייווער־לאַזאַראָוו, עמאַ** — (מערץ 15, 1905 —) — **מיר זײַנען דאָ** אַרויס אין העבר׳ איבערז׳ פֿון י. קריב א״ט **אנחנו פה** (ת״א, 1981).

**שײַן, ישׂראל** — (וואַרשע, יולי 7, 1908 — וואַרשע, יולי 10, 1964) — געלערנט אין אַ פּוילישער פֿאָלקשול. בעתן צווייטן וועלטקריג אין סאָוועט־רוסלאַנד. געשריבן אין **פֿאָלקס־שטימע**, **בלעטער פֿאַר געשיכטע** — וואַרשע. ש׳ס ביבליאָ־גראַפֿישע אַרבעטן, באַצייכנט: „אין מאַנוסקריפּט״ (ב׳ 8) זײַנען שפּעטער געדרוקט געוואָרן.

****שיינבערג, משה** — ( ) — אויטאָר פֿון אַ ריי פּיעסעס: **די אַשמורה**. ווינע, יודישער יוגענד פֿאַרלאַג, 1925 [10 זז׳]; **שושנה**. 3 אַקטן. ווין, באַגינען, 1936. 46 זז׳; **גאַז־קעלער**. צײַטשפּיל אין 3 אַקטן. דאָרטן, 1936; **מזל־טובֿ, אַ אינגל**. קאָמעדיע אין 3 אַקטן. דאָרטן, 1936; **אַף אַ גרינער לאָנקע**, מיט מוזיק פֿון זיגמונט וואָלפֿסאָן.

ע.ל.

****שיינבערגער, יוסף** — ( ) — סאַטמאַרער חסיד. לעבט אין נ״י. מחבר פֿון **דער פֿײַערדיגער זײַל**. דאָס לעבן און שאַפֿן פֿון... משה יהושע יהודה לייב דיסקין [ברוקלין], תשל״ו. קכ״ח זז׳.

****שיינזאָן, יוסף־דוד** — (אַניקשט, ליטע, אַפּריל 15, 1907 —) — באַקומען ייִדישע און אַלגעמיינע בילדונג. געענדיקט העברעיִשן לערער־סעמינאַר אין קאָוונע און שטודירט מעדיצין אין קאָוונער אוניווערסיטעט. ביז 1940 געלעבט אין קאָוונע און פֿון דאָרטן פֿאַרשיקט געוואָרן דורך די סאָוועטן קיין סיביר. פֿון 1945 אין פּליטים־לאַגערן אין דײַטשלאַנד און 1948 געקומען קיין מאָנטרעאָל, וווּ זיך אָפּגעגעבן מיט ייִדישן חינוך. — אָנגעהויבן שרײַבן אין **אידישע שטימע** (קאָוונע), שפּעטער אין **דאָס וואָרט** (מינכן) און דערנאָך אין **קענעדער אָדלער**. אין בוכפֿאָרעם: **ישׂראל אין אויפֿבוי**. מינכן, 1948. 430 זז׳. אַרויסגעגעבן עטלעכע העברעיִשע לערנביכער.

ח. ל. פֿוקס, 100 יאָר.

****שיף, קלמן** — ( ) אויטאָר פֿון צוויי איינאַקטערס א״ט **ראַסנשענדער**. אַנטווערפּן, 1936. 72 זז׳.

**שיפֿרה בת יהודה־לייב** — צוגעבן: **פֿאָטער** אַב״ד (ב׳ 8)

**** שישאַצקי, דוד** — (וואָלקאָוויסק, גראָדנער גוב׳, אָקט׳ 18, 1902 —) — געלערנט אין חדר, שפּעטער אין וואַרשעווער „תחכמוני״. 1932 עמיגרירט קיין אַרגענטינע, 1961—1972 אין מאָנטעווידעאָ, דערנאָך ווידער זיך באַזעצט אין ב״אַ. געדרוקט קורצע דערציילונגען אין **וואָלקאָוויסקער לעבען**. אין מאָנטעווידעאָ געשריבן אין **פֿאָלקסבלאַט** און 1963—1972 געדרוקט „די פּרשה פֿון דער וואָך״ אין **הײַנט** (מאָנטעווידעאָ).

י.ה.

****שלאָסער, זלמן** — (גאָווראָווע, פּוילן, יאַנ׳ 17, 1905 —) — געקומען קיין נ״י אין 1920. 1926 גראַדויִרט פֿון יידישן לערער־סעמינאַר אין נ״י, שפּעטער געלערנט אין שולן פֿון אַרבעטער־רינג אין אַמעריקע. גלײַכצײַטיק שטודירט אין בוירקלי־אוניווערסיטעט (1929—1932). 1940 זיך באַזעצט אין אַטלאַנטאַ, דערנאָך אין ל״אַ. פֿון 1970 שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון פֿערטליאָר־שריפֿט **חשבון** (ל״אַ) און 1979—1984 איר רעדאַקטאָר.

****שליאַסקי, ל.** — ( — ) — אויטאָר פֿון דער פּיעסע **צוריק אין מושבֿ־זקנים.** ת״א, 1969. 62 [2] זז׳ — פּיראַקטער פֿון אַמעריקאַנישן לעבן.

****שליט, חנה** — (לאַסקאַזשעוו, פּוילן, יאַנ׳ 10, 1914 —) — שטאַמט פֿון אַ פֿרומער מישפּחה. געלערנט בײַ פּריוואַטע לערערס. 1930 עמיגרירט קיין פּאַריז. געווען אַקטיוו אין די לינקע קרײַזן. בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. — 1967 דעביוטירט מיט לידער אין **נײַע פּרעסע** (פּאַריז), **ישׂראל שטימע** א״אַ. אין בוכפֿאָרעם: **אין שטענדיקן צאַפּל** [לידער]. ת״א, ישׂראל־בוך, 1980. 160 זז׳.

י. פֿרידלענדער, לעצטע נײַעס, ת״א, יאַנ׳ 16, 1981; ב. גרין, מאָרגן־פֿרײַהייט, נ״י, אַפּריל 12, 1981; ר. קאָפּע, אונזער וואָרט, פּאַריז, מײַ 23, 1981; א. ליס, בײַ זיך, ת״א, מײַ 1981; י. א. ראָנטש, מאָרגן פֿרײַהייט, נ״י, יולי 26, 1981; מ. מירסקי, ייִדישע קולטור, נ״י, יולי־אויג׳ 1981; ח. זעלצער, לעצטע נײַעס, ת״א, נאָוו׳ 13, 1981; ר. קאָפּע, אינטים מיטן בוך, 2. פּאַריז, 1983. זז׳ 233־242.

****שלמה בן דוד** — (וואָלאָדערקע, קיִעווער גוב׳, אַרום 1882 —) — פּסעוד׳ פֿון שלמה לאָבאַטשעווסקי. ביז צען יאָר געלערנט אין חדר, דערנאָך געאַרבעט בײַ שנײַדערײַ. צו 15 יאָר אַוועק מיט עלטערן קיין לאָנדאָן. דאָרטן זיך אויסגעלערנט ענגליש, פֿראַנצייזיש, איטאַליעניש. 1906 דעביוטירט אין אַנאַרכיסטישן **אַרבייטער פֿרײַנד** (לאָנדאָן) מיט אַן איבערז׳ פֿון איינעם פֿון אָליוו שרײַנערס **טרוימען.** פֿון דעמאָלט געדרוקט דאָרטן און אין **פֿאַ״ש** (נ״י) אַרטיקלען, דערציילונגען, איבערזעצונגען. געניצט אויך פּסעוד׳ סאָל דייוויס.

**שלעווין, בנימין** — ( — פּאַריז, אַפּריל 14, 1981) — **שווערע געמיטער.** דערציילונגען, דערמאָנונגען, באַטראַכטונגען. פּאַריז, 1981. 189 [3] זז׳.

**שמולעוויטש, אפֿרים־זעליק** — זע אויך: אַחינועם (ב׳ 1).

****שמולעווסקי, דוד** — (קויל, פּוילן, יולי 26, 1912 —) — 1939 עמיגרירט קיין פּאַריז. דורכגעמאַכט דראַנסי־לאַגער און אוישוויץ. געשריבן אין **לעצטע נײַעס** (ת״א), **ייִדישע קולטור, מאָרגן־פֿרײַהייט** — נ״י, ווי אויך אין פּוילישע צײַטשריפֿטן. אין בוכפֿאָרעם: **זכרונות פֿון ווידערשטאַנד אוישוויץ־בירקענוי.** פּאַריז, 1984. 350 זז׳. וווינט אין פּאַריז.

****שמוקלער, ל.** — ( — ) — אויטאָר פֿון פּיעסע **דאַווידקאַ פֿילאָזאָף.** נ״י, 1923. 64 זז׳.

****שמײַער, פּינחס** — (לאָדזש, 1904 — פּאַריז, פֿעב׳ 25, 1981) — 1925 זיך באַזעצט אין סאַאַרבריקען, דײַטשלאַנד. פֿון 1933 אין פּאַריז. אַקטיוו אין „בונד״. זינט 1952 מיטאַרבעטער פֿון **אונזער שטימע** (פּאַריז) און פֿון 1973 איר רעדאַקטאָר.

****שמיר, שלמה** — (תל־אָבֿיבֿ, מערץ 29, 1937 —) — שטאַמט פֿון אַ חסידישער מישפּחה געלערנט אין ישיבֿות פֿון ישׂראל. פֿון 1972 אין נ״י. געשריבן רעפּאָרטאַזשן און חסידישע דערציילונגען

**אין שערים, פּנים אל פּנים, ידיעות אַחרונות, האָרץ** — ת״א. זינט 1972 שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון **אַלגעמיינער זשורנאַל** (נ״י) מיט אַ וועכנטלעכן אַרטיקל וועגן ישׂראל־פּאָליטישע פּראָבלעמען. — אָריגינעלער פֿאַמיליע־נאָמען — שווירץ.

שמעלצינגער, לעאָ — (— ריִאָ, סעפּט׳ 8, 1971)

שמערלער, אַ[הרן־] י[וסף] — אָריגינעלער נאָרמען: שמעלניצקי.

שמרי, אַריה — **איינזאַמלונג.** עסייען, אָפּהאַנדלונגען, רעדעס. ת״א, ישׂראל־בוך, 1982. 248 [7] זז׳.

שנהוד, שלמה — (— ת״א, נאָוו׳ 28, 1984)

שנײַדער, וואָלף — **ליטעראַרישע און היסטאָרישע עסייען.** נ״י, אַרבעטער־רינג, 1984. 245 [3] זז׳.

**שנײַדערמאַן, שׂרה — ( ) — אויטאָרין פֿון **דאָס יידישע וואָרט,** צום הונדערטסטן געבוירן־טאָג פֿון שלום־עליכם. לייען־מאַטעריאַל פֿאַר דער ייִדישער שול. וואַרשע, 1959. 113 זז׳; [מיט א. וואַרקאָוויצקאַ] **דאָס יידישע וואָרט.** וואַרשע, 1959—1960 — פֿאַרן 5טן, 6טן, 7טן קלאַס.

**שנעהבאָלג, פּ. — ( — ) — מחברטע פֿון **תורה און חסידות,** 4. לייענבוך אין מוסדות חינוך פֿון אידישע טעכטער. ברוקלין, 1978. 205 זז׳ [איבעריקע טיילן ניט געזען].

שנער, מרדכי — **דורכן זוניקן פֿענצטער.** [דערציילונגען] 1984. 381 זז׳.

**שנער, צבֿי — (לאָדזש, 1912 — ירושלים, אויג׳ 22, 1984) — מערסטנס געלעבט אין א״י־ישׂראל. געשריבן פֿאַרשערישע אַרבעטן אין די אויסגאַבעס פֿון ייִוואָ: ייִדישע אַרבעט אין אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, לאַנדווירטשאַפֿט־לעכע פּרנסות בײַ ייִדן, ייִדישע פֿילאַנטראָפּישע מוסדות, ייִדישע לערערס און תּלמידים א״אַ. רעד׳ אַ ריי העברעיִשע ביכער וועגן חורבן, מיטרעד׳ פֿון **דפּים לחקר השואה והמרד.**

שעכטמאַן, עלי — **רינגען אויף דער נשמה.** ת״א, ישׂראל־בוך, 1981. 2 טיילן. **רינגען אויף דער נשמה.** בוך 3, האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין **ייִדישע קולטור** (נ״י, פֿון יוני 1985).

שעכטער, בן־ציון — (— מאָנטעווידעאָ, יולי 19, 1929)

**שעכטער־חכם, מאיר — (מאָינעשט, רומעניע, 1888 — בני־ברק, יולי 22, 1978) — שטאַמט פֿון אַ רבנישער מישפּחה. געלערנט אין חדר און אַליין זיך אויסגעלערנט עטלעכע שפּראַכן. אין די דרײַסיקער יאָרן אַריבער קיין בוקאַרעשט. טעטיק אין ציוניסטישער און פּעדאַגאָגישער אַרבעט. 1947 עולה געווען און זיך באַזעצט אין בני־ברק. — אין בוכפֿאָרעם: **רומעניש־העברעיִש.** ת״א, 1953, 1961, 1962. 276 טאָפּלזײַטן; **העברעיִש־ייִדיש ווערטערבוך.** ת״א, יהושע צ׳יצ׳יק. 1963. 318 [2] טאָפּלזײַטן. אַרויסגעגעבן אויך אַ העברעיִש־ענגלישן **מכלל הלשון באַלף שרשים** (ירושלים, 1968).

אידובֿ כהן, הצופֿה. ת״א, אויג׳ 30, 1978.

ר.ג.

**שענקער, יוסף — ( ) — מחבר פֿון **שאָטענס אין וועג** (לידער). וואַרשע, מנורה, תּרצ״ו, 31 זז׳.

**שער־קאָסאָוו, פּעסל — (ווילנע, אַרום 1886 — מיאַמי־ביטש, יולי 9, 1975) — שטאַמט פֿון אָרעמער מישפּחה. 1905 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געלעבט אין עקראַן (אָהײַאָ), דערנאָך אין מיאַמי־ביטש. געדרוקט לידער אין **טאָג־מ״זש** (נ״י). אין בוכפֿאָרעם: **מײַן פֿאָלק און לאַנד**. נ״י, 1954. 136 זז׳; **אַ לעבן פֿאַרן פֿאָלק**. נ״י, 1971. Vi 330 זז׳.

**שערף, אייזיק — (טשערנאָוויץ, 1913 — ) — גראַפֿיקער. סצענאָגראַף אין ש. שוואַרצס קליינקונסט־טעאַטער „קאַמעלאָן״ (1933) און יידישן מלוכה־טעאַטער פֿון יאַס (1950—1963). געשאַפֿן די סצענאָגראַפֿיע פֿאַר פּיעסן פֿון שלום־עליכם, א. גאָלדפֿאַדען, י. גאָרדין, דער טונקעלער. האָט אילוסטראַציעס צו לייבו לעווינס **זעקס שלאָפֿלידער** (טשערנאָוויץ, 1939; ת״א, 1969); **בילדער און מאָטיוון פֿון דער יידישער ליטעראַטור** (ת״א, 1969); ז. באַרדיטשעווערס **לידער מיט ניגונים** (ת״א, 1980). גרייט צום דרוק 100 גראַפֿיקעס צו יידישע שפּריכווערטער.

י.קא.

**שפּיגל, ישעיהו — מדרגות אל השמים.** מאידיש — א. ד. שפּיר. ת״א, 1970; **הימלען נאָכן שטורעם.** נאָוועלן, עסייען, לידער. ת״א, וועלטראַט פֿאַר יידיש, 1984. 345 זז׳. [זע 558].

**שפּיגלבלאַט, אַלכּסנדר — מאַנגער־פּרעמיע 1984.

**שפּילבערג, חיים — רעד׳ [מיט י. זיפּער] **קאַנאַדער יידישער זאַמלבוך.** מאָנטרעאָל, 1982. 499, 172 זז׳.

**שפּינגאַרן־שיינפּרוכט, יוכבד — (סאָסנאָוויץ, פּוילן, סעפּט׳ 7, 1895 — אַנטווערפּן, דעצ׳ 12, 1980) — אָנהייב צוואַנציקער יאָרן עמיגרירט קיין אַנטווערפּן. בעתן חורבן זיך געראַטעוועט אין אַ באַהעלטעניש אין בריסל. אין בוכפֿאָרעם: **מײַן גאָרטן** (פּאָעמעס). אַנטווערפּן, אידישער קונסט־פֿאַרלאַג, 1937. 240 זז׳.

**שפּראַד, אפֿרים** — „ליקווידירט״ געוואָרן אין 1936/37. קאָרעקטער טיטל: **שאָוויניזם, פֿונוואַנען וואַקסט ער און ווי דאַרף מען אים באַקעמפֿן** (ב׳ 8).

עמעס, מאָסקווע, סעפּט׳ 4, 1936; ליטעראַרישע בלעטער, וואַרשע, אַפּריל 2, 1937.

**שפּרינבערג, משה** — ( — ב״א, יוני 8, 1981)

**שקילניק, גיזעלאַ — (קאָלאָמיי, גאַליציע, דעצ׳ 22, 1910 — סאַן־פּאולאָ, דעצ׳ 4, 1978) — איבערזעצערין. נאָך 1918 אין טשערנאָוויץ און 1935 עמיגרירט קיין סאַן־פּאולאָ. איבערגעז׳ א. שטיינבאַרגס משלים אויף דײַטש. איבערזעצונגען אין בוכפֿאָרעם: נעלי זאַקס, **עלי**, אַ מיסטעריע־שפּיל פֿון ישׂראלס לײַדן און דרײַ ציקלען לידער. ת״א, פּרץ, 1974. 117 זז׳; סאַמועל באַקעט, **דאָס וואַרטן אויף גאָדאָ.** טעאַטער־שפּיל. דאָרטן, 1980. 203 זז׳.

**שקליאַר, משה** — **אין צווישן גרין.** ת״א, פּרץ, 1981. 124 זז׳.

**שרײַבמאַן, יחיאל** — דאָס בוך **גאַנײַדן עפּל** פֿאַלט אַרויס (ב׳ 8). — **אין יענעם זומער.** מאָסקווע, סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1982. 63 זז׳; **ווײַטער...** ראָמאַן, דערציילונגען, נאָוועלן, עסייען, מיניאַטורן. דאָרטן, 1984. 456 זז׳.

**שרײַבער, מאָני — ( ) אויטאָר פֿון **איבער נאַכט**. דראַמע אין 5 אַקטן. ווילנע, 1932. 133 זז׳.

**שרײַבער, מתּתיהו — (ווילנע, 1891 —) — געענדיקט וואַרשעווער פּאָליטעכניקום ווי אַן אינזשינער. לאַנגע יאָרן דירעקטאָר פֿון „אָרט״־טעכניקום אין ווילנע. געהאָלפֿן ווילנער „אָרט״ אַרויסגעבן אַ 15 ליטאָגראַפֿירטע האַנטביכער אויף ייִדיש מיט דער טערמינאָלאָגיע פֿאַר מעכאַניק, טעכנאָלאָגיע און פֿאַרשיידענע צווײַגן פֿון פּראַקטישער פֿיזיק. דורכגעמאַכט ווילנער געטאָ און אומגעקומען אין עסטישן לאַגער קלאָאָגע. אין בוכפֿאָרעם: **טײלן פֿון מאַשינעס**, **שרויפֿן**. ווילנע, „אָרט״, 1938. 75 זז׳.

הירש אַבראַמאָוויטש, לערער יזכּור־בוך. נ״י, 1954. זז׳ 432־435.

**שרײַער, אפֿרים** — **פֿרילינג־בלעטער**. ת״א, פּרץ, 1981. 95 זז׳; **עסטעטישע ווערטן**. ת״א, לײוויק־פֿ״ג, 1985. 103 זז׳. די צוויי ביכער **נעאָ־רעאַליזם אין קונסט** און **סטעפֿאַן יאַראַטש** (ב׳ 8) זײַנען **ניט** אַרויס אין דרוק. זײַן גאַנץ לעבן בײַ לינקע פּוע״צ.

**תּאומים, דוד** — זע אויך: חסיד.

